נ. סיגאַלאָווסקי

# ראמאנען

(און אייניקע דערציילונגען)



אַרויסגעגעבן פון משפחה און פריינט

ניו יאָרק, 1982

# אָדרי

דער טעלעפאָן אין מיין אָפּיס האָט געקלונגען און מע האָט מיר געזאָגט, אַז פּיטסבורג רופט. „פּיטסבורג״? האָב איך איבערגעפרעגט. איך האָב דאָך דאָרט קיינעם ניט... „העלאָ״ האָב איך געזאָגט און דערהערט אַ שטימע וואָס האָט מיך מיט איין מאָל צוריקגעבראַכט אַ 25 יאָר. „אָדרי?!״ האָב איך אויסגערופן. אָדעלע! — האָב איך אַריינגעשריגן אין שוואַרצן טרייבל.

— יאָ — האָט די שטימע אָפּגעקלונגען יוגנטלעך, אונפאַרענדערט, מיט מיידלשן חן און מיט מיידלשן רייץ. — האָסט מיך דערקענט? — האָט זי געפרעגט און איבערגעפרעגט: — ווי אַזוי האָסטו מיך דערקענט?

— דערויף בין איך אַ פּסיכיאַטער — האָב איך זיך גערימט און גע־לאַכט פון זיך אַליין. איך האָב אין דעם מאָמענט געלאַכט מיט אָדריס געלעכטער. איך האָב זי געזען, מיטן טונקעלן פּנים און די גרויסע, שוואַרצע, לאַכנדיקע אויגן. ווי זי בויגט זיך אַריבער צוריקצואווערס לאַכנדיק און גלאַנצט דערביי מיט אירע שיינע, ווייסע ציין. איינער פון זיי איז געווען קרומלעך, אָבער ער האָט דער שיינקייט פון איר מויל ניט געשטערט. עטוואָס קרומלעך זענען אויך געווען אירע אויגן און די שענסטע און רייצנדיקסטע קרומלעכקייט איז געווען אין אירע קני, וואָס זי האָט ווי בכיוון געטראָגן דאָס קורצע קליידל אַביסל העכער.

מיר זענען אַלע געגאַנגען אין דער זעלבער גימנאַזיע, און מיר יינגלעך זענען געווען פאַרליבט אין די קרומקייטן פון דעם שיינעם, קלוגן און לאַכנדיקן מיידל.

איך האָב געוואוסט, אַז אָדרי האָט חתונה געהאַט קיין פּיטסבורג. מיר האָבן זיך די ערשטע פּאָר יאָר נאָך איר חתונה זעלטן דורכגעשריבן. אַ געצוואונגענע אָפּקילונג האָט איבערגעריסן אונדזער קאָרעספּאָנדענץ און מיר האָט זיך אפילו געדאַכט אַז איך האָב פאַרגעסן אין איר. ווי האָב איך געקאָנט פאַרגעסן אין אָדרין? זעט איר דאָך — דאָס לעבן. איך בין געווען פאַרהייראַט, געהאַט צוויי קינדער, אַ ליבע פרוי, בעלאַ. מיין משפחה, איר משפחה, פריינט, באַקאַנטע, מיטגלידער פון אַ פּאָר יידישע אָרגאַניזאַציעס און אַן אָפּיס מיט פּאַציענטן וואָס האָבן מיך פאַרשלונגען מיט זייערע שווערע איבערלעבונגען. זיי האָבן מיר געצאָלט גוט און געטריי, אָבער די מערסטע רייד זייערע זענען אויף מיר געפאַלן ווי אַ האָגל. איך בין געווען אומגעדולדיק. איך האָב אַלעמען אויסגעהערט, און כאָטש איך האָב קיין ריכטיקע עצה ניט געהאַט פאַר זיי, האָב איך אָבער אויפריכטיק, כאָטש געצוואונגענערהייט, מיט אַנטייל אַרויסגעוויזן מיין ווילן צו העלפן. ווי אַ טרעפער, האָב איך קיינעם ניט פאַרגעזאָגט קיין שלעכטס. ניט איין מאָל האָב איך געזען אַ פּאַציענט אַריינ־קומען אין מיין אָפּיס, מיט אַ פינצטער פּנים און נאָכן „אויסרעדן זיך דאָס האַרץ״ אַרויסשפּאַנען אַ פאַרענדערטער, מיט אַן אויסגעלייטערטן בליק ניט צו דערקענען.

און אָדרי האָט אין די גרינגע יאָרן געלאַכט פון מיר... „אַ פּסיכיאַטאָר

וועסטו מיר זיין? כא כא כא!!! עס איז עפּעס אַ מין רבילע וואָס שרייבט קוויטלעך פאַר פּראָסטע, גלויביקע יידן און יידענעס. טאָמער וואָלסטו זיך בעסער פאַרלאָזט אַ באָרד און פּיאות?... דו דאַרפסט ניט קאָנען קיין תורה. דאַרפסט נאָר קאָנען קרעכצן און מיטקרעכצן, זיפצן און מיטזיפצן. און דער עיקר — ווינטשעווען...

איך האָב מיטגעלאַכט. איך האָב אויף אָדרין קיין פאַרדראָס ניט געהאַט.

איינמאָל האָב איך זי אַ קיבעץ געטאָן: „אָבער געלט, געלטוניו וועט זיין".

מיט אַן ערנסטן שמייכל האָט זי געזאָגט: „ניט אין געלט שטעקט דאָס גליק".

איך בין איצט געשטאַנען ביים טעלעפאָן, געהערט אָדריס קול און איך האָב זיך געטראָגן אויף די פליגל פון מיין פאַנטאַזיע צוריק־צוריק... מינוטן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יאָרן, וואָס זענען, אין זייער ריי, צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שאַרפע, בליצנדיקע אויגנבליקן... אָדרי האָט דאָך געזאָלט זיין מיינע; אָדרי האָט דאָך געזאָלט ווערן אַ כלה פאַר יאשען וואָס האָט שטודירט אויף דאָקטאָר מעדיצין... האָט זי אויסגעווילט שמעונען דעם בוכהאַלטער.

ער איז איר נאָכגעגאַנגען אַ שטומער און פאַרקוקט צו איר פון אונטן אַרויף, ווי איר שיינער, ברוינער, געקרוילטער קאָפּ וואָלט געווען אַ הויכער באַרג וואָס ער וועט קיינמאָל זיין שפּיץ ניט דער־גרייכן...

מיינע יאָרן, אונדזערע יאָרן האָבן פאַרבייגעשוועבט: עקסטערן, גימנאַזיע, מלחמה, רעוואָליוציע, פּאָגראָמען... קיין אַמעריקע... קאָללעדזש... מיר האָבן זיך פאַרלאָרן... אונדזער גרופּע איז זיך צעפאַלן און אין דעם נייעם לאַנד אַמעריקע זיך צוריק געפונען... יאשע, שמעון און איך האָבן זיך געעגדערט, ניט אָדרי... אפילו, ווי עס דאַכט זיך מיר, איצט — און זי איז שוין אַ מיטליעריקע — קלינגט איר שטימע מיידלש, אונפאַרענדערט. זאָל זיין, זי זעט אויס אַזוי יונג ווי דער קלאַנג פון איר קול?...

זי טוט אַ רעד און אַ לאַך, און באַלד, צווישן דעם זאָג און צווישן דעם לאַך — אַ זיפץ. איר שטימע עלטערט זיך מיט איין מאָל. זי ברעכט זיך אָן, שטאַרקט זיך און פאַלט. איך הער, טרערן שטערן איר רעדן.

— וואָס איז געשען, אָדרי? — פרעג איך.

— האָסטו דען צייט צו רעדן? — זאָגט זי. — איר שטימע איז געשטאַרקט און זי קיבעצט: — האָסט מסתמא אַ פולן צימער מיט גלויביקע... זי האָט ניט געזאָגט „פּאַציענטן..." און זי איז טאַקע גערעכט. די צוויי חולאים וואַרטן אויף מיר, און דערווייל רעדן זיי וואָס אַמאָל העכער און פרייער...

— קאָנסט מיך אויפנעמען? — פרעגט אָדרי.

— וואָס איז דיר? — פרעג איך אומרואיק.

— ניט מיר, שמעונען. וועסט הערן, וועסטו זען... איך מיין, וועסט זען, וועסטו הערן.

— הער: דו ביסט אין פּיטסבורג, איך — אין פילאַדעלפיע...

— נו, איז וואָס? אין עטלעכע שעה בין איך ביי דיר.

— ווען ווילסטו קומען?

— ווען עס איז פאַר דיר באַקוועם. — זי איז שטיל געבליבן, און איך האָב אויך געשוויגן. מיטאַמאָל האָט זי געזאָגט מיט אַ פאַרענדערט קול, מאַמעש און געטריי — אוי, מישא טייערער! — און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. מיין האַנט וואָס האָט געהאַלטן דאָס טרייבל, האָט געציטערט, אָבער מיין געדאַנק האָט געפלאָנטערט אין די הויכן, אַ זינדיקער, אַ פאַרברעכערישער געדאַנק... אפשר איז שמעון אונהיילבאַר?... אפשר וועט נאָך אָדרי זיין מיינע?... בעלאַס געשטאַלט האָט אויפגעטויכט פאַר מיר און מיך געשטראָפט מיט אַ שטרענגן בליק. מיינע קינדער האָבן געשריגן: „פאַפּאַ איז קרייזי! פאַפּאַ איז קרייזי!...״ מיט דער פרייער האַנט האָב איך זיך אַליין אָוועקגעמאַכט, מיט פאַראַכטונג און זיך געלאמרט מיט בייזע רייד פון אַ שטרענגן, אומ־קאָמפּראָמיסלעכן ריכטער: „...יו אַר טשארזשד (איר ווערט באַשולדיקט) זאָגט דער ריכטער און ער איז אַזוי אויסער זיך, אַז ער קאָן מיין פאַרברעכן ניט אַרויסרעדן... און איך האָב דאָך אָדרין אַזוי פיל מאָל געקושט, און זי האָט מיר אַסך מאָל געזאָגט ווי ליב זי האָט מיך. אָ, יענע שפּאַצירן, יענע שטילע ווינקעלעך און די אומאַרמונגען!

איך האָב באַשטימט פאַר אָדרין מיין פרייען טאָג און בין נאָך דער אַרבעט געפאָרן אַהיים אין מיין גרויסער קאַר. אַ זינדיקער און אַ פאַרשולדיקטער אַזוי אַז איך האָב אויסגעמיטן בעלאַס כשרן בליק. „וואָס איז דער מער?״ האָט זי מיך געפרעגט. „וואָס זאָל זיין דער מער?״ האָב איך געענטפערט, און ערשט מאָרגן געהאַט דעם מוט צו זאָגן בעלאַן, אַז מיינע אַן אַמאָליקע באַקאַנטע פון מיין געבורט־שטעטל האָט מיר טעלעפאָנירט, זי קומט קיין פילאַדעלפיע.

בעלא האָט מיך באַטראַכט און גאָרניט געזאָגט...

## קאַפּיטל צוויי

איך האָב זיך געפּלאָנטערט אין מיינע געדאַנקען און איך האָב זייער מורא געהאַט אַריינצופאַלן: אויפנעמען אָדרין אין מיין רו־טאָג האָט קיין זין ניט געהאַט. איך האָב געענדערט מיין באַשלוס: איך וועל זי דאַרפן רופן מאָרגן.

נאָכן עסן האָב איך, ווי געוויינלעך, געבלעטערט די ציייטונג. איך האָב געקוקט אויף די אותיות און איך האָב געזען ווי זיי בלייבן זיך און ווערן צעגאַנגען אין מיין בליק. איך האָב געהערט ווי בעלאַ פאָרעט זיך אין קיך ביים געשיר, און אַט די היימישע קלאַנגען וואָס איך הער שוין אַזוי פיל יאָר, האָבן מיר געהאָלפן כאַפּן די אותיות און די ווערטער פון דער ציייטונג. ערשט האָב איך זיך געשראָקן בעלאַ זאָל ניט באַמערקן מיין אויפרעגונג, און אָט בין איך שוין געווען דער זעלבער גוטער און געטרייער מאַן, וואָס לייענט געמיטלעך אַ גאַזעט נאָך אָוונטברויט... אויפן געלעגער שפּעטער האָט מיך בעלאַ געפרעגט:

— ווי הייסט זי דאָרטן, דיין דאָריס, זי קומט זיך היילן, צי באַזוכן לאַנדסלייט?

— זי איז אַזוי מיינע ווי דיינע, און זי הייסט ניט דאָריס, נאָר אָדרי — האָב איך געענטפערט — זי קומט זיך היילן.

אויף מאָרגן האָב איך מיין לאַנדספּרוי געדופן און איר געזאָגט זי זאָל קומען דעם זעלבן טאָג.

— פאַרוואָס ? — האָט זי געפרעגט און אין איר טאָן האָט אָפּגעקלונגען בעלאָס שטים, מיט אַ שפּור פון פאַרדאַכט און ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, מיט איראָניע...

אַן אויפגערעגטער און אַן אָנגעשטרענגטער צו קאָנטראָלירן זיך, האָב איך קאַלטלעך אַ זאָג־אָפּ געטאָן: „אומשטענדן". איך האָב באַשטימט די גענויע שעה. אָדרי איז געקומען. זי האָט געדאַרפט איבערוואַרטן אַ פּאַציענט. איך האָב געהערט ווי זי איז אַריינגעקומען. דורכן שויבל פון דער טיר האָב איך זי דערזען אין אַ לאַנגן בלוילעכן מאַנטל. אויפן געקרוילטן קאָפּ אַ קליין פּליושן היטעלע, מיט די אונטערשטע ברעגן איבער געדיכטע טונקל־ברוינע קרוילן. די „נוירס" האָט זי געבעטן זיצן. זי האָט פאַרשריבן דעם נאָמען פון דער פּאַציענטין. מיין חולה דאָ, לעבן מיר, האָט געהאַלטן אין רעדן, און איך בין געשטאַנען ביי דער קליינער שויב און געקוקט אויף דער לאַנדס־פּרוי. איך האָב געזען איר פּראָפיל. „זי האָט זיך גאָרניט געענדערט!" האָב איך אין זיך אויסגערופן, נאָר ווען זי איז אַריינגעקומען אין פּאַציענטן צימער, האָב איך דערזען אירע אַמאָליקע שיינע ווייסע ציין האָבן פאַרלאָרן זייער אַמאָליקן בליאַסק. זיי זענען געוואָרן שיטערער און איבערגעפּירט איר לויטערן שמייכל. דאָס שיינע, לענגלעכע געזיכט בלייך און די גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן איצט געהאַט אין זיך די שוואַרצקייט פון טרויער. איך האָב איר גע־האָלפן אויסטאָן דעם מאַנטל און זי איז דערשינען פאַר מיר אין איר גאַנצער ווייבלעכער פּראַכט. די פיגור עטוואָס שוועדלעך, אָבער דאָס האָט איר שיינקייט ניט געמינערט.

— האָסט מיך דערקענט ? — האָט זי געפרעגט אַזוי ווי נעכטן ווען איך האָב דערהערט איר שטים דורכן טעלעפאָן.

— די זעלבע אָדרי ! ס'זאָל עס פעלן אַ האָר ! — האָב איך אויסגערופן און אין טאָן זי געפרעגט, צי האָט זי מיך דערקענט.

— מענער מעגן זיך ענדערן —האָט זי געזאָגט, און איך האָב געזען ווי זי קוקט אויף מיין שיינענדיקער ליסענע און אויף די גראָע, געדיכטע פּיאות. איך האָב שוין געהאַט טאָרבעס אונטער די אויגן מיט אַ נעץ קנייטשעלעך וואָס האָבן זיך געקליבן אַרום זיי. ערשט היינט ביים גאָלן זיך לאַנג געקוקט אין שפּיגל און נאָך קיינמאָל אַזוי שאַרף ניט געזען מיין פאַרענדערונג. איך האָב גענומען איר קליינע, ווייכע און וואַרעמע האַנט און איך האָב דערפילט ווי די בלוטן אין מיינע אָדערן קומען אַרויף מיט כוואַליעס צום האַרצן און דריקן עס שטורמיש. איך האָב זי געקושט. איך האָב געזוכט איר מויל. זי האָט עס אָוועקגעדרייט און קלוג מיר אָנגעוויזן די העל־געפאַרבטע ליפּן. אירע טונקל־ברוינע קרוילן זענען אַוודאי געווען געפאַרבט, אָבער זיי זענען געווען. אויף מיין מוח זענען פאַרבליבן עטלעכע פּאַסטריגעס.

איך האָב איר אָנגעוויזן דעם דיוואַן. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט : „ניט נויטיק".

איך האָב מער ניט געקענט באַהאַלטן מיין אויפרעגונג. איך האָב זי אַרומגעכאַפּט און מיט ציטערדיקע אָרעמס זי צוגעדריקט צו זיך. זי האָט אַזוי

היימיש, ווי מיידלוויז, ווען מע דאַרף זיך שעמען פאַר לייטן, אַ וואונק געטאָן אויף דער טיר...

איך האָב געפאָלגט. איך האָב זי באַזעצט אויף אַ שטול און זיך געזעצט קעגן איר. און אָט איז זי, נאָך אַזוי פיל יאָרן, געווען לעבן מיר, מיט מיר. זי איז מער ניט געווען מיינע, שמעונס איז זי געווען. סיאָמע האָבן מיר אים גערופן, סיאָמע אָדער סיאָמעטשקע. און לאַכנדיק פאַרדרייט סיאָמעטשקע אויף סיעמעטשקע, וואָס איז אַ זון־בלום קערל... „קנאַקסט סיעמעטשקעס?" פלעגן מיר זי קיבעצן, און זי האָט מיטגעלאַכט מיט אונדז.

— וואָס־זשע מאַכסטו, אָדרי? — האָב איך געפרעגט האַלב אָפיציעל, דאָקטאָרמעסיק און האַלב היימיש. זי האָט אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „איך וועל זיך באַהערשן".

— זעסט אויס פאַרטרויערט — האָב איך געזאָגט און איך האָב דערפילט ווי מיין טאָן האָט זיך געביטן. אין דעם מאָמענט האָב איך פאַרגעסן, אַז איך בין דאָקטאָר.

ס'א לאַנגע מעשה — האָט זי געזאָגט. איך האָב געוואַרט. זי האָט געשוויגן, ווי זי וואָלט געוואָלט אָנהויבן און ניט געוואוסט פון וואַנען.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן: „זאָל די „בוירס" גיין אַהיים".

איך האָב געעפנט די טיר צום אויפנאַמס־צימער און געזאָגט דער בוירס, אַז זי קען גיין. זי האָט מיר געדאַנקט און פאַרקוקט אין אַ זייט, איך זאָל ניט זען איר שמייכעלע.

איך בין אַריין צו אָדרין און זי גלייך איינגעקלאַמערט אין מיינע אָרעמס.

— איך בעט דיך! איך בעט דיך!!! — האָט זי מיט אַ וויינענדיק קול שטיל אויסגערופן.

איך האָב זיך אַנטשולדיקט פאַר איר, זיך אָוועקגעזעצט קעגן איר און געבעטן:

— אָדרי, טייערע! זיי מיר מוחל! האָסט אין מיר אויפגערירט אַ וועלט אַ גאַנצע. איך בין באַרוישט ביז שיכרות... אַז איך האָב גאָרניט קיין ווערטער אַרויסצוברענגען וואָס איך פיל.

— איך האָב אויף דיר קיין פאַריבל ניט. נאָר מיר איז ביטער און פינצטער!

— וואָס איז מיט שמעונען? — האָב איך געפרעגט.

— ער גייט איין ווי אַ ליכט. שוין קיין האַלב פון אים ניט געבליבן!

— פאַרוואָס־זשע האָסטו אים ניט געבראַכט צו מיר? איך וואָלט אים באַטראַכט. מיר האָבן דאָ גרויסע ספּעציאַליסטן. איך וואָלט פאַר אים געקראָגן דאָס בעסטע. גלויב מיר!

— עס איז אַוודאַי אַ ווידערשפּרוך — האָט אָדרי געזאָגט. — אָבער צוליב די גרויסע ספּעציאַליסטן בין איך טאַקע געקומען צו דיר, זאָלסט באַשטעלן דאָס בעסטע אין דעם בעסטן שפּיטאָל און אים ראַטעווען.

— וואָס איז אים?

— אַ בענקשאַפט, וואָס פרעסט אים אויף, זויגט אויס זיין בלוט. —

אירע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן. זיי זענען אַרויס פון די ווינק־לען, אַריבער די ברעגן און געראָנען איבער די שיינע, בלייכע באַקן. זי האָט מיטן טיכעלע געוואָלט אָפּשטעלן דעם שטראָם, און ניט געקענט. — אַ טאַטע זאָל אַזוי קלאָגן נאָך אַ קינד! האָסטו געזען אַזוינס? וואָס בין איך, קיין מאַמע ניט? מיך טוט ניט וויי? — זי האָט געקוקט אויף מיר אַזוי שטרענג, ווי איך וואָלט געהאַט אַ חלק אין איר צרה. וואָס רעדט זי? וואָס קומט דאָ פאָר???

— מיין לענאָרא, לענאָראָטשקאַ! — האָט אַדרי מיט אַ פאַרענדערט קול אויסגערופן און זיך צעוויינט אויף אַ קול.

## קאַפּיטל דריי

איך האָב איר זייער געוואָלט העלפן, און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך האָב אַרויסגעכאַפּט דאָס טיכעלע פון מיין קעשענע און געווישט אַדריס אויגן. פון געוויין האָט זיך איר לענגלעך פּנים עטוואָס אויסגערונדיקט, דער שיינער קין אַנגעדראָלן; די נאָז־פליגל פאַרגרעסערט. זי איז דערפון ניט שענער געוואָרן, אָבער זי איז מיר נאָך נענטער, נאָך אייגענער געוואָרן. איך האָב זיך צוגעבויגן צו איר פרייער האַנט אָן דעם טיכעלע און זי געקושט.

— באַרואיק זיך, באַרואיק זיך, טייערע! — האָב איך זיך ביי איר געבעטן. — באַרואיק זיך און דערצייל מיר אַלצדינג אויס.

זי האָט מיך באַטראַכט. אירע שוואַרצע אויגן האָבן מיך געפּאָרשט.

— אַלצדינג? — האָט זי געפרעגט, ווי דאָס וואָלט געווען אוממעגלעך.

איך בין מיט איין מאָל אַריין אין דער ראָל פון אַ דאָקטאָר און אָפיציעל געזאָגט: — אַלצדינג.

זי האָט איר נאַס טיכעלע אַריינגעלייגט אין טאַש און געהאַלטן מיינס אין איר האַנט. זי האָט דערמיט מער ניט געווישט די אויגן. זיי זענען מיט איין מאָל אויסגעטרוקנט געוואָרן און באַקומען אַ גלאַנץ און אַן אויסדריק ניט צו דערקענען.

— אַלצדינג — האָט זי דאָס וואָרט אַרויסגערעדט עטלעכע מאָל — אַלצדינג איז ניט מעגלעך, אָבער — זי האָט זיך פאַרהאַקט — אַז דער דאָקטאָר הייסט, דאַרף מען פאָלגן.

„שמעון... דו געדענקסט שמעונען: שטיל, שעמעוודיק, צוריקגעצויגן, אָבער געדולד — ניט צו באַגרייפן. — אַדרי האָט שווער אָפּגעזיפצט, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעשטעלט זיך אָנצונעמען מיט נייע כוחות. — איך האָב מורא, איכ׳ל זיך פאַרפּלאָנטען און דו וועסט קיין עק ניט דערגיין.

זי איז געווען גערעכט: זי האָט זיך ווירקלעך געפּלאָנטערט אין אירע רייד. איך האָב איר גרויסן בראָך ניט דורכגעלעבט, איז מיר גרינגער אויס־צושטעלן איר געשיכטע אין אַן אָרדענונג. איך היט זיך נאָר, איך זאָל עפּעס ניט צולייגן, אָדער אַראָפּנעמען, און דער עיקר, דער קרין, דער קערנדיקער אמת זאָל בלייבן. די געשיכטע איז דורכאויס אַדריס, די אָרדענונג איז מיינע.

—האָסט געמעגט געווען זען, ווי שמעון האָט זיך גיך אַמעריקאַניזירט. ביי טאָג געאַרבעט און אין די אָוונטן געלערנט ענגליש, דורכגעמאַכט שווערע עקזאַמענעס, אין פּענסילווייניע סטייט קאָלעדזש, איסגעהאַלטן און זיך ניט אָפּגעשטעלט ביז ער איז געוואָרן אַ ספּעציעלער אקאונטענט. דו ווייסט, איך

לייען ענגליש רעד די שפּראַך, אָבער אין פֿאַרגלייך מיט שמעונען בין איך אַ גרינע... ער שרייבט בריוו אין די ענגלישע צייטונגען מיט אַ זעלטן־שיינער קאַליגראַפֿישער האַנט שריפֿט, און זיי דרוקן זיי גערן. ער פֿאַרדינט ניט שלעכט, אָבער עס איז אים ניט גענוג. פֿעדלט ער צו אין די אָוונטן און פֿאַרדינט עטלעכע דאָלער. היינט די וואוינונג... וואָלסט געמעגט זען, ווי ער האַלט צימערן. איך דאַרף ביי אים אויף דעם געביט פֿעטשערעס הייצן. די טעפּיכער אַן אַ שפּרינקעלע, פֿון די ווענט פֿעכלט, די שויבן ווי לויטערע שפּיגלען... היינט די קליידער, די ביכער...

„וואָס זאָל איך דיר זאָגן? עס איז מיר ביי מיינע עלטערן אַזוי גוט ניט געווען. חוץ דעם — און דאָס איז מיין גרעסט געווינס — בין איך זיכער, אַז שמעון איז אינגאַנצן געווען און פֿאַרבליבן מיינער. ער האָט זיך פֿון מענטשן ניט אָפּגעפּרעמדט. מיר האָבן באַלאַנגט צו די קוטאַרעדער לאַנדסלייט. דאָרטן זענען געווען עטלעכע שיינע ווייבלעך. שמעון האָט זיי געזען און ווי ניט באַמערקט.

„דו געדענקסט אוודאי ווי איר, יינגלעך, האָט זיך געדרייט אַרום מיר. אויך דאָ אין אַמעריקע האָבן מענער מיך געשלונגען מיט זייערע אויגן. דאָס איז מיר געווען זייער אָנגענעם. אָנגענעם, האָב איך געזאָגט. ניין, מער ווי דאָס. מענערשעליידנשאַפֿטלעכע אויגן האָבן מיך דורכגענומען. איך האָב געפֿילט ווי ביים גיין שטעל איך מיינע טריט אַנדערש, ווי מיינע אויגן דרייען זיך אַוועק אין אַ זייט אויסצומיידן די מענער און ווי איך באַהערש זיך קוים ניט צו שמייכלען פֿון גרויס גליק. דער געדאַנק, אַז איך קאָן מיט אַ וואונק צוציען יעדן מאַן האָט מיר אַזוי אימפּאָנירט, אַז איך האָב זיך געהאַלטן שטאָלץ, אפשר פֿאַרריסן.

”נו און די ווייבער? זיי האָבן מיך געשטאָכן מיט זייערע אויגן. אַזאַ שטעכעניש אויף אַלע מיינע ליבע!...

„נו, געווען ביי אַ מיטינג, ביי אַ שמחה, אין אַ מואווי, אין אַ מוזיי, און געקומען אַהיים צו ליידיקע צימערן. שיין און ריין, אָבער פּוסט מיט אַ גרויסער פּוסטעניש וואָס איז געוואַקסן מיט די יאָרן און געוואָרן שווערער און אומדערטרעגלעכער.

„די ווייבער האָבן מיך גענומען אין מויל אַריין... „אַ שיינער שטיין” און נאָך אַזוינע זאַגעכטסלעך האָב איך איינגעהערט.

„ניט געקומען קיין קינד. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרטרויערטע, אָבער איך האָב געשוויגן; שמעון האָט אָנגעהויבן און ניט אויפֿגעהערט צו רעדן, און דערביי געקוקט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען די קינדערלאָזע. „מיר זענען נאָך יונג” האָב איך אים געטרייסט. האָב געדולד, מיין סיאָמעטשקע”.

„— איך האָב צו דיר קיין טענות ניט, פֿלעגט ער זאָגן, אָבער...” און אַנשוויגן ווערן מיט אַ שווער און פֿינצטער שווייגן.

„אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. דאָס גליק האָט פֿאַר אונדז ניט אויפֿגעשיינט, ביז...

אַדרי איז שטיל געבליבן און מיר געקוקט גלייך אין די אויגן, ווי זי וואָלט זיך פֿאַרמאָסטן מיט מיר. איך האָב געלייענט די געדאַנקען אין איר אַרויסרופֿנדיקן בליק: „וועל איך וואָגן? האָסטו זיך געריכט אויף „דייך” אַדרין?” איך האָב זיך ניט גענאַרט...

צו די קיטאַרעדער האָבן באַלאַנגט ניט נאָר פּיטסבורגער יידן, נאָר אויך אייניקע פון שכנישע שטעטלעך אַרום. די מערסטע פון זיי פאַרמעגלעכע געשעפטלייט. איינער פון יענע מיטגלידער האָט נאָך אַ פאַרזאַמלונג אַ פרעג געטאָן ביי שמעונען, צי וואָלט ער ניט געוואָלט אַן עקסטרא פאַרדינסטל. זיין אַקאונטענט איז פון אים אַוועק און ער מוז האָבן הילף.

„שמעון האָט געפרעגט וויפל. „איין מאָל אַ חודש, אַ הונדערטער". וואָס האָט ער דאָ געזאָגט? דאַכט זיך, גאָרניט געזאָגט, האַ?... זאָלסט אָבער געוועזן הערן, ווי דער מענטש האָט אַרויסגערעדט דעם „הונדערטער" און דערביי אַ קוק געטאָן אויף מיר, ווי ער וואָלט שמעונען און מיך אָפּגעקויפט. שמעון האָט געאַרבעט שווער און מיר זענען זיינע פאַרדינסטן געווען גענוג.

„איך האָב דערלאַנגט שמעונען אַ בייזן און אַ שטרענגן, וואָרנענדיקן בליק און דערביי באַמערקט ווי דער געשעפטסמאַן קוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט זאָגן: „וועסט בעסער ווערן, ווייבעלע...מיר קאָנען אייך..."

„שמעון האָט מיר צוליב געטאָן און דערווייל ניט אָנגענומען. יענער האָט אונדז שוין ניט אָפּגעלאָזט און אין זיין שיינער קאַר אונדז אָפּגעפירט צו אונדזער וואוינונג. די שעה איז נאָך ניט געווען קיין שפּעטע. איך האָב דאָס פאַרפאַלק פאַרבעטן אויף קאַפי. שמעון האָט מיר געדריקט די האַנט און איך האָב אין יענעם מאָמענט דערפילט, אַז ער האָט דעם „הונדערטער" אָנגענומען. מיר זענען אַריין אין די צימערן. די פרוי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּלויבן פון דער ריינקייט. זי האָט פאַרקוקט אין די ווינקעלעך, באַזונדער אין קיך... איך בין געגאַנגען מיט איר און די גאַנצע צייט געפילט די בליקן פון איר מאַן דזשעק, אויף מיר. איך האָב געוויזן אונדזער וואוינונג, און שמעון האָט דערווייל געגרייט צום טיש.

## קאַפּיטל פיר

מיין טעלעפאָן האָט געקלונגען. אַ פּאַציענט האָט גערופן. איך האָב זיך דורכגערעדט אַ פּאָר מינוט. ווען איך בין אַריין צו אַדרין, האָט זי שוין אויסגעזען עטוואָס רואיקער. זי האָט מער ניט געוויינט.

— וויפל רעכנסטו פאַר אַ וויזיט? — האָט זי מיך געפרעגט. איך האָב זי אָנגעקוקט און געזאָגט „דו ביסט ניט קיין פּאַציענטקע".

— איך בין אָבער קראַנק, אוי, בין איך קראַנק! — איך האָב מורא געהאַט, זי וועט זיך ווידער צעוויינען, אָבער זי האָט זיך באַהערשט און מיך אַ פרעג געטאָן צי האָב איך קינדער און וויפל, און צי בין איך גליקלעך. איך האָב באַלד ניט געענטפערט און אַן ווערטער גערעדט צו איר: „מיט דיר אַדעלע, וואָלט געווען דאָס אמתע גליק". געזאָגט האָב איך: „איך האָב אַ גוט, אַ זיכער און אַ רואיק לעבן. מיר האָבן צוויי טעכטער,ביידע אין קאַלעדזש, ביידע געראָטן אין דער מאַמען".

— ווי הייסט דיין ווייב?

— בעלא.

— אַ שיינער נאָמען. איז זי שיין?

— שיין און גוט.

— נו, דאַרפסט זיין צופרידן. מיר, וויי און ווינד איז מיר, איז מיין איינציק קינד געשטאָרבן!

— וואָס איז איר געווען?
— קענסער פון דעם בלוט.
— ווי שרעקלעך! — האָב איך אויסגערופן.
— איצט האָב איך מורא, מיין סיאָמע גייט מיר אַ גאַנג.
— ברייגג אים אַהער. מיר וועלן זען אים ראַטעווען. ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, האָבן מיר דאָ גרויסע ספּעציאַליסטן.

— אַדרי האָט מיך מיט אַ פאַרענדערטן בליק אָנגעקוקט, און ווי מע דאַרף אַרויסברייגגען פאַרן מויל אַן אונגעוויינלעכע זאַך, אַ שטאַרקע איבער־ראַשונג, אויף גיך אַ זאָג געטאָן:
— איך בין דער גרעסטער ספּעציאַליסט!
איך האָב זי מיט חשד באַטראַכט... אפשר, חלילה, געווירט?...
— וואָס רעדסטו, אַדעלע?! — האָב איך אויסגעשריגן.
— אָט דאָס וואָס דו הערסט...
— דו? — האָב איך איבערגעפרעגט.

— יאָ, איך. — זי האָט געשוויגן בלויז אייניקע סעקונדען, ווי זי וואָלט זיך אָנגענומען מיט כוח אויפצודעקן דעם סוד וואָס זי האָט יאָרן־לאַנג געהאַלטן און פאַרבאַהאַלטן אין זיך... ווען סיאָמע זאָל וויסן דעם אמת, וואָלט ער ניט איינגעלייגט קיין וועלטן און ער וואָלט נאָך אפשר געזונט געוואָרן... איך זע, דו קוקסט מיך אָן, ווי איך וואָלט ניט געוואוסט וואָס איך רעד... לענאָרא איז ניט סיאָמעס... — לענאָרא איז דזשעקס.

פון אויפרעגונג האָב איך זיך געטאָן אַ בויג צו איר און זיך צוריק־געכאַפּט... די גאַנצע סיטואַציע איז מיר קלאָר געוואָרן. אַדרי האָט מיר מער ניט געדאַרפט זאָגן. זי איז פשוט געקומען צו מיר זיך האַלטן אַן עצה און מיטן אמת פאַרהיילן אַ ליגן, אַ פאַלשקייט וואָס האָט איר און שמעונען געבראַכט אַזוי פיל פרייד. ווען גענאָרא זאָל ניט געווען שטאַרבן, ווען... דער „ווען" האָט זיך געפּלאָנטערט אין מיינע געדאַנקען. וואָס הייסט ווען? ... ווען שמעון זאָל ניט געווען זיין קינדערלאָז... ווען אַדעלע, אָדער ווי זי הייסט איצט, אַדרי, זאָל געווען זיין מיינע... ווען, ווען, אומזיניקער, נוצלאָזער ווען!... אין אַ פּיטסבורגער שפּיטאָל ליגט מיין חבר אַ קראַנקער; אַדרי איז געקומען צו מיר אַ פאַרצווייפלטע; איך וויל איר העלפן... וועל איך איר העלפן? ווי אַזוי?

מיר האָבן זיך אָנגעקוקט, ווי מיר וואָלטן ביידע באַדאַרפט לייזן איין פּראָבלעם. געקומען איז זי צו מיר, ווי צו איינעם וואָס העלפט מענטשן אין זייער פאַרפּלאָנטערניש, האָב איך באַדאַרפט זאָגן „דאָס לעצטע וואָרט". האָב איך מיט אויטאָריטעט זיך אַ בייזער געטאָן:
— זאָלסט זיך ניט דערוועגן איצט אויפדעקן דעם באַהאַלטענעם אמת!
— דו מיינסט עס ערנסט? — האָט זי געפרעגט.
— וואָס האָסטו געמיינט, איך שפּאַס?

קאָנסטו מיר דערקלערן פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט ווי זי וואָלט מיך גענומען אויף אַ פאַרהער. איך האָב זי באַטראַכט און געזען דעם די־סאַנאַנס צווישן דעם טאָן פון אירע ווערטער און דעם ווייך־געוואָרענעם בליק פון די גרויסע, שוואַרצע אויגן. זי האָט אַפילו אַ שמייכל געטאָן און

איך האָב דערזען די ציין וואָס האָבן אַמאָל געבלענדט מיט זייער ווייסן בליאַסק, און איצט האָבן זיי אויסגעזען שיטער און אָנגעבראָכן. דאָס, האָב איך געטראַכט, האָבן די דענטיסטן צוגעלייגט זייערע אומגעלומפּערטע הענט. זי האָט אויפגעהערט שמייכלען און איר בליק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין געבעט. איך האָב געזאָגט:

— איך בין נאָך קיינמאָל אַזוי זיכער ניט געווען ווי איצט. לענאָרא איז ניט געווען זיינע, אָבער ער האָט געגלויבט, אַז זי איז זיינע, זיינע און דיינע. ער האָט דאָך געגלויבט אין דיר, און ער וועט ניט אויפהערן גלויבן ביזן לעצטן אָטעם זיינעם. ניטאָ קיין שטאַרקערע זאַך ווי גלויבן. וועסט צוברעכן זיין גלויבן, וועסטו אים צעברעכן. שוויג, ווי גאָט איז דיר ליב!

אַדרי האָט זיך צוגעבויגן צו מיר, מיך אַרומגענומען און מיך געקושט. איך קען ניט זאָגן וואָס זי האָט דערביי איבערגעלעבט, איך האָב געטוליעט מיין פּנים אין אירע הייסע ליפּן, ווי איך האָב צוריק מיט יאָרן געטאָן, ווען אַדעלע האָט מיך געקושט. בעלאַ, מיינע טעכטער, פריינט, באַקאַנטע, פּאַציענטן, פילאַדעלפיע — אַלץ אַרום מיר וואו איך האָב אָפּגעלעבט מיינע בעסטע יאָרן, האָט זיך אַ רוק אַוועק געטאָן. אַלע ווירקלעכע מענטשן, זאַכן און ערטער זענען מיט איין מאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אויסגעבלייכטע שאָטנס. איך בין געווען מיט אַדרין אויף דער קיטאַרעדער „גאָרקע" (בערגל) אָדער אין שטאָטגאָרטן לעבן דער גימנאַזיע. איך האָב זיך פאַרלאָרן, און אָנשטאָט אָננעמען אירע קושן, בין איך צוגעפאַלן צו איר. איך בין געווען ווילד, אָבער אַדרי, וואונדערלעכע אַדרי! זי האָט זיך באַהערשט, זיך אויפ־געריסן פונעם בענקל און שטיין געבליבן ביי דער וואַנט.

— אַדעלע — האָב איך געזאָגט — איך שעם זיך מיט מיין שוואַכקייט.

זי האָט אויסגעזען אינגאַנצן באַרואיקט און מיט אַ טאָן, וואָס האָט מיר אָפּגעקלונגען גוטברודערש און אין דער זעלבער צייט ווייבערש, אַ פרעג געטאָן:

— ווילסט גאָרניט וויסן, ווער דער דזשעק איז?

— וואָס גייט ער מיר אָן?

— שמעונס פריינט זיין באָס, פון דעם שכנישן שטעטל. איבער צוויי יאָר האָט ער זיך געדרייט אַרום מיר... ער וואָלט מיך קיינמאָל ניט געווען געהאַט, ווען ניט שמעון מיט זיין שטענדיקן קלאָגן נאָך אַ קינד. איך האָב דזשעקן קיינמאָל ניט ליב געהאַט, נאָר איצט האָס איך אים. ער איז געקומען צו לענאָראס לוויה, אָן אויסגעפּוצטער און אַ צופרידענער ווי צו אַ שמחה. זי איז אים קיינמאָל ניט אָנגעגאַנגען. ווען ער פלעגט מיך זען ביי אַ פאַר־זאַמלונג, פלעגט ער מיך אַ פרעג טאָן: „וואָס מאַכט עפּעס דיין לענאָרא?..." ער האָט מיך מער ניט געקענט איבעררעדן און פאַרקוקט צו מיר ווי אַ בעטלער. קיין „נדבה" האָט ער ביי מיר ניט געקראָגן. — אירע שוואַרצע אויגן האָבן איצט געקוקט מיט שנאָה, אַ פרעמדער בליק וואָס איז מיר געווען פרעמד, אַ שוואַרצער בליק ווי שוואַרצער שאַרפער שטאָל.

אַדרי האָט געעפנט איר שווערן בייטל, אַרויסגענומען אַ קאָנווערט און מיר געוויזן אַ בילד פון אַ קינד וואָס האָט אויסגעזען אַ פּאָר חדשים אַלט. איך האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געווען לענאָרא.

— אַ מלאָכל! האָב איך שטיל געזאָגט.

און אַדרי האָט באַלד מיר געוויזן נאָך און נאָך בילדער, איינס נאָכן אַנדערן, מיט אַן אָרדענונג, ווי אויסגערעכנט. דאָס קינד איז דורך די בילדער געוואַקסן פאַר מיינע אויגן. איך האָב אויסגעמיטן אַדריס בליק און איך האָב געהערט ווי נאָך יעדן בילד וואָס זי האָט מיר געוויזן, האָט זי מיך מיט אַ פאַרענדערט קול, ווי אַ געוויין אָן טרערן, געפרעגט: „נו, האַ?"

און אָט איז לענאָרא דערשינען פאַר מיר אַ דערוואַקסענע, אַ שיין־אַנטוויקלט יונג מיידל. איך האָב זיך איינגעקוקט אין איר פּנים און געזוכט אַדרין אין דעם. אויף מיר האָבן געקוקט אַ פּאָר פרעמדע אויגן.

— גאָרניט ענלעך צו דיר — האָב איך באַמערקט.

— דזשעק מיט די ביינער — האָט דאָריס געענטפערט.

איך האָב מורא געהאַט די מוטער זאָל זיך ווידער צעוויינען, האָב איך איר איבערגעגעבן די בילדער. זי האָט זיי אַריינגעלייגט אין קאָנווערט, מיט אַ קנאַק פאַרמאַכט דאָס שלעסל פונעם בייטל און ברוגזלעך זיך אויפגעשטעלט. איך האָב איר געהאָלפן אָנטאָן איר מאַנטל.

זי האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.

— אָ, ניין! — האָב איך געזאָגט עקשנותדיק. — גיי ניט. איכ'ל דיך צופירן.

אין עטלעכע מינוט אַרום זענען מיר שוין געזעסן אין מיין היפּשער מאַשין. אַדרי איז געזעסן לעבן מיר און מיט ווייכע פּאַפּירענע טיכלעך געווישט די רויטע סימנים וואָס זי האָט מיט אירע געשמינקטע ליפּן געלאָזט אויף מיין פּנים.

עס איז געווען אַ זומערדיקער פאַרנאַכט. די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן. זי האָט געבלענדט די פענצטער אין די גרויסע הייזער און מיט קליינע פלעמלעך געגלעט די טונקל גרינע בלעטער אויף די ביימער ביי ביידע זייטן וועג. קינדער האָבן זיך געשפּילט און אַלץ אַרום האָט אויסגעזען זאַט מיט שטילקייט און מיט רו. לעבן מיר איז געזעסן אַדרי, אַ שווערע, אַ שווייגנדיקע. איר שווער געמיט האָט זיך געלייגט אויף מיר און אין מיר, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי מיר פאָרן פון אַ לוויה.

עס איז מיר נמאס געוואָרן צו פאָרן עטלעכע מאָל אַ וואָך פון דער גרויסער שטאָט קיין ליטוויל. אין יענעם קליינעם שטעטל און אין דער דאָרטיקער קליינער צייטונג בין איך געווען אָנגעשטעלט ווי אַ רעפּאָרטער. האָב איך באַשלאָסן אַריבער אַהין „מיט האַק און פּאַק" און זיך באַזעצן דאָרט. איך בין שוין אַלט געווען דרייסיק יאָר, ניט פאַרהייראַט און איך האָב מיין באַשלוס דורכגעפירט אומגעשטערט.

ליטוויל האָט אויסגעזען ווי אַ מין אויסערן־שטאָט, אָבער גאָרניט ענלעך אויף די סאָבאָרביאַנס וואָס נעמען־מיט מיט זיך דעם גרויסשטאָטישן טומל. ליטוויל איז געווען שטיל, די קליינע הייזער ווייט אָפּגעטראָטן איינס פון אַנדערן, מיט אַלטע, הויך־וואוקסיקע ביימער אויף די גאַסן. די ביימער האָבן אי די הייסע זומערטעג געקילט די לופט. עס האָבן זיך געזען בלומען ניט נאָר אין די הויפן, נאָר אַפילו אויף די געזימסן פון די פענצטער.

„דאָ, האָב איך געטראַכט, וועל איך, חוץ מיין רעפּאָרטאַזש, שרייבן נאָך עפּעס". דער „נאָך עפּעס" האָט מיך שוין לאַנג געלאָקט און איך האָב גע־טרוימט פון גרויסע שרייבערשע דערגרייכונגען.

אין דער שטילקייט פונעם שטעטל האָב איך זיך אַביסל געגאַרט: דורך די אָפענע פענצטער פון אייניקע הייזער האָט זיך אין גאַס אַריינ־געריסן ביליקע דזשעז־מוזיק, אָדער „זייף־אָפּערע". יינגלעך האָבן זיך גע־שפּילט אין פּילקע און זיי האָבן זיך עפּעס אַזוי ווי פאַרהערט ווער פון זיי איז אַ גרעסערער שרייער...

זוכנדיק אַ צימער, האָב איך גוט באַטראַכט וואָס אַרום מיר טוט זיך, און דאָס ערגסטע וואָס מיך האָט שאָקירט, זענען געווען די סאַלונס. כמעט אויף יעדן עק קוואַרטאַל האָט אַ ניאָן־שילד אָנאָנסירט די אַלקאָהאָל־געטראַנ־קען. אויטאָס זענען דאָ זעלטן דורכגעפאָרן, אָבער ניט זיי, ניט די טומלדיקע יינגלעך האָבן די שטילקייט ניט געקענט פאַרטויבן. אַנטקעגן דעם רויש זענען די הויכע, אַלטע צעוואַקסענע ביימער געשטאַנען ווי דער סימבאָל פון רו און שטילקייט.

עס האָט מיר גענומען אַ פּאָר וואָכן ביז איך האָב, מיט מזל געדונגען אַ צימער. מיין נייע היים האָט זיך געפונען אין עק פון אַ ברייטער גאַס, צום פעלד־צו.

מיינע באַלעבאַטים זענען געווען אַן אַלט פּאָרפאָלק. איך דערמאָן זיך, ווי די באַלעבאָסטע האָט מיך אַרויפגעפירט אויפן צווייטן שטאָק פונעם קליינעם שטיבל און מיר געוויזן מיין צימער. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן קליינעם פענצטער און דערזען אַ פעלד מיט הויך־געוואַקסענער קוקורוזע. צווישן דעם פעלד און מיין וואוינונג האָב איך געזען אַ היפּש שטיק פּלאַץ אַרומגענומען מיט יונגע בערעזעס. אונטער דעם קלאָרן, זומערדיקן הימל האָבן זייערע ליכטיקע, ווי אָפּגעזילבערטע, שטאַמען צוגעגעבן דער גרינקייט פון זייערע בלעטער אַ טונקעלע פאַרשאָטנקייט.

דאָ איז ווירקלעך שטיל געווען. האָב איך זיך מיט דער באַלעבאָסטע ניט געדונגען, איר באַצאָלט דירה־געלט וויפל זי האָט פאַרלאַנגט און איך בין געוואָרן אַ ליטווילער.

איך האָב זיך אַרומגעוואַשן און געגאַנגען צו „מיינע" בערעזעס. אַ קליין ווינטל האָט קוים באַוועגט זייערע בלעטער. „אַ דאָרף!" האָב איך אין זיך אויסגערופן. אַ דאָרף, אַ פעלד און ביימער, „ביימער!" דאָ וועט זיין דאָס אָרט צו שאַפן, ניט נאָר צו באַריכטן וועגן געשעענישן..

נעענטער און נעענטער בין איך צוגעקומען צו די בערעזעס. אַרום מיר און אין דער הויך איבער מיר האָט זיך געהערט דאָס פריילעכע טשיריקן פון פייגעלעך. בינען און פליגן האָבן פאַרבייגעזומט פאַר מיר און הינטער מיר. פון טיפן גראָז האָט זיך אַ הויב אויף געטאָן אַ בינטל קאָמאַרן און זיך אין אַ קאַראַהאָד געדרייט איבער מיין קאָפּ. די זון האָט זיי פאַרבלענדט און זיי האָבן מיך צורו געלאָזט.

איך האָב דערפילט אונטער מיינע טריט דעם וועג, אויסגעבעט מיט ברעקלעך שטיינדלעך. איך בין צוגעקומען צו אַ מעטאַלענער באַנק אָפּגע־

פאַרבט אויף ווייס. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און דערזען נאָך עטלעכע בענק אויף ביידע זייטן וועג. די זאַך איז מיר געוואָרן קשה. אויף גיך האָב איך צוגעשפּאַנט צו דער לעצטער באַנק און דערזען צלמים. „צלמים?!" האָט עס אין מיר אויסגערופן. עס איז דאָך אַ צווינטער! דער צווינטער האָט מיר איבערגעפירט מיין לויטערע שטימונג.

אין אויפרעגונג האָב איך אויפן אָרט באַשלאָסן צוצוואַרפן דאָס דירה־געלט און זיך פאַרנעמען פון דאַנען. מיט זיכערע טריט בין איך אַריין צו די אַלטע און זיין געטראָפן זיצן אויפן באַלקאָן. איך וואָלט געוואָלט אויס־מאָלן זייערע פּנימער בשעת זיי האָבן געקוקט אויף מיר. אַזוי קוקט מען נאָר אויף אַ זון וואָס איז נאָך לאַנגע יאָרן זיין אין מרחקים פּלוצעם זיך באַוויזן. זייערע גוטע, געקנייטשטע פּנימער, מיט די שטראַלעכלעך אין די אויגן, זייערע גרויסע, אָדערדיקע הענט וואָס האָט זיך געשטרעקט צו מיינער און זי אָנגע־כאַפּט פריער מיט איינער, און באַלד מיט ביידע, און דאָס נאָכפרעגן זיך ווי דאָס צימער געפעלט מיר — דאָס אַלץ האָט מיך מיט איין מאָל אַנט־וואָפנט און איך האָב מיין האַסטיקן באַשלוס שוין נישט דורכגעפירט.

זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זייערע צוויי טעכטער האָבן שוין אייניק־לעך. דער איינציקער זון, וויליאַם, איז געפאַלן אין ערשטן וועלט קריג, אין פראַנקרייך.

— זענט איר געווען אין קריג? — האָט מיך דער אַלטער געפרעגט.

— יאָ — האָב איך געענטפערט — אין וויעטנאַם.

— האָט איך גאָט אויסגעהיט — האָט די פרוי פרום אויסגערופן.

איך האָב דערוואַרט נאָך אַ פראַגע, אָבער עס איז ניט געשען, און איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט. ניט איין קריסט האָט מיר געזאָגט, אַז גאָט האָט מיך געראַטעוועט, ווייל איך בין אַ ייד... מיין אומגעבראַכט פאָלק זעען זיי ניט. זענען זיי דען בלינד?

די אַלטע האָבן מיך געקאָרמעט צו זאַט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען אַרום מיר ווי אַרום אַ ציטעריקן.

יעדן פרייען נאָכמיטאָג בין איך געגאַנגען מיט העפט און פען צו די מעטאַלענע בענק און זיך פאַרמאָסטן מיט מיינע שרייבערשע כוחות... לוויות האָב איך אויסגעמיטן. פרויען וואָס זענען געקומען לייגן בלומען אויף די קברים, האָבן מיך מיט חשד באַטראַכט. איך האָב זיי ניט געוואָלט שטערן און געגאַנגען אַהיים, אָבער די אַלטע פרוי, מיין געטרייע באַלעבאָסטע, זוי נאָר זי האָט מיך דערזען, האָט זי באַלד געהאַט וואָס צו זאָגן, זאָגן און ניט אויפהערן... בין איך ווידער געגאַנגען אויפן וועג צום צווינטער און זיך געזעצט אויף דער גאָר ערשטער באַנק וואָס ווייטער פונעם אַריינגאַנג צום צווינטער.

איך האָב געהאַלטן די פען און האָב שוין אַפילו אָנגעהויבן אַ דער־ציילונג, אָבער ווייט בין איך ניט דערגאַנגען. האָב איך באַטראַכט די עטלעכע מענטשן וואָס זענען אַהער געקומען, די מערסטע עלטערע פרויען און מענער. זעלטן־ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ יונגער מנטש. אַלע האָבן זיי געטראָגן בוקעטן בלומען.

# די בלום

איינמאָל, סוף זומער, האָב איך דערזען אַ יונגע פרוי גיין צום צווינטער, אַן בלומען. איך האָב איבערגעריסן מיין שרייבן או געקוקט אויף איר. זי האָט אַנגעיאָגט צוויי עלטערע פרויען, זיי אויסגעמיטן און מיט גיכע, קליינע טריט אַוועק צום צווינטער. איר גאַנג איז געווען גרינג ווי זי וואָלט קוים די ערד באַרירט. מיט דער רעכטער האַנט האָט זי געוויגט הין און הער, צום טאַקט פון אירע טריט.

זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר און איר שיינענדיק פנים האָט מיך מיט איין מאָל פאַרבלענדט אַזוי, אַז איך האָב איר קערפער ניט געזען. אַ זוניק ליכט האָט געשטראַמט אויף מיר ניט נאָר פון אירע גרויסע בלוילעכע אויגן, נאָר אויך פונעם הויכן, קלאָרן שטערן, פון די קוים־קוים צוגעברענטע באַקן און פון דעם שטאָלטנע האַלדז. די צוויי פרויען וועמען זי האָט פריער איבערגעיאָגט האָבן זיך אויסגעגליכט מיט מיין באַנק. זיי האָבן זיך געסודעט און מיט אַפענער שנאה נאָכגעקוקט דער יונגער פרוי.

איך בין געזעסן אַ באַרוישטער און אַ פאַראינטריגירטער: איך האָב געזוכט איר לינקע האַנט, אפשר וועל איך דערזען דאָס חתונה־פינגערל, האָט זי מיר גאָר געוויזן דעם רעכטן אָרעם.

דער ערשטער אימפולס מיינער איז געווען — איר נאָכלויפן. ווי ניט אַנשטענדיק דאָס איז, מוז איך זיך מודה זיין, אַז איך האָב זיך שוין אַפילו אַ הויב אויף געטאָן, און אַ פאַרשעמטער זיך צוריק אַראָפּגעזעצט. קיין איינציק וואָרט האָב איך שוין ניט אָנגעשריבן און געוואַרט זי זאָל זיך ווידער פאַר מיר באַווייזן אויף איר וועג צוריק. איר געשטאָלט האָט געשוועבט אין מיין כוח הדמיון ווי עס וואָלט זיך געוויזן פון אונטער אַ גרינער כוואַליע, אָדער דורך אַ נעפּל.

און אָט איז זי ווידער דאָ... איך וועל איר קוקן גליך אין איר פנים... וואָס וועט זיין? איך וועל גאָרניט זאָגן, נאָר קוקן, נאָר קוקן... זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר, מיט איר קעניגלעכן שטאָלץ און מיט די גיכע, קליינע טריט.

איך האָב געקוקט אויף איר און געגאַרט צו דערזען איר בליק אויף מיר. זי האָט געוויגט איר רעכטע האַנט, איז דעריבער איר לינקע האַנט געווען צו מיר, אָבער איך בין אַזוי פאַרבלענדט געוואָרן פון איר פנים, אַז איך האָב פאַרגעסן אינעם פינגערל...

אָט, אָט איז זי! וועט זי מיר שענקען אַ בליק? יאָ, זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און איר ליכטיק פנים איז נאָך ליכטיקער געוואָרן פון אַ שמייכל.

אַזאַ צערודערונג אין מיינע געדאַנקען האָב איך שוין לאַנג ניט געפילט: איך האָב געזען שיינע פרויען, אָבער אַזאַ שיינע ווי די קאָן מען זיך בלויז פאַרשטעלן.

ביי דער קומענדיקער באַגעגעניש מיט דער יונגע פרוי האָב איך זיך געטאָן אַ שטעל אויף צוצוגיין צו איר, אָבער אַנשטאָט דעם האָב איך זיך פאַרנויגט פאַר איר און זיך אַראָפּגעזעצט. זי האָט מיך באַלוינט מיט אַ שמייכל און אַוועק ווייטער.

איר שמיכל האָט מיר געזאָגט, איך בין ניט דער איינציקער מאַן וואָס ווערט געפּלעפּט פון איר צוויבערלעכן אויסזען. ערגעץ טיף אין מיר האָט נאָך געטליעט דאָס געפיל פון נייגעריקייט וועגן איר קומען אַהער אָפּטער ווי אַנדערע און אַן בלומען. מיינע עלטערן האָבן געוואָלט וואָס גיכער דערלעבן נחת פון מיר, און איך האָב געוואַרט. אויף וואָס האָב איך געוואַרט? בין איך דאָך ניט אַלט און דערצו באַזאָרגט מיט פּרנסה. היינט, האָב איך געטראַכט און אַלץ אין מיר האָט געציטערט פון אומגעדולד, היינט, שוין וואָלט איך אָט די ליכטיקע, זוניקע שיינהייט געוואָלט, אויף מיין גאַנץ לעבן געוואָלט. לאָמיך זיך דורכרעדן מיט דער אַלטער. אפשר ווייסט זי וועמעס מיידל דאָס איז... מיידל? האָב איך זיך דערשראָקן — אפשר איז אַ חתונה־געהאַטע?

איך בין איר נאָכגעגאַנגען. איך האָב געזען איר ווייסן נאַקן און די ליכטיק בלאָנדע, עטוואָס־געקרייזלטע האָר איבער דעם. זי איז אַריין אין שטעטל און ביי דער ערשטער גאַס זיך פאַרדרייט לינקס. איך האָב זיך צוגעאײַלט, אָבער ווען איך בין אַריין אין שטעטל, האָב איך זי שוין מער ניט געזען — מוז זי דאָך וואוינען דאָ ניט ווייט... אָבער וואו?

מיין באַלעבאָסטע האָט נאָך מיין ערשטער באַגעגעניש מיט דער שיינ־הייט, דערזען, אַז איך בין עפּעס ניט מיט אַלעמען. זי האָט מיך אַפילו אַ פרעג געטאָן וואָס מיר איז. איך האָב פאַרשוויגן, אָבער איצט איז געקומען די צייט. מער וואַרטן קען איך ניט!

— איז איך באַקאַנט — האָב איך שעמעוודיק אָנגעהויבן און קוים אַרויסגעבראַכט אַלע ווערטער וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין מיר. די אַלטע האָט מיך ניט געלאָזט פאַרענדיקן און גלייך צוגעטראָטן צו דער געשיכטע: (איר שטים האָט געקלונגען מיט פאַרדראָס).

— אָ, זי איז די ווייב פונעם באַנק־פאַרוואַלטער און זיי האָבן שוין אַ יינגעלע פון אַ יאָר. זי איז ניט שולדיק וואָס גאָט האָט זי געשטראָפט מיט אַ פנים פון אַ מלאך. איר האָט שוין געזען אַזאַ פנים? איך ניט. עס איז גאַרניט מענטשלעך. מענער פרעסן זי מיט די אויגן און ווייבער וואָלטן זי פאַרסמט ווען זיי קאָנען. קומט אָן אַ מאַן וואָס האָט זי קיינמאָל פריער ניט געזען, בלייבט ער פאַרגליווערט און קען זיך פונעם אָרט ניט רירן, און די וואָס קאָנען זי שוין עטלעכע יאָר, קוקן איר נאָך ווי קעלבער... די אַלטע האָט אַ לאַך געטאָן — אַפילו מיין אַלטער מאַכט זיך, אַז ער זעט זי ניט, אָבער איך ווייס, אַז ער קוקט איר נאָך... עס איז אַלט און יונג, אַלע־אַלינקע דאָס אייגענע... מע וואָלעט אויס די אויגן און מע קוקט. דאָס קוקן האָט איינעם געקאָסט זיין לעבן. ער איז געקומען אַהער פון דער גרויסער שטאָט און איז דורכגעגאַנגען די גאַס וואו זי וואוינט. זי איז געווען אויפן באַלקאָן. האָט ער זי דערזען... פרעגט גאָרניט... איך בין דערביי ניט געווען, נאָר מענטשן רעדן. עס האָט אים אַ צי געטאָן צו איר און ער איז אַראָפּ פונעם טראָטואַר. קיין סך אויטאָס פאָרן דאָ ניט. אויף זיין אומגליק איז אָנגעלאָפן אַ מאַשין און שטאַרק געבלאָזן דעם האָרן, אָבער דער פאַרכישופטער האָט ניט געהערט און ער איז נעבעך געפאַלן.

זי איז אַראָפּגעלאָפן פונעם באַלקאָן, אים געוואָלט העלפן, אָבער עס

איז שוין געווען שפּעט. אַ פאַרוואונדעטער, אין שרעקלעכע שמערצן, האָט ער געקוקט אויף איר און שוואַך קוים אַרויסגערעדט: „בלום, בלום שיינע בלום!".

מע האָט אים נאָך באַוויזן צוצופירן אין שפּיטאָל און דאָרט איז ער אויסגעגאַנגען. פאַרן טויט האָט ער אָנגעזאָגט, מע זאָל אים לייגן צו זיין רו אויף אונדזער צווינטער, „אפשר וועט די בלוט קומען אויף זיין קבר". (אַזוי דערציילט מען).

די גוטע אַלטיטשקע האָט מיך געוואָרנט: וואָס ווייטער פון דער בלום, איז געזונטער... איך האָב אין זינען געהאַט מיין חרוב־געוואָרענעם חלום, אָבער איך האָב די פרוי געוואָלט זען אויפן אומגעקומענעמס קבר. איך האָב איר נאָכגעקוקט פון צווישן די בערעזעס און געזען די פרוי ביי אַ פרישׂ אויסגעגראָבענעם קבר, מיט אַ ברעטל אינעם בערגל ערד. איך האָב געוואָלט זען אירע ליפּן זיך באַוועגן אין אַ תפילה. איר וואונדערלעך שיין מויל איז געווען ווי געשלאָסן. אַ שטומע, האָט זי זיך טיף גענויגט צום קבר און ווי אַ שטאָלצע, גייענדיקע בלום אַוועק איר וועג.

* * *

דער האַרבסט האָט געהאַלטן אין אָנקומען און ווי אַרומשערן די ליכטיקע ברעגן פון די זומערדיקע טעג וואָס זענען געוואַקסן אויף צוריק. אַלץ זעלטענער און זעלטענער האָט זיך די יונגע פרוי געוויזן, ביז זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען אויפן קבר.

איך בין געווען צערודערט, און ווי אַ רעפּאָרטער, האָב איך זיך געווענדט צו דער באַלעבאָסטע, ווי צו „זיכערע קוואַלן" פון נייס... זי האָט באַמערקט מיין צושטאַנד און מיך געטרייסט:

— איר מאַן האָט געקראָגן אַ „סאַבעטיקעל" (וואַקאַציע אויף עטלעכע חדשים) זיי זענען אַפּגעפלויגן קיין פּאַריז. — איך האָב אַ ציטער געטאָן און געפרעגט: „ווען קומען זיי צוריק?

— הלוואי קיינמאָל! — האָט די אַלטע תפילהדיק אויסגערופן. — ניט אין שלום־בית איז צעשטערט געוואָרן איבער „איר". צו שיין זיין איז ניט גוט, ניט גוט! — האָט מיין באַלעבאָסטע געזאָגט, און איך האָב געטראַכט, אַז אפשר איז זי גערעכט?...

# דאָס קידושין־פינגערל

אויסקלערן אַ שיינע און אַ גוטע מעשה איז אַוודאי אַ דערגרייכונג פאַר אַ שרייבער. אָבער עס איז אויך ניט, האַלט איך, קיין זינד צו נעמען פונעם לעבן, ניט צולייגן און ניט אַרונטערנעמען פון דערווירקלעכקייט. דאָס איינציקע רעכט, וואָס איך לאָז איבער פאַר זיך איז — די פאָרם און די אָרדענונג פון די איבערדערציילטע פאַקטן, אַז ווי איך זאָל זיי ניט היטן אין זייער גאַנצקייט, זאָלן זיי זיך שליסן און קייטלען און אין זייער סך־הכל זאָלן זיי טראָגן אויף זיך מיין חותם. דערביי דאַרף איך שטאַרק אין זינען האָבן אויפצוהיטן ווי נאָר מעגלעך, די נאַטירלעכקייט פונעם דערציילערס ווערטער, איבערגעבן זיינע תנועות און העוויות ביים דערציילן און, דער עיקר, אַרויסברענגען זיין שטים מיט אַלע אירע וויבראַציעס. פּרעזערווירן די שטים פון אַ מענטשן, האַלט איך, איז איינע פון די וויכטיקסטע און קאָמפּליצירטסטע זאַכן פאַר אַ שרייבער. אפשר וועט זיך עס מיר איינגעבן.

איך שטאַם פון אַ דאָרף, און די דרויסנדיקע וועלט, כאָטש אַ שטאָטישע, ציט מיך צו זיך מיט אַ מאַגנעטישן כוח. די געדיכטעניש פון די קאַרס און דער בייזער געדויש אַרום, קאָן ניט מינערן די שיינקייט פון די ביימער ביי די טראָטואַרן. זיי זעען אויס ווי איבערגעפלאַנצטע פון מיין אַלטער היים. איך זע זיי אין אַלע זייערע אַנטוויקלונגען, פונעם פריען פרילינג, ווען זיי, אָנגעשעפּטע מיט זאַפט, וואָס זיי האָבן אין די לאַנגע ווינטער־חדשים געהיים געזאַמלט, גלייכן אויס זייערע שטאַמען און צווייגן. אויף די דינע אָפּצווייגונגען שפּאַרן אַרויס ברוין־זעלעך פאַרשלאָסענע קנאָספּן. און איך וואַרט אויף די מיילעכלעך, וואָס וועלן זיך צעעפענען. איך זע די ביימער אין זייער פולער טראַכט אין די זומערן, אין זייער וועלקן אין האַרבסט און אין זייער קאַמף מיט דער סטיכיע אין די ווינטער־חדשים.

און אַוודאי פיל איך זיך אָפּגעפרישט, ווען, נאָך אַ טאָג אַרבעט, שפּאַציר איך מיט סאָפיען אינעם דערבייאיקן קליינעם שטאָטגאָרטן. דער שטאָטישער רויש אַטאַקירט אים פון אַלע זייטן, אָבער ער שטייט דאָ, ווי אַן אומבאַרירלעכע פעסטונג, און אַפילו די נאָענטסטע שטאָט־קלאַנגען ווערן פון דער גאָרטן־שטילקייט פאַרשלונגען.

אַפילו ווינטער, ווען דאָס וועטער איז ניט זייער שלעכט, ווער איך געוואויר צו מיין גאָרטן. די וועגן און וועגעלעך זיינען דאָ ריין אויסגעקערט פון שניי און עס שפּאַצירן דאָ מוטערס מיט די קינדער אין די וועגעלעך. די ווייבלעך זיצן אויף די בענק און פּלאַפּלען. מיין אויג איז אָפן, מיין אויער איז וואַך. איך וויל דערהערן עפּעס פון אַ געשעעניש. זעלטן כאַפּ איך אויף אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, וואָס זאָל מיך אַ נעם טאָן. דערפאַר אָבער ווער איך באַלוינט ניט זעלטן מיט אַ שיין פּנים פון אַ יונגער פרוי און שטענדיק דערפריי איך זיך מיט דער קליינוואַרג. וואָס קלענער זיי זיינען, וואָס ייִנגער, אַלץ ליבלעכער. זיי

זיינען ליב אין זייער שטומקייט, ווען זיי קוקן מיט זייערע קלאָרע בליקן אויף דער וועלט און לאָזן אַרויס פון די קליינע מיילעכלעך קלאַנגען, וואָס איבער־געבן זיי בין איך ניט בכוח. זיי רודערן מיך אויף און ערגעץ טיף אין מיר הער איך אַן עכאָ אויף די קינדערשע אויסרופן. צומאָל קאָן איך זיך ניט באַ־הערשן און איך צעלאַך זיך. און דער קלאַנג פון מיין געלעכטער איז אַזוי ריין און פריש, אַז אי דערקען זיך אַליין ניט.

זיי זיינען ליב אויך אין זייערע ערשטע פאַרזוכן אַרויסצוברענגען זייערע געפילן מיט ווערטער, וואָס זיי ענדערן אָפט ניט צום דערקענען. און די פאַר־ענדערונגען זיינען אַזוי טרעפלעך, אַז ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך זיי נאָכגערעדט. זיי טראָגן אייך אָקעגן זייערע ליכטיקע פנימער און זייערע שמייכ־לען נעמען אייך דורך און וועקן אויף דאָס קינד אין אייך.

ניט איין מאָל באַהערשט מיך אַ פינצטערער טרויער, ווען איך קוק אויפן יונגן דור יידן, דער איבערבלייב פון אונדזער אומגעבראַכט פאָלק אין אייראָפּע. איך היט זיך ניט צו קלערן דערפון און אין מיין שרייבן ניט אַריינברענגען דעם טאָן פון יאוש. אָבער אָפט איז עס אוממעגלעך. באַזונדער ווען איך זע אונדזערע קליינע קינדער און איך דערמאָן זיך, וואָס די מערדער האָבן מיט זיי „דאָרט" געטאָן. פראָטעסטירן האָב איך מער קיין כוח ניט. פליסטער איך אַ תפילה פאַר די קליינע קינדער, אַז זיי זאָלן אויסגעהיט ווערן פון שרעק און פון טויט. איך קוק אויף די ניט־יידישע קינדער און אויך פאַר זיי בעט איך, אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן געזונט און ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין חיות, ווען דער יידן־פיינט וועט זיי אָנרייצן אויף אונדז.

יאָ, דאָס לעבן דאָ, אין דער אַמעריקאַנער שטאָט, גייט אַן נאָרמאַל און איך שרייב מיינע נאָרמאַלע דערציילונגען. און אויך דאָס וואָס ער האָט מיר דערציילט, איז נאָרמאַל, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען מיט אונדזער פאָלק. און אַזוי דאַרף זיין, מחמת מיר דאַרפן לעבן ווייטער און שעפּן פון אַלע פאַרגע־ניגנס, וואָס דאָס לעבן קאָן אונדז געבן.

ווער איז ער געווען און וואָס האָט ער מיר דערציילט?

נו, דאָס איז דאָך די מעשה.

**
*

דרייערליי שפּאַצירן מאַך איך דורך דעם גאָרטן: מיט מיין פרוי, סאָפי, מיט אַ קאָלעגע, און אַליין. אַליין גיי איך, ווען עס שרייבט זיך מיר ניט און דערפון איז מיין שטימונג אַ געדריקטע. איך שפּאַן האַסטיק, ביז איך ווער מיד. זעץ איך זיך צו. בין איך אַליין אויף אַ באַנק, גיי איך באַלד אַריבער צו אַ באַנק, וואו עס זיצן מענטשן. זייערע רייד זיינען מערסטנס אַזוי וואָכעדיק, אַז לאַנג פאַרטראָגן קען איך זיי ניט, און גיי שוין ווייטער...

איך האָב מיר שוין אויך דאָ מיינע שטאַמגעסט, די אייביקע דיסקוטאַנטן פון פּאָליטיק, די שאָך־שפּילער, בלאַנדזש־שפּילער, דאַמקע־שפּילער און, דער עיקר, די קאָרטיעזשניקעס. זיי זיינען אין דער גרעסטער מערהייט.

אויך טרעף איך דאָ אַ פּאָר געציילטע לייענער פון יידישע צייטונגען און איינעם, אַן אַלטן, שטאַרק געראָטן אין קאַרל קאַאוטסקין, וואָס קוקט אַלע מאָל

אַריין אין אַ בוך. ער איז אַזוי פּאַרטיפט אין לייענען, אַז ער זעט די וועלט ניט.

דערזען האָט מיך מיין דערציילער, ווען איך בין געזעסן איינער אַליין אויף דער שווערער גרין־געפּאַרבטער באַנק און אַריינגעקוקט אין אַ ידישן זשורנאַל.

עס איז געווען שפּעטער זומער פּאַרנאַכט. די גרינקייט אויף די ביימער האָט זיך שוין געבליכט און די ברעגן פון אַ סך בלעטער זיינען געווען ווי צוגע־סמאַלעט ביז ברוין. עס וועט לאַנג ניט נעמען און די גרינע קרוינען פון די ביימער וועלן אינגאַנצן ברוין ווערן, דאָס גראָז וועט געלן און קריגן דעם אויסזען פון שטרוי.

די זון האָט נאָך דערווייל געוואַרעמט מיט איר גאַנצער זומערדיקער קראַפט און עס האָט זיך ניט געגלויבט, אַז דער האַרבסט איז שוין נאָענט.

איך האָב דערהערט פּאַרזיכטיקע טריט צוקומען צו מיין באַנק, שווערע מידע טריט, ווי נאָך אַ טאָג אַרבעט. אויך איך האָב געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג און בין געווען מיד.

דער מאַן האָט זיך אַראָפּגעזעצט אַ ביסל פון דער ווייטן און מיט אַ זייט.

געוויינלעך דערפיל איך יענעמס בליק אויף מיין פּנים. דאָס מאָל בין איך געווען צופרידן, וואָס דער צוגעקומענער שטערט מיר ניט: איך האָב געלייענט וועגן אויטאָמאַציע, וואָס דרינגט אַריין אין אונדזער לעבן מיט אַ דראָענדיקער גיכקייט. הגם די פּראָזע איז געווען אַן אויסגערעכנטע און מיט פּינקטלעכער אינפאָרמאַציע, האָט זי אויף מיר אַזוי געווירקט, אַז מיין האַרץ האָט געקלאַפּט פון דערוואַרטונג, אַז אָט־אָט רוקט זיך אָן אויף אונדז דער פינצטערער שאָטן פון אָט דעם אומגעזעענעם גולם... מע זאָגט אים שוין אַפילו פּאָר, און מיט אַ גענויער אויסרעכענונג, אַז ער וועט קאָנען לייענען אונדזערע געדאַנקען. „מוחל די חכמה!" האָט עס אין מיר רעוואָלטירט און איך האָב אויף אַ ווייל צוגע־שלאָסן די אויגן. דאָ האָב איך דערפילט אַ באַרירונג אויף מיינע הענט, ווי אַ קליין שאַרף בריעלע פון אַן עלעקטריש דרעטל. „דאָס איז דער גולם!" האָב איך זיך געזאָגט און ברייט צעעפנט די אויגן.

איך האָב דערזען מיין שכן. דאָס האָט ער געקוקט אויף מיינע הענט. די אויגן זיינע שוואַרצע און מילדע מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל אין זיי און אין די דיק־לעכע אויף ריין־אויסגעגאָלטע סענסועלע ליפּן. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף זיינע הענט און אויף איין פינגער דערזען אַ שווערן גאָלדענעם רינג מיט אַ קליינעם רויטלעכן דימענט. איך האָב קיין פינגערל ניט געטראָגן.

דער מאַן האָט אויסגעזען פון אַ יאָר פופציק, נאַכלעסיק אָנגעטאָן, דאָס געשטרייפטע העמד ביים קאָלנער צעשפּיליעט און דער שניפּס אַ ביסל אָן אַ זייט. מיט איין מאָל איז דער שמייכל אויסגערונען פון זיין פּנים און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער וויל דערשטיקן אַ זיפץ. מיין נייגעריקייט, וואָס באַ־וועלטיקט מיך ביים דערזען אַ נייעם מענטשן, האָט שוין אַ קאָיע געטאָן אין מיר. ווער איז ער און וואָס קלערט ער? פאַרוואָס האָט זיך אַזוי ראַש געענ־דערט דער אויסדרוק פון זיין געזיכט? וואָס לעבט ער איבער? דער שאָטן פון דער אויטאָמאַציע האָט זיך אָפּגערוקט. איך האָב גרינגער געאָטעמט און געוואַרט, ער זאָל אָנהויבן רעדן. דערווייל האָב איך שוין געפלאָכטן ענטפערס

אויף מײַנע פֿראַגן. מײַן פֿאַנטאַזיע האָט אויפֿגעשפּילט אויף אַלע סטרונעס. אַ פֿאַרשײַטער געדאַנק איז מיר געקומען, אַז אויטאָמאַציע װאָלט אין דעם מאָמענט געװען װי געװאונטשן... איך װאָלט אים שױן אַלץ געזאָגט און אויפֿגעדעקט די פֿאַרבאָרגנסטע סודות פֿון זײַן לעבן... אַז אויך ער װאָלט מיר געקאָנט זאָגן, דערפֿון האָב איך ניט געקלערט...

— אַנטשולדיקט, אויב איך שטער אײַך — האָט ער זיך נאָך אַ רוק געטאָן צו דער אַנדערער זײַט פֿון דער באַנק. פֿון דאָרט האָט ער װידער אַ פֿאַרדעכ־טיקן קוק געטאָן אויף מײַנע הענט און אַװעקגעדרײט דאָס פּנים, ער זאָל מיר ניט שטערן. זײַן אײדעלער מאַניר האָט מיך געפֿאַנגען און איך האָב חושד געװען, אַז דאָס איז אפֿשר אײנער מאחינו המחברים. אַרױסגעװיזן האָט זיך שפּעטער, אַז ער איז אַ צושנײַדער בײַ פּרױען־קלײדער, אַז דאָס ביסל, װאָס ער האָט אין דער יוגנט געלײענט, האָט ער שױן לאַנג פֿאַרגעסן און איצט האָט ער קײן צײַט ניט און קײן געדולד ניט דורכצולײענען די טעגלעכע צײַ־טונג. „עס נעמט מיך מער ניט" האָט ער זיך מודה געװען.

די פּאָר קלײניקײטן װעגן אים האָב איך אויסגעפֿונען שפּעטער, װען מיר האָבן זיך צערעדט. דער ערשטער אײַנדרוק איז געװען זײַן קול, אַזאַ שטילס און צוטרױליכעס, אַ קול, װאָס נעמט אײַך אַרום מיט אַ װאַרעמקײט און ציט אײַך צו צו הערן און הערן. און איך האָב געהערט.

— איך װעל אײַך מער ניט שטערן — האָט ער אַ זאָג געטאָן נאָכדעם, װי ער האָט זיך אַנטשולדיקט פֿאַר מיר.

— איר שטערט מיר ניט — האָב איך אים פֿאַרזיכערט.

— איר זענט אַן אײדעלער מאַן — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פֿון אײַ־נעם, װאָס האָט דרך־ארץ פֿאַרן געדרוקטן װאָרט און פֿאַר די װאָס אינטערעסירן זיך דערמיט. ער האָט צוגעגעבן: — איר זעט אויס ניט קײן סך ייִנגער פֿון מיר און איר קאָנט זיך נאָר פֿאַרטיפֿן אין לײענען, דאַרף איך אײַך ניט שטערן. זעט װאָס דאָ טוט זיך, — האָט ער אַ װײַז געטאָן אויף די טומלדיקע שפּילער און, דער עיקר, אויף די קאַרטיעזשניקעס — װען איך דערזע אײַך ניט, װאָלט איך אויך געװען דאָרט.

ער האָט אַ פֿאַראַכטלעכן מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף זײ און אויף זיך און אַװעקגעדרײט דאָס פּנים פֿון מיר.

איך האָב געקוקט אויף די מענטשן אין פּאַרק און אויפֿן גאַנצן אַרום. די פֿאַרנאַכטיקע זון איז אַרונטער פֿון די שפּיצן בײַ די הויכע בײמער, געקלע־טערט אַרונטערצו, זיך באַװיזן באַלד צװישן די צװײַגן פֿון די יונגע קלײנגע־װיקסיקע בײמער און פֿון דאָרט געבלענדט מיט הײסע ציטערדיקע שטראַלן און שטראַלעכלעך. זײ זײַנען געװען דורכגענומען פֿון דער געדיכטער גרינקײט און די גרינקײט איז געװען דורכגענומען פֿון זײ. עס האָט אויסגעזען, װי די צװײ קאָלירן ראַנגלען זיך, ניט אויסצומישן זיך.

און אַזױ זײַנען מיר געזעסן שװײַגנדיקע, ער מיטן אַװעקגעדרײטן פּנים, און איך מיטן פֿרעגנדיקן בליק אויף זײַן רײן־אויסגעגאָלטן פּראָפֿיל, שיר־ניט

ווי צוויי ברוגזע. די לויטערע בלויקייט אין מערבדיקן הימל האָט זיך ראָש פאַרענדערט אויף אַ צעגליטער רויט. זי איז געוואַקסן אין דער ברייט, ביים האָריזאָנט און זיך געשפּאַרט אַרויפצו, פאַרוואַנדלענדיק אַ שטיק הימל איבער זיך אין אַ גרינקייט, וואָס האָט זיך, ווי אין מורא אָפּגערוקט פון דעם רויטן אָנגרייפער. דעם מאָנס פּראָפיל פאַר מיין בליק, די מענטשן אַרום האָבן מיר מער ניט געשטערט צו זען דעם גאַנצן אַרום. זיי, מיט זייערע קולות, גרויס און קליין, האָבן זיך ווי אָפּגערוקט אין אַ זייט און ווי שטילער געוואָרן. הויך איבער די ביימער האָבן זיך געטראָגן גרויע, גרינלעך־בלויע און אויך אייניקע שוואַרצלעכע טויבן. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין די גראָזן און מיט רונדע הונגעריקע אויגן פאַרקוקט צו די מענטשן. זיי זיינען אַלע מאָל אין דער צייט געקומען אָהער פון די שכנישע טויבנשלאַקן בעטלען ברעקלעך. פון דער דערבייאיקער גאַס זיינען אָהער אָנגעפלויגן מיט הונגעריקע קולות בייזע וואָ־ראָבייען. זיי זיינען געווען גרוי, ווי דער שטויב אין גאַס און זיי זיינען אומ־געשפּרונגען צווישן די טויבן און געשפּרונגען איבער זיי. הויך איבער מיר, מיטן אויג ניט צו דערזען, האָט הייס געזונגען דער נאַכטיגאַל. איך ווייס, ער האָט דאָ זיין נעסט. און ווען די פינצטערניש הייבט אָן אַלץ אַרום צו פאַר־שלייערן, באַווייזט ער זיך מיט דער זי און זיי „גייען" אַ קיילעכדיקס אַרום דעם בוים פון זייער היים. דאָ דרייען זיי זיך און דאָ פליען זיי, פריער ער איבער איר און נאָכדעם, זי איבער אים. זייערע פאַרליבטע קולעכלעך צעגייען זיך, צעגיסן זיך אין הילכיקע טרעלן און קומען זיך צונויף אין אַ דועט. באַלד ווערט איינער פון זיי שטיל און באַהאַלט זיך. דער אַנדערער רופט, דער ערשטער מאַכט זיך ניט וויסנדיק. עס ווערט שטיל. באַלד באַווייזט זיך די באַהאַלטענע און זוכט שוין איר פּאָר. זיי געפינען זיך און שרייען אַ זינגענדיק געשריי פון פרייד. דאָס גייט אָן אַזוי לאַנג, ביז די פינצטערניש נעמט אַלץ אַרום מיט איר טונקעלן צודעק און די נאַכטיגאַלן אין זייער פּלי, ווי צוויי לאַנגע אויסגעשאָסענע קוילן. זיי טוען זיך נאָך אַ דריי און פאַרשווינדן אין זייער נעסט.

וויפל מאָל האָב איך שוין אַלץ געזען? אָבער יעדעס מאָל איז דאָס ווי אַן אַנטדעקונג פאַר מיינע בליקן.

— ווי גרויסאַרטיק, ווי גרויס! — האָב איך אויסגערופן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום הימל.

— יעס, סער! — האָט ער אָפיציעל צוגעשטימט, ווי אַ זעלנער צו זיין אָפיציר. ער האָט זיך אינגאַנצן אומגעדרייט צו מיר און געפרעגט: — איר מיינט די סינערי?

— איך מיין די סינערי — האָב איך געענטפערט.

ער האָט מיטפילנדיק צוגעשמייכלט. ער האָט מיך באַטראַכט. איך האָב געזען, אַז ער וויל עפּעס פרעגן, אָבער דערווייל האָט ער צוגעשוויגן. וועט ער עפּעס זאָגן? וועט ער דערציילן? איך האָב געוואָרט און מורא געהאַט, אַז איך נאַר זיך אין מיינע האָפענונגען אויף אַן אינטערעסאַנטער געשיכטע.

— מע לייענט נאָך ביי אייך? — האָט ער געפרעגט מיט חידוש און ווי מיט באַדויערן.

— וואָס מיינט איר „ביי אייך?" — האָב איך בייזלעך געפרעגט. איר זענט ניט קיין היגער?

— יאָ, און ניט — ער האָט אָנגערופן אַן אַנדער געגנט פון דער שטאָט. — דאָרט איז אין מיין שאַפּ סלעק. האָט מיך די יוניע געשיקט אַהער. איך אַרבעט שוין דאָ אַ פּאָר וואָכן. — ער איז שטיל געבליבן און, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איינשטעלן, פּלוצעם אַ פרעג געטאָן: — און וואָס טוט איר?

— איך אַרבעט ביי עלעקטרישע לאָמפּן — האָב איך אַ זאָג געטאָן און דערפילט, אַז איך דערזאָג ניט. האָט ער עס אויך דערפילט? מיינע גרויסע, שווערע און מידע הענט האָבן ניט געקאָנט אַרויסגעבן מיין הייליקן סוד... איז מיין שרייבן ווירקלעך געווען אַ געהיימניש? ניין, איך האָב זיך ניט געוואָלט פאַרשעמען אין זיינע אויגן. וואָס וועט ער קלערן וועגן מיר, ווען ער וועט זען, אַז פּרנסה האָב איך פון אַרבעט ביי לאָמפּן, און ניט פון שרייבן? זאָל ער בעסער ניט וויסן.

— זענט איר, הייסט עס, אַ פּשוטער אַרבעטער? — האָט ער איבער־געפרעגט.

—יאָ — האָב איך צוגעשטימט — אַ פּשוטער בעל מלאָכה.

— אַ פּשוטער, און ניט קיין פּשוטער — האָט ער אַ שמייכל געטאָן בלויז מיט די שוואַרצע אויגן. דאָס סענסועלע מויל איז פאַרבליבן ערנסט. — אַ בעל מלאָכה, וואָס לייענט, איז שוין עפּעס אַנדערש. — ער האָט געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין מיר און דאָרט אַנטדעקט וואָס ווייטער אַלץ מער גוטס. ער האָט געקוקט אויף מיין פּנים, באַזונדער פאַרקוקט אין די אויגן, אָבער איך האָב געזען, אַז מיינע הענט מיידט ער אויס, און טוט זיך דאָך אַ גליטש איבער זיי מיט זיין בליק.

די זון האָט זיך צעשפּילט איבער דעם פאַרנאַכטיקן הימל און פון מינוט צו מינוט געשאַפן נייע וואונדער־קאָמבינאַציעס פון העלע פאַרבן און איבער־גיסונגען פון כלערליי שאַטירונגען. דורך דער גאַס דערביי האָט זיך דורכגע־טראָגן דער העל־רויטער פייער־אויטאָ מיט אַ שניידיק געשריי און מיט גע־קלאַנג. ער האָט מיט איין מאָל צעשטערט די גאָרטן־רו און צוריקגעבראַכט די קולות פון די מענטשן אַרום. איך האָב דערוואַכט צו דער ווירקלעכקייט, פאַר־מאַכט דעם זשורנאַל און געזאָגט:

— מע דאַרף גיין אַהיים.

— וואָס האָט איר קיין צייט ניט? — האָט ער מיך געפרעגט און איך האָב דערפילט, אַז ער וויל מיך ניט אָפּלאָזן. פאַרוואָס זאָל ער מיך וועלן פאַר־האַלטן? — האָב איך זיך געפרעגט און באַטראַכט מיין מיטשמועסער. מיר האָט זיך מיט איין מאָל אויסגעדאַכט, אַז ער פרייט זיך מיט מיר, ווי ער וואָלט מיך שוין לאַנג געזוכט... „נאַר" — האָב איך זיך געלאַמרט — „וואָס דיר קאָן איינפאַלן..." מיין פאַנטאַזיע האָט מיך שוין ניט איינמאָל פאַרפירט. וויפל מאָל האָב איך שוין געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך: „מער ניט!" אויך איצט האָב איך געמאַכט אַ באַוועגונג אויף אויפצוהייבן זיך פון דער גרינער באַנק.

— אַזוי מיד זענט איר? — האָט ער געפרעגט מיט געבעט אין זיין בליק.

איך האָב זיך אים אונטערגעגעבן, געבליבן זיצן, און דאָס מאָל האָב איך זיך שוין ניט געגאַרט. וואָס ער האָט מיר דערציילט, איז כדאַי איבערצודערציילן, ניט אַזוי גלאַטיק איז עס געגאַנגען פון זיין מויל, ווי פון מיין שרייבמאַשינקע. אָבער אָט די ניט־גלאַטקייט, אָט די הילפלאָזיקייט ביים אַרויסברענגען געפילן און געדאַנקען, האָט דאָך פאַרמאָגט דעם ציטער און די וואַרעמקייט פון זיין קול, די ניט־זיכערקייט, צי זאָגט ער דאָס אמתע, דאָס פּאַסיקע וואָרט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט פון מידקייט, נאָר ווי פון בלאָנדזשעניש, זיך אומגעקערט צוריק און זיך געפרייט, ווען עס האָט זיך אים איינגעגעבן, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז שוין צוריק אויף אַ דרך. זוכנדיק אַ וואָרט, האָט ער עס אָפט פאַרביטן אויף אַן ערגערס, אָבער „עס האָט אים געפּאַסט" און צוגעגעבן חן. היינט זיין אַמעריקאַנער ייִדיש, וואָס האָט מיך פון די ערשטע שטעלן דענערווירט, האָט מיר שפּעטער מער ניט געשטערט. פאַרקערט, אָט דער אַסימילירטער ייִדיש זיינער, האָט צוגעגעבן דער דערציילונג די אמתע נאַטירלעכקייט, די ניט־געקינצלטקייט, וואָס איך גאָר שטענדיק צו האָבן אין מיינע מעשיות און געצווייפלט, צי גיט זיך עס מיר איין.

דער געפּאַר־געשריי פונעם פּיערוואָגן איז ערגעץ ווייט אויסגעגאַנגען. די שטימונג האָט וויברירט צווישן געפּאַר און רו, צווישן דעם איינדרוק פונעם דורכגעלייענטן און דער דערוואַרטונג פון אַן „אמתער" געשיכטע.

— אַ מאַן איז אַ מאַן — האָט ער אָנגעהויבן צו פילאָזאָפירן און איך האָב שוין צום ווייפלטן מאָל דערזען, ווי ער באַהערשט זיך ניט צו קוקן אויף מיינע הענט. — אָבער אַ פאַרהייראַטער מאַן איז עפּעס אַנדערש. בין איך דען קיין מאַן ניט געווען, איידער איך האָב חתונה געהאַט ? געוואַלד ! האָט עס אין מיר אויסגעשריגן, איך בין אַריינגעפאַלן : מיט אַזאַ פילאָזאָפיע וועל איך ווייט ניט דערגיין. הייב זיך אויף, שטעל פיס ! — האָב איך זיך געזאָגט — און דאָך געבליבן זיצן. אָ, יע ! און איז מיר דען ביי טאַטע־מאַמע, חלילה, שלעכט געווען ? דער עיקר, די מאַמע, עליה השלום. עס איז אַ בזיון צו דערציילן, נאָר איך בין אַ פּרעסער. איך עס נאָך היינט אויך, אָבער אין יענע צייטן האָב איך געגעסן פאַר דריי. איך האָב נאָר באַדאַרפט אַ פּיפּס טאָן, וואָס פאַר אַ מאכל מיר האָט זי פאַרגלוסט — איז דאָס באַשאַפן געוואָרן. און עס האָט מיר אָפּגעגליקט : מיין טילי האָט מיך אויך געקעכלט. אַ קעכין איז זי, אוי, אַ קעכין ! און איר געבעקס — פרעגט גאָרניט ! איך רעד דערפון און די זיסע ריחות פון אירע מאכלים נעמען מיך דורך... אַ מזל פון אַ פּרעסער... איך האָב דאָך פאַר דער חתונה ניט געוואוסט, אַז מיין טילי וועט נאָך איבערשטייגן די מאַמע אין בריהשקייט. פאַרקערט, איך פלעג ניט איין מאָל אַ קלער טאָן, אַז אַזוי גוט, ווי מיר איז ביי די עלטערן, וועט מיר שוין קיינמאָל ניט זיין. און דאָך, מיט די אַלע ראָסקאָשן און מיט די אַלע מיידן, וואָס איך בין נאָכגעלאָפן, איך נאָך זיי, און זיי נאָך מיר — האָב איך געפילט, אַז עס פעלט מיר אַ ווייב, אַ היים, אַ פריינד אַן איבערגעגעבענער, אַ שטייגער אַזאַ פריינד, ווי מיין מאַמע איז געווען דעם טאַטן. איך האָב אַמאָל געלייענט וועגן ליבע, איך האָב געהערט וועגן ליבע, אָבער דאָס וואָס איך האָב געזען ביי מיינע עלטערן, דאָס וואָס איך האָב געזען אין זייער לעבן, דערפאַר איז ליבע קיין וואָרט ניט.

איך זאָג ניט, אַז ליבע איז שלעכט, אָבער דאָס וואָס איך וויל אייך איבערגעבן, איז עפּעס אַנדערש. דאָס גרייטן עסן פאַרן טאַטן, דאָס דערלאַנגען אים פרישע וועש, רייניקן און פאַרריכטן זיינע קליידער, דאָס אַרומגיין אַרום אים, טאָמער האָט ער זיך פאַרקרימט און צולייגן איר האַנט צו זיין שטערן און אים הייסן „שוין און די מינוט" זיך לייגן אין בעט, און רופן דעם דאָקטער, צי מען האָט באַדאַרפט, צי ניט... דער טאַטע, דער טאַטע און איך, און די מאַמע אַרום אונדז און איבער אונדז, ווי אַ קוואָטשקע, גרייט אויסצופּיקן די אויגן פאַר אירע קינדער. עס איז עפּעס אויסגעקומען אַזוי, ווי מיר ביידע, די צוויי גרויסע מאַנסבילן, זיינען דער מאַמעס צוויי זין...

מיין דערציילער האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געוואַרט. דער זשור־נאַל איז געלעגן לעבן מיר און אַ שטיל ווינטל האָט געהויבן דאָס פּאַפּירענע טעוועלע אויף אַ מיש צו טאָן די בלעטער.

— נו? — האָב איך אומגעדולדיק געזאָגט.

— איר זענט גערעכט. אָבער עס דערציילט זיך ניט אַזוי גרינג, ווי עס פילט זיך. דאָרט, ערגעץ אין מיר איז דאָ אַ ים, אַ ים אַ גאַנצער מיט ווערטער, און אַז עס קומט צום מויל, ווערט פון דעם אַלעם באַלד גאָרניט.

„איך האָב לאַנג געזוכט אַ פּאַסיקן שידוך, און זיך ניט געקענט צוקלייבן. און „שולדיק" איז געווען מיין מאַמע, עליה השלום. איך בין געווען זיכער, אַז אַזאַ ווי מיין מאַמע, איז אויף דער גאָרער וועלט ניטאָ. איך האָב ניט גע־טרויט די מיידלעך. זיי האָבן אַלע אויסגעזען גרינג אויף דער דעה און זיי זיי־נען גרייט געווען צו גיין מיט מיר אונטער דער חופּה, צי זיי האָבן מיך געקענט, צי — ניט.

„איך האָב אויך געהאַט אַ פּאָר ליבעס, וואָס האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט, מיט טענות און מיט טרערן און מיט סטראַשונקעס צו נעמען מיך אין געריכט.

„און מיינט איר, אַז זיי זיינען געווען אומגערעכט? איך האָב זיך זיי דערקלערט אין ליבע ביז איביק, געקושט זיי, געהאַלדזט און דערביי געפּליס־טערט הייסע רייד, סיי מיינע, סיי אויך די אויסגעלייענטע פון די ראָמאַנען. אין דער אמתן בין איך געווען דער שולדיקער און האָב קיין צוטרוי ניט פאַר־דינט. דאָס באַגרייף איך איצט. אָבער דאַן, אין מיין יוגנט, אין מיין זעלבסט־זיכערקייט און אין דעם וויסן, אַז אַלץ ווענדט זיך אין מיר, האָב איך דאָס ניט פאַרשטאַנען און געאורטיילט צום שלעכטן די מיידלעך.

„אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. די עלטערן און די דריי שוועסטער מיינע האָבן אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ פאַרזעסענעם. קרובים, שכנים און באַקאַנטע, האָבן ווי געמאַכט אַ קאָנספּיראַציע קעגן מיר און מיך פאַראורטיילט מיט קיבעצערייען, אָנצוהערענישן, אָדער סתם מיט קוקן און קוקעלעך זייטיקע, רחמנותדיקע און אַפילו שפּאָטישע.

„די אַלע מענטשן האָבן מיך ווינציק געקימערט. איך האָב אָבער גע־פילט, אַז כ'האָב די ווערט עפּעס אַנדערש: די מאַמע, האָב איך גוט געוואוסט, איז זיכער, אַז אַזאַ געראָטענער זון, ווי איך בין, איז ניט צו געפינען. דער טאַטע,

פאַרקערט, האָט מיר קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, אָבער פון זיין קוקן אויף מיר, צי נאָך מער, פון זיין אויסמיידן זיך צו באַגעגענען מיט מיינע בליקן, האָב איך געזען, אַז ער האַלט ניט אַזוי שטאַרק פון מיר. מיט וועמען איך האָב געהאַלטן, דאַרף איך אייך ניט זאָגן...

„ער פלעגט טרייסטן די מאַמע: „ס'עט נאָך אויף אים אויך קומען אַ צייט..." און ער האָט געטראָפן. פאַרוואָס זאָג איך „געטראָפן?" מחמת איך אַליין האָב שוין געהאַט אָנגעוואוירן די האָפענונג פון קומען צו אַ תכלית. אַלע וויקענד (סוף וואָך) בין איך „אויסגעגאַנגען". איך האָב באַלאַנגט צו עטלעכע קלובן און דאָרט געטאַנצט מיט מיידלעך. איך האָב זיי געקענט אין די צענדליקער, און אַפילו די וואָס איך האָב ניט געקענט, זיינען מיר, דאַכט זיך, געווען גענוג באַקאַנט, אַז זיי זאָלן מיך ניט שטאַרק פאַראינטערעסירן אַזוי, אַז איך זאָל זיך וועלן מיט עמיצן פון זיי פאַרבינדן אויפן גאַנצן לעבן. אַ סך מאָל האָב איך זיך שוין געהאַט דערנענטערט צום ציל, אָבער די דערנענטערונג האָט מיך דער־וויטערט. עס איז עפּעס אויסגעקומען אַזוי, ווי מע וואָלט מיר סערווירט עלע־גאַנט־אויסזעענדיקע מאכלים אין שיינער געשיר, אויף אַ שיין־געגרייטן טיש. יעדער מאכל האָט געלאָקט מיין גומען נאָר ביזן פאַרזוכן...

„איך זע, איר שמייכלט פון מיין פאַרגלייך... נו, בעסער קען איך ניט. איך בין אַ פּראָסטער מענטש.

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז זיין דערציילן איז אינטערעסאַנט און דער פאַרגלייך איז אַ געראָטענער. ער האָט ניט זיכער פאַרקוקט צו מיר און אָנ־געגאַנגען:

— איך האָב געבענקט נאָך אַ ניי פּנים. איצט זע איך, ווי אומגערעכט איך בין געווען און איצט פאַרשטיי איך, אַז מיין צורה איז שוין פאַר קיינער פון מיינע באַקאַנטע מיידלעך אַוודאי און אַוודאי קיין נייעס ניט געווען. אפשר האָב איך זיי זיך שוין צוגעגעסן... יאָ, דאָס איז אַלץ איצט. דעמאָלט — און איך בין אַלט געווען אַכט און צוואַנציק יאָר — דעמאָלט האָב איך זיך קיין חשבון ניט אָפּגעגעבן. איך בין געווען גערעכט...

„און דאָס נייע פּנים האָט זיך באַוויזן. עס איז, ווי מע זאָגט, „פון הימל אַראָפּגעפאַלן". ניט ביי אַ מיטינג און ניט ביי אַ טאַנץ, ניט ביי אַ קאָנצערט און ניט אין אַ מואווי, — נאָר גאָר אין דער געדיכטעניש פון דער סאָבוועי. דער וואַגאָן איז געווען פול מיט מענטשן. איך בין געזעסן אַ צונויפגעדריקטער צווישן צוויי פּאַסאַזשירן. זיי זיינען, אין זייער ריי, געווען צונויפגעשטופּט פון אַנדערע, אַזוי ווי איר קאָנט זיך פאָרשטעלן. און ווי ניט באַקוועם מיר איז געווען, האָב איך זיך געפילט שולדיק קעגן די, וואָס זיינען געשטאַנען. אויב איך האָב ניט געקענט העלפן אַלע „שטייער", בין איך גרייט געווען אָפּטרעטן מיין אָרט אַן עלטערן מענטשן. דערווייל האָב איך געקוקט אַרונטער, ניט צו זען דאָס פּנים פון דעם, וואָס „הענגט" איבער מיר. איך האָב דאָך אַ קוק געטאָן און געזען אַ פּנים פון אַ יונגנמאַן. איך האָב זיך באַרואיקט און שוין אַפילו אַריינגעקוקט אין דער צייטונג. דעמאָלט האָב איך נאָך געלייענט...

„מיטאַמאָל האָב איך דערפילט, ווי עפּעס שאַרפס קלאַפּט זיך אָן אין מיינע קני. איך האָב דערזען אַ גרויסע בלויע פידלע און אַ קליינע פרויען־

האַנט זי צוהאַלטן. וואו איז אַהינגעקומען דער יונגערמאַן? מסתמא אַרויס פון דער באַן.

„איך האָב דערזען אַ יונגע פרוי „הענגען" איבער מיר. איר אײדל לענגלעך פּנים איז געווען ערנסט, מיט אַ מין ערנסטקייט, וואָס שטויסט ניט אָפּ, נאָר וואָס זאָגט: „אויף מיר קאָנסטו זיך פאַרלאָזן..."

„דער געפּאַקטער וואַגאָן האָט זיך אין זיין יאָגעניש נאָך געוויגט און מיט־געוויגט די שטייענדיקע פּאַרשוינען און די יונגע פרוי איבער מיר. איר ווער באַמערקן, איך זאָג אַלץ פרוי, און ניט מיידל. דאָס איז דערפאַר וואָס איר בליק אין די צוויי ליכטיק־בלויע אויגן איז געווען אַזוי ערנסט און אָפּגעשלאָגן מיט אַ מאַמישער וואַרעמקייט. אַזאַ שטאָלצער, וואַרעמער בליק קאָן באַהערשן הערשער. איך בין ניט מער ווי אַ קאַטער ביי דרעסעס, (צושניידער פון פרויען־קליידער) אַז איך וואָלט געווען גליקלעך באַהערשט צו ווערן פון דער פרוי.

„יעדער וויג אירער איבער מיר האָט זיך אָנגעשלאָגן מיט דער גרויסער פּידלע אין מיינע קני. איך האָב געשמייכלט צו איר. זי האָט מיך געזען און אויף מיין שמייכל ניט געענטפערט. איך האָב זיך קוים אַרויסגעגליטשט פון די צוויי וואָס האָבן מיך געקוועטשט פון ביידע זייטן, זיך אַ הויב אונטער געטאָן, דערלאַנגט דעם זעלבן הענגער, וואָס זי האָט געהאַלטן אין איר קליינער האַנט. איך בין שוין געשטאַנען לעבן איר, אַזוי נאָענט, אַז איר בליק איז געווען ביי מיינע אויגן, אַזאַ ליכטיקער אַזאַ שיינער, ווי דער איצטיקער הימל איבער אונדז.

„זי האָט אַפּנים געמיינט, אַז איך שטייג אויס פון דער באַן. איך האָב עס געזען אין איר קוק אויף מיר, ווי זי וואָלט געזאָגט: „טראָג זיך שוין אָפּ פון דאַנען..."

„איך האָב געהויבן מיין שיינע הוט און זי פאַרבעטן צו פאַרנעמען מיין אָרט.

ערשט האָט זי מיך באַטראַכט. זי האָט אַ מורמל געטאָן „טענק יו", זיך אַראָפּגעזעצט און מיך באַלוינט מיט אַ ליכטיקן שמייכל.

„איך פאַרשפּאַר אייך זאָגן, אַז איך בין געבליבן הענגען איבער איר. ווי זי וואָלט מיך צום צווייטן מאָל באַדאַנקט, האָט זי ווידער אַ קוק געטאָן אויף מיר, באַלד אַראָפּגעלאָזט די צוויי ליכטיקע אויגן אויף דער פּידלע און אַזוי געבליבן זיצן. איך האָב געקוקט אויף איר פּנים, און חוץ די שיינע אויגן ניט געזען אין דעם עפּעס אויסערגעוויינלעכס. די נאָז אַ היפּשע, אַ יידישלעכע, דאָס מויל ברייטלעך, די גאָמבע אַ האַרטלעכע האָט מיר דערציילט וועגן עקשנות. אָבער אונטער דער גאָמבע האָט זיך געזען אַ קליינינק גוידערל. עס איז געווען עטוואָס ליכטיקער ווי די הויט אויפן פּנים, ליכטיקער און צאַרטער, ווי אַן אָנזאָג אויף וויטערדיקער צאַרטקייט, באַהאַלטן אונטער איר קלייד.

מיין דערציילער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ניט מיט מיינע ווערטער האָט ער געשילדערט דאָס מיידל. וועגן דעם גוידערל האָט ער געזאָגט: „עס איז געווען אַ דאָבל טשינעלע, יאָ, און ניט". ער האָט געניצט צופיל אַנגליציזמען, אָבער דאָס האָט מיר ניט געשטערט. איך האָב געזען ניט נאָר זי, נאָר אויך

אים, ניט ווי ער זעט אויס איצט, נאָר — דעמאָלט, יונג, געזונט און ליידנ־שאַפטלעך „הענגען" איבער אַ מיידל און זי דורכנעמען מיט זיינע הייסע בליקן. איך האָב אים „געזען", כאָטש ער האָט וועגן זיין אויסזען מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. זיין פּנים האָט שוין געהאַט אַ היפּש ביסל קנייטשן, די פּיאות אינגאַנצן גרוי, נאָר די שטים, נאָר דער בליק, דורכגענומען מיט אַ פּאַר־חלומטער בענקשאַפט, וואָס האָט זיך מיר איבערגעגעבן.

איצט איך האָב געשוויגן, געשוויגן און געוואַרט, ניט געוואָגט אים דערמאָנען אַנצוגיין מיט זיין סיפּור. די מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַוועקצוגיין. די ערשטע האָבן דאָס געטאָן די מאַמעס מיט זייערע קינדער. אויך דער־וואַקסענע האָבן זיך שווער געהויבן פון די בענק און זיך געלאָזט גיין אין שטאָט. געבליבן זיינען נאָר די קאָרטנשפּילער און די „פּאָליטיקער" מיט זייער טומל, וואָס האָט מיר אָנגעהויבן איבערצופירן מיין שטימונג.

די זון איז שוין געווען ביי דער ערד און צווישן די ביימער האָבן זיך געוויזן די ערשטע אָוונטיקע שאָטנס. די טויבן אין די שפּערלינגס האָבן זיך ערגעץ אָפּגעטראָגן. נאָר די נאַכטיגאַלן, די „אימיגראַנטן", מיט וועמען דער מחבר פילט זיך פאַרוואַנדט, האָבן אין דער ווייט געזונגען און זיך פאַרגאַנגען מיט זייער טרעלן, ווי אין אַ הייסער תפילה. פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן דער טעמפּער אויסגעשריי פון אַ סאָווע, איין מאָל און נאָך אַמאָל — און שטיל געבליבן.

— יעס, מיי דיר פרענד — האָב איך דערהערט דעם מאַנס קול — אויף אַלץ קומט אַ צייט. איך האָב שוין געזען שענערע און יינגערע פון דער פּרוי מיט דער „באָקס". פאַרוואָס האָב איך מיט איין מאָל אַ קלער געטאָן, אַז די־אָ, איז זי? ענד ענאַדער קוועסטשאָן: פאַרוואָס בין איך געווען גערעכט מיט מיין אויסוואַל? דו יו ביליוו אין פייט?... יאָ, דאָס איז דאָס! ווען מיין מאַמע פלעגט ריידן פון באַשערטע זאַכן, האָב איך געלאַכט. איצט זע איך, אַז זי איז געווען גערעכט. ווי דען אַנדערש?

„איך האָב געוואָלט אָנהויבן ריידן צו איר, אָבער ווי אַזוי? איך בין איבערגעפאָרן מיין סטאַנציע. דאָ האָב איך באַמערקט, ווי זי הייבט זיך אויף. מיט איר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג נאָך עטלעכע מענטשן. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. דאָס געדרענג אַרום איר איז געוואָרן גרעסער.

„פּליז!" האָט זי געבעטן פאַר זיך און פאַר איר פידלע. זי האָט דאָס רונדע קאָרטאָנענע קעסטל געהויבן איבערן קאָפּ און עס האָט אויסגעזען, ווי זי שווימט צו דער טיר. איר געבעט צו די מענטשן האָט מיך אַ טראָג געטאָן. איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן אינעם בינטל פּאַסאַזשירן ווי אַ ווילדער, אַ כאַפּ געטאָן פון איר האַנט די בלויע פידלע און זי אַליין עטוואָס באַפרייט פון דער בעדיכטעניש, וואָס האָט זי געשטיקט פון אַלע זייטן. „לעט'ס גאָ!" האָב איך איר געזאָגט און דערביי בייז אָפּגעמאָסטן די מענטשן אַרום מיר. איך האָב געקערט אויסזען זייער בייז, ווייל איך האָב געזען, ווי די שטופּער רוקן זיך אָפּ פון מיר.

— ווילדע מענטשן — האָב איך איר געזאָגט נאָכדעם, ווען מיר זיינען באַפרייטע שטיין געבליבן אויף דער פּלאַטפאָרמע.

— ניט געפערלעך — האָט זי מיושבדיק געענטפערט און מיר געדאַנקט.

זי האָט אויסגעשטרעקט איר קליינע האַנט נאָך דער פּידלע און געקוקט אויף מיר מיט אירע הימל־בלויע אויגן. איך האָב אויף אַ ווײַלע פאַרהאַלטן די פּידלע. „סער!" האָט זי מיך קיל און פרעמד געוואָרנט. איך האָב געשמייכלט, איר אומגעקערט דאָס אייגנטום און געזאָגט:

— צוליב אייך בין איך אַריבערגעפאָרן מיין סטאַנציע.

— איי עם סאָ סאָרי! — האָט זי באַדויערט און איך האָב געזען, ווי איר שטרענג געזיכט ווערט מיט איין מאָל פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן און ליכטיקן שמייכל. — אַ באַשערטע זאַך — האָט זי געזאָגט אויף יידיש. איר שמייכל און איר יידיש האָבן מיך דערנענטערט צו איר און איך האָב געזאָגט: „הלוואי טרעפן מיר זיך נאָך אַ מאָל".

זי האָט מיך געפּרואווט מיט איר בליק.

איך האָב אויסגעטאָן מיין הוט, זיך אַ בויג געטאָן און געזאָגט: „בען".

איך האָב געוואַרט אַ ווײַלע, און די ווײַלע איז געווען לאַנג, גרויס און שווער. איך האָב געקוקט אויף איר ברייטלעך מויל און מיר האָט זיך געדאַכט, זי וועט באַלד זאָגן: איך איל זיך צו מיין מאַן. אָבער געזאָגט האָט זי: „טילי".

— טילי?! האָב איך מיט באַוואונדערונג אויסגערופן, ווייל דאָס איז געווען דער נאָמען פון מיין שענסטער און בעסטער מומען, די מומע טילי. אויך יענע האָט געהאַט בלויע אויגן. „וואַט איי קאָאינסידענס!" האָב איך געזאָגט. אַזוי האָט געהייסן מיינע אַ מומע אין יוראָפּ. זי איז געווען אַ קליינינקע און זייער אַ שיינינקע און געשאָטן האָט זי מיט קינדערלעך, אַלע יאָר אַ קינד, כאַ כאַ כאַ!

טילי האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ שפּריציק חוזקל. איך האָב גלייך געביטן מיין טאָן און איינגעשטעלט: „קאָן איך אייך באַגלייטן?"

ווידער האָט זי מיך אָפּגעמאָסטן מיט איר אויספּרוואוונדיקן בליק און געזאָגט: „עס שאַדט ניט".

איך האָב איר געוואָלט העלפן טראָגן די הוט אין דער פּידלע, אָבער דאָס האָט מיר ניט דערלויבט. פון דער סטאַנציע ביז איר היים איז געווען ביי אַ דריי בלאָק.

— אפשר איז שוין שפּעט פאַר אייך? — האָט בען מיך געפרעגט...

— ניין, ניין, ניין! — האָב איך אומגעדולדיק געזאָגט — גייט אָן ווייטער.

— וואָס איז דאָ וואָס אָנצוגיין? מע זאָגט, אַז מע זאָל ניט האַנדלען איבערגעאײַלט. עספּעשעלי, ווען עס קומט צו אַ שידוך. און איך בין ניט פון די כאַפּנדיקע, אָבער ווען איך האָב אויסגעפונען, אַז טילי איז נאָך אַ מיידל, האָב איך ביי דער דריטער, צי ביי דער פערטער באַגעגעניש איר געמאַכט אַ חתונה־אָנבאָט. (מערידזש פּראָפּאָזעל האָט בען געזאָגט) זי האָט אָנגענומען מיין אָנבאָט, ווי אַ זאַך, וואָס סע קומט איר און ווי אַנדערש וואָלט גאָרניט געקאָנט זיין. זי האָט דאָך אַ פרעג געטאָן: „וואָט'ס אַ האַרי?" „אין בין איך אַ האַרי" האָב איך געזאָגט. זי האָט מיר געדראָט מיט איר קליינעם פינגער און זיך געריצט מיט מיר: „ס'וועט דיר אפשר באַנג טאָן?..." „עס זאָל נאָר דיר ניט באַנג טאָן" האָב איך איר אין טאָן געענטפערט און איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז איך האָב יענע פאַר ווערטער מיינע אויסגערעדט אין אַ בייזער שעה.

— וואָס רעדט איר? — האָב איך אויסגערופן מיט פּראָטעסט.

— אָט דאָס איז דאָך די גאַנצע מעשה, מיי דיר פרענד! — האָט בען שולדיק געזאָגט. — טילי, כאָטש איך האָב געגלויבט אין איר פון דער ערשטער מינוט, ביי דער ערשטער באַגעגעניש אין סאָבוויי, האָב איך דאָך אַ קלער

געטאָן, אפשר האָט זי מיך מיט עפּעס פאַרבלענדט און אין דער אמתן האָט זי ניט ווערט מיין צוטרוי? אָט דאָס איבערקלערן מיינס איז געווען אַ מאָמענטאַלס און איז דורכגעלאָפן מיינע געדאַנקען, ווי אַ שאָטן, ווי אַ כמאַרעלע... אין זיך האָב איך גאָרניט געצווייפלט.

אויסגעלאָזט האָט זיך די מעשה אינגאַנצן אַנדערש... אָבער איך פאַרלויף זיך אַליין דעם וועג.

מיר האָבן מיט מזל חתונה געהאַט און געלעבט, ווי זאָל איך אייך זאָגן?... צופרידן און שטיל. מיט קיין קינדערלעך האָט טילי, ווי מיין יוראָפּשע מומע, ניט געשאָטן. זי האָט מיר געהאַט די „אידעאַלע פּאָר”, אַ באָי און אַ מיידל, און מער ניט.

מיר האָבן די קינדער דערצויגן, ווי מיי אָלד פאָלקס פלעגן זאָגן, „צו גאָט און צו לייט”. ביידע קינדער האָבן דורכגעמאַכט קאַלעדזש, און דער זון איז אויך געגאַנגען אין דער היברו. און אַ בר־מצוה האָבן מיר אים געפּראַוועט, שוין איין מאָל אַ פּאַרטי געווען! מיר האָבן געהאַט משפּחה־שמחות: דער טאָכטער אַ סוויט־סיקסטין פּאַרטי... היינט בווירטדעי־פּאַרטיס און חתונה יובילעאומס פאַר אונדז, טאַטע־מאַמע.

אין דער אמתן האָבן מיר די חתונה־יובילעאומס ניט געדאַרפט, און געטאָן האָבן מיר עס צוליב די קינדער. אין מיין היים איז קיינמאָל קיין וואָך ניט געווען. מיין יעדער אָנקומען אַהיים פון דער אַרבעט, טילס אויפנעמען מיך מיט איר שטילן קלוגן שמייכל און מיט די שיינענדיקע ליכטיק־בלויע אויגן... אַז איך זאָג יום טוב, ווייס איך וואָס איך זאָג! און אין די וואַרעמע שטראַלן פון אָט די אויגן טילס און אפילו אין דעם שיין־געגרייטן טיש, האָב איך ווי געדרעמלט אין אַ געבענטשטער זיסקייט.

אַ יאָר נאָך דער „סוויט סיקסטין־פּאַרטי” האָט די טאָכטער געקראָגן אַן ענגעידזשמענט רינג. און ווי נאָר זי האָט פאַרענדיקט איר קורס אין קאַלעדזש, האָבן מיר איר חתונה געמאַכט מיט אַ יונגן פּראָפעסאָר, טאָקע פונעם זעלביקן קאַלעדזש. מילי, די טאָכטער מיינע, איז געגאַנגען אין דער מאַמעס וועגן: האַלט זיך ווי אַ מענטש, שיין, לייטיש און ווירדיק. בווירני אָבער, דער זון... אוי, בווירני, בווירני! וואָס האָסטו געהאַט צו מיר? ווען ניט דו מיט דיינע פוילע שטיק, וואָלט דאָך דערצו ניט געווען געקומען...

בען האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט ביים שטערן, ווי ער וואָלט דערפילט אַ פּלוצעמדיקן קאָפּווייטיק. ער האָט זיך אפילו צוגעשאָקלט, ווי אַ פרומער ייד ביים דאַווענען.

די זון איז שוין מער ניט געווען. זינקענדיק אויף יענער זייט האָריזאָנט, האָט זי מיטגענומען די צעגליטע מערבדיקע רויטקייט, און דער הימל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מנוחהדיקער בלויקייט. די קאַרטיאָזשניקעס האָבן זיך אַנגעהויבן צעגיין, נאָר פון אַ ווייטער באַנק האָט זיך געהערט דאָס שפּאַרן זיך פון די פּאָליטישענס. זיי האָבן געשטערט דער אַרומיקער שטילקייט. די פייגל האָבן זיך דערנענטערט צו זייערע נעסטן, און עס האָט אויסגעזען, אַז אויך זיי ווערן פון די גרילצנדיקע קולות געשטערט.

— שאַט אַפּ! — האָב איך אויסגערופן.

בען האָט צוגענומען די האַנט פון זיין שטערן און מיך אָנגעקוקט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף די דיסקוטאַנטן און געזאָגט:

— זיי האָבן ניט מיינע צרות, ליגן זיי דיסקוסיעס אין קאָפּ.

— וואָס פאַר אַ צרות? — האָב איך געפרעגט.

— אפשר האָט איר קיין צייט ניט? — האָט בען זיך געבעטן ביי מיר.

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז זיין דערציילן איז זייער אינטערעסאַנט און איך וואָלט דאָ געזעסן די נאַכט און נאָך אַ טאָג...

ער האָט דערציילט:

— מילי איז געראָטן אין דער מאַמען, און בוירני — אינעם טאַטן... מיידלעך, מיידלעך, אָן אַ שיר מיידלעך! ער דרייט זיך אום צווישן זיי, ווי אַ הונגעריקער וואָלף אין אַ סטאַדע שאָף, און איך שרעק זיך, ער זאָל אונדז ניט פאַרשעמען מיט זיינע „שיינע" מעשים. איז מילא, מיידלעך. אָבער אַן אלמנה? עלטער פון אים מיט צען יאָר — ווי קומט ער צו איר? ווי קומט זי צו אים? יאָ, יאָ... ער איז געלאָפן צו איר, און זי איז געקומען צו אים. מיר האָבן אים גענומען אויפן צימבל: „אַזוי און אַזוי, זון טייערער... קאָנסט טאָן אַ גוטן שידוך מיט אַ יונגער מיידל. צו וואָס דאַרפסטו אַן אלמנה, נאָך אַזוי פיל עלטער פון דיר?" מיר האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מיר האָבן דערפילט, אַז ער גיט זיך אונטער...

זיינען מיר אַוודאי געווען צופרידן. ער איז, מיט מזל, אַ חתן געוואָרן. אויס אלמנה, אויס טראָבל, אַ סוף, אַן עק...

אָבער ניין... דאָ הויבט זיך ערשט אָן די צרה. הערט, וועט איר הערן.

ראָזע, די אלמנה איז שוין געהאַט אַזוי זיכער געווען מיט בוירנין, אַז מיך האָט זי שוין גערופן דעדי און טילין מאַ. זי איז געקומען צו אונדז, געוויינט און געבעטן, מיר זאָלן זיך אַריינלייגן אין שלום. און מיר האָבן איר צוגעזאָגט...

בוירניס חתונה האָבן מיר דורכגעפירט מיט מורא: ראָזע זאָל אונדז ניט מאַכן קיין סקאַנדאַל. דאָס יונגע פּאָרל איז אַוועקגעפאָרן אויף זייער האַנימון, און ראָזע איז געקומען צו אונדז מיט געוויין. איך האָב געמיינט, אַז טילי און איך שפּילן אונדזערע ראָלן אַזוי ברי‎השׁ, אַז ראָזע גלויבט אונדז. אויסגעלאָזט האָט זיך עס גאָר אַנדערש. שטעלט זיך פאָר, אַז זי האָט זיך גאָר פאַרקוקט אויף מיר, דעם אַלטן נאַר.

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט „דעדי דיר" און מיט קושן זיך ביים אָנקומען און ביים אַוועקגיין מיט טילין און מיט מיר.

איינמאָל האָט זי זיך פאַרזעסן ביז שפּעט אין אָוונט. זי האָט זיך, ווי געוויינלעך, צעקושט מיט אונדז, זיך געלאָזט צו דער טיר, זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „איך שרעק זיך גיין אַליין".

— פיר זי צו — האָט טילי געזאָגט.

איך האָב אָנגעטאָן מיין רעקל און בין אַרויס מיט ראָזען אין גאַס. זי האָט אָנגעכאַפּט מיין אָרעם און זיך אינגאַנצן צוגעדריקט צו מיר, גאָרניט ווי צו אַ „דעדי"... אַ פלוצעמדיקע שיכרות האָט מיך מיט איין מאָל אינגאַנצן דורכגענומען. די נאָענטקייט פון אַ פרוי איז מיר ניט געווען ניי, אָדער פרעמד. אָבער אַזאַ ברי, אַזאַ... איך האָב גאָרניט קיין ווערטער דערפאַר... איר פאַרשטייט דאָך, וואָס איך מיין. איך האָב נאָך כוח געהאַט אַ קלער צו טאָן: „זי האָט דאָך געקושט בוירנין! זיין כלה איז זי דאָך שוין געווען! היינט טילי, מיין טייערע, מיין איינציקע טילי! וואָס טו איך? וואָס טו איך?" האָב איך זיך געפרעגט, בשעת איך האָב זיך אין דער פינצטער צוגעבויגן צו ראָזעס הייס מויל.

יענעם אָוונט בין איך צו ראָזען ניט אַריין, אָבער עס איז געשען גאָר אין גיכן. נייע כוהות האָבן אין מיר דערוואַכט. איך בין שוין וויט אַריבער די פופציק און איך פיל דאָס אָנרוקן זיך פון דער עלטער. זי באַזעצט זיך און מאָסטעט זיך איין דאָ און איין אבר, דאָ און אַ צווייטן און דערקומשעס. מע

טוט אַמאָל אַ קרעכץ און איך הער, ווי טילי קרעכצט אונטער... מיר פלעגן דערביי צושמייכלען און זיך זאָגן „סע מעטשט ביי אונדז" אָדער „אַ גלייכער שידוך..."

פון דער טאָכטער האָבן מיר שוין דעמאָלט דערלעבט אַן איניקל. געוואָרן זיידע־באָבע. אַזוי איז עס, מיי דיר פרענד...

און איך מיט טילין וואָלטן אַזוי ווייטער געלעבט, ווי עס איז אונדז באַשערט. בין איך אַריינגעפאַלן. איך האָב עס ניט געוואָלט, איך האָב עס ניט געטאָרט! איך האָב דאָס געוואוסט און זיך אַזוי פיינט באַקומען, אַז איך בין, אַן אויסגעשעפּטער, אַריינגעפאַלן אין בעט און זיך געוואונטשן, איך זאָל מער ניט אויפשטיין.

ליגנדיק אין בעט, האָב איך ערשט געקאָנט זיך אָפּגעבן אַ חשבון, וואו איך האַלט אין דער וועלט. אַז איך בין שולדיק, שרעקלעך שולדיק קעגן טילין, האָב איך באַגריפן. וואָס איך האָב געזוכט, איז אַ מיטל, ווי אויפצוהערן. איך האָב געשוואוירן ביי טיליס געזונט, בייס געזונט פון מיינע קינדער און פון דעם איניקל...

טילי האָט גערופן דעם דאָקטער, און יענער האָט פאַרשריבן טראָפּנס צום באַרואיקן... דריי טעג בין איך געלעגן. אויפן דריטן טאָג האָט ראָזע טעלעפאָנירט.

— סקאָצל קומט... — האָט טילי געשפּאַסט און געפרעגט: — וואָס זעט מען דיך ניט לעצטנס? וואָס מאַכסטו?

מיין האַרץ האָט אין מיר געיאָגט אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב זיך מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט ביים ברוסטקאַסטן און איך האָב זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט... איך האָב געהערט, ווי טילי רעדט וועגן מיין ניט געזונט ווערן און איך האָב געוואַרט, טילי זאָל ראָזען בעטן קומען. זי האָט עס ניט געטאָן.

— שלאָפסט? — האָב איך געהערט טילין מיך פרעגן.

— ניין — האָב איך געענטפערט, נאָך אַלץ ליגנדיק מיטן פּנים צו דער וואַנט. איך האָב מורא געהאַט, אַז ראָזע וועט אויף מיר איבערלייענען מיין גרויסע זינד.

— אַ גרוס דיר פון דיין גורל־פרענד — האָט טילי געזאָגט.

איך האָב זיך האַסטיק אויפגעזעצט און פּראָטעסטירט: „וואָס זייגען דאָס פאַר אַ רייד, וואָס?"

טילי האָט געלאַכט און איך האָב געזען, אַז עס איז ביי איר אַ שפּאַס מיך אַ קיבעץ צו טאָן. איך האָב זי געלויבט פאַר איר חכמה ניט צו פאַרבעטן ראָזען.

— זי וואָלט שוין טאַקע געמעגט אויפהערן קומען — האָט טילי געזאָגט.

— זי האָט שכל גענוג ניט צו ווייזן זיך אַזוי אָפט ווי פריער — האָב איך אין טאָן צוגעגעבן.

אָבער זי איז געקומען נאָך דעם זעלביקן טאָג און געבראַכט אַ באָקס קענדי.

איך האָב זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און נאָר געהערט ווי זי רעדט מיט טילין.

יאָ, מיי דיר פרענד. איך האָב געקעמפּט מיט זיך. און לאַכט ניט פון מיר. „צו הילף" זיינען מיר געקומען מיינע טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע... איך האָב נאָך אפילו געדענקט מיין עלטער־זיידן, וואָס האָט צו ניינציק יאָר באַוויינט די לאַנג־פאַרשטאָרבענע וויב זיינע, ווי מע באַוויינט דעם טויט פון

אַ קינד... חוץ דעם האָבן זיך „מאָביליזירט" קעגן מיר פּעטערס, מומעס, דורות גאַנצע, וואָס האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן לייטיש, אָן סקאַנדאַלן. אויב אפילו דאָ און דאָרט איז קיין שלום בית ניט געווען, אָבער צו מיין געפּאַלנקייט איז קיינער ניט געקומען. איין גט איז יאָ געשען. האָט מען אויס־געמיטן צו ריידן דערפון.

איך האָב זיך פּיינט באַקומען. איך געדענק, איך פלעג שטיין אַקעגן שפּיגל, קוקן אויף מיין צורה און זיך זיז'לען. איך האָב שטאַרק געקעמפט קעגן זיך, אָבער וואָס האָב איך ווירקלעך געטאָן? איך בין געלאָפן צו ראָזען, ווי אַ יינגל. זי האָט מיך געצונדן מיט איר יוגנט. אַלע מיינע עלטער־שוואַכקייטן זיינען ערגעץ פאַרשוואונדן.

ראָזע האָט מיר געשוואָרן אייביקע ליבע. זי איז געווען ווילד ביז משוגעת. איך געדענק, איין מאָל בין איך געקומען צו איר מיט אַ שישקעלע איבער מיין אויבערשטער ליפּ, אַ קליין מכהלע, וואָס די פאַרקילונג האָט אַרויסגעבראַכט. האָט זיך ראָזע מיט איר הייס מויל איינגעזויגן אין דעם. איך האָב זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון איר. „סטופּיד!" האָב איך צו איר געשריגן. „וואָס טוסטו? וועסט זיך אָנשטעקן!" „איי דאָנ'ט קער" האָט זי אין עקסטאַז געפּליסטערט. „איי דאָנ'ט קער איי ביט! איך וויל זיך אָנשטעקן פון דיר! איך וויל שטאַרבן אין דיינע שטאַרקע אָרעמס!"

וואו האָבן זיך צו מיר גענומען כוחות פון ראָזען קומען אַהיים צו טילין און זיך מאַסקירן — דאָס פאַרשטיי איך ניט. איך מוז אַוודאי זיין אַ שטאַרקער מענטש.

און ראָזע האָט מיך געוואָלט איינגאַנצן.

איבערלאָזן טילין? איך ווייס ניט, ווי בוירני וואָלט דאָס גענומען. מיין טאָכטער מילי, וואָלט מיך זיכער פאַרהאַסט. זי איז געגאַנגען אין דער מאַמעס וועגן. זי איז געוואָרן מאַמע, נאָך איידער זי האָט חתונה געהאַט. זי איז אַרומגעגאַנגען אַרום איר מאַן און איר קינד, ווי אַרום צוויי קינדער אירע. גערעדט האָט זי ענגליש, נאָר ווען עס איז געקומען צום מאַן און צום קינד, האָט זי גענוצט אונדזער „קיין עין הרע" און „חלילה".

עס איז געקומען די צייט פון דיסיזשאָן (באַשלוס). ראָזע האָט מער ניט געוואָלט וואַרטן, און איך, דער גרויסער העלד, האָב זיך פּשוט דערשראָקן. טילי איז אין מיינע אויגן אויסגעוואַקסן צו אַ מוראדיקער הויך. איך האָב זי נאָך קיינמאָל אַזוי ניט פאַרגעטערט, ווי אין יענער צייט. און צו דער מורא איז צוגעקומען רחמנות. אויף וועמען וועל איך זי לאָזן?

בענס שטים האָט אַ ציטער געטאָן. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

דער אָוונט האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט און געזאַמלט זיינע טונקעלע שאָטנס, אויסשטעלנדיק זיי צווישן די געדיכטעביימער. עס איז נאָך דערווייל געווען ליכטיק. בען האָט געשוויגן. איך האָב געוואַרט. איך האָב ניט געוואָגט צו שטערן דעם דערציילער אין זיין שווייגן. איך האָב שוין איצט באַדאַרפט זיין אין דער היים. איך האָב זיך נאָך קיינמאָל אַזוי שפּעט ניט פאַרזעסן אין גאָרטן. סאָפי וועט איבערקלערן. זי איז זייער אַ זאָרגעוודיקע, און לויט ווי בען גיט איבער פון זיין טילין, זעט עס מיר אויס, ווי זיי זיינען שיר ניט ווי שוועסטער. און מילי, די טאָכטער, ווי אַ יינגערע שוועסטער... „וואָס וועט זיין? וואָס וועט פאָרט זיין?" האָב איך געטראַכט. וועט ער „זי" איבערלאָזן? זי, מיין איך טילין. צי וועט ער גאָר אפשר „שלאָגן כפּרות" (מיט די בייזע ווערטער האָב איך טאַקע אַ זידל אָפּ געטאָן יענע, די ראָזע...) מיט זיין געליבטער?" און איך, אין מיין סענסיטיוויטעט, האָב דאָך איבערגעלעבט די

גאַנצע דראַמע באַגלייך מיט בענין. ווי וואָלט איך געהאַנדלט אין אַזאַ פאַל? מיין ערשטער ענטפער איז געווען — פאַרדאַמונג. „כאַפּ ניט, ברודער...״ האָב איך זיך געזאָגט. איך בין געוואָרן אויפגערעגט. איך האָב קיין אַנטשלאָסענעם ענטפער אויפן מאָמענט ניט געהאַט, און עס האָט מיך ניט שטאַרק געאַרט, ממש בײַ מיר איז עס בלויז געווען „טעאַריע״, בעת בען נעבעך, האָט ווירקלעך געדאַרפט דאָס אַלץ דורכמאַכן אויף זײַנע ביינער. ווי שטאַרק איז ער? איך האָב אים באַטראַכט. ער האָט אויסגעזען ניט יונג, אָבער אַ יוגנטלעכקייט האָט דאָך אַרויסגעקוקט פון זײַנע פאַרווירטע בליקן און דאָס סענסועלע מויל איז געווען ענג פאַרפּרעסט.

— מע וועט שוין דאַרפן אָנהויבן גיין — האָב איך כיטרע אַ זאָג געטאָן, בכדי אַזוי אַרום דערוועקן מײַן אַנטשוויגענעם דערציילער צום ווייטערדיקן סיפור.

— אָ, יאָ! — האָט ער זיך שולדיק אַ כאַפּ געטאָן. — איכל עס מאַכן בקיצור. טילי האָט זיך דערוואוסט פון דער גאַנצער אַפערע. פאַר יעדן מאָל זיך זאַמען, האָב איך געדאַרפט צוקלערן אַ תירוץ. און וואָס איז געווען דער תירוץ: אַ מיטינג, אָדער נאָך בעסער, „אַ ספּעשעל מיטינג...״ און זי האָט מיר געגלויבט.

איין אָוונט האָט אונדזער טאָכטער מילי געררופן און געזאָגט, אַז דאָס אייניקל איז פּלוצעם פאַרשלאָפט געוואָרן. טילי האָט מיך ניט געוואָלט מצער זײַן, (בען האָט געזאָגט „וואָריען״) זי האָט זיך אָבער פאַרלאָרן און מיך געררופן. און איך בין גאָר געווען בײַ ראָזען. וואו דען זאָל איך זײַן?... איך האָב זיך געריסן פון אירע אָרעמס, און זי האָט מיך ניט געוואָלט אָפּלאָזן. איך בין געלעגן אַ פאַרשיכורטער פון זיסן תענוג, און נאָר דאָס געדענקען טילין, האָט מיר געשטערט אַביסל. איך זאָג אַביסל, ווײַל וואָס ווײַטער איז דאָס ביסל נאָך קלענער געוואָרן. איך האָב זיך, ווי איר זעט, אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו מײַן פאַרברעכן...

אָבער פאַרגעסן אינגאַנצן טילין, האָב איך דאָך ניט געקאָנט. איך האָב זיך ענדלעך דאָך אַרויסגעריסן און זיך געיאָגט אַהיים.

געווײנלעך פלעג איך בײַ מײַן אָנקומען אַהיים נאָך פון ווייטן זען דאָס באַלויכטענע פענצטער פון אונדזער שלאָפצימער. דאָס מאָל זײַנען אַלע פענצטער געווען פינצטער און אין איינעם פון זיי, וואָס אין פראָנטרום, האָב איך דערזען אײַנגעפּרעסט טיליס פּנים. דאָס פענצטער איז געווען שוואַרץ, און איר פּנים ווייס ווי אַ טיכעלע. איך האָב דערשמעקט געפאַר. איך האָב זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, געוואָלט דערהערן טיליס לויפנדיקע טריט אַקעגן מיר, ווי זי פלעגט עס געווײנלעך טאָן, אויב נאָר זי איז ניט געווען אין בעט. זי האָט זיך ניט גערירט.

איך בין אַרײַן אין די צימערן. טילי איז פאַרבליבן אויף איר אָרט, מיטן פּנים אין דער שויב און מיט די פלייצעס צו מיר.

וואָס איז געשען?! — האָב איך אויסגעררופן און איך האָב געפילט, אַז מײַן קול פאַרראַט מיר. זי האָט ניט געענטפערט. איך האָב ווידער געפרעגט. זי האָט מיך געלאָזט וואַרטן אַ ווײַלע, אויסגעדרייט איר פּנים צו מיר. אירע שיינע בלויע אויגן זײַנען געווען קאַלט און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי זײַנען ניט די זעלבע. זיי האָבן אָנגעוואוירן ניט נאָר זייער מאַמישע גוטסקייט, נאָר אַפילו דעם הימל־קאָליר. זיי זײַנען געווען גרוי און פינצטער.

— יאָ, — האָט זי מיך אין טאָן געפרעגט — וואָס איז געשען?

איך האָב געפילט ווי שווער עס איז איר צו ריידן. מיט איין מאָל איז

פון מיר אויסגערונגען די גאַנצע שיכרות. אַ וואָרעם געפיל, אַזאַ וואַרעמס און אַ ליכטיקס, וואָס מע קען נאָר פילן צו אַן אייגענעם מענטשן, האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט צופאַלן צו אירע פיס און זיי קושן, בעטן מחילה. און עס קאָן זיין, ווען זי וואָלט אויסגענוצט יענעם מאָמענט, וואָלט איך זיך אפשר באַהערשט און מער צו ראָזען ניט געגאַנגען. אָבער איך רייד דאָך נאַרעשקייטן. ווי האָט זי געקענט „אויסנוצן מאָמענטן?״ איך האָב געזען, אַז זי איז מיך חושד, אַז זי האָט מיך גערופן צום מיטינג, און מיך דאַרט ניט געטראָפן. ווי קומט זי מיך רופן? דאָס איז געשען בלויז איין מאָל, ווען איר פאָטער איז געשטאָרבן צוריק מיט דריי יאָר. וואָס איז איצט געשען?

טילי האָט אויסגעשטרעקט איר אָרעם צו מיר און אָנגעוויזן אויף דער טיר.

— קאָנסט גיין פון וואַנען דו ביסט געקומען — האָט זי געזאָגט. איר קול איז געווען הייזעריק. איך האָב געפילט, אַז זי שטיקט זיך. איך האָב אָפּגעבאַקן אַ ליגן.

— די טרעין — האָב איך אָנגעהויבן.

— שאַט אַפּ! — האָט זי אַ טופּע מעטאַן מיטן פוס און, ווי מיט נקמה אַריינגערעדט אין מיר — ווען ניט דאָס פאַרשלאָפּטע קינד, וואָלט איך דיך ניט געווען אַריינגעלאָזט.

— עס וועט דיר גאַרניט העלפן — האָט זי עפּעס אַזוי ווי אין טריומף גערעדט, זעענדיק, ווי איך וויש מיינע אויגן פון אָנגעלאָפענע טרערן. — האָסט ניט קיין ווייב! קיין קינד, קיין אייניקל... האָסט ראָזען... האַלט זיך מיט איר.

בען האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פון זיין קעשענע און געווישט די אויגן. ער האָט מיך געלאָזט וואַרטן אַ קורצע וויַיל און אָנגעגאַנגען:

— נו, איצט בין איך מיט ראָזען, געזעצלעך פאַרהייראַט. די ליבע איז נאָך אַלץ גרויס און הייס, אָבער טיליס בלייבן אַליין לאָזט מיך ניט רוען. איך האָב ניט געוואָלט איבערלאָזן מיין ווייב. איך בין דעמאָלט גרייט געווען זיך אומקערן צו איר, און אין ראָזען פאַרגעסן. אָבער די שטאָלצע טילי האָט דערצו ניט דערלאָזט. זי האָט מיר נאָך צוגעהאָלפן אַרויסקריגן אַ גט.

זי גייט מיר פון קאָפּ ניט אַרויס. איך ווייס, זי איז אַליין, און איך וואָלט זי געוואָלט זען גליקלעך. זי האָט די ווערט אַ גוטן מאַן. זי איז אַ גוטע, זי איז אַ וואוילע. גליקלעך וועט זיין דער מאַן, וואָס וועט זי נעמען.

בען האָט מיך ווידער באַטראַכט און איך האָב געזען, ווי ער פאַרקוקט זיך אויף מיינע הענט. איך האָב געוואַרט, ער זאָל אָנגיין ווייטער מיט זיין דערציילונג, נאָר ער האָט געשוויגן.

דער אָוונט איז שוין געווען רייף מיט זיין גאַנצער פּראַכט, מיט דער געדיכטער טונקלקייט אַרום אונדז און מיט אַן אויסגעשטערנטן הימל איבער אונדז. אפילו די דיסקוטאַנטן האָבן זיך מער ניט געלאָזט הערן. איך האָב געקוקט צו זייער באַנק, אָבער איך האָב זי קוים אָנגעזען.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט טריט, גיכע בייזע שפּאַן און פון דער בלוילעכער טונקלקייט איז אויסגעוואַקסן דער ליבער סילועט פון מיין סאַפין:

— האַ — האָט זי בייזלעך און מאַמיש מיך אָנגעגריפן — דיך געפאַקט? דו פאַררעטער, דו!... מיט וועמען האָסטו זיך דאַרט פאַרזעסן און אַן דיין ווייב פאַרגעסן?

— אייער ווייב???!!! — האָט בען אויסגערופן מיט אַ באַליידיקט קול

און מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ פּאָר קאַלטע קוקערס, מיט אַזאַ מינע, ווי איך וואָלט דאָ געזעסן די גאַנצע צייט און אים גענאַרט. ערשט האָב איך באַנומען זיין „אויסריידן זיך דאָס האַרץ פאַר מיר" און, באַזונדער, זיין פאַרגנבעט קוקן אויף מיינע בחורשע פינגער, אָן אַ קידושין־פינגערל.

איך האָב זיך באמת געפילט שולדיק קעגן אים. אָבער וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אים פאָרגעשטעלט פאַר סאָפין. ער האָט איר דער־לאַנגט אַ ברוגזן בליק, אַ בורטשע געטאָן „גוד נייט", אַריין אין דער פינצטער און פאַרשוואונדן.

# איינציקע

אין שלאָף האָט מאַ דערהערט, ווי מע קלאַפּט אין פענצטער. ער האָט זיך איבערגעדעקט מיט דער וואַרעמער קאָלדרע, איינגעוויקלט דעם קאָפּ מיט איר און זיך געבעטן: „ווער איז דאָרט אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?" קיינער האָט ניט געענטפערט, נאָר דאָס קלאַפּן האָט ניט אויפגעהערט. עס איז געווען געדיכט, דריבנע און מאָנאָטאָן, ווי אסך פינגער וואָלטן אויסגעקלאַפּט אַ טאַנצנדיקן ניגון.

„מע דאַרף גיין אויסגעפינען, מע דאַרף ש ו י ן ג י י ן!" האָט ער זיך געריסן און זיך נאָך טיפער געוויקלט אין דעם צודעק. „מע דאַרף גיין, אלא ניט, וועט די מאַמע נאָך דערהערן און זיך דערשרעקן".

ער האָט זיך געטאָן אַ זעץ אויף און דערפילט די קעלט אין צימער. פון דרויסן האָט זיך געהערט דאָס בייזע ברומען פון אַ ווינט. די שויבן אינעם גרויסן פענצטער ביים בעט האָבן ווי מיטגעברומט מיטן ווינט. איין לויזע שויב האָט געדרינדזשעט, דראָענדיק אַריינגעשפּאַרט צו ווערן אינעווייניק און פאַלן צום דיל מיט אַ בראַזג. אויף די ציטערדיקע שויבן זיינען געפאַלן האַרטע שטיקלעך ווייסקייט, ווי האַרטער צוקער.

איצט האָט שוין מאַ געהערט דאָס קלאַפּעניש אויך פון די אַנדערע צימערן, וואָס זיינען אַטאַקירט געוואָרן פון אַלע זייטן. דער קרומער שטאַם פון דעם אַלטן אַקאַציע־בוים דערביי האָט מיט די נידריקע צווייגן געגראַבלט די וואַנט. די געדיכטע ווייסקייט האָט אים געוואָלט צודעקן, אָבער די האַרטע שטיקלעך קעלט זיינען אָפּגעשפּרונגען פון אים. זיי זיינען געפאַלן אַראָפּצו, און די אַקאַציע האָט זיך געוויגט אַ שוואַרצע ווי אַ געוואַשענע און שטיל געקרעכצט.

מאַ האָט זיך איינגעהערט. די מאַמע, זעט אויס, האָט זיך ניט דער־שראָקן: מע הערט ניט אירע טריט.

מאַ האָט זיך צוריקגעלייגט. ער האָט דערפילט, ווי דאָס קישן האָט זיך געקילט. איר ווייכקייט האָט אים צוגעצויגן, געגלעט די צוגעטוליעטע באַק און פאַרבעטן צו רוען. ער האָט זיך אונטערגעגעבן אָט דעם שטילן כישוף און זיך צוגעהערט מער צו זיך ווי צום אַרום. פון איבערגעריסענעם שלאָף און פון אומרו האָט זיין האַרץ געקלאַפּט, שוין ניט פון שרעק, נאָר עס האָט זיך ווי אָנגעשלאָסן אָן דער נאַכטיקער קלאַפּנדיקער קאַפּעליע וואָס האָט זיך אַליין צוגעשפּילט און צוגעטאַנצט.

„גלאָריע — האָט ער זיך דערמאָנט און זיך פאָרגעשטעלט, ווי אויך זי ליגט איצט אין איר צימער און אויך זי הערט די זעלביקע קלאַנגען און אויך איר איז אפשר אַזוי גוט ווי אים... איז איר גוט? זי זעט אויס זייער צופרידן מיט איר מאַן און מיט איר לעבן. ער מעקלערט אויס הייזער און גיט גלאָריען געניג געלט. אַ היים האָט ער פאַר זיין ווייב געמאַכט; עטוואָס אָן געשמאַק דאָס מעבל, איבערהויפּט די בילדער אויף די ווענט. אָבער אַ קיך, וואָס בלענדט מיט ווייסקייט און שמעקט מיט אייביקער זעט. אין דער

קיך האָט מאַ איר געבראַכט דעם באַשטעלטן רעצעפּט. דאָרט האָט ער זי צום צווייטן מאָל דערזען, אָן דעם מאַנטל, היימיש, שטוביש, מיט דער גאַנצער פּראַכט פון איר פולבלעכן מיידלשן קערפּער. אין דעם דינעם אָנאַרבלדיקן סוועטער, מיטן קורצן פאַרטעכל איבער דעם, האָט אפילו איר פּנים געקראָגן מער וואַרעמקייט און צוטריטלעכקייט. איר נאָענטקייט האָט אים אַזוי באַרוישט, אַז ער האָט געמאַכט אַ שריט אין איר ריכטונג, ביים נייעם ווייס־בלאַנקנדיקן גאַז־אויוון.

ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם רעצעפּט אויפן טיש. זי איז אים פאַרבייגעגאַנגען, אַריין אין די צימערן און זיך באַלד באַוויזן מיט אַ גרויסן בייטל. זי האָט אים אויסגעשטרעקט אַ קליינע האַנט מיטן געלט. זיין האַנט האָט קוים באַרירט אירע. ער האָט דערביי געפילט איר בליק אויף זיין גרויסער האַנט, וואָס האָט גענומען דאָס געלט פון אירער. ער האָט געדאַנקט און זיך געלאָזט צו דער טיר. דאָ האָט ער דערהערט איר געלעכטער, אַזאַ שטילס און אַ שעמעוודיקס, ווי נאָר שעמעוודיקע, גוט־דערצויגענע מיידלעך קאָנען אַ לאַך טאָן. עס איז אין דעם געווען אַ טראָפּן מער פון אַ שמייכל וואָס וויל צוקומען צום געלעכטער, און וואַגט ניט.

— ניט די טיר — האָט זי געזאָגט. — נו, איר קול האָט ער גוט געדענקט פון דער ערשטער באַגעגעניש, איר קול און איר בליק, דאָס איז געווען אַזאַ קאָמבינאַציע, וואָס נאָר דאָס וואָרט כישוף קאָן עס אויסדריקן. אַלע שידוכים, וואָס מען האָט אים ביז דאַמאָלט גערעדט, אַלע זוכענישן, וואָס ער אַליין האָט געזוכט, וואָס זיין מאַמע און אייגענע האָבן פאַר אים זיך געמיט צו געפינען, איז ער, ווען ער האָט דערזען איר בליק און דערהערט איר קול, זיכער געווען, אַז דאָס איז זי, זי, די באַשערטע, די אויסגע־בענקטע, די לאַנג־געגאַרטע... ער האָט זי באַטראַכט, בשעת זי האָט געוואַרט אויף דער באַשטעלטער „מאַלטעד”. ווער איז זי? אַ פרעמדע, אַ דורכפאָרנדיקע, צי אַ נייע איינוואוינערין פון אונדזער געגנט. זי האָט דערשפּירט זיין בליק און זי האָט זיך אומגעקוקט צו אים. אויף איר האָבן געקוקט אַ פּאָר קליינע, ליכטיק־בלויע אויגן, צו קליינע פאַר זיין גרויס, ניט איבעריק־שיין מענלעך פּנים. זי האָט באַלד אָפּגעווענדט איר פּנים און זיך גענומען צום געטראַנק.

מאַ האָט זיך געפרעגט: וואָס פאַרמאָגט אָט דאָס מיידל, וואָס אַנדערע האָבן ניט? ער האָט לאַנג ניט געדאַרפט קלערן. איר קליין מיידלש פּנים איז געווען אַן אידעלער געמיש פון קינד און פרוי און איינייגעם האָט עס אים אויסגעזען: צוטרוי. אַלדאָס שיינע און גוטע, וואָס ער האָט פון איר פאַרטרוייליך פּנים אַרויסגעלייענט, האָט אים געזאָגט: „מיט מיר וועט דיר זיין גוט צו לעבן”. ער האָט שוין, קוקנדיק אויף איר, ווי זי זיצט אויפן הויכן רונדן בענקל, מיט איין עק פון דער שטרוי אין דער „מאַלטעד” און מיטן צווייטן עק אין איר קליין מויל מיט די פולע אונטערגעפּירטע ליפּן, ער האָט אויפן אָרט באַשלאָסן, אַז זי איז זיינע און וועט זי זיין. ער וועט איר מאַכן אַן אָנבאָט. דערוויייל וויל ער זי אויספּרואוון. ער וועט איר דער־לאַנגען זיין בליק, דעם בליק, וואָס ער האָט שוין אַזוי פיל מאָל און מיט אַזוי פיל דערפאָלג, „דערלאַנגט” אַנדערע פרויען, און ער וועט זען, ווי זי וועט רעאַגירן. אויף אַ וויילע האָט ער אַ קלער געטאָן וועגן זיינע דערפאָלגן, און ער האָט גלייך זיך דערמאָנט, ווי זיי זיינען שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דורכפאַלן.

מאַ האָט זיך געהאַלטן אין איין באַגייסטערן פאַר שיינע פּנימער, אָבער

צו קיינער פון יענע מיידלעך און ווייבלעך האָט ער קיין צוטרוי ניט געהאַט. אַ שאַרף עגאָאיסטיש געפיל האָט אים געהאַלטן פון ווייטן פון זיי. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער איז אַ גרויסער מענטשן־קענער, נאָר ער האָט דערביי פאַרגעסן, ווי יעדער פון אונדז, אַז זיין ניט־גלויבן אין פרויען האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס ער האָט ניט די ווערט געהאַט קיין צוטרוי. ווען מע זאָל מאָ׳ן געווען אַ פרעג טאָן, מיט וויפל פרויען ער האָט שוין געהאַט באַציאונגען, וואָלט ער אוודאי ניט געוואוסט. עס איז אויסגעקומען, ווי זיין פאַרבינדונג מיט פרויען וואָלט געווען אַ מין פּראָצעס פון זוכן, פון זוכן און ניט געפינען, פון עקספּערימענטירן. גלאָריע ווייס — ער האָט נאָך דאַמאָלט איר נאָמען ניט געוואוסט — איז דערשינען פאַר אים, ווי אַ דערפאָלגרייכער רעזולטאַט פון זיינע לאַנגע פאַרשונגען.

אויף זיין מענלעכן בליק, וואָס האָט אויסגעדריקט באַגייסטערונג און אַ פאַרלאַנג פון דערנענטערונג, האָט גלאָריע געענטפערט מיט אַ שאָטן פון אַ שמייכל, וואָס האָט קוים אויפגעלויכטן אין אירע שטילע ברוינע אויגן, זיך אָפּגעזעצט אין די ווינקלען פון אירע פולבלעכע ליפּן און דאָרט וויברירט מיט איידעלער פאַרשטענדעניש. „זי פאַרשטייט מיך! זי פאַרשטייט מיך!!״ האָט ער געטראַכט און האָט געטאָן אַ קום צו צו איר, מיט דער באַוועגונג פון אַ געשעפטסמאַן, וואָס רעדט צו קונים:

— אַ וואונדער — האָט ער געזאָגט און דערפּילט, אַז זיין שטים וואַקלט זיך — אַ וואונדער, וואָס אייך האָב איך נאָך ביז היינט ניט געזען.

זי האָט אַ לאַך געטאָן און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט נאָך אַזאַ ריין געלעכטער ניט געהערט. זי האָט געזאָגט:

— אַ וואונדער וואָלט געווען, ווען איר זאָלט מיך יאָ געווען האָבן געזען...

— זיך ערשט באַזעצט ביי אונדז? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט.

— ווילקאָמען — האָט ער אויסגערופן אַזוי הויך, אַז אַנדערע קונים האָבן זיך אויף אים אומגעקוקט און אָנגעקוקט אים און זי, צו וועמען ער האָט גערעדט. דאָ זיינען געווען אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן געוואוסט, אַז מאָ שטייט שוין יאָרן־לאַנג אין שידוכים. אויך זיי האָבן באַטראַכט גלאָריען. זייערע בליקן האָבן געזאָגט: „עס וואָלט שוין לאַנג צייט געווען, רבונו של עולם!...״ אַלע וואָס האָבן מאָ׳ן געקענט, האָבן שוין געוואָלט דערלעבן נחת אין זייער דראַגיסט. אַן אַנדער סאָרט קוקלע האָט מאָ׳ן דערלאַנגט דער יונגער אַלען, דער „סאָדע־דזשערק״, אַ שפּאַטיש און ציניק קוקעלע, ווי ער וואָלט געזאָגט: „זוכסט שוין אַ נייעם קרבן?״

ווען גלאָריע איז צום צווייטן מאָל אַריינגעקומען און באַשטעלט אַ רעצעפּט פאַר איר קראַנקער מוטער, האָט מאָ, „אָפּגעבאַקן״ אַ ליגן און געזאָגט, אַז זי וועט דאַרפן וואַרטן אַ פּאָר שעה.

— אַ פּאָר שעה? — האָט זי איבערגעפרעגט און ער איז געווען זיכער, אַז זי גלויבט אים.

— אונגעפער — האָט ער געענטפערט און צוגעגעבן: — מיר וועלן עס אייך צושיקן. זי האָט געלאָזט איר אַדרעס און איז אַרויס אין גאַס.

איצט, אין דער ווינטערדיקער שטורעמדיקער נאַכט, האָט עס מאָ איבערגעלעבט, און ער האָט געהאַט דאָס געפיל ווי יענער איבערגעלעבטער אינצידענט וואָלט זיך ניט נאָר איבערגעחזרט, נאָר יעדע ווידערהאָלונג האָט

זיך ווי פון זיך אַליין געטאָפּלט, געכופּלט... ער האָט שוין ניט געוואוסט, צי ער האַלט די אויגן אָפן, צי געשלאָסן... ער איז געווען לעבן גלאָריען. ער האָט געהערט איר שטיל געלעכטער, געקוקט אין איר כשרן בליק. זי איז ווי אַרויסגעקומען צו אים דאָ פון איין וואַנט, דאָ — פון אַ צווייטער. דער שטורעם איז אויסגעגאַנגען. מאָ איז איינגעשלאָפן.

אין שלאָף האָט מאָ דערהערט געזאַנג... האָט זיך אים אויסגעדאַכט? אין חלום איז ער גאַר איצט געזעסן אין זיין מיניאַטיור־אויטאָ און געפירט אַ רפואה צו אַ קונה. ער איז פאַרבייגעפאָרן גלאָריעס גאַס. איר הויז, זיך געוואָלט אָפּשטעלן און אַריינלויפן אַ קוק טאָן אויף זיין נייער ליבע. ער האָט ניט געוואַגט. האָט ער אָנגעדריקט אויפן האָרן מיטן גאַנצן כוח, זי זאָל דערהערן. ער האָט אַראָפּגענומען דעם פוס פונעם טרעטער. דאָס אויטאָמאָבילכל האָט אים געפאָלגט, זיך שיר אָפּגעשטעלט. ער האָט געקוקט אויף אירע פענצטער, אויף דער פאַרמאַכטער טיר, די אונטערשטע האַלב פון שווער האָלץ, די אויבערשטע מיט קליינע שויבן, שוואַרצלעכע און גלאַנציקע, און אין זייער גלאַנץ האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די פאַלנדיקע שטיקער קאַלטע ווייסקייטן, ווי געפּרוירענע וועלטשענע ניס, באַדעקטע מיט אייז. זיי האָבן איצט באַדאַרפט אויסקלאַפּן זייער ווילדן טאַנץ אויפן מעטאַלענעם דאַך פון דער מאַשין, אָבער זיי זיינען געווען קלאַנגלאָז... מיטאַמאָל האָבן זיי אָנגעהויבן זינגען מיט אַ היימיש געזאַנג און מיט אַ היימיש קול, דאָס קול פון זיין מאַמען. „וואָס פאַר אַ מישמאַש, וואָס פאַר אַן אומזין!" האָט ער אויסגערופן און זיך אויפגעזעצט.

— העי! — האָט ער אויסגערופן פול מיט רעוואָלט קעגן זיין מוטער, וואָס האָט קוים געעפנט די טיר פון זיין שלאָפצימער, פאַרקוקט צו אים און געזונגען: „העפּי בוירטדעי, דיר מאָ, העפּי בוירטדעי טו יו..." דורך דער שפּאַלטיקער עפענונג פון דער טיר האָט מאָ געזען אַ טייל פון זיין מוטער אין איר רויטלעכן שלאָפראָק, איר שפּיץ נאָז, אַ לאַכנדיק אויג, אַ ליבטיקן פלעק פון איר שטערן און אַ טשיביק צוגעפאַרבטע ברוינע האָר.

— אָקעי, אָקעי... — האָט ער קאַפּריזנע זיך געבעטן ביי דער מוטער, אָבער זי האָט זיך געטאָן אירס... זי האָט ווייטער געזונגען די עטלעכע ווערטער. און דאָס איז איר געווען ניט גענוג. זי האָט ברייט אָן עפן געטאָן די טיר, צוגעקומען צום בעט און דורך דער קאָלדרע אים געפּאַטשט, צוזינגענדיק „איינסעלע צוויעלע, דרייעלע..."

— מאַדהער! מאַדהער!!" האָט ער זיך געבעטן, אָבער זי האָט ניט אויפגעהערט, ביז זי האָט אָפּגעציילט צוויי און דרייסיק, איין און דרייסיק קלענערע פּעטש און דעם צוויי און דרייסיקסטן אַ היפּשן פּלעצל... זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים און אים געקושט, צוואווינטשנדיק „ביז הונדערט און צוואַנציק; מיי בוי!"

ער האָט זי צוריקגעקושט און מיט אַ פאַרענדערט קול, ווי מיט געוויין אָן טרערן אויסגערופן „אָ, מאַדהער!"

זי האָט בייזלעך צוגעטופּעט מיטן פוס אין איר ווייכן שטעקשוך און מיט אַ פינגער ביי זיינע אויגן אים געוואָרנט:

— ביז איבעראַיאָר זאָל איך דיך זען מיט אַ ווייבעלע! דו הערסט? אלא ניט — וואָן פון מיין הויז!

וויפל מאָל האָט זי שוין דעם זון געוואָרנט? איצט איז זי געווען ערנסט, מער ווי אַלעמאָל: זי האָט געוואוסט אויף וועמען מאָ האָט זיך פאַרקוקט און זי האָט אים פאַרשטאַנען. „גלאָריע — האָט זי ביי אַן איבערררייד געזאָגט,

איז מיר אויך אַריין מיט ביידע פיס אין האַרצן, אָבער וואָס איז דער תכלית ?..."

זי האָט עס אים ניט באַדאַרפט זאָגן... אַ געפיל, וואָס ער האָט ניט געקענט קאָנטראָלירן, האָט אים אַזוי באַהערשט, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן און אָנגעמאַכט שאָדן ביים צונויפשטעלן אַ רעצעפּט. ער האָט איינמאָל שיר אַ חולה אומגעבראַכט. ער האָט טעלעפאָנירט. די ליניע איז געווען פאַרנומען. ער האָט זיך געזעצט אין זיין קליניקען אויטאָ און זיך געיאָגט צום פּאַציענט. אַ פּאָליסמאַן האָט אים אָפּגעשטעלט. ער האָט דעם שומר דערקלערט זיין שרעקלעכן טעות. האָט דער פּאָליסמאַן זיך געזעצט אין זיין מאָטאָציקל און אים געפירט, ווי ער וואָלט געווען דער גאָווערנאָר... לייט האָבן נאָכגעקוקט מיט חידוש און אייניקע האָבן צוגעשמייכלט. דאָס שטעטל איז געווען קליין, און אסך מענטשן האָבן מאָ'ן געקענט. זיי האָבן אים נאָך קיינמאָל אין אַזאַ פּאָזע ניט געזען און איינער און אַ צווייטער האָט אים נאָכדעם אין אַפּטייק אַ פרעג געטאָן, וואָס איז געווען די איילעניש. ער האָט דערציילט. זיי האָבן געלאַכט און אים געזאָגט, אַז ווען ניט זיין פּיצל אויטאָ־מאָבילכל, וואָלט ער געווען אויסגעזען, ווי גאָווערנאָר סמיט... און ביים געזעגענען זיך האָט דער קונה געזאָגט: „ביי ביי, יור עקסעלענסי, מר. גאָווערנאָר..."

— אָ, שאַט אַפּ! — האָט מאָ זיך בייז אָנגערופן. יענער האָט געלאַכט און אַלען דער „סאָדע־דזשערק" האָט מיט אַ באַזונדער הנאה מיטגעלאַכט.

„פון אָט דעם „דזשערק" וועל איך פּטור ווערן" האָט מאָ געטראַכט, שטייענדיק אין וואַשצימער פאַרן שפּיגל. אויף אים האָט געקוקט אַ גרויס מענלעך פּנים, געדיכט באַוואַקסן מיט אַ שוואַרצלעכער שטשיטינע. די באַקן האָבן זיך געבלייכט, און פון דעם האָט די שטשיטינע אויסגעזען נאָך שוואַרצער און, דאַכט זיך, געדיכטער ווי געוויינלעך. ער האָט זיך געמיט אויסגאָלן די באָרד, ער האָט אפילו אין מיטן גאָלן פאַרלייגט אַ ניי מעסערל. עס האָט אויסגעזען, ווי זיינע האַרטע, פאַרעקשנטע האָר שפּאַרן אַרויס פון דער הויט פון אונטערן גאָל־מעסערל.

מאָ איז געזעסן ביים רייך־געגרייטן טיש. די מאַמע האָט אַרום אים אַרומגעפּאַדעט און נאָך אַלץ אונטערגעברומט דעם ניגון פון אַ „פריילעכן געבוירנטאָג" צו איר „בוי"... זי איז געווען קליין און רירעווודיק, און צו עטלעכע און פופציק יאָר נאָך אויסגעזען יונגטלעך, שיר־ביט מיידלש. ער איז געווען גרויס, ברייט און שווער, אַזוי אַז דאָס קיך־בענקל איז געווען קליין פאַר אים. דער פאָטער איז געשטאָרבן, בשעת מאָ האָט נאָך געלערנט אין קאַלעדזש, און די מוטער האָט ניט געוואָלט אַריינגעמען, ווי זי האָט געזאָגט „אַ פרעמדן מאַן אין שטוב אַריין". מאָ האָט זיך אַלעמאָל געפילט שולדיק קעגן זיין מוטער. זי האָט אים שוין לאַנג־לאַנג צוריק דערציילט, אַז גרויס איז ער געווען נאָך ביים געבוירן, אַז זי האָט געהאַט אַ שווער האָבן מיט אים, שיר פון דער וועלט געגאַנגען. צו פופצן יאָר איז ער שוין געווען העכער פון זיין פאָטער און ער האָט אים אין שפּאַס גערופן „דער מאַן מיט די קורצע פיסלעך..."

די גוטע מוטער האָט געוואָלט נחת אינעם זון, און ער האָט אָנגעהויבן קלייבן... איצט איז ער אַ צעטומלטער. זי כאַפּט אַ פאַרגנבעטן קוק אויפן זון און איר דאַכט זיך, אַז ער פילט ניט קיין טעם אין די גוטע פרישע מאכלים און אין דער קאַווע, וואָס פאַרשמעקט אַלע צימערן.

מאָ האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען, ווי די „זשעלעדע" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטילן ווייכן שניי.

ער האָט אויף גיך פאַרענדיקט זיין פרישטיק, געקושט די מאַמע, זיך אָנגעטאָן און איז אַרויס אין דרויסן. ער האָט געמוזט צומאַכן די אויגן, אַזוי ווייס און אַזוי בלענדיק איז דער שניי געווען, ניט אין זיין פאַלן, נאָר אין זיין אויסגעשפּרייטקייט אויף דער גאַס און אויף די הייזער אַרום. ער האָט זיך אויך אָפּגעזעצט אויף די צווייגן פון דער אַקאַציע און אפילו ערטערווייז אויפן שטאם. קיין סימן פון אַ ווינט, קיין קלאַנג פון די פאַלנדיקע פליטערלעך און דאָס קליינע אויטאָמאָבילכל ביז איבער די רעדער אין שניי, און אויפן דאַך אַ שנייאיק היטל שווער און קרומלעך אַרויפגעטאָן.

די קאַלאָשן, האָט ער געזען, וועלן ניט זיין גענוג. האָט ער זיך אומגעקערט און אָנגעטאָן די „בוטס" די גומענע שטיוול, וואָס האָבן דערגרייכט די קני.

אין די פּאָר מינוט האָט די גאַס דערוואַכט מיט די קולות פון די קינדער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין גאַס, אויף זייער וועג אין סקול אַריין.

עס איז דורכגעפאָרן אַ מאָטאָריזירטער שניי־פאַרקערער און אַרויפּ־געשאַרט הויכע הורבעס שניי אויף די אויטאָס אין גאַס.

שכנישע קינדער האָבן הויך גערופן „היי, מאָ". ער האָט זיי געגריסט און געשמייכלט אויף דער פּאַרע, וואָס איז זיי געגאַנגען פון די מיילער. זיי האָבן זיך באַוואָרפן מיט שניי־פּילקעס און אויך אים האָט געטראָפן איינע. די קינדער האָבן הילכיק געלאַכט און מאָ האָט מיטגעלאַכט.

ביים דראָגסטאָר האָבן שוין געוואַרט אַ פּאָר רויכערער און קאַווע־טרינקער. אַלען איז נאָך דאָ ניט געווען, און כאָטש ער האָט אים נויטיק באַדאַרפט, האָט ער זיך געוואונטשן, יענער זאָל ניט קומען. צו פרעך און צו דורכדרינגלעך איז אַלענס בליק געווען.

אַריין אין קראָם און אַריין אין דער אַרבעט, האָט זיך מאָ אַזוי פאַרטרודט, אַז ער האָט געהאַט דאָס געפיל ווי אַלץ איז אַריין אין דער טעגלעכער רוטין, איידער גלאָריע האָט זיך באַוויזן. דאָס האָט געדויערט ביז אַלען איז אָנגעקומען. ער האָט איבערגענומען די אַרבעט ביים סערווירן עסן און טרינקען, און מאָ איז אַריין אין דעם הינטערשטן צימער, וואו ער גרייט צו די רפואות. פון דאָרט, דורך אַ רונדיקער עפענונג אין דער וואַנט קאָן ער כאַפּן אַ בליק צו די געשעפטן. אָט דורך אָט דער עפענונג האָט ער זי דערזען. זי איז געקומען מיט אַ וואונדערלעכער באַרוישונג, און ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זי איז פאַרהייראַט, איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטוישונג.

די צווייטע אַנטוישונג האָט אים דערוואַרט שפּעטער מיט עטלעכע טעג, ווען פון דער פלוצעמדיקער וואַרעמקייט האָבן זיך די טיפע און הויך־געוואַקסענע שנייען אַראָפּגעזעצט ביז דער ערד און געבליבן ליגן ווי אַ דינער געפלעקטער צודעק.

אַרום איינס אַזייגער האָט גלאָריע באַשטעלט איר געוויינלעכן רעצעפּט און האַלב נאָך דריי האָט מאָ אים געבראַכט צו איר. ער האָט געפּלאַנט די ערשטע קערפּערלעכע דערנענטערונג. געוויינלעך פּירט זיך אַז מע וויטעט זיך ניט מיט אַ פרוי. נו, וועט ער עס יאָ טאָן. ער וועט איר אויסשטרעקן זיין האַנט, וועט זי אים אוודאי ניט פאַרשעמען.

ער האָט זיך קוים אַרויסגערוקט פון דער קליינער טיר אין זיין אויטאָ

און, ווי אַ ייִנגל געגעבן אַ לויף־צו צו דער טיר. ער האָט פּאַרזיכטיק אָנגע־דריקט דאָס קנעפּל און באַלד דערהערט אירע טריט.

זי האָט געעפנט די טיר, דערהערט זיין ברייטן מענלעכן „האַלאָ" און דערזען זיין גרויסע, שווערע האַנט אויסגעשטרעקט צו איר.

ער האָט געזען, ווי איר קליינע האַנט הויבט זיך און קומט אים אַקעגן. זי האָט דערביי אויף אים געקוקט, ווי זי וואָלט געפרעגט: „וואָס טוט זיך דאָ???" אָבער די האַנט ניט צוריקגעצויגן, אַריינגעפאַלן אין זיינער און דאָרט געבליבן געפאַנגען. זי האָט ניט אַראָפּגענומען אירע פאַרחידושטע ברוינע אויגן פון אים. זיין האַנט האָט וויברירט אַרום אירער ווי זי וואָלט זיך געוואַקלט און זיך אָן איר אָנגעהאַלטן. זי האָט געפילט אַז די וואַקלעניש נעמט אים אינגאַנצן דורך, אַז ער זוכט אַ תירוץ פאַר זיין שריט און וואָגט ניט אַרויסצוקומען מיט לשון. זיינע קליינע בלויע אויגן וואָס האָבן אָפּט געפינטלט, זיינען איצט געווען ברייט אָפן. ער האָט שטאַמלענדיק איר דערקלערט:

— היינט איז מיין טאָג פון געבוירן... — „וואָס טו איך?" האָט ער זיך געמוסרט. דאָס איז דאָך אַ ליגן, אַ ליגן!... אָבער אַ תירוץ איז עס...

זי האָט באַפּרייט איר האַנט פון זיינער. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט זי געוואָלט אַרומנעמען, דעם האַלב־אויסגעשטרעקטן אָרעם צוריקגעכאַפּט און פאַרשטייפט די האַנט, וואָס האָט ערשט געהאַלטן אירע. ער האָט געוואַרט אויף איר ענטפער.

— גוד לאַק — האָט זי אים געוואונטשן און אירע שמייכלענדיקע אויגן האָבן אים געזאָגט: „מיר פאַרשטייען איך..."

ער האָט איר איבערגעגעבן די רפואה און זיך געלאָזט צו דער טיר, שוין מער קיין טעות ניט געמאַכט, צום אַרויסגאַנג. ער האָט דערהערט איר קליין לאַכעלע, שוין ניט קיין שעמעוודיקס פון אַ גוט־דערצויגן מיידל, נאָר דער האַלב־שפּאָטישער, וואַרעמער און רייצנדיקער געלעכטער פון אַ שיינער פרוי, וואָס ווייסט איר ווערט און פילט די שיכרות, אין וועלכער זי האָט אים אַריינגעבראַכט.

— אייער געלט — האָט זי געזאָגט און אַוועק נאָך איר גרויסן בייטל פון האַניק־קאָליר. זי איז באַלד צוריק דאָ געווען. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און אים ניט דערקענט. זיינע קליינע אויגן האָבן זי אינגאַנצן דורכגע־נומען. ער האָט געטאָן אַ גיי צו איר.

— ניין, ניין! האָט זי זיך געבעטן און אַרויס אין צווייטן צימער. ער איז איר נאָכגעגאַנגען און אויפן טיש מיטאַמאָל דערזען אַ טעקע מיט שול־ביכלעך.

— וועמעס איז דאָס? האָט ער שטרענג און בייז אויסגערופן, ווי זי וואָלט זיך מיט די ביכער ביז איצט אויסבאַהאַלטן פון אים...

ער איז איר מער ניט נאָכגעגאַנגען. זי האָט געזאָגט: „מיין זונס".

— איר האָט שוין אַ זון? — האָט ער געפרעגט אַזוי ווי דאָס וואָלט אוממעגלעך געווען. זי האָט שוין איצט געלאַכט העכער און פרייער ווי פריער.

— מזל טוב" האָט ער צוגעוואונטשן און דערביי געטראַכט: „אַנטוישונג נאָך אַנטוישונג, נאָך אַנטוישונג! צום אַלעם ערשטן — אַ מאַן, און איצט אַ מאַמע פון אַ שול־ייִנגל!" זיין שטים איז שוין אינגאַנצן געווען באַהערשט.

— איר מיינט מיר צו זאָגן, אַז איר, א י ר — האָט ער מיט אַ ניגון

אויסגעצויגן דאָס וואָרט — איר האָט שוין אַ שול־ייִנגל? לאָמיך נאָר אַ גוטן קוק טאָן אויף אייך — האָט ער דיפּלאָמאַטיש אַ מאַך געטאָן, ווי ער האָט שוין אַסך מאָל געמאַכט אַן אָנהויב פון זיין סטראַטעגיע אָנצוגרייפן און פאַנגען.

זי האָט געזען, וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער אַנדערער זייט טיש, ביי דער וואַנט, אָבער זיין לאַנגער מענלעכער אָרעם האָט זי אַרומגעכאַפּט און זי צוגעדריקט צו זיך. ער האָט זיך געטאָן אַ בויג צו צו איר און געקושט איר באַק. זי האָט זיך מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אין זיין ברוסטקאַסטן און מיט דער צווייטער אים דערלאַנגט אַ פּאַטש אַרויפצו ביים שטערן און אים פאַרבלענדט איין אויג. ער האָט זי אָפּגעלאָזט. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן דערבייאיקן בענקל און זיך צעוויינט.

— איך פיל זיך שולדיק, שרעקלעך שולדיק קעגן אייך! — האָט ער געזאָגט און אַן באַצאָלט אַרויס אין גאַס. ער האָט זיך אַריינגעקוועטשט אין דעם אויטאָ און זיך ניט גערירט פון אָרט. די באַק האָט אים געשמאַרצט. ער האָט דאָס שפּיגעלע איבער זיך געדרייט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט דערזען זיין גרויס געגאָלט פּנים מיט דעם שטענדיקן שוואַרצן שאָטן פון דער געדיכטער שטשיטינע און דעם רויטן פלעק, וואָס איר פּאַטש האָט אויף דער באַק, ביים אויג איבערגעלאָזט.

מיט אַזאַ פּנים האָט ער זיך אין אַפּטייק ניט געקענט ווייזן. אויך אַהיים האָט ער זיך געשעמט קומען. שטייען דאָ לאַנג, איז אויך קיין פּלאַן ניט געווען. שכנים קוקן אַרויס דורך די פענצטער, צי אפשר דאַכט זיך עס אויס. ער איז אָפּגעפאָרן עטלעכע בלאָק, זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט.

שולקינדער האָבן זיך דאָ געשפּילט, זיי האָבן מיט די הענט געגראַבלט דאָס ביסל איבערבלייבעכטס פונעם שניי, געמאַכט פּילקעס און געוואָרפן איינס אויף סאַנדערע. ער האָט געזוכט „איר" ייִנגל צווישן דער חברה. דערטאַפּט איינעם פון אַ יאָר אַכט מיט טונקל־ברוינע אויגן און געזאָגט: „אָט דאָס איז ער!"

ער האָט גערופן דאָס ייִנגל. די אַנדערע האָבן אַרומגעשטעלט זייער חבר און מיט חידוש געקוקט אויפן גרויסן מאַן מיטן רויטן פלעק אויפן פּנים.

— דאָס איז דער דראַגיסט האָט אַ ייִנגל געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער ווייסט אַלץ.

— וואָס ווילט איר? — האָט דער צוגערופענער יאָט בייז געפרעגט.

— איך וויל טרעפן דיין נאָמען — האָט מאָ שפּאַסיק גערעדט.

— ווי? (פאַרוואָס)— האָט דאָס ייִנגל איבערגעפרעגט.

— גלאַט אַזוי זיך...

די קינדער האָבן פאַרגעסן זייערע שניי־פּילקעס... אַ נייע שפּיל...

— גאָ עהעד — (הייב אָן) האָט דאָס ייִנגל אויפגעפאָדערט דעם מאַן.

— ווייס — האָט מאָ געזאָגט און צוגעגעבן: פאַמיליע נאָמען ווייס.

— איר זייט משוגע, מיסטער, משוגע... — האָט דאָס ייִנגל מאָ'ן אָפּגעזידלט, זיך צעלאַכט און — די קינדער מיט אים. זיי האָבן אים מיט חשד באַטראַכט, ווי ער וואָלט עפּעס טאַקע געווען ניט דאָ און ניט דאָרטן. איינער פון דער חברה האָט אים אַרויסגעשטעלט אַ צונג, געטייטלט מיט אַ פינגער זיך אין שטערן און געזאָגט:

— מיסטער יו'ר קוקו...

מאָ האָט זיך ניט באַליידיקט. ער איז געפאָרן וויטער און זיך ווידער

אָפּגעשטעלט. ער האָט געפילט ווי דאָס שמאַרצעניש ווערט גרינגער און געהאָפט, אַז ביז ער וועט קומען צוריק, וועט די רויטקייט שוין ניט זיין אַזוי שטאַרק.

ערשט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אים ניט באַצאָלט פאַר דער רפואה. אָבער פון אומקערן זיך האָט קיין רייד ניט געקענט זיין.

פון אַ הויף אַרויס האָט אים אַ מאַן געלאָמרט.

— זעט איר דען ניט, אַז איר שטייט מיט אייער קאַר אין מיין אריינפאָר?

מאָ האָט זיך אַנטשולדיקט און אָפּגעפאָרן ווייטער.

ער האָט באַטראַכט דעם אָרום. דער הימל איז געווען אינגאַנצן פאַרוואָלקנט און דער וואָלקנדיקער צודעק האָט אויסגעזען ווי פון איין שטיק — ליכטיק גרוי און סאָליד, אָן אַ שפּעלטיקל. עס האָט אַ צי געטאָן אַ ווינט, מיט איין מאָל אַ ריס געטאָן אַ וויג געגעבן דאָס קליינע קאַרעלע, געפאַלן צום אַספאַלט און אויסגעגאַנגען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער ווינט זיך ווי אויפגעכאַפּט און זיך פאַרבייגעטראָגן מיט אַ שטילן געבייזער. דער גאַנצער איבערדרויסן, דער אַלטער האַלב־אויפגעפרעסענער שניי, דער וואָלקן־צודעק פון אויבן און דער קאַלטער אָטעם פונעם ווינט ,אַלץ אַרום האָט אויסגעזען אַלט. „און איך אַליין?" האָט מאָ זיך געפרעגט.

* * *

גלאָריע האָט זיך שוין עטלעכע טעג אין אַפּטייק ניט געוויזן. וויפל טעג? מאָ האָט ניט געדענקט. ער האָט באַנייט זיינע באַציאונגען מיט דער אַלמנה, גאָסי. זי האָט אים געטריבן פון זיך און אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער האָט איר פאַרראַטן. ער האָט אָבער אירע רייד ניט גענומען ערנסט. ער האָט זי געקושט און זי פאַרזיכערט, אַז „דאָס" איז געווען אַ פאַרבייגייענדיקע זאַך... ער האָט די רייד אַרויסגעבראַכט ביי גאָסיס קליינעם אויער, זי פאַרזיכערט, אַז נאָר זי, גאָסין, האָט ער ליב. דערביי אויך זיך געוואָלט פאַרזיכערן און זיך געפרייט, וואָס סע גיט זיך אים איין. דער דערפאָלגרייכער מאַנסביל וואָס האָט אויף גאָסין געקוקט, ווי אויף די אַנדערע פרויען, וואָס ער האָט געקאָנט קריגן, דער דראָגיסט מאָ האָט צייטנווייז פאַראורטיילט אַלע פרויען, אַלעמען, חוץ זיין מוטער. זי איז אַזוי געווען איבערגעגעבן דעם פאָטער, אַז זי האָט ניט חתונה געהאָט, ניט פריער, ווען זי איז נאָך שיין געווען ווי אַ מיידל און ניט איצט, ווען זי וואָלט נאָך אַלץ געקאָנט קריגן אַ מאַן.

אָט פון אַזאַ פרוי ווי זיין מוטער איז, האָט מאָ, פירנדיק זיינע „ליבעס", געחלומט. און ווען דער חלום האָט אויסגעזען פאַרווירקלעכט צו ווערן, איז ער אויסגערונען. מאָ האָט איינגעזען זיין טעות און דעם דורכפאַל פון זיין ביז־איצטיקן מעטאָד. ווי אַנדערש וואָלט ער געקאָנט געווען צוקומען צו גלאָריען? אפשר געדאַרפט געווען אויסנוצן זיין קאַלעדזש־בילדונג, זיין באַלעזנקייט אין דער וועלט־ליטעראַטור, איר ווידמען אַ ליד... יאָ, ער איז דאָך געווען דער רעדאַקטאָר פון דער קאַלעדזש־אויסגאַבע און דאָרט פלעגט ער שרייבן אויף אַלע געביטן פון דער ליטעראַטור און אין אַלע פאָרמען. די חברים האָבן אים גערופן שרייבער און דערביי אונטערגעשמייכלט. זייער שמייכלען האָט אים ניט פאַרדראָסן, מחמת ער האָט אַליין ניט געגלויבט אין זיינע שרייבערישע כוחות.

אַרויס פון קאַלעדזש און אַריין אין די געשעפטן. אויס מיט ליטעראַטור. ער האָט ניט נאָר מער ניט געשריבן, אַפילו דאָס לייענען האָט ער פאַרנאַכ־לעסיקט. אָבער פאַרגעסן די איבערגעלייענטע ביכער האָט ער ניט געקענט. אויב ער וואָלט ניט געקאָנט איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון אַ נאָוועלע, צי פון אַ פּאָעמע, האָט ערגעץ טיף אין אים ווי געדרעמלט דער טיפער איינדרוק פון יענע גרויסע און טיף־דורכגעלעבטע שילדערונגען, ווי אַ האַלב־פאַרגעסענער אַראָמאַט, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אויסוועפּן, ווי נאָר ער וועט זיך פאַרטראַכטן וועגן יענע גייסטיקע ווערטן.

אָט די קליינע מיידל, גלאָריע, האָט מיט אירע קליינע וואַרעמע הענט אים מיט איין מאָל אַ שטויס געטאָן אויף צוריקוועגס צום קאַלעדזש, צו די ביכער און צו זיינע יונגע חלומות. וואָס פאַר אַ כוח האָט אין דער גלאָריע געשטעקט? ער האָט זי געדאַרפט האָבן לעבן זיך, מיט זיך, שטענדיק, הערן איר ווייכע שעמעוודיקע שטים, קוקן אין איר כשרן בליק און שעפּן פון איר ענערגיע און גלויבן, אַז ניט אַלע מענטשן זיינען פאַרדאָרבן און ניט אַלע פרויען זיינען ביליק. טראַכטנדיק וועגן דורכגעלייענטע ביכער, האָט ער זיך דערמאָנט ניט נאָר אין פּאָזיטיווע טיפּן, וואָס האָבן אים מיטגעריסן מיט זייער גאָנצקייט און מיט אידעאַליזם, נאָר אויך וועגן ביכער, וואָס האָבן געשריבן וועגן קאָרופּטירטע מענטשן, אָן מאָראַל און אָן אַ צובונד צו ווערטפולע זאַכן. וואָס איז געווען דער ציל פון יענע שרייבער? אייניקע פון זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז נאָר נעגאַטיווע מענטשן קומען אַרויס שטאַרק קינסטלעריש. זיי האָבן אפילו די ביבל גענומען צו הילף צו באַקרעפטיקן זייער קרומען געדאַנק... אַ סימן, זיי האָבן בכיון פאַרזען די פּאָזיטיווע ריזן־געשטאַלטן פון דער ביבל.

מאַ האָט געמוזט פאַר עמעצן רעדן, זיך אַרויסרעדן. ער האָט דאָס געטאָן פאַר דער מוטער. ער האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אים ניט פאַרשטיין, ווייל זי איז אין זיינע אויגן ניט מער ווי אַ מאַמע, וואָס ראַמט און קאָכט און באַקט, און וואַשט, און מאַכט צורעכט. וואָס די מאַמע האָט געטאָן אין איר פרייער צייט, האָט מאַ ניט געוואוסט.

איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מוטער איז גוט באַהאַוונט אין די אַלע ביכער, וואָס זיינען געווען אין דער פאַרבליבענער קלייניקער ביבליאָטעק נאָכן פאָטער, ביכער פון אַן אַנדער וועלט און פון אַן אַנדער לשון, אָבער ביכער פון גרויסע שרייבער, וועמענס נעמען ער האָט געהערט און אַמאָל אויך געלייענט אין דער ענגלישער איבערזעצונג. די מאַמע האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט ריידן פריי און ריכטיק ענגליש, אָבער אויך די אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז איר ניט געווען פרעמד.

די מוטער האָט פאַרן זון געלייענט אויף אויסנווייניק רוסישע פּאָעמעס. מאַ האָט געלאַכט ווי אַ קינד און זיך געבעטן: „אַז איך פאַרשטיי קיין וואָרט ניט!" האָט אים די מאַמע שוין געלייענט געדיכטן אויף יידיש. מאַ האָט דאָס לשון ניט גערעדט, אָבער עפּעס דאָך פאַרשטאַנען און ער האָט עפּעס אַזוי ווי מיט שרעק אויסגערופן: „יידיש האָט אויך אַ ליטעראַטור???!!!"

— און דו האָסט געמיינט, אַז דיין מאַמע ווייסט גאָרניט? — האָט אים די מוטער פאַרגעוואָרפן און דערביי געקוקט אויפן זון מיט רחמנות אויף זיין פאַרענדערונג. זיין גרויס מענלעך פּנים איז געווען אָפּגעצויגן, די בלויקייט אין זיינע קליינע אויגן האָט זיך געטונקלט, אָפּט ביז שוואַרצקייט, זיך געראַנגלט, זיך אָנגעשטרענגט צו שמייכלען און קוים פאַרהאַלטן אַ זיפץ.

מאַ האָט געקאָנט טאָן דעם בעסטן שידוך אין שטעטל און לעבן גליקלעך. איז ביז איצט גאָרניט געוואָרן פון אַלע איבעררײדן מיט אים און איצט האָט גאָט צוגעשיקט אַ פאַרהייראַטע פרוי. צו וואָס, צו ווען?

מאַ האָט מער ניט געקאָנט וואַרטן אויף גלאָריען און ער איז יעדן טאָג דורכגעפאָרן פאַרביי איר הויז. ער האָט זי ניט געזען. ער האָט געוואַרט עטלעכע מינוט און אַ פאַרשעמטער צוריקגעפאָרן.

עס איז אַריבער אַ וואָך.

אין פרימאָרגן האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. אַלען האָט געענטפערט און מיט זיין ציניש שמייכעלע געזאָגט: „פאָר יו" (פאַר אייך).

מאַ האָט גענומען דאָס שוואַרצע טרייבל אין זיין האַנט און דערהערט גלאָריעס קול:

— מיסטער וואולף? — האָט זי געפרעגט.

יאָ, — האָט ער אויף גיך אָן ענטפער אָפּ געטאָן.

זי האָט באַשטעלט די רפואה פאַר איר מוטער און צוגעגעבן: „איר ווייסט דאָך וועלכע איך מיין".

ער האָט אין איר קול געהערט אַ טאָן פון רוגז און פאַרוואורף, ווי זי וואָלט געזאָגט: „איך האָב ניט פאַרגעסן אייער שריט, פרעכער מאַן!"

— באַלד וועלן מיר עס אייך צושיקן.

— אין אַ צוויי שעה אַרום? — האָט זי מיט אַ חוזק איבערגעפרעגט.

ער האָט ניט זיכער געענטפערט: „אונגעפער".

ער האָט דערוואַרט אַ געלעכטערל, אָבער עס איז ניט געקומען. ער האָט אויף גיך פאַרגרייט די רפואה, נאָר ווען די צוויי שעה זיינען אַריבער און ער האָט זיך שוין געלאָזט צו זיין קאַרעלע, האָט ער זיך אומגעקערט און געזאָגט אַלענען:

— פיר דאָס צו. דאָ האָסטו דעם אַדרעס.

* * *

ווען אַלען איז צוריקגעקומען, האָט אים מאַ אויסגעמיטן צו קוקן אין פנים. ער האָט איבערגעציילט דאָס געלט, וואָס אַלען האָט פון גלאָריען געבראַכט און געזען, אַז זי האָט היינט אָפּגעצאָלט אויך פאַר דער פריערדיקער רפואה. דער געראָטענער געשעפטסמאַן איז זיבעט זיין אָפּשניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעל חלום. אינעם געבראַכטן געלט זיינען געווען צוויי פּאַפּירענע דאָלער און אַביסל זילבער. מאַ האָט געקוקט אויף די צוויי דאָלער און אַ וואונטש האָט ער געהאַט, אַז איינער פון זיי זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטיקל שרייב־פּאַפּיר און אויף דעם זאָל מיט איר האַנט זיין אַ פּאָר געציילטע ווערטער אויפגעשריבן פאַר אים. ער האָט דאָס געלט אַריינגעלייגט אין רעגיסטראַר אונטער אַלע דאָלער־פּאַפּירלעך און שפּעט אין אָוונט פאָרן גיין אַהיים זיי מיטגענומען.

ביינאַכט האָבן די דאָלאַרן זיך מאַ'ן געחלומט. עס איז געווען אַ שטאַרקער ווינט. ער איז געזעסן אין זיין קאַרעלע אַקעגן די פענצטער פון גלאָריעס וואוינונג. ער האָט געוואַרט און געוואַרט אויף איר, און זי האָט זיך ניט געוויזן. האָט ער אַרויסגענומען די דאָלאַרן געקוקט אויף זיי. געלייענט די חתימות פון רעגירונג־באַאַמטע, געזען דאָס בילד פונעם מאַרטירער־פּרעזידענט לינקאָלן. איין פּאַפּירל האָט אָנגעהויבן ווערן בלייכער אויף איין זייט, אויף דער זייט מיטן פּרעזידענט בילד, אַרום דעם בילד בלויז. דאָס

פּנים פונעם פּרעזידענט איז פאַרבליבן אונפאַרענדערט. מאָ האָט אַ לאַך געטאָן און זיך געזאָגט: „נאַר אין חלום געשען אַזוינע זאַכענישן. דאָס איז אומזין! דאָס קען ניט זיין. סיידן, סיידן ביי מיר אין קאָפּ האָט זיך עפּעס איבערגעדרייט... שאַט נאַר, שאַט נאַר... די זאַך פאַרגייט שוין אַביסל צו ווייט..." ער קוקט אויפן לאַנגן, דאַרן בערדיקן פּנים און זעט עס מער ניט. עס איז גאַר גלאָריע! צוערשט אַ ברוגזע מיט קליינע טרערן אין די ווינקעלעך פון די ברוינע אויגן. באַלד שיינט אויף איר שמייכל דורך די טרערן און אירע פולבלעכע אונטערגעפירטע ליפּן פּליסטערן עפּעס. אָבער וואָס זיי זאָגן, הערט ער ניט. ער שטרענגט זיך אָן, ער לייגט צו דאָס שמייכלענדיקע בילד צום אויער, אָבער ער הערט נאָך אַלץ ניט. עס ווערט אים שווער צו אָטעמען פון אויפרעגונג. ער צעעפנט דאָס פענצטער, אָבער דערפון ווערט אים ניט גרינגער. דאָ רייסט זיך אויף אַ ווינט, טוט אים אַ באַד אָפּ מיט אַ קאַלטער כוואַליע לופט און רייסט ביי אים דאָס פּאַפּירל פון דער האַנט. אַט־אַט וועט ער עס אויסרייסן. מאָ האַלט דאָס שוין מיט ביידע הענט, נאָר דער ווינט איז שטאַרקער. די אַסיגנאַציע איז שוין אין דער לופטן און טראָגט זיך אַרויף־אַרויף צום ווינטערדיק־פּאַרוואָלקנטן הימל...

העי! האָט מאָ אויסגעשריגן און זיך אויפגעכאַפּט.

דורכן פענצטער, וואָס ער האָט געלאָזט אָפן פאַרן שלאָפן האָט זיך געריסן אַ קעלט און שווער געפּאַלן אויף זיין פּנים. ער האָט געדאַרפט אויפשטיין און דאָס פענצטער צומאַכן, אָבער ער האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט איבעררייסן דעם חלום. ער האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע, אָבער קיין שלאָף האָט אים מער ניט גענומען. און כאָטש ער איז געווען אינגאַנצן וואַך, האָט דער כישוף פונעם חלום אים נאָך אַלץ געהאַלטן געפּאַנגען. אָט דאָ, ביים בעט, זיינען זיינע הויזן געהאַנגען און אין קעשענע זיינען געלעגן די צוויי דאָלאַרן. ער האָט דאָך געקאָנט אַ קוק טאָן און זען דעם אומזין פון אַ חלום. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן ביז אין דער פרי.

יאָ, ער האָט זיי געזען און אפילו איצט אין דער שיין פונעם זוניקן פרימאָרגן האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז מיט איינעם פון זיי איז עפּעס געשען ביינאַכט. ער וואָלט אפילו געקאָנט זאָגן מיט וועלכן דאָלער...

עס איז אַריבער נאָך אַ וואָך. גלאָריע האָט זיך ניט געוויזן. מאָ האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך אין די הענט גענומען. ער האָט געשפּאַסט מיט די קונים, געגרופן דעם הויז־אַגענט און אים געזאָגט, ער זאָל פאַר אים זוכן אַ הויז צום קויפן. דער מסחר האָט זיך איינגעגעבן, און מאָ האָט אין איין וואָך פאַרדינט עטלעכע הונדערט דאָלער. די מוטער האָט זיך געפרייט מיטן אויפגעריכטן זון. ער האָט ווידער אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין די אָוונטן און צוריקקומען שפּעט ביינאַכט און אַריינשלאָפן ביז שפּעט אין טאָג אַריין.

אַלען האָט נאָך אַלץ געשמייכלט ציניש און אונפאַרשעמט, אָבער מאָ'ן האָט עס מער ניט פאַרדראָסן. די קונים האָבן אים געמאַכט קאָמפּלימענטן, אַז ער זעט אויס בעסער און בעסער. מאָ אַליין איז אויך געווען זיכער אין דעם. די געשעפטן אין קראָם האָבן זיך פאַרבעסערט. דער הויז־אַגענט האָט ווידער געבראַכט מציאות. מאָ האָט אָנגעהויבן ווערן רייך.

איינמאָל האָט ער אַ קלער געטאָן, אַז דאָס אַלץ וואָלט דאָך געקאָנט זיין ז י י ע ר ס, גלאָריעס און זיינס. קוים האָט ער זי גענומען אין זינען, האָט אַ צווייטער געדאַנק זיך שוין געקייטלט אינעם ערשטן, אַ געדאַנק, וואָס

קאָן קומען נאָר אין חלום. ער איז געגאַנגען אַזוי ווייט אין זיין טראַכטן וועגן גלאָריען, אַז ער האָט זיך געזאָגט: „עס איז איר מזל, מיין ניי רייכטום". ער האָט קיינמאָל מיט קיין הייזער ניט געהאַנדלט. דאָס האָט ער, דער מאַן אירער, דער מאַן, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט ניט געזען, אין אים אַרויס־גערופן די קנאה. ער האָט עס איר געוואָלט זאָגן. אָבער ווי אַזוי?

איבער פיר וואָכן, אַז זי וויזט זיך ניט. וואו קויפט זי איין רפואות? וואו טרינקט זי אירע „מאַלטעדס?" אוודאי ביי זאַלקינדן. עס איז ווייט אַהין, אָבער אַז מען מוז, גיט מען זיך אַן עצה.

ער האָט שוין ווידער געקלערט פון גלאָריען, און אָנשטאָט פאָרן צו איר וואוינונג, איז ער איינמאָל צוגעפאָרן צו זאַלקינדס אַפטייק, זיך אָפּגע־שטעלט ביי אַ האַלבן קוואַרטאַל פון דאָרטן און געוואַרט.

עטלעכע מאָל האָט ער עס געטאָן. גלאָריע האָט זיך ניט געוויזן.

איין מאָל האָט ער זי דערזען. זי איז אים אַנגעקומען אַקעגן, מיט אַ קליין פּעקעלע אין דער האַנט. עס איז שוין געווען פרילינג און זי האָט געטראָגן אַ דינעם מאַנטל פונעם זעלבן קאָליר וואָס איר בייטל, האָניק־קאָליר, אָבער דער איצטיקער גרויסער בייטל ביי איר זייט איז געווען וויס, וויס ווי שניי. דאָס האָט אים דערמאָנט דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער.

זי איז געקומען נענטער און נענטער. ער האָט אויף גיך געטאָן אַ צינד אָן דעם מאָטאָר, אָבער פאָרן האָט ער ניט געקענט. דער אַלטער מאָטאָר האָט בייז געבורטשעט און זיך ווי געריסן פאָראויס.

„אָט, האָט מאַ זיך געשראָקן, וועט זי מיך דערקענען און מיך אויסמיידן". ער האָט צוגעשלאָסן די אויגן און געוואַרט. זי האָט זיך דער־נענטערט. אָט איז זי! זי אויפן טראָטואַר, און ער אין קאַר... נאָך איין רגע, און זי וועט מער ניט זיין, זי וועט יאָ זיין, אָבער זי וועט זיך דערווייטערן פון אים, ביז זי וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן.

ער האָט מיטאַמאָל געעפנט די אויגן.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט... זי האָט אים דערזען און אַראָפּגעשטעלט איין פוס אויפן אַספאַלט. דאָס וויל זי אַריבערגיין די גאַס און אים אויסמיידן.

ער האָט שטאַרק אָנגעדריקט אויפן האָרן. זי האָט זיך אומגעקוקט. ער איז אַרויס פון דער קלייניקער מאַשין און מיט אַ פרעמד קול געזאָגט:

— וואָס אַנטלויפט איר פון מיר?

זי האָט צוריקגעשטעלט דעם פוס פונעם אַספאַלט אויפן גאַס, שטיין געבליבן אויפן טראָטואַר און אויף איר שיין מויל האָט זיך באַוויזן אַ געצוואונגענער שמייכל.

— ענטשולדיקט — האָט זי געזאָגט און אויפגעהערט צו שמייכלען. איר שטיל און שעמעוודיק קול האָט אים תיכף צוריקגעפאַנגען. פון געוואוינ־הייט אַריינצונעמען אַ פּרוי אין זיין קאַר, האָט ער דאָס אויך געוואָלט טאָן מיט גלאָריען. ער האָט געעפנט די טיר צום טראָטואַר און געבעטן: „פּליז, מיסעס וויס!"

— טהענק יו קיינדלי, — האָט זי געזאָגט, געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין, זיך געלאָזט גיין ווייטער.

אינעם שפּיגעלע פון דער קאַר, איבער זיך, האָט מאַ איר נאָכגעקוקט. זי איז געווען בלויז עטלעכע שפּאַן פון אים, אַזוי נאָענט, אַז ער האָט נאָך געקאָנט זען ניט נאָר זי אינגאַנצן, נאָר טיילן פון איר מיידלשן קערפּער, סיי די אָפּגעדעקטע און סיי אויך די באַהאַלטענע. אָט האָט ער געזען איר

קלאָרן נאַקן און אַ קליין פּאַסמעלע האָר, וואָס האָט זיך פון אונטער דער פרילינג־הוט אַרויסגעריסן. ער האָט געקוקט אויף איר קליינער האַנט מיטן פּעקעלע. די האַנט האָט זיך באַוועגט צום טאַקט פון איר שפּאַנען. דאָס איז געווען די רעכטע האַנט, צו דער גאַס צו. דאָס איז געווען די זעלביקע האַנט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיינער. דאַמאָלט איז ער אַזוי זיכער געווען, אַז די האַנט אירע וועט אים פירן ווייטער, נענטער צו איר קערפּער, וואָס האָט אים דאַמאָלט, ווי אויך איצט פאַרבלענדט מיט אַן אומגעזעענער שיינקייט פון שיין־אויסגערונדיקטע פאָרמען, וואָס האָבן אויסגעפילט אירע קליידער.

ער האָט דערוואַרט, אַז זי וועט פאַרגיכערן איר טראָט, מיט אַ נערוועזן צוק אין איר גאַנג. אָבער זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי אַ מענטש וואָס האָט געצוג צייט און איז זיכער, אַז זי וועט ניט פאַרשפּעטיקן. ער האָט געוואָרט, זי זאָל זיך אומקוקן, געוואוסט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, און דאָך געהאָפט. אין די אָנגעשטרענגטע אויגן האָט ער דערפילט אַ געזאַלצענע פייכטקייט און אַ שאַרפן ברי. די רעכטע האַנט האָט אים געביסן און דער פּולס, האָט זיך אים געדאַכט, האָט פונעם האַנט־געלענק זיך אַריבערגעקליבן צו דער האַנטפלאַך און דאָרט אויפגעטיקט ניט נאָרמאַל, מיט איבעררייסן, ווי אַ קאַליע־געוואָרן זייגערל.

דער ווייטיק אין די אויגן האָט אים פאַרחידושט. זאָל זיין, אַז איך וויין? ער האָט צוגעטוליעט דאָס טיכלע צו די אויגן. עס איז געווען טרוקן. „אפשר ווער איך בלינד?" האָט ער געטראַכט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, זיי תיכף געעפנט. ניין, ניין! ער האָט געזען גלאָריען, כאָטש זי איז שוין געווען ווייטלעך און איר כישופדיק געשטאַלט האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרוואַנדלען אין אַ סילועט. אָט דאָרט, וואו זי גייט איצט, איז דאָ אַן אויטאָבוס־סטאַנציע. דאָרט וועט זי זיך אָפּשטעלן וואַרטן.

זי האָט זיך ווירקלעך אָפּגעשטעלט. דאָרט האָבן געוואַרט נאָך צוויי מענטשן.

מאָ איז געבליבן זיצן אין קאַר. אוודאי האָט אים גלאָריע געזען פון דאָרטן. זי האָט אפשר געשמייכלט און צוגעשמייכלט ניט צו אים, נאָר וועגן אים. וואָס טראַכט זי? האָט זי קיין געפיל צו אים? וואָס פאַר אַ מענטש איז זי? ניט אַלע זיינע דערפאָלגן ביי פרויען זיינען אים אָנגעקומען גרינג און גלאַטיק, אָבער גלאָריע איז געווען ווי אַ מעכטיקע, ניט־צוטריטלעכע פעסטונג.

געקומען צוריק אין זיין אַפּטייק, האָט ער איר געוואָלט טעלעפאָנירן. ער איז געשטאַנען אינעם טעלעפאָן־ביידל און ניט געוואַגט נעמען דאָס טרייבל אין דער האַנט. ער האָט זיך אויסגעטענהט מיט איר, ער האָט זי פאַרזיכערט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ געשעפט־שמועס. אַז נאָך אַלעמען איז ער אין ביזנעס, און אַ קאָסטאָמער איז אַ קאָסטאָמער. ער וועט מער איר ניט פירן די רפואה, נאָר קומען זאָל זי. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, „כאָטש אַ קוק טאָן אויף מיך" אָבער דאָס האָט ער ניט געוואַגט, ניט געוואָלט איבערפירן זיין טאַקטיק.

ער איז לאַנג געשטאַנען ביים טעלעפאָן. ער האָט שוין אפילו געהאַלטן דאָס שוואַרצע טרייבל אין דער האַנט און געהערט דאָס לעבעדיקע זומען, אַ סיגנאַל וואָס איז גרייט אויפצונעמען זיינע רייד און זיי איבערטראָגן צו איר.

דעם ברי אין די אויגן האָט ער מער ניט געפילט, נאָר די רעכטע האַנט האָט אים ווידער געביסן.

ווען די מוטער האָט אים אין אָוונט דערזען, האָט זי זיך פּאַר אים דערשראָקן, אַזוי פאַרענדערט איז זיין גרויס, שלעכט־געגאָלט פּנים געווען.

— האָסט זי געזען? — האָט די מוטער געפרעגט.

מאָ האָט אַ ציטער געטאָן. פון וואַנען נעמט זי דאָס??? צו אַלע גרויסע מעלות, וואָס ער האָט געזען אין דער מוטער, איז איצט צוגעקומען נאָך איינע: אַ פענאָמענאַלע דורכדרינגלעכקייט פון אַ געניאַלן פּסיכיאַטאָר!

ער האָט אויף איר פראַגע דירעקט ניט געענטפערט, נאָר אַרויסגעקרעכצט:

— מאַ, איך דענק, אַז איך בין קראַנק.

— מכות מיינע גרויסע! — האָט זי אויסגערופן און צוגעלייגט איר האַנט צו זיין שטערן. — דו ברענסט דאָך אינגאַנצן! גיי שוין אין בעט אַריין! שוין און די מינוט!

זי האָט גערופן דעם דאָקטער און יענער האָט פאַרשריבן טראָפּנס צום באַרואיקן. דער דאָקטער האָט פאַרן אַרויסגיין געזאָגט אויפן היימישן שטייגער: „געזונט ווי אַ פערד, נאָר אַ ספּאָלאָכעטער אַביסל...״ ער האָט צוגעווּונקען מיט אַן אויג און צוגעגעבן: „רו איז די בעסטע רפואה״.

די מוטער האָט דעם דאָקטער באַגלייט און דאָרט, ביי דער טיר, אים אויף גיך אַ זאָג געטאָן: „אַן אומגליקלעכע, האָפנונגלאָזע ליבע״.

דער דאָקטער האָט גוט געקענט מאָ׳ן און געוואוסט פון זיינע „ליבעס״. האָט ער, אויסהערנדיק די מיסעס וואולף, איבערגעפרעגט: „וואָס?!

— דאָקטער, פרעגט בעסער ניט. איך ווייס וואָס איך רעד.

— אויב אַזוי — האָט דער דאָקטער שוין אָפיציעל, ווי אַ געטרייער היילער, געזאָגט, — גיי איך שוין צוריק. ער האָט האַסטיק אַ שפּאַן געטאָן צום חולה אין צימער און אויסגערופן: — דעם עיקר, מאָ, האָב איך פאַרגעסן. רו אין דער היים וועט קיין רו ניט זיין. מאָרגן פאָר אַרויס אין דאָרף אויף רו צוויי דריי וואָכן. און נאָכדעם וועלן מיר זען.

מאָ האָט פאַרשטאַנען, וועד עס איז שולדיק אינעם דאָקטערס נייעם באַשלוס. אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? ער האָט זי בייז און מיט פאַרפאורף אָפּגעמאָסטן. ווען דער דאָקטער איז אַוועק, האָט ער געשריגן:

— ווער האָט דיך געבעטן זיך מישן אין מיינע ביזנעס? עס איז מ י י נ ע ביזנעס, און מער קיינעמס ניט, ק י י נ ע מ ס ניט!!! — האָט ער געשריגן מיט אַ פאַרענדערט קול, עפּעס אַ מין דינס און אַ פאַרשפּיצטס, אַז זי האָט עס ניט דערקענט. פון זיין געשריי האָט די קליינע מוטער זיך אַראָפּגעזעצט. זי איז נאָך קלענער געוואָרן. אירע שיינע ברוינע אויגן זיינען פינצטער געוואָרן ביז שוואַרץ און זיי זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן.

מאָ האָט זי געקושט, זי איבערגעבעטן און איר צוליב געטאָן.

ניט מאָרגן, ווי דער דאָקטער האָט פאַרזאָגט, נאָר מיט צוויי טעג שפּעטער, איז מאָ שוין געווען אין די בערג און נאָך דעם זעלביקן טאָג שוין פאַרפירט באַקאַנטשאַפטן מיט פרויען. ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט שוין פאַרגעסן אין גלאָריען. דאָס שנידעניש, ווי מיט דריבנע מעסערלעך אין די אויגן, האָט אויפגעהערט, נאָר די האַנט האָט נאָך פון צייט צו צייט אַ צוק געטאָן.

ער האָט געשטילט זיין ליידנשאַפט און ער האָט זיך, דאַכט זיך, לחלוטין באַרויאיקט, אָבער די ניט־געשטילטע תאווה צו גלאָריען, האָט ערגעץ אין זיינע טיפעניש געדרעמלט.

די בערג זיינען געאַרניט אַזוי ווייט געווען פון דעם שטעטל, פון דער היים, אָבער דער שאַרפער קאָנטראַסט זייערער צו דער שטאָט, מיטן אייביקן

רויש, וואָס שטילט זיך קוים אײן אפילו אין די נעכט און דערוואַכט אין די פרימאָרגנס, מיט געבייזער און אַ ווילדן כוח, די בערג און די טאָלן אַרום, מיט זייער פרישער גרינקייט, האָבן אים אויסגעזען ווי מרחקים, שיר ניט ווי אַן אַנדער לאַנד, מיט אַן אַנדער לעבן.

דער מוטער האָט ער געשריבן אַלע טאָג און זי פאַרזיכערט, אַז ער איז שוין אינגאַנצן אויסגעהיילט פון זיין קראַנקהייט. דאָס וואָרט האָט ער באַצירט מיט קוואָטאַציעס: עס זאָל הייסן, אַז ער אַליין חוזקט פון זיך און פון זיין איינרעדעניש. אין אַן אַנדער בריוו האָט ער די „קראַנקהייט" שוין אָנגערופן פאַנטאַזיע. די מוטער האָט מאָ׳ס בריוו געלייענט מער ווי איין מאָל און דאָס איז איר ווייניק געווען. זי האָט אויך געזוכט צווישן די שורות, און דאָס וואָרט פאַנטאַזיע האָט איר עפּעס געזאָגט און ניט דערזאָגט.

מאָ האָט אויך געשריבן צו עטלעכע פון זיינע געליבטע און יעדע פון זיי פאַרזיכערט, אַז נאָר זי האָט ער ליב. ער איז אַריין אין זיין ראָל. ער האָט געשפּאַסט מיט די געציילטע געסט ביים טיש און אויף די שפּאַצירן. ער האָט אָבער אויסגעמיטן צו בלייבן אַליין אויף די שמאָלע געדרייטע וועגן און וועגעלעך צווישן די געדיכטע ביימער. אַ „פאַנטאַזיע" האָט זיך געהאַלטן אין פאַרגנבענען צו אים, אַז גלאָריע קאָן זיך מיט איין מאָל באַווייזן און אים צעשטערן זיין טייערע רו.

איין נאָכמיטיק, בשעת די געסט האָבן געהאַלטן אין פאַרענדיקן זייער מאָלצייט, האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער רעגנשטורעם. מאָ האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער ביי זיין טיש און געזען ווי די געוואַשענע ביימער ראַנגלען זיך מיט דער סטיכיע און בייגן זיך מיט די גרינע קעפּ אַרונטערצו. דער האָטעל איז געווען אויף אַ באַרג, און אין דער ניט־וויטער וויט, אין טאָל האָט זיך אַהער געזען אַ שטיק פונעם טייך האַדסאָן. אין זוניקע טעג האָט דער טייך געגלאַנצט און געבלענדט. איצט איז זיין ליכטיקייט פאַרשוואונדן און די גרויסע כוואַליעס האָבן אויסגעזען, ווי אַן אויפגעאַקערט פעלד. מיטן „פעלד" האָט מאָ דערזען אַ סילועט פון אַ מענטשן. דער סילועט האָט זיך קוים באַוועגט פאַראויס, אַהערצו, צו דעם ברעג פונעם באַרג. מאָ האָט צוגעשלאָסן די אויגן. „ניט מעגלעך! ניט מעגלעך!!" האָט עס אין אים פּראָטעסטירט. ווי קאָן אַ מענטש גיין איבערן וואַסער? ער האָט צוריק געעפנט די אויגן. די זעאונג איז מער ניט געווען, אָבער ער האָט געוואָרט, דאָס געשטאַלט זאָל זיך באַווייזן. ער האָט זיך איינגעקוקט צווישן די ביימער. דערווייל האָט דער רעגן אויפגעהערט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, זיך אַנטשולדיקט פאַר די מיטעסער און איז אַרויס אויף דער ברייטער וועראַנדע.

ווידער האָט דער האַדסאָן אייפגעלויכטן אַקעגן דער זון. איצט האָט שוין מאָ געגאַרט צו דערזען גלאָריען. מיט איין מאָל האָט ער זיך דערמאָנט אָן איר, ווי ער האָט זי געזען אינעם שפּיגעלע פון זיין אויטאָ, אַ האַלבן בלאָק פון זאַלקינדס אַפּטייק. דאָס האָט זי געשפּאַנט איבערן וואַסער! דאָס איז געווען זי און ניט זי. דאָס איז געווען איר אָפּבילד, וואָס האָט זיך צום אויסגעבענקטן מאַן געטראָגן. עס טוט איר באַנג, וואָס זי האָט אים אָפּגעשטויסן און זי קומט צו אים אַ שעמעוודיקע און אַ באַגערטע.

ער איז אַוועק אין זיין צימער און געשריבן גלאָריען אַ בריוו. אַלץ־אַלצדינג האָט ער איר אויסגעשריבן, אָבער ניט פאַרענדיקט. ער איז געבליבן זיצן, געקוקט אויף די באַשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר און זיי געצוימען רייסן אויף שטיקער אויף פּיצלעך.

ביי דער וועטשערע האָט ער מער ניט געשפּאָסט. עס זיינען אַריבער זיינע צוויי וואָכן רו, און ער האָט זיך געקליבן אַהיים. ער איז אַריינגעקומען אין זיין צימער און אינעם מיסטקאָרב דערזען די צעריסענע שטיקער פון זיין בריוו.

ער האָט זיך אין אָנטאָן געלייגט אויפן בעט און געטראַכט: אויב איך קאָן זי ניט קריגן אין דערווירקלעכקייט, וועל איך זי קריגן אין חלום. פרדיען האָבן זיך אים אַ סך מאָל געחלומט אין ליידנשאַפטלעכע פּאָזעס. פאַרוואָס ניט גלאָריע?

ער איז שפּעט אָנשלאָפן געוואָרן און גלאָריע איז אים צו חלום ניט געקומען. אויף מאָרגן האָט ער זי געזען שוועבן איבער די שטורעמדיקע כוואַליעס פונעם האָדסאָן. ער איז געלאָפן באַרג אַראָפּ. עס איז געווען ווייט, אָבער ער איז ניט מיד געוואָרן. ער איז צו צום ברעג און קיינעם ניט געזען דאָרט. נאָר די פייגל האָבן הויך געזונגען. „שאַט אַפּ!!!" האָט ער אויסגעשריגן און זיך אויפגעכאַפּט.

די נאַכט, איידער ער איז געפאָרן אַהיים, האָט ער געמאַכט אין חלום אַ רפואה פאַר גלאָריעס מוטער. גלאָריע האָט אים געעפנט די טיר. אינעם קליינעם טונקעלען קאָרידאָר האָט ער זי דערזען לעבן זיך אין איר גאַנצער פּרויען־פּראַכט, מיט די רונדיקע פאָרמען פון איר פולבלעכן מיידלשן קערפּער. ער האָט דערשמעקט איר ליב. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין שטאַרקן מענלעכן אָרעם אויף אַרומצונעמען זי און זי צוזדריקן צו זיך, אָבער זי האָט זיך געטאָן אַ רוק אויף צוריק און איז פאַרשוואונדן אין די צימערן. ער האָט געוואַרט. ער האָט זי גערופן. ער האָט געהאַלטן דאָס פלעשל מיט דער רפואה אין דער האַנט. דערנאָך האָט ער עס אַוועקגעשטעלט אויפן געזימס פונעם פענצטער און איז אַרויס אין דרויסן צו זיין קאַרעטע. אָבער עס איז דאָרט ניט געווען...
„אַ גניבה! אַ גניבה!" האָט ער געשריגן און גערופן: „פּאָליס! פּאָליס!"

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזען דעם פאַרפאַקטן טשעמאָדאַן. ער האָט איצט געהאַט דאָס געפיל ניט צו פאָרן אַהיים, נאָר ערגעץ ווייט־ווייט.

* * *

## עפּילאָג

מאָ וואולף, דער דראָגיסט איז צוריק געווען אין דער היים, צוריק אין די געשעפטן. קונים האָבן אים געזאָגט, אַז ער זעט אויס גוט. ער האָט ווירקלעך אויסגעזען צו זיין צופרידן, אָבער אַ גאַנצן לאַנגן טאָג און אין אָוונט האָט ער אַרויסגעקוקט אויף דער נאַכט, אויפן שלאָף און אויפן חלום, וואָס וועט אפשר פאַרווירקלעכן זיין דראַנג. גלאָריע האָט זיך אים אָנגעהויבן צו ווייזן, נאָך איידער ער איז איינגעשלאָפן. ער איז נאָך וואַך געווען, געהאַלטן די אויגן אָפן, געזען דאָס גרויסע אָפענע פענצטער ביים בעט און די ווייס־צעבליטע אַקאַציע דערביי. איר אַראָמאַט איז, ווי אַ שטיל ווינטל, אַריין און צוריק אַרויס אין דרויסן, ווי עס וואָלט זיך געררייצט מיט אים, ניט ווייי צו טאָן, נאָר שפּאַסיק.

ער האָט געוואָלט זען גלאָריען דאָ, אין שטאָט, אָבער דער געדאַנק האָט אים פאַרטראָגן אין דאָרף, צום האָדסאָן. דאָרט האָט ער דערזען גלאָריען זיך טרינקען. ער האָט זי געראַטעוועט, ער האָט זי געהאַלטן אין זיינע שטאַרקע

אָרעמס און געשוואומען מיט איר צום ברעג. און דאָרט האָט זי זיך אַרויס־געגליטשט פון אים, זיך געררוקט אויף צוריקוועגס און אים געזאָגט אַסך מאָל: „טענק יו, טענק יו, סער".

באַלד האָט ער זי דערזען איבער דאַך פונעם האָטעל שפּרינגען. זי האָט זיך געריצט מיט אים און געלאַכט מיט צווי רייען קליינע ווייסע ציין. זי איז אַ פאַל געטאָן, אָבער ניט צו אים, נאָר — דערבײַ, אין טיפן גראָז.

ער האָט צוגעשלאָסן די מידע אויגן און לאַנג געלעגן.

ער איז איינגעשלאָפן, און זי האָט זיך אים מער ניט געחלומט. נאָר ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זי באַלד דערזען אין זיין דמיון נאָך קלאָרער ווי נעכטן. ער האָט געשמעקט די אַקאַציע און אין דעם זיסלעכן גערויך אויך דערפילט דעם אַראָמאַט פון גלאָריעס לייב.

אויף מאָרגן און אין די וויטערדיקע טעג און נעכט האָט מאַ „געזען" די געגאַרטע פרוי ווי אויף דער וואָר, וואָס האָט פאַרמאָגט די קראַפט פון אַ חלום, פון אַ זעאונג אין חלום. איין מאָל האָט ער איר געזאָגט: „איך ווייס, גלאָריע, אַז איך חלום. אָבער זיי מיינע, איינציקע מיינע, אויף תמיד מיינע! כאָטש איצטער! זיי מיינע, ווער מיינע!"

אָבער זיינע איז זי ניט געוואָרן.

# דער שטעקן

דער גרויסער שטאָטגאָרטן אין נאָקסבערג איז באַשטאַנען פון פאַרשיידענע טיילן צום נוצן און פאַרגעניגן פון די איינוואוינער: אַ ברייטער, טיפער טייך האָט אין אַ קרומלעכער ליניע צעטיילט דעם גאָרטן אויף צוויי ניט־גלייכע חלקים. ער איז געווען שטיל ווי אַן אָזערע, אָבער אין זיינע טיפן האָבן געלויערט ווירוואַרישע שטראָמען, וואָס האָבן שוין ניט איין קרבן פאַרשלונגען. דעריבער איז דאָס באָדן זיך געווען פאַרבאָטן. אָבער זומער האָט מען זיך דאָ גערן געשיפלט און אין די גרויסע פרעסט — זיך געגליטשט.

אין זייט פונעם גאָרטן איז באַשטאַנען פון היפשע לאָנקעס, שיטער־געוואַקסענע ביימער און לאַנגע רייען גרין־געפאַרבטע בענק. צוויי וועגן זיינען דאָ געלאָפן פאַראַלעל איינער לעבן אַנדערן: אַ שמאָלער פאַר שפּאַצירער און אַ ברייטער פאַר אויטאָס. אויף די לאָנקעס האָבן קינדער אין די זומערן געשפּילט אין פּילקע, די בענק זיינען ביז אין טיפן האַרבסט אין רו־טעג געווען באַזעסן פון מענטשן און אויפן שמאָלן וועג, אַ מין גאָרטן־טדאָטואַר, האָבן מענטשן שפּאַצירט אַליין, אין פּאָרלעך און מאַמעס מיט זייערע קינדער אין די וועגעלעך.

די אַנדערע זייט פונעם פּאַרק האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער גרויסער און רוישיקער עוועניו, אָבער דאָרט זיינען די ביימער אַזוי געדיכט געווען, אַז דער דערבייאיקער זשום האָט זיך דאָ קוים געהערט. דאָ האָבן זיך פאַרליבטע פּאָרעלעך געשאַרט אין דער גרינער געדיכטעניש און אַמביציעזע יינגלעך זיינען דאָ געגאַנגען אויף אַוואַנטיורעס. אויך דאָ איז געלאָפן אַ וועג פאַר אויטאָס און אַ שמאָל וועגעלע פאַר שפּאַצירער, אָבער פאַראַלעל צו דעם איז אויך געווען אַביסל אַ ברייטערער וועג, אויסגעבעט מיט אַש־קאָלירטע, דיק־צעמאָלענע שטיינדלעך פאַר רייטער. אויף דער זייט פּאַרק זיינען אויך געווען די זאַרגפעליק־געפּלעגטע בלומען, וואָס האָבן אין די גלייכע, הויך־געבעטע בייטן זיך איבערגעגאָסן אין פאַרשיידענע קאָלירן.

ווינטער האָט אונדז דער פּאַרק ניט געלאָקט, איך האָב אים אַ פּאָר מאָל געזען אין די קעלטן. ער איז געווען פאַרענדערט ניט צום דערקענען, נאָר דער געפּלאַסטערטער וועג פאַר די אויטאָס איז געווען ריין אויסגעקערט אפילו פון די טיפסטע שנייען און ער האָט אויסגעזען אין דער אָרומיקער ווייסקייט, ווי אַ שוואַרצער טייך. דער טונקעלער ווירקלעכער טייך איז ווינטערצייט געווען ווייס־פאַרפרוירן.

אַלץ האָט דאָ אויסערלעך, סיי ווינטער און סיי זומער, אויסגעזען אַזוי געוויינלעך, אַז איך וואָלט ניט געהאַט וואָס צו דערציילן, דער גאָרטן איז פאַר מיר, אַן אַרבעטער און מסתם אַנדערע פון מיין גלייכן — און אפילו ניט פון מיין גלייכן — געווען אַן אָרט אויף צו רוען. אָבער איינעם מיט דער רו האָט מיך אַפּטמאָל באַהערשט אַ געפיל פון מאָנאָטאָניקייט. דאָ האָב איך זיך געווענדט צו די ביכער. איך פלעג זיי מיטנעמען מיט זיך און זיי האָבן, ווי מיינע ליבע פריינט, מיר געגעבן די פרייד פון קונסט־געוניס. וואָס קאָן זיין אָנגענעמער ווי לייענען אַ שיין ליד, אַ פרישע שמעקעדיקע נאָוועלע, אַן עסיי אונטערן שטילן רויש פון זומערדיקע ביימער? באַזונדער אָנגענעם איז אין

פאַרק געווען צו לייענען נאַטור־שילדערונגען. דאַמאָלט פלעגט זיך די ווירק־לעכקייט אַרום מיר אַזוי כישופדיק פאַרוועבן מיט דער אויסגעטרוימטער וועלט פון די ביכער, אַז איך אַליין האָב שוין ניט געוואוסט, צי איך לעב, צי בין איך וואַך און צי בין איך רעאַל. אפילו די מענטשן אַרום מיר און דער רויש פון די דורכלויפנדיקע אויטאָס האָבן באַקומען אַן אַנדער אויסבליק און אַן אַנדער ניט־דאָאיקן קלאַנג.

נאָכן לאַנגן ווינטער פלעג אי זיך אַזוי פאַרבענקען נאָכן גאָרטן, אַז איך בין אַהין געגאַנגען, ווען עס איז נאָך געווען קאַלט און די ביימער פלעגן נאָך זיין בלאַטלאָז.

און איך בין ניט געווען דער איינציקער דאָס צו טאָן. דאָ און דאָרט האָט זיך געזען אַ מאַן, אַ פרוי, אָדער אַ פּאָרעלע, און זיי האָבן מיר אויסגעזען אַזוי פאַרבענקט ווי איך. ווען זיי זיינען דאָ אומגעגאַנגען אין געדיכטע שטראָמען, האָב איך זיי ניט געזען, אָבער די איינציקע האָב איך באַטראַכט און אין יעדן איינעם און אין יעדער איינער געזען אַ פול־פאַרמירט געשטאַלט, אייגנאַרטיק אין בליק און אפילו אין די באַוועגונגען ביים גיין. ווי אַנדערש יעדער איז דאָ געווען!

איין זונטיק אין דער פרי בין איך געזעסן אין מיין ווינטערדיק מאַנטל אַנגעטאָן, אויף אַ קאַלטער, האַרטער באַנק און געקוקט אויף גאָטס וועלט. פון שניי איז שוין קיין סימן ניט געווען, אָבער די גרענעצן צווישן ווינטער און פרילינג זיינען נאָך געווען מטושטש. פון ערגעץ, פון הימל, צי פון דער ערד האָט אויף מיר געטראָגן מיט אַ פאַרטייעטער קעלט.

דאָ און דאָרט האָט זיך שוין געוויזן אַ שפּאַצירער און דאָס יינגל מיט די געזאָלצענע בייגל איז פאַרבייגעגאַנגען און געקוקט צו מיר. ער האָט אויסגעזען ניט־אויסגעשלאָפן און ברוגז.

מיטאַמאָל האָב איך פון וויטן אויף איינער פון די גרויסע לאָנקעס באַמערקט אַ מאַן זיצן אויף גאָרניט. דער מאַן איז געווען אַזוי וויט פון מיר, אַז איך האָב נאָר געזען זיין סילועט. זיין מאַנטל איז געווען שוואַרץ, אָבער דער גרויער קאָפּ, אָן אַ היטל, האָט מיר אויסגעזען שטאַרק ווייס.

מיטן אָפענעם בוך אין מיינע הענט בין איך געזעסן און מיינע אויגן ניט געקאָנט צונעמען פון דעם זיצנדיקן מענטשן. דאָס ערשטע געפיל מיינס איז געווען שרעק: אפשר געשעט עפּעס מיט מיר? אפשר זע איך ניט? און אפשר „זע" איך צופיל? ... מיין האַרץ האָט זיך, דאַכט זיך, אָפּגעשטעלט און וואַרט...

דער מענטש האָט זיך געפונען ביי אַ בלאָק פון מיר. מיין שפּאַנונג איז אין מיר געוואַקסן און מיך אַזוי באַהערשט, אַז איך האָב ניט געקאָנט איינזיצן. מיין קינדהייט איז פונעם אוקריינער דאָרף, מיין געבוירנאָרט, מיט איין מאָל געקומען צו מיר מיט אַלע זאַבאָבאָנעס וועגן ניט־גוטע און אַנדערע אָנשיקענישן, וואָס באַפאַלן אַ מענטשן און פאַרמוטשען אים צום טויט.

איך האָב זיך צוריק אַראָפּגעזעצט און געזוכט עמעצן, זיך צו טיילן מיטן שווערן איינדרוק, ניין, טאַקע זיין זיכער, צי זע איך ווירקלעך דאָס וואָס איך זע.

אָבער קיינער איז אין יענעם מאָמענט מיך ניט פאַרבייגעגאַנגען.

האָסטיק האָב איך זיך געטאָן אַ שטעל אויף, גרייט צו מאַכן אַ ויברח. אָבער מיין עקשנות און די איינרעדעניש, אַז עס איז ניט שיין און ניט מענלעך מורא צו האָבן, האָט מיך אַ שטויס געטאָן פאָראויס צום מאַן, וואָס זיצט אויף גאָרניט.

די מורא האָט מיך באַהערשט מער און מער. איך האָב דערפילט אַ גליוװער אין רוקן און אַן אומגעזעענע האַנט האָט מיין האַרץ אין מיר צונויפ־געדריקט.

וואָס וועט זיין, וועט זיין!... איך האָב זיך געלאָזט גלייך צו יענעם אומגעוויינלעכן מאַן און געמאַכט היפּשע עטלעכע טריט. איך בין אַריבער דאָס שפּאַציר־וועגעלע, דעם אויטאָ־טראַקט... איך בין שוין געווען אויף דער לאַנקע. איך האָב זיך געוואָלט אָפּשטעלן און — ניט געקאָנט. די קעלט פונעם רוקן האָט אַ גיי געטאָן אַרויף צום נאַקן און איך האָב דערפילט אַ פראָסט אויףביידע באַקן.

דער מאַן דאָרט האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק. איך האָב אים נאָכ־געקוקט. ער האָט זיך דערווייטערט ביי אַ פּופּציק שפּאַן און ווידער געבליבן שטיין... און באַלד איז ער שוין געזעסן אויף... אויף וואָס איז ער געזעסן???... ער איז געווען מיטן פּראָפיל צו מיר. ער האָט זיך אומגעדרייט מיטן פּנים צו מיר און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער שמייכלט. איך האָב געמאַכט נאָך עטלעכע טריט פאָראויס. דער מאַן האָט זיך מער ניט גערירט. איך האָב זיך אומגעקערט צו דער באַנק. די מורא האָט נאָכגעלאָזט, אָבער איך האָב זיך דערפילט שוואַך. איך האָב צוגעמאַכט די אויגן, מיטן פאַרלאַנג, אַז ווען איך וועל זיי צוריק עפענען, זאָל שוין פון יענעם מאַן קיין זכר ניט זיין.

באַלד האָב איך דערהערט טריט לעבן מיין באַנק. איך האָב אַן עפן געטאָן די אויגן און דערזען דאָס ייִנגל מיט די געזאַלצענע בייגל.

— הער — האָב איך געזאָגט, — דיינע בייגל זעען אויס אַזוי געשמאַק, אַז איך וואָלט זיי אַלע אויפגעגעסן מיט איין מאָל. וויפל נאָר אַהער אַ צוויי־דריי.

מיט ניט־זיכערע הענט פון קעלט און פון פרייד האָט דאָס ייִנגל געפונען אַ ווייס שקאַרמיצל און געשטופּט אין דעם די גרויסע ווייס־ברוינלעכע, געשמאַק־פאַרניטעטע בייגל.

— אפשר פיר? — האָט ער געפרעגט.

— מיט איין תנאי — האָב איך געזאָגט — דו עסט צוויי, און איך צוויי...

דאָס ייִנגל האָט געקוקט אויף מיר מיט גרויסע טונקל־קאַרע אויגן, ווי ער וואָלט מיר ניט געגלויבט.

— זעץ זיך, זעץ זיך... — האָב איך געמאַכט אַ וואַרע פאַר אים. איך האָב זיך אָפּגערוקט ביזן עק פון דער גרויסער באַנק און דאָס איבעריקע אָרט געלאָזט פאַרן בייגל־סוחר. צום אַלעם ערשטן האָב איך אים באַצאָלט. ער האָט פלינק באַהאַלטן די קלינגערס און באַלד זיך גענומען צו זיינע צוויי בייגל. איך האָב אָנגעביסן מיינעם און קייענדיק דאָס פרישע געשמאַקע געבעקס, האָב איך אַזוי וואוילעריש אַ אַ וואונק געטאָן אויפן לײדיקן שטיק פעלד און — אויף יענער זייט, צום מאַן, וואָס איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין זיין זיצנדיקער פּאָזע אין דער לופטן.

דאָס ייִנגל האָט מיך פאַרשטאַנען און, צופרידנשטעלן אַ גוטן קונה, האָט ער אַזוי קייענדיק, זיך שטאַרק צעלאַכט און מיט אַ פול מויל מיך אָפּגעשפּריצט מיט נאַסע געקייטע ברעקלעך בייגל.

— האָסטו שוין אַמאָל געזען אַ מאַן זיצן אין דער לופטן?! — האָב איך געזאָגט.

— ער איז אַ בלאָפער — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט — ער זיצט אויף אַ שטעקעלע!

ער האָט געזען מיין געפּלעפטקייט און ער האָט זיך געפרייט, וואָס ער, דער קליינער, האָט מיר, דעם דערוואַקסענעם, אויפגעקלערט אַזאַ פּשוטע זאַך.

אין זיינע שיינע, קאַרע אויגן האָב איך אַפּילו באַמערקט אַ שאָטן פון חוזק אויף מיין חשבון.

— אויף אַ שטעקעלע? — האָב איך איבערגעפרעגט — פאַרוואָס זאָל אַ מענטש זיצן אויף אַ שטעקעלע? זיצסטו אַזוי? זיץ איך אַזוי? וואָלט דיין טאַטע זיך געזעצט אויף אַ שטעקעלע?

— אַ, ניט מיין אַלטער! — האָט דאָס ייִנגל מיט פאַריבל אונטערגעכאַפּט.

— נאָך אַלעמען איז מיין טאַטע ניט משוגע.

— און דער מאַן דאָרטן איז פון זינען?

— נאַטירלעך! וואָ׳דען? אַ קלאָרער וועט טאָן אַזאַ זאַך? — דאָס ייִנגל האָט אַ לאַך געטאָן, זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און ווי אַן ערנסטער מענטש מיט אַן עול אויף זיין קאָפּ, קייענדיק זיין בייגל, אַוועק ווייטער זיין וועג צו האַנדלען און צו פאַרדינען.

איך בין געבליבן זיצן, איך דאָ, און ער דאָרטן...

עס איז אָנגעקומען אַן עלטערער מאַן מיט אַ שווערער זונטיקדיקער צייטונג אונטערן אָרעם. ער האָט זיך געזעצט אַ פּאָר בענק ווייטער פון מיר. אַהין וואוהין איך האָב געקוקט, האָט ער זיינע בליקן ניט געווענדט, צי זיך גע־מאַכט ניט־זעענדיק. ער האָט צענומען די צייטונג און זיך פאַרטיפט אין איר. באַלד האָט זיך געוויזן נאָך אַ מאַן. ער האָט זיך ערגעץ געאיילט. ער האָט אַ קוק געטאָן צום מאַן אויפן שטעקעלע, נאָכדעם — אויפן אַלטן מיט דער צייטונג און באַלד — צו מיר...

— דיד יו עווער?... (האָסטו ווען עס איז?...) האָט ער זיך געווענדט צו מיר און אַ מאַך געטאָן: „כאַ!"

— נעווער (קיינמאָל) האָב איך געענטפערט.

דער מאַן האָט פאַרדראָסיק געדרייט מיט זיין גרויסן קאָפּ אויף ביין און ער איז אַוועק ווייטער.

יענער דאָרטן האָט זיך אויפגעהויבן און האַסטיק געשפּאַנט מיטן ברעג לאָנקע, ביי די גרויסע, אָנבלעטערדיקע ביימער. באַלד איז ער אַריין צווישן זיי און איז פאַרשוואונדן.

דער צושטאַנד פון געפּלעפטקייט האָט מיך ניט אָפּגעלאָזן. מיט איין מאָל האָב איך פאַרגעסן אַלע מיינע זאָרגן און די זאָרגן פון דער גאַנצער וועלט, וואָס זיינען געקומען צו מיר דורך דער ראַדיאָ, טעלעוויזיע און די צייטונגען. פּאַר מיינע אויגן איז געווען אַ לעבעדיקע רעטעניש, וואָס איך האָב זייער געוואָלט לייזן, און ניט געקאָנט. אַ געפיל ענלעך צו דעם, וואָס מע האָט אין אַ שווערן חלום, האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט. בין איך דאָך ניט דער איינציקער, וואָס האָט געזען דעם מאַן אויפן שטעקעלע. איך האָב לעבעדיקע עדות, צוויי דערוואַקסענע און אַ קינד. קאָן שוין ניט זיין, אַז איך לייד פון האַלוצינאַציעס... אָבער — אפשר זיינען אויך די עדות פּראָדוקטן פון מיין צעפּלאָמטער פאַנטאַזיע און זיי ווילן מיך כלומרש איבערצייגן?...

איך האָב דורכגעשפּאַנט די גאַנצע לאָנקע, זיך אַריינגעדרייט צווישן די ביימער, געזוכט און גענישטערט דאָרטן, צוריק אַרויס אויף דער האָנקע. ער איז מער ניט געווען.

פון ווייטן האָב איך געזען דעם מאַן מיט זיין צייטונג אויף דער באַנק. צו אים האָט זיך דערנענטערט אַ יונגער אַטלעט מיט אַ ריין־אויסגעגאָלט פּנים און קליינע וואָנצעלעך אונטער אַ שטרענגער נאָז. ער האָט עפּעס געפרעגט דעם מאַן און יענער האָט גלייכגילטיק אַ קוק געטאָן אויפן אַטלעט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. דאָ האָט דער יונגערמאַן וואָס האָט פון דער נאָענט

אויסגעקוקט ניט אַזוי יונג, מיך דערזען און זיך ווי דערפרייט מיט מיר. ער איז מיר אַקעגנגעקומען און באַזאָרגט געפרעגט:

— האָט איר ניט באַמערקט אַ מאָדנע פּאַרשוין זיצן אויף אַ שטעקעלע?

— יאָ! — האָב איך פריילעך אויסגערופן, — יאָ יאָ! איך האָב אים געזען. אַט ערשט צוריק מיט עטלעכע מינוט איז ער דאָרט ביי די ביימער געזעסן. און מיטאַמאָל איז ער נעלם געוואָרן.

— גוט געזאָגט, זייער גוט געזאָגט: „נעלם געוואָרן!" אַן אומגליק מיט אים. ער וועט מיך קראַנק מאַכן! איך קאָן אים גאָרניט איינהיטן. וואוהין איז ער געגאַנגען?

— וואָס פרעגט איר מיך? אַן דאָרטן צווישן די ביימער אַריין, און...

— דאָרטן? — האָט ער איבערגעפרעגט, און איידער איך האָב אים געענטפערט, איז ער אַוועק מיט גרינגע אָבער מעכטיקע שפּאַן. זיין ברייטע, גלייכע פּלייצע, דער נאַקן און דאָס האַלטן פונעם קאָפּ האָבן געמאַכט אַן איינדרוק ניט פון זאָרג, נאָר פון אויסשפּיר. ווי פריער יענער, איז דער איצט אויך אַריין צווישן די שיטערע ביימער און — ניט געוואָרן.

.2

ביי דער אַרבעט אין פאַבריק האָב איך זיך פאַרטרויט פאַר מיינע חברים וועגן דעם וואָס איך האָב זונטיק געזען אין שטאָטגאָרטן. די וואָס האָבן דערפון ניט געוואוסט, האָבן מיר ניט געגלויבט און די וואָס האָבן דעם „מאַן אין דער לופטן" שוין געזען, האָבן געשמייכלט פון מיין אינטערעס אין אים. אפשר זיינען זיי געווען גערעכט, אָבער זיי זיינען זיי, און איך בין איך... זייער באַציאונג האָט מיך פאַרדראָסן.

— ווייסט איר כאָטש, — האָב איך געזאָגט, — אַז דער מאַן זיצט ניט אין דער לופטן, נאָר אויף זיין דינעם שטעקן??? אַזאַ מין דין שטעקעלע...

„דער מאַן אויפן שטעקעלע" האָבן זיי גרינגמוטיק געלאַכט.

מער האָב איך מיט זיי דערפון ניט גערעדט. איך האָב זיי נאָך געוואָלט דערציילן וועגן דעם שטאַרקן יונגן מאַן, וואָס האָט אים געזוכט... אָבער גיי רעד צו מענטשן, וועמען קיינער גייט ניט אָן. „קאַלטבלוטיקע בריאות!" האָב איך זיי געזידלט אַן ווערטער און זיי דורכגענומען מיט בייזע בליקן.

קומענדיקן זונטיק בין איך שוין ווידער געווען אין גאָרטן. דער פרימאָרגן האָט מיט אַ פאַרוואָלקנטן נידריקן הימל געאָטעמט אויף מיר מיט אַ פוילן ווינט, פון דעם מין, וואָס עסט אויף שניי. אָבער פון שניי איז שוין קיין זכר ניט געווען, נאָר די הוילע צווייגן האָבן זיך קוים באַוועגט, ווי ניט־דערוואַכטע פונעם לאַנגן, ווינטערדיקן שלאָף. אַ קאַלטע פייכטקייט האָט מיך דורכגענומען. איך האָב זיך איינגענורעט אינעם אויפגעשטעלטן קאָלנער פון מיין מאַנטל און געקוקט אַרום זיך. איך בין געווען דער איינציקער מענטש לעבן אַ באַנק, ביי דער גרויסער לאַנקע.

צו דערוואַרעמען זיך אַביסל, האָב איך זיך געלאָזט שפּאַנען מיטן שמעלערן וועג, וואָס האָט געפירט צו דער בריק איבערן טייך. ייעלטענע אויטאָמאָבילן האָבן מיך איבערגעיאָגט.

איך בין אַריבער די בריק. און אָט בין איך שוין אויף דער צווייטער זייט פּאַרק. עס זיינען אַנגעפאָרן צוויי רייטער. אויפן שטאָטישן שטייגער, האָבן מיר זיך ניט געגריסט. איך בין באַלד געשטאַנען ביי די בייטן בלומען. די ערד איז דאָ געווען זאָרגפעליק איינגעדעקט. זאָל נאָר די זון אַ גוטן וואַרעם טאָן, וועט מען דעם צודעק אַראָפּנעמען און עס וועלן זיך אַ ווייז טאָן די

בלומען. דאַמאָלט וועלן שוין זיין אסך מענטשן און זייערע שטימען וועלן אָפּקלינגען מיט אַ ווידערקול.

די רייטער זיינען געפאָרן פּאַמעלעכן, און כאָטש זיי האָבן מיך איבער־געיאָגט, זיינען זיי געוועזן בלויז אַ פּאָר צענדליק שפּאַן פון מיר.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ געלעכטער פון איין רייטער און דער צווייטער האָט אונטערגעכאַפּט.

— זע, זע!... — האָט איין רייטער געזאָגט מיט שאַדנפרייד אין זיין קול.

— זע! ווירקלעך! — האָט דער צווייטער אים אין טאָן אונטערגעכאַפּט.

ער האָט אָנגעוויזן רעכטס אויפן קליינעם בערגל, וואָס פירט אַרונטער, צום טייך.

דאָרט איז ער געזעסן.

— היי! — האָבן ביידע רייטער ווי צו אַן אַלט־באַקאַנטן, איינעם אויסגערופן: איך האָב דערוואַרט, אַז ער וועט זיך אויפהויבן און אַוועק, אָבער ער איז געבליבן זיצן. ער איז איצט געוועזן אַזוי נאָענט צו מיר, אַז איך האָב געקאָנט זען זיינע אויגן. זיי זיינען געוועזן גרוי אָדער בלוי, זייער ליכטיק, אויסגערונדיקט, ברייט אָפן. ער האָט געקוקט גלייך צו די צוויי מענער און אויף זייערע פערד און זיינע אויגן האָבן קיין פּינטל ניט געטאָן. אָט פאָרן די צוויי מענטשן אַוועק, און אינעם גרויסן, ליידיקן גאָרטן וועלן באַלד בלייבן בלויז ער און איך. איז ער ביים זינען? וועט ער מיך אפשר אַטאַקירן? אפשר וועט ער נוצן זיין שטעקל מיר צו שפּאַלטן דעם קאָפּ? איך בין געוועזן גרייט צו אַנטלויפן, אָבער איך האָב זיך פון אָרט ניט גערירט. איך האָב אים באַאָבאַכטעט און איך האָב געזען, ווי ער איז אינגאַנצן פאַרשלונגען פון די צוויי וואוקסיקע שיינע פערד און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט זיך איין אינעם ריטמישן קלאַפּן פון זייערע טריט. עפּעס ענלעכס אויף אַ שמייכל האָט זיך געוויזן אויף זיין בלייך, רייך־אויסגעאָלט פּנים. זיין שוואַרצער מאַנטל איז געווען פאַרקנעפּלט ביז אַרויף, אַזוי אַז זיין היפּשער קין האָט זיך אָאַנגעשפּאַרט אין דעם קאָלנער און אים צוגעגעבן עפּעס קינדישעס, ווי אַ מאַמע וואָלט אים געטריי איינגעטישקעוועט, איידער זי האָט אים אַרויסגעלאָזט אין דרויסן.

די רייטער האָבן זיך דערווייטערט. אָט נאָך עטלעכע שפּאַן, און זיי וועלן פאַרשווינדן. און פון דער זעלבער זייט האָט זיך באַוויזן אַ סילועט פון אַ מאַן. „מיינער" אויפן שטעקעלע האָט זיך געטאָן אַ הויב אויף און מיט גרינגע, שיר ניט־לויפנדיקע טריט אַוועק צו דער בריק צו.

האָט ער מיך געזען? און פאַרוואָס איז ער מיט איין מאָל אַוועק? איך בין זיך מודה, אַז איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט און גרייט געווען מיט פרייד אויפצונעמען אַ מענטשן, וואָס האָט זיך פון ווייטן באַוויזן.

איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין דעם אָנקומענדיקן פאַרשוין. איך האָב אים, דאַכט זיך, יאָ דערקענט און ניט דערקענט... שאַ!... דאָס איז דאָך דער אַטלעט! איך האָב ניט געוואַרט, ער זאָל צוקומען צו מיר, און איך בין אים אַקעגנגעגאַנגען און אים אָנגעזאָגט די גרויסע בשורה: „ער" איז נאָר־וואָס דאָ געזעסן — האָב איך אָנגעוויזן אויפן בערגל, ביים טייך — און ער איז אַוועק צו דער בריק־צו.

— יאָ — האָט דער אַטלעט געזאָגט מיט פאַראַכטונג. — ער מאַכט מיך מיד!

— מיט אייערע כוחות, יונגערמאַן, דאַרפט איר ניט מורא האָבן פאַר מידקייט.

ער האָט צופרידן אַ שמייכל געטאָן און אונטער זיינע שוואַרצע וואָנצעלעך

האָבן ווי אויפגעבליצט צווײ רייען ווייסע ציין. דערפון איז זיין באַזאָרגט פּנים באַלויכטן געוואָרן מיט אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט מיך דערנענטערט צו אים. האָט עס אים אויך דערנענטערט צו מיר? איך האָב אים זייער נויטיק באַדאַרפט! ווי צערעדט מען זיך מיט אים? ווי און וואו און ווען? איך האָב געוואַגט אַ פרעג געטאָן:

— איר זענט זיינער אַן אייגענער?

— אַ ווייטער קרוב — האָט ער אויסגערופן — אין מיין משפחה איז ער דער איינציקער...

—טאָ וואָס זענט איר אַזוי באַזאָרגט וועגן אים? — האָב איך שוין ניט אָפּגעלאָזט.

— וואָס פרעגט איר פאַר פראַגעס? געלט, געלט, מיין פריינט.

ער האָט גערעדט צו מיר, און קוקן האָט ער געקוקט אַהין, וואו דער פאַרשוין האָט געהאַלטן אין פאַרשווינדן... ער האָט מיך איבערגעלאָזט און אַוועק נאָכן מאַן.

— אפשר קאָן איך מיטגיין? — האָב איך נאָכגעשריגן.

— גאָט באַהיט! — האָט דער אַטלעט אויסגערופן און נערוועז אַ מאַך געטאָן אויף מיר מיט ביידע הענט, ווי ער וואָלט מיך אָפּגעטריבן פון זיך.

איך האָב אים נאָכגעקוקט. יענעם האָב איך שוין ניט אָנגעזען. דער אַטלעט האָט צוריקגעקראָגן זיין נאָכשפּיר־געגנגעלע, פון יענעם מין, וואָס מע קאָן דערקענען אַ מענטשן גיכער אין דער פּלייצע ווי אין פּנים. עפּעס קעציש איז געווען אין אָט דעם גאַנג. אָקעגן אים זיינען אָנגעקומען עטלעכע רייטער. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. עס האָבן זיך געוויזן אויטאָמאָבילן, ריין־אויסגעוואַשענע לכבוד זונטיק. עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון אַ מאָטאָרציקל. איך האָב דערזען אַ פּאָליסמאַן אויף דעם. זיינע פיס זיינען געווען צו לאַנג פאַרן נידריקן מאַשינדל און די קני זיינע האָבן געטאָרטשעט אַרויף שיר־ניט ביזן פּנים. ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן אַטלעט און זיך אָפּגעשטעלט. ביידע האָבן גערעדט ווי אַלטע באַקאַנטע. איך האָב ניט געקאָנט הערן זייערע שטימען, אָבער לויט די באַוועגונגען פונעם אַטלעט און פונעם פּאָליסמאַן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער שיינער יונגערמאַן בעט עפּעס זיין מיטשמועסער, און יענער זאָגט זיך אָפּ. באַלד האָב איך דערזען, ווי דער אַטלעט גיט עפּעס יענעם, יענער זעצט זיך רייטנדיק אויפן מאָטאָרציקל און פאָרט צו דער בריק.

— טהענק יו! — האָב איך קלאָר דערהערט דעם אַטלעטס קול און אויך געזען, ווי ער פאָכט מיט זיין האַנט אין דער לופטן צום געזעגענען זיך.

ער איז באַלד צוגעקומען צו מיר און אַ זאָג געטאָן: „גוט איז אַ שעה".

— וואָס מיינט איר? — האָב איך געפרעגט.

— איך וועל זיך אַביסל דערוואָרעמען — האָט ער געזאָגט און צווידייטיק אַ וואונק געטאָן פריער מיט די אויגן, נאָכדעם מיטן מויל און אויף מיר אַ קוק געטאָן, ווי איך וואָלט געווען ניט־דערוואָקסן צו זיינע חכמות און צו זיינע אָנצוהערענישן... האָב איך שוין אויך אַ וואונק געטאָן און אַ שמייכל געטאָן אין זיין טאָן און אויף זיין שטייגער. האָט ער פרעגנדיק און ווי ניט גלויבנדיק, מיך דורכגענומען און געפּסקנט:

— זעט, דאַכט זיך, אויס אַזאַ שטילינקער מענטשעלע... גיי וויים...

— אָ־האָ! — האָב איך פאַרשפּרעכנדיק אַ מאַך געטאָן וואווילויונגעריש.

— סטיווס סאַלון קענט איר? — האָט ער מיך געפרעגט.

איך האָב מודה געווען אַז ניין. איך בין אַריינגעפאַלן. אָבער ער האָט מיר מוחל געווען מיין אומשולד און מיך געלאָזט מיטגיין און מאַכן מיט אים

אַ כוסה. איך האָב אים דערווייל געוואָלט אַרויספירן אויפן געגאָרטן געשפּרעך, אָבער ער האָט געשוויגן מיטן שווייגן פון איינעם, וואָס פירט מיך אין באָד אַריין. ער האָט אויסגעזען מער ווי צופרידן, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אַ יאָלד. מיט איין מאָל טוט ער אַזוי אַ קוקעלע אויף מיר און פרעגט מיך מיין באַשעפטיקונג. און ווען איך זאָג אים „עלעקטרישע לאָמפּן", שמייכלט ער זיין ציניש שמייכעלע און וויל שוין וויסן וויפל איך פאַרדין. אַלץ זאָג איך אים, נאָר ווען עס קומט צו מיין אָפּגעשפּאָרט געלט, קווייקל איך זיך. „כמעט גאָרניט" זאָג איך שולדיק. טוט ער אַ קוק אויף מיר ווי אויף אַן אונפאַרגעבלעכן נאַר און ער זאָגט:

— איי פּיטי יו — (איך האָב אויף אייך רחמנות) איך וועל צאָלן!

— אויף אַ טרונק האָב איך נאָך — פאַרזיכער איך אים.

— נו גוט — זאָגט ער.

מיר זיינען אין גיכן אַרויס פונעם גאָרטן און באַלד דערביי, אויף ווילסאָן עוועניו דערזען אַ סאַלון. דער אַטלעט האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגערל, געשעפטמעסיק געזאָגט: „איך האָב נאָך פופציק מינוט" און זיך געלאָזט צום סאַלון. אָבער ווען מיר זיינען צוגעקומען, האָבן מיר דערזען, אַז ער איז פאַרשלאָסן.

מער האָט שוין מיין יונגער נייער פריינט ניט אויסגעהאַלטן און זיך הויך צעלאַכט.

— אַזוינס האָב איך נאָך ניט געזען! — האָט ער טריאומפירט — זונטיק גייט מען אין אַ סאַלון? פון וואַנען קומט איר, מיסטער? כאַ כאַ כאַ... — ער האָט געטייטלט אויף מיר מיט זיין האַנט אין דער שיינער ברוינער הענטשקע און מיך געפרעגט אַ האַרבע פראַגע: — טאָ וואָס טוט מען, אַז דער סאַלון איז זונטיק געשלאָסן, און אַ טרונק וויל מען?

איך בין שוין ווידער אַריינגעפאַלן און איך האָב צוגעגעבן מיין נידערלאַגע.

— קומט שוין, קומט — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיטלייד אויף מיין אונבאַהאָלפנקייט און ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ דערבייאיקן רעסטאָראַן. איך בין ניט געווען הונגעריק. אָבער ניט צוליב עסן בין איך דאָך אַהער געגאַנגען. חוץ דעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מע קאָן דאָ אויך קריגן אַ טרונק.

מיר זיינען אַריין אין רעסטאָראַן. געציילטע מענטשן זיינען דאָ געזעסן ביי די ווייס־געדעקטע טישלעך. עס האָט געשמעקט מיט שטאַרקער, איבער־געזאָטענער קאַפּי, מיט העם־און־עגס און מיטן אומפאַרמיידלעכן זויערלעכן געריך פון ביר. מיין קאָמפּאַניאָן האָט, זעט אויס, זיך דאָ געפילט גאַנץ היימיש. ער האָט זיך וואוילעריש געגריסט מיטן קעלנער: „היי, דזשאָ" און דזשאָ האָט געענטפערט: „היי, קליף".

קליף האָט זיך דאָ ניט אָפּגעשטעלט, נאָר געגאַנגען ווייטער. באַלד זיינען מיר געווען אין אַ קליין טונקל צימערל. אין אַ ווינקל ביי איינעם פון די עטלעכע טישלעך איז געזעסן אַ מאַן און געטרונקען פון אַ גלעזל. לעבן גלעזל איז געשטאַנען אַ גרויסע גלאָז וואַסער און אַ ליידיקער טעלער מיט אַ לעפל דערביי. מיר האָבן פאַרנומען דאָס עקסטע טישל, ביי דער הינטערשטער טיר. דזשאָ איז צוגעקומען.

— וואָס ווילט איר? — האָט מיך קליף געפרעגט. איך האָב ערגעץ געהערט, צי געליינט, אַז מע באַשטעלט אַ „סטרייט". וואָס סטרייט, ווען סטרייט, האָב איך ניט געוואוסט, אָבער איך האָב געזען, אַז מיט מיין באַשטעלונג האָב איך אויסגענומען ביי קליפן. „אַ, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — מע קען

קיינמאָל ניט וויסן...״ און צו הויבן מיין פּרעסטיזש נאָך העכער, האָב איך געזאָגט: „די דרינק איז אָן מי״ (דער טרונק איז אויף מיין חשבון).

— דאָס גייט ביי מיר ניט — האָט קליף זיך איינגעשפּאַרט. אָבער איך האָב געזען, אַז עס איז נאָר אַזאַ חנדל פון זיין זייט און אַז איך נעם ווירקלעך אויס ביי אים. מער האָב איך ניט באַדאַרפט. ער האָט געטרונקען, און איך האָב געצאָלט. צי האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס איך וויל פון אים, ווייס איך ניט. אוודאי האָב איך שוין געוואָלט וויסן די געשיכטע פון דעם, אויף וועמען ער האָט אַכטונג געגעבן, אָבער איך האָב מיר געטראַכט, אַז עס איז נאָך צו פרי צוצוטראַכטן צום ענין און וואָס לענגער איך וועל וואַרטן, אַלץ מער וועל איך וויסן.

.3

און די געשיכטע האָט מיר קליף איבערגעגעבן ערשט שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן, ווען דער גאַנצער גאָרטן האָט באַקומען דעם אמתן פרילינגדיקן אויסזען און דעם וואונדערלעכן, אונבאַגרייפלעכן אָנבליק פון אַ מין כישופדיקער פאַרוואַנדלונג, וואו אַלץ איינינעם און יעדער געוויקס באַזונדער איז ניט נאָר באַנייט, נאָר ווירקלעך ניי. אפילו די גוטע אַלטע זון האָט אַנדערש געלויכטן און אַנדערש געוואַרעמט.

אַנדערש איז אויך געווען ער אויף זיין שטעקעלע, וואָס האָט פון דער ווייט זיך ניט אַרויסגעזען און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער זיצט אין דעם לופטן.

ער איז געווען זומערדיק געקליידט און זיינע שיינע גרויע קרוילן האָבן זיך געוויגט, אויב עס האָט געבלאָזן אַ ווינט. איך האָב שוין געוואוסט, אַז ער הייסט לערי און אַז די האָפענונג אים אויסצוהיילן פון זיין וואַנדערן און ניט רוען ווערט קלענער און קלענער.

אָבער לאָמיר לאָזן קליפן דערציילן. ער האָט דאָס געטאָן אין עטלעכע פאַרזעצונגען, וואָס האָבן זיך שלעכט געקייטלט, זיך אפילו איבערגעחזרט, און דאָך איז אין זיינע צעפלאָסענע רייד געווען אַ מין באַצווינגענדיקער טאָן, וואָס האָט מיך, הערנדיק אים, ניט איין מאָל דורכגענומען מיט אַ ציטער, ווי איך וואָלט געלייענט דאָס ווערק פון אַ גרויסן קינסטלער, אָן אָנפאַנגער, וואָס ווערט געטריבן צום שרייבן און ווייסט נאָך ניט די סודות פון דער פאָרמע. און אָט פון דער פאָרמלאָזער מאַסע האָב איך מיר אַרויסגענומען דאָס סאַמע נויטיקסטע און איך וואָלט עס באַדאַרפט איבערגעבן, ווי איך פאַרשטיי און ווי עס דאַרף צו זיין, לויט אַלע כללים א. א. וו. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ווען עס זאָל זיך מיר איינגעבן צו דערציילן די מעשה מיט קליפס ווערטער, וועט עפּעס אַרויסקומען דערפון. איך וועל זיך נאָר דערלויבן צו מאַכן פון אַלע פאַרזעצונגען איין מעשה, אין איין קאַפּיטל.

און אַזוי, געדענק איך, האָט קליף אָנגעהויבן זיין ערשטע פאַרזעצונג:

— עס איז ניט אַזוי דער בראַנפן, וואָס איך רעד און רעד. עס איז — איר, דער שטילינקער, דער נעבעכל וואָס צאַפּט ביי מיר ווערטער. איך קוק אין אייערע אויגן און איך זע, אַז זיי זיינען הונגעריק, הונגעריק און דורשטיק. און נאָך וואָס? נאָך יענעמס צרות. און וואָס גייט עס אייך אָן? ווען ניט דאָס פיינע געהאַלט, וואָס איך קריג, וואָס וואָלט מיר לערי אָנגעגאַנגען? קאַרג משוגעים זיינען דאָ אויף דער וועלט? איז דאָ נאָך איינער... און ער איז דאָך אומשעדלעך. ער וועט ניט אָנרירן אַ פליג אויף דער וואַנט. טוט אים אַ קוק אין די אויגן. עס ווערט אייך אומהיימלעך, אָבער מורא האָבן פאַר אים דאַרפט איר ניט. אין דער אמתן נויטיקט ער זיך ניט אין מיר. דאָס איז זי, די אַלטע,

די מאַמע זיינע. ער איז דאָך איר בייבי און חוץ אים האָט זי שוין קיינעם ניט. געלט איז דאָ. אָ, געלט ווי בלאָטע... איצט פאַרשטיי איך שוין, אַז ס'קומט אַ צייט אין אַ מענטשנס לעבן, וואָס דאָס געלט ווערט איינגאַנצן אָן זיין כּישוף. פאַר געלט קויפט מען ניט ניט קיין ליבע און ניט קיין ברודער. איך קען גוט די משפּחה און איך געדענק דעם ברודער מאַ. ער איז, ס'זאָל אייך ניט פאַרדריסן, געווען געראָטן אָן אייך: אַזאַ שטילינקער און צו גאָר ניט געטויגט. געלערנט, געלערנט און זיך גאָרניט אויסגעלערנט, איך מיין, עפּעס אַ תּכלית צו זיין אַ מענטש פאַר זיך. לערי האָט גראָד ניט געוואָלט לערנען, אָבער דאָס ביסל וואָס ער קאָן, האָט ער אויסגענוצט און ער איז געוואָרן רייך. ער האָט געשפּאָרט און דאָס געשפּאָרטע געלט אַריינגעלייגט אין הייזער. ווען ער איז נאָך געווען אַ „טעלער" אין באַנק, האָט ער שוין פאַרמאָגט עטלעכע אייגענע אַלטע געביידעס. ער איז געשטיגן פון „טעלער" צו קאַסירער, צו פאַרוואַלטער... ווער ווייסט זיי דאָרטן, די אַלע אַמטן... ביז ער איז געוואָרן וויצע־פּרעזידענט. עס וואָלט לאַנג ניט געווען גענומען און ער וואָלט שוין איצט אוודאי געווען דער הויפּט פון דער גאַנצער באַנק, ווען ניט דאָס אומגליק זיינס.

„און ווער האָט דאָס אַלץ אים געלערנט? אַז סך הכּל איז זיין טאַטע געווען אַ בוכהאַלטער און די מאַמע אַ הויז־פרוי? איך ווייס ניט וואָס איר טראַכט וועגן דעם. און איך זאָג, אַז עס איז אַ געבוירן־זאַך, עס איז אין די בלוטן פון אַ מענטשן. ער ברענט מיטן פאַרלאַנג צו שטייגן פינאַנציעל און ער קאָנצענטרירט זיך אויף דעם מיט זיין מוח און מיט זיין האַרץ און מיט נאָך עפּעס, וואָס מיר האָבן אויף דעם קיין וואָרט ניט. און דאָס איז דאָך דער סוד, און דאָס איז דאָך דער עיקר. און מחמת מיר קאָנען דאָס ניט דערקלערן, בלייבן מיר פאַרגאַפט און מיר נעמען אַראָפּ דאָס היטל פאַר איינעם פון דעם מין.

„אַזאַ איינער פאַרגעסט ניט נאָר אייגענע, נאָר זיך אַליין... איך מיין, ער שאַנעוועט מער ניט זיין געזונט, און אַסך פאַלן, שטייגנדיק באַרג אַרויף. אָבער די מערסטע זיינען אַלרייט. דער טייוול נעמט זיי ניט. דאָס פאַרגעניגן פון זאַמלען, פון וואַקסן, דאָס געפיל, אַז לייט זיינען דיר מקנא און דער רעספּעקט פון אַלעמען... דאָס מיינט אַסך, דאָס איז ווי אַ גוטע רפואה מיט אַ זיסן טעם.

„ווער בין איך? איך בין קיינער! ווער זענט איר? איך וויל אייך ניט באַליידיקן. איך טרינק אייער בראָנפן און איך פיל זיך שולדיק פאַר אייך. איר זענט שוין ניט אַזוי יונג. וואָס האָט איר אין אייער לעבן דערגרייכט? איך האָב אָן אויג אויף אייך. דאָס נאָכקוקן לעריין האָט מיך שוין געמאַכט פאַר אַ וואָך־הונט... אַ מענטש דאַרף רעכענען און באַרעכענען. און אייך האָב איך נאָך קיין איינציקסמאָל ניט געזען פירן אַ חשבון. אָדער איר זענט פאַרטיפט אין אַ צייטונג, אָדער אין אַ בוך... וואָס האָט איר דערפון? איר זענט אַ שטילער, אַ תּמעוואַטע, אָבער מיך וועט איר ניט נאַרן. איר האַלט פון זיך, האַ?...

„לערי האָט שוין ניט געדאַרפט האַלטן פון זיך. אַנדערע האָבן עס פאַר אים געטאָן. זיין נאָמען איז געווען אין די צייטונגען. מען האָט זיך מיט זיין מיינונג גערעכנט. דער עלטערער ברודער מאָ האָט זיך ניט געקאָנט האַלטן לאַנג אויף אָן אַרבעט. די מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט און לערי האָט אים אָנגעשטעלט ווי אַ בוכהאַלטער, מיט אַ קליין געהאַלט.

„און אין דער באַנק איז געווען אַ „טעלער" אַ מיידל, סטייסי האָט זי געהייסן. אויך פון די שטילינקע. איך האָב זי געזען, ווען איך פלעג צוריק מיט עטלעכע יאָר אַריינקומען אין באַנק. זי איז געווען שיין. יאָ, שיין! עפּעס אַזאַ גרויסע שיינקייט וואָס אַז איר טוט אַ קוק אויף אַזאַ פּנים, נעמט אייך אָפּ

דאָס לשון און איר מאַכט צו די אויגן. און עס איז ניט נאָר איר פּנים, עס איז ניט נאָר איר בליק, עס איז איר שטאַלט, זי איז אינגאַנצן עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געווען פון אַן אַנדער וועלט, ניט פון אונדזער וועלט, זי איז ערגעץ אין די הימלען געבוירן געוואָרן. אַ שטימעלע האָט דאָס געהאַט אַזאַ שטילס און אַזאַ ווייכס! עס האָט ניט געקלונגען ווי אַ גלעקעלע, נאָר עס האָט זיך געגאָסן גלייך אין האַרצן אַריין, ווי זיסער ווייַן. אַ פּנים האָט זי געהאַט, ניט קיין פּנימל. און אויגן וואָס האָבן אייך צוגעצויגן און קיינמאָל ניט דערנענטערט. וואָס ביי איר פּענצטערל פלעגט זיך אָפּטאָן! ... מענער זיינען געשטאַנען, צי מע האָט באַדאַרפט, צי — ניט, מע איז געשטאַנען און געקוקט ... אויך לערי, וואָס איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט שוין, דאַכט זיך, קיינעם ניט געזען און קיינעם ניט באַמערקט, אויך ער האָט פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ פאַרגנבעטן בליק צו סטייסין. אָבער ער איז שוין צו יענער צייט געשטאַנען אין שידוכים און ניט גלאַט שידוכים, נאָר אין די הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן. פאָטערס פון שיינע, געראַטענע טעכטער זיינען אַריין אין אַ געוועט — „ווער מער". מען האָט געשמועסט, אַז ער איז שוין אַ פאַרקנסטער. איך האָב איין מאָל געזען די כלה (צי אפשר איז זי נאָך קיין כלה ניט געווען) זיינע.

„אַ שאָפער האָט זי געבראַכט. זי איז אַריין אין לעריס קאַבינעט און דאָרט זיך פאַרזאַמט אַ ווײַלע. איר דורכגיין דורך אונדז אַלע האָט איבערגעלאָזט עפּעס אַזוי ווי אַ ווינט. זי האָט אויסגעזען הויך, גלייך און זי האָט זיך דורכגעטראָגן צווישן אונדז, קליינע מענטשעלעך, ווי מיר וואָלטן געווען דער שטויב אונטער אירע פיס. איך האָב זי אויף אַ גוט אָרט. רייך מיינט נאָך גאָרניט. אָבער דעם אמת מוז איך אייך זאָגן, איך האָב אין יענעם מאָמענט זיך דערפילט קליין. איך האָב געכאַפּט אַ קוק צו סטייסין. זי איז געשטאַנען ביי איר פּענצטערל ווי אַ קעניגין, וועמענס טראָן איז אומבאַרירלעך. איך ווייס ניט, וואָס די אַנדערע אין באַנק האָבן געטראַכט דערביי, אָבער איך האָב געפילט, אַז אין איר זכות בין איך אויך מער ניט געפאַלן.

„איך בין נאָך איצטער ניט קיין מיאוסער מאַנספאַרשוין. צוריק מיט צוועלף יאָר אָ־האָ, איר האָט מיך געמעגט געווען אָנקוקן! ... די מיידן האָבן זיך פאַרקוקט אויף מיר. אָבער איך האָב זיך אַריינגענומען אין קאָפּ סטייסין. פאַרוואָס ניט? אויב זי אַרבעט דאָ ווי אַ „טעלער", איז זי ניט קיין רייכע. איך האָב זיך פאַראינטערעסירט און איך האָב אויסגעפונען איר יחוס. אַן אָרעמע יתומה, וואָס האָלט אויס אַ מאַמע. אוודאי וואָלט איך געקאָנט געווען קריגן אַ מיידל מיט נדן, אָבער קוקנדיק אויף סטייסין, האָט מען פאַרגעסן אין געלט. איך האָב איין מאָל געוואָגט אָנבאָטן איר אַ באַגעגעניש. זי האָט מיר געשענקט איר שמייכל און געזאָגט, אַז זי איז פאַרנומען. איך האָב עטלעכע מאָל געמאַכט אַ פאַרזוך. עס איז מיר ניט געגאַנגען. איך בין בייז געוואָרן און מער זי ניט באַלעסטיקט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי האָט שוין עמעצן. ווער־זשע איז דער גליקלעכער? איך האָב אָנגעהויבן נאָכצושפּירן און איך האָב באַמערקט, אַז לערי וואַרפט אויף איר זיינע בליקן וואָס אָפטער. אָבער איר האָט געמעגט זען אַ קוקעלע! ... עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ נאַשערײַ, ספּעציעל פאַר אים געמאַכט. די כלה האָט זיך אָנגעהויבן צו ווייזן אַלע וואָך אין אַ באַשטימטן טאָג. דאַמאָלט האָב איך דערזען, אַז פון איין מענטשן קאָן ווערן צוויי. מיט דער כלה איז לערי געווען שטרענג, סטאַטעטשנע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ חתן. אָן איר פלעגט ער זיך פאַרענדערן און געקוקט ניט נאָר אויף סטייסין, נאָר אפילו אויף מיר און אַנדערע ווי איך. מיר זיינען ווייטע קאָזענס מיט לערין און מאַ'ן. אָבער לערי האָט מיט מיר קיין איינציק מאָל קיין וואָרט ניט

אויסגערעדט. איצט האָבן מיר זיך דערפילט שיר ניט ווי שותפים: מיר האָבן ביידע געהאַט איין פאַרלאַנג און מיר האָבן אונדזער פאַרלאַנג ניט געקאָנט דערפילן.

„איך פלעג אויך באַאָבאַכטן מאַ׳ן. ער איז געזעסן ביי זיין אַרבעט און, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער פאַרגנבעטערהייט געכאַפּט אַ קוק אין אַ ביכל. ער איז פון אייער מין: ביכער און ביכער... ער האָט געמאַכט טעותן, אַנגעטאָן דעם ברודער שאָדן. לערי האָט זיך געבייזערט, געסטראַשעט אים אָפּזאָגן. מאַ האָט ניט געענטפערט, צוגענומען די באַליידיקונגען און ווייטער געטאָן זיין אַרבעט.

„האָט ער געקוקט אויף סטייסין? איך ווייס ניט. איך האָב דאָס ניט באַמערקט. איז ער געווען אַזוי פאַרטאָן אין חלומות, אַז ער האָט די ווירקלעכקייט ניט געזען? וואָס פאַר אַ מאַן איז מאַ געווען? זיין באַציאונג צו דער שענסטער מיידל איז געווען אַ באַליידיקונג פאַר איר אַזוי, אַז אפילו איך האָב דערפילט אַ פאַרדראָס. איך האָב זיך איין מאָל ניט געשטעלט ביי סטייטיס פענצטערל. איך בין צוגעגאַנגען צו מאַ׳ן און אים אַ זאָג געטאָן:

„— דו זעסט גאָרניט דעם אוצר ביי דיין נאָז?

„ער האָט עפּעס אַזוי ווי פאַרחידושט מיך אָנגעקוקט און מיט זיין שטיל קול געענטפערט:

„— איך בין ניט בלינד. — האָט ער מיך דאָך פאַרשטאַנען! טאָ וואָס מאַכט ער זיך תמעוואַטע?

„— האָסטו גאָרניט געפּרואווט דיין מזל? — האָב איך אים אָנגעצויגן.

„ער איז רויט געוואָרן, ווי אַ שעמעוודיק מיידל און געמאַכט אַזוי הילפלאָז: „גאָ אָן!" (גיי שוין, גיי).

„און אַזוי איז זיך די צייט געגאַנגען. מיין מאַמעס ביזנעס איז אַוועק ניט שלעכט און איך בין כמעט יעדן טאָג געגאַנגען אין די בענק צו מאַכן מיינע דעפּאָזיטס, אָדער — נאָך קליינגעלט. די מאַמע מיינע האָט מיר אָנגעהויבן צו דערקוטשען: נחת, אייניקלעך... ביז וואַנען וועל איך זיך אַרומשלעפּן? איר האָט זיך געדאַכט, אַז די שענסטע און די בעסטע מיידל און די גרעאַטנסטע קאָן ווערן מיין ווייב. איך דאַרף נאָר וועלן.

„בין איך זיך מישב איין מאָל און זאָג דער מאַמען:

„— גיב מיר סטייסין, האָב איך חתונה היינטיקן טאָג!

„די מאַמע האָט זיך דערשראָקן... אָט אַזוי גרויס ווי איך בין, אַזאַ קליינינקע איז זי, אַ זשוואַוועע. זי האָט שוין דעמאָלט געהאַט קנייטשעלעך אַרום די אויגן, נאָר זיי זיינען נאָך געווען שוואַרץ און געברענט מיט יוגנטלעכן חן. זי האָט נאָך אויך געקאָנט געווען חתונה האָבן און הנאה האָבן פון איר לעבן. האָט זי דאָס איבער מיר ניט געטאָן. זי האָט דאָס געשעפט געהאַלטן פון מיינעטוועגן, איך זאָל הייראַטן און דאָס איבערנעמען, וועט זי זיך אויסרוען און קלייבן נחת... אָבער סטייסי?

„— ווייסטו וואָס דו רעדסט? וואָס דאַרפסטו אָרעמקייט? דו קאָנסט דאָך נעמען אסך נדן און פאַרגרעסערן די ביזנעס! איך וויל ניט קיין אָרעמען זון. געבוג האָט זיך דיין טאַטע אָנגעמוטשעט. דיר דאַרף זיין גוט, מיין קינד. און — רייד מיר ניט קיין נאַרישקייטן!

„איך האָב זי געפאָלגט און מער ניט גערעדט, אָבער איך האָב זי דאָך ניט געפאָלגט און איר ניט צוליב געטאָן. עפּעס אַ האָפענונג האָט געדרעמלט טיף אין מיר און מיר געהייסן וואַרטן.

„איין מאָל בין איך אַריין אין באַנק און ניט געטראָפן סטייסין ביי איר

פענצטערל. איך האָב זי געזוכט. איך בין געשטאַנען אַ פאַרקלערטער, ווי איך וואָלט עפּעס פאַרלוירן. איך האָב דערהערט מאַ'ס הייזעריקלעך קול: „בעקסט, פליז”. איך בין צו צו זיין פענצטערל און אים באַלד געפרעגט אויף סטייטין.

„— אויף וואָס דאַרפסטו סטייסין? — האָט ער מיך איבערגעפרעגט.

„— ביסט אַ גולם! — האָב איך אים אָפּגעזידלט.

„ער האָט מיר דערלאַנגט אַ קוק מיט זיינע שטילע ברוינע אויגן, אַ קוק, וואָס נאָר אונטערטעניקע האָבן. ניין, ניט דאָס האָב איך געמיינט. אין זיין בליק איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס ניט אַלע מענטשן האָבן. עס איז געווען פאַרוואורף און אַ מין באַרואיקונג, איינשטילעניש. איך האָב פון אָט דעם קוק דערפילט, ווי ער וואָלט מיך אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געזאָגט: „נו, שאַ, שאַ. עס וועט זיך פאַרהיילן...” עס האָט מיך פאַרדראָסן, באַליידיקט, מחמת איך האָב זיך דערפילט קליין ווי אַן אָפּגעשמיסן ייִנגל. איך האָב אים נאָר געוואָלט דערלאַנגען אין זיין נאַרישער נאָז, אָבער איך האָב געפילט, אַז ווען איך טו עס, וואָלט מיר מער ווי געטאָן ווי אים. און נאָך אַן אונטערטאָן האָב איך אין זיין פראַגע דערפילט, עפּעס אַזוי ווי ער דאַרף די מיידל מער פון מיר.

„און באַלד ווי דאָס איז מיר איינגעפאַלן, האָב איך אים דערלאַנגט אַ קוק. איך האָב אים אינגאַנצן דורכגענומען: אפשר אַזוי שטילינקערהייט, שאַרט ער זיך גאָר צו סטייסין?... „ניין!” האָב איך זיך געזאָגט, דאָס איז אוממעגלעך, אוממעגלעך!” דער געדאַנק איז מיר אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז איך האָב זיך צעלאַכט, הויך אויף אַ קול אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, אַז איך טו אַ ווילדע זאַך. איך האָב זיך געוואָלט באַהערשן און ניט געקאָנט. אָבער באַלד האָב איך איבערגעריסן מיין „געלענדער”. עס איז מיר געבליבן שטיין אין האַלדז פאַפּערעק, מיר דעם אָטעם פאַרכאַפּט:

„פון לעריס קאַבינעט איז אַרויסגעקומען סטייסי. איר בלייך פּנים איז געווען פאַררויטלט מיט אַ בייזער רויטקייט. פון איר'ע שיינע שטאָלצע אויגן, האָט זיך מיר געדאַכט, שפּריצן פונקען. זי איז צוגעקומען צו מאַ'ן, אים עפּעס געזאָגט, מיט אַ פאַרטרווילעכן בויג פון איר קאָפּ צו זיינעם און פון איר וואונדערלעך מויל ביי זיין אויער. דערביי האָט זי געכאַפּט אַ קוק צו לעריס קאַבינעט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר יענער פאַרמאַכטער, מאַסיווער טיר.

„זי האָט גלייך פאַרלאָזט דעם אָפיס און זיך אַוועק אַנטאָן.

„איך האָב אויף גיך דערליידיקט די געלט־טראַנסאַקציע און בין אַרויס אין גאַס.

„עס איז געווען אַ שטילער זומער בייטאָג, אַזאַ וואַרעמער, אַז עס האָט זיך געדאַכט, די לופט גלעט אייך דאָס פּנים און די הענט.

„מענטשן האָבן מיך אָנגעיאָגט און זענען מיר אַקעגנגעקומען און מיר האָט זיך געדאַכט, קוקנדיק אויף זיי, אַז עס איז זיי אַלעמען גוט. און מיר איז געווען גוט און איך האָב געהאַפּט, אַז מיר וועט נאָך בעסער ווערן, ווען איך וועל דעריאָגן די, נאָך וועמען איך יאָג זיך שוין עטלעכע חדשים. איך וועל איר זאָגן, אַז איך וויל זי נעמען פאַר מיין ווייב. איך וועל איר אַזוי זאָגן, אַז זי וועט מיר מוזן גלויבן. קיין נדן וועל איך ניט דערמאָנען, און די מאַמע מיינע וועל איך איבערבעטן. נישקאָשע, קיין סך קינדער האָט זי ניט. וויל זי דען ניט עס זאָל מיר גוט זיין, האַ?

„סטייסי איז געווען עטלעכע צענדליק שפּאַן פון מיר. איך האָב געשטעלט פיס. אָט־אָט, און איך האָב זי. אָבער ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו איר, האָב איך פאַרלוירן דעם מוט. אין מיין פּלוצעמדיקער שוואַכקייט האָב איך זיך ערשט אַ יאָג געטאָן, זי אָנגעיאָגט, איבערגעיאָגט, געבליבן שטיין פאַר

איר, צענומען מיינע לאַנגע אָרעמס אין דער גאַנצער לענג און איר פאַרשטעלט דעם וועג. דערביי האָב איך אָנגעשטעלט אַ פּאָר פרייליכע, גוטברידערשע אויגן און שטיפעריש געזאָגט:

„זי האָט מיר צוגעוואָרפן אַ פריינדלעכן בליק, זיך אויף מיר ניט באַליידיקט און מיך ניט אַוועקגעטריבן.

„— ווי קומט איר גיין אַהיים אַזוי פרי? — האָב איך געפרעגט.

„— ווי קומט איר מיך פרעגן? — האָט זי אַן ענטפער אָפּ געטאָן מיט אַ פראַגע. איר קול איז געווען ניט היימלעך. איך האָב געזען, זי באַהערשט זיך ניט צו זאָגן אַ בייז וואָרט.

„— ניט געזונט? — האָב איך געפאָרשט.

„— אַנטשולדיקט! — האָט זי מיט איין מאָל געביטן דעם טאָן, אַ הויב געטאָן איר שיינעם, שטאָלצן קאָפּ. איך האָב אַראָפּגעלאָזט מיינע לאַנגע אָרעמס, און זי איז דורכגעגאַנגען. איך האָב ניט געוואָגט איר נאָכצוגיין. איך בין געשטאַנען און איר נאָכגעקוקט. איך האָב געזען, ווי זי שטעלט זיך אָפּ ביים ראָג און וואַרט אויפן אויטאָבוס. ווען איך האָב אין אַ ווײַלע אַרום זי דערזען איינשטייגן, האָב איך געוואָלט אַ לויף טאָן. איך האָב עס אָבער ניט געטאָן, נאָר ווען איך בין צוגעקומען צום זעלביקן ראָג, האָב איך זיך געשטעלט וואַרטן אויפן קומענדיקן אויטאָבוס.

„איך בין אַריין און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן דערפילט, אַז איך ווייס ניט וואָס איך טו. איך האָב באַלד געוואָלט אַרויסלויפן און בין געבליבן זיצן אויף מיין אָרט. דער באָס האָט זיך אָפּגעשטעלט איין מאָל און אַ צווייט מאָל. איך בין אַרויס. איך וועל יענעם בייטאָג לאַנג געדענקען. וואָס נענטער דער פאַרנאַכט איז געקומען, אַלץ שענער איז געוואָרן אַרום. איך האָב זיך גוט אויסגעזידלט פאַר מיין נאַרישקייט, בין אַוועק אַהיים און זיך געשטעלט פאַרקויפן מיין מאַמעס סחורות.

**4.**

„און אַזוי האָב איך זיך אַריינגעפּלאָנטערט און איך האָב עפּעס ווי פאַרלוירן מיין גלייכגעוויכט. סטייסין האָב איך מאָרגן אין באַנק ניט געטראָפן. וואוהין זי איז אַהינגעקומען, האָב איך ניט געוואוסט, און פרעגן אויף איר האָב איך ניט געהאַט וועמען. האָב איך אָנגעהויבן נאָכצוקוקן לערין. איך האָב געזען, ווי זיין שאָפער האָט אים געפירט אַהיים, אָדער אין קלוב, וואו די גרויסע העכט פלעגן זיך פאַרזאַמלען. אלא ניט איז ער געפאָרן שפּילן גאָלף. איך האָב אים פון אויג ניט אָפּגעלאָזט, און אויסגעפונען האָב איך — — — גאָרניט...

„עס זיינען אַריבער באַלד צוויי וואָכן. סטייסי האָט זיך מער ניט געוויזן. איך האָב זיך אויסגעמאָלט אַזאַ בילד: דער גרויסער שיסער לערי איז, ווייזט אויס, געווען צודרינגלעך צו דער שיינער מיידל, און דערפאַר איז זי אַוועק. די סצענע ווי לערי שטייט צו צו סטייסין האָט מיך אַזוי געמאַטערט, אַז איך האָב אַביסל אָנגעוואוירן מיין רו און בין שלעכט געשלאָפן.

„אין „סטייסיס" פענצטערל אין באַנק האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער מיידל, אויך ניט קיין מיאוסע און אויך אויף איר האָט מאַ זיך קיינמאָל ניט אומגעקוקט. זי איז געווען ליבלעך און איך האָב אַ רייד געטאָן מיט איר. זי האָט מיר צוגעזאָגט צו טרעפן זיך מיט מיר טאַקע דאָ, אין פּאַרק.

„זונטיק האָבן מיר זיך באַגעגנט. מיר זיינען אַריין אין אַ רעסטאָראַן, גוט אָפּגעגעסן און אפילו געמאַכט אַ שנאַפּס. איך האָב גענומען אַן איבעריקע כוסה. זי האָט געקוקט אויף מיר און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי לייענט מיינע געדאַנקען. קליינע שוואַרצע אויגן האָט זי געהאַט, אָבער אַזוינע

שאַרפּע, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, זי זעט מיך דורך און דורך.

„סעי, באָס, האָט זי געזאָגט — פון וואָס און פון וועמען טראַכסטו?

„איך האָב אַ ציטער געטאָן און פאַלש געענטפערט:

„— אַז מע קוקט אויף אייך, קאָן מען פון קיינעם מער ניט טראַכטן.

„זי האָט מיר יאָ געגלויבט און ניט געגלויבט. זי האָט מיר געדראָט מיט איר קליין ראָזעווע פינגערל, מיך געבעטן מער ניט טרינקען און זיך אויפגעשטעלט. איך האָב באַצאָלט און מיר זיינען צוריקגעגאַנגען אין פּאַרק צו נעמען אַ שיפל און רודערן אויפן וואַסער.

„דער טאָג, געדענק איך, איז געווען אַ וואָלקנדיקער, אָבער אַ גוטער. דאָס וואַסער איז געווען אַזוי שטיל, אַז די צוגעבונדענע שיפלעך ביים ברעג האָבן פון ווייטן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן גערוט אויף גלאַנציקן מעטאַל.

„מיין מיידל, נאַראַ האָט זי געהייסן, האָט זיך געזעצט קעגן מיר. איך האָב גענומען די וועסלעס אין די הענט. דאָס שיפל האָט זיך אַ וויג געטאָן און אַ גליטש און באַלד אַריין צווישן אַנדערע שיפלעך...

„איך זע, מיין פריינט, איר ווייסט שוין וואָס ווייטער וועט זיין... יאָ, געטראָפן! אין איין שיפל האָב איך דערזען מאַ'ן מיט סטייסין. דאָס ביסל שיכרות אין מיר האָט זיך מיט איין מאָל אויסגעוועפּט. „העי!!!” האָב איך ווילד אויסגעשריגן און דערהערט מיין ווידערקול. די מענטשן אַרום אונדז האָבן זיך אומגעקוקט צו מיר. אויך סטייסי און מאַ האָבן מיך באַטראַכט, מיט חידוש און מיט פאַרדראָס. נאַראַ האָט דערקענט איר מיטאַרבעטער און צו מיר האָט זי געזאָגט: „זע נאָר ווער עס ראָמאַנסירט!”

„צו וואָס דערציילן ווייטער? איר פאַרשטייט דאָך, אַז דער שטילינקער, דער צוריקגעצויגענער מאַ האָט חתונה געהאַט מיט סטייסין. און איך בין אויף דער חתונה געווען און זיך דאָרט אָנגעשריכורט, אַז איך געדענק ניט ביז היינט, ווי מע האָט מיך פון דאָרט אַרויסגעטראָגן.

„לערי איז אויף דער חתונה ניט געווען. האָט מען דעריבער קיין גרויסע צערעמאָניעס ניט געמאַכט. מען האָט צונויפגערופן בלויז די נאָענטסטע קרובים און אין דער מוטערס איין־פאַמיליע־שטיבל געפּראַוועט די חתונה־סעודה.

„דאָס ערשטע האָט לערי משלח געווען מאַ'ן. איצט האָבן שוין דער מוטערס טרערן מער ניט געהאָלפן. מאַ האָט געמוזט זוכן אַרבעט. סע האָט לאַנג גענומען, אָבער ער האָט געפונען. דערווייל האָט סטייסי געאַרבעט און עס איז געווען ניט שלעכט. די מוטער האָט ניט געקאָנט קיין סך שטיצן, ווייל לערי האָט איר געגעבן גראַשנס. ער איז געווען אין כעס אויף דער וועלט און אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיין מאַמע האָט געמאַכט קעגן אים אַ פאַרשווערונג.

„איך דערצייל און דערצייל, און איך וואָלט אייך געוואָלט איבערגעבן די געשיכטע אינגאַנצן. אָבער אינגאַנצן ווייס איך ניט. איך דאַרף בלויז קלערן און צוקלערן. איז טראַכט איך מיר אַזוי: געמיינט האָט לערי, אַז די אָרעמע שיינע מיידל איז באַשאַפן געוואָרן פון זיין פאַרגעניגן וועגן. האָט ער זי געוואָלט אויסנוצן. זי האָט זיך שטאַרק באַליידיקט און פאַרלאָזט איר אַרבעט. דאָס לייגט זיך אויפן שכל, אָבער זאָל מיר עמעצער זאָגן, וואָס האָט סטייסי דערזען אין מאַ'ן? אין פאַרגלייך מיט אים בין איך דאָך אַ פּרינץ. און איך האָב אַליין געזען, ווי אויף דער מיידל האָבן זיך פאַרקוקט יונגע בחורים זייער שיינע און אויפן אויסזען רייכע. האָט זי גראָד אויסגעקליבן אים, דעם תם.

„מיינט איר ניט, אַז מיט סטייסין איז עפּעס געווען „דער מער?״ וואָס פון לערין איז געוואָרן זעט איר דאָך. אָבער שוין דאַמאָלט איז ער געווען, ווי מע זאָגט, „ניט אַליין״. ער האָט באַלד חתונה געהאַט, אַזוי אויף גיך און אין דער שטיל, ווי ער וואָלט קיינעם ניט געהאַט.

„איין מאָל האָט מיך זיין מוטער געשיקט רופן און מיך געבעטן אָפּטראָגן אירס אַ קוויטעלע צום רייכן זון. פון דער שליחות האָב איך זיך דערפילט באַליידיקט, אָבער ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, האָב איך פאַרגעסן אין מיין גדלות. ווי אַ מענטש קאָן דאָס פאַרענדערט ווערן אין אַזאַ קורצער צייט! זי איז ניט נאָר געוואָרן אַ סך עלטער, נאָר אויך שוואַכער.

„גיי, באַי (אַזוי האָט זי מיך גערופן) און ברייננ מיר באַלד אַן ענטפער. עס איז זייער נויטיק! גיי, באַי, גיי!

„איך האָב זיך אַרומגעקוקט. די צימערן האָבן אויסגעזען אָפּגעלאָזן. די פענצטער און די פאָרהאַנגען ניט געוואַשן און דאָס מעבל אין אַן אומ־אָרדענונג. וואָס אין די אַנדערע צימערן האָט זיך געטאָן, האָב איך דאָך ניט געקאָנט זען, אָבער איך האָב זיך דאָס פאַרגעשטעלט.

„מיטאַמאָל האָב איך דערהערט טריט. זיי זיינען געווען שטיל, נאָר דער אַלטער דיל האָט אונטער יענע טריט הויך געסקריפּעט. אין דער אָפענער טיר האָב איך דערזען סטייסין אַ מעוברתע. בלויז אויף אַ סעקונדע האָב איך דערזען דעם פּראָפיל פון איר פּנים און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער קאָליר דערפון איז געווען געלבלעך.

„הייסט עס, האָב איך אַ קלער געטאָן, אַז זי אַרבעט שוין ניט, און דאָס האָט אוודאי צו טאָן מיטן קוויטעלע...״

„לערי האָט מיך אויפגענומען אויסערלעך קאַלט, אָבער איך האָב געזען, ווי די הענט זיינע האָבן לייכט געציטערט בשעת ער האָט געלייענט דער מוטערס בריוו. ניט גוט, זייער ניט גוט האָט דער מאַן אויסגעזען. די קאַלטע מאַסקע וואָס ער האָט אויף זיך אַרויפגעצוואונגען, האָט ניט געקאָנט באַהאַלטן זיינע געפילן. איך האָב אים גוט פאַרשטאַנען, ווייל אויך איך האָב נאָך אַלץ געבענקט נאָך סטייסין. ער האָט איבערגעלייענט דאָס בריוול און מיך געפרעגט עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געוואוסט אַלע סודות און ווי אויך איך וואָלט שוין געווען אַנגעשלאָסן אין דער פאַרשווערונג קעגן אים...

„לערי האָט זיך מיט איין מאָל געטאָן אַ קער אַוועק פון מיר און מיר געוויזן זיין גרויסע פעטלעכע פּלייצע.

„שטעלט זיך פאָר וואָס איך האָב געפילט! ניט אומזיסט האָב איך ניט געוואָלט זיין דאָס שיק־ייִנגל.

„און אַזוי איז ער געזעסן און איך בין געשטאַנען הינטער אים. ווי אַזוי איך האָב זיך באַהערשט און אים ניט דערלאַנגט אין זיין ווייסן נאַקן, ווייס איך ניט. איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז איך וואַרט, און פון כעס ניט געקאָנט ריידן. ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען, ווייס איך ניט, נאָר לערי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און אַ פרעג געטאָן: „ביסט נאָך אַלץ דאָ?״ איך האָב ניט געענטפערט. ער האָט געזאָגט:

„זאָג איר, איכ׳ל שיקן אַ טשעק. דאַט׳ס אָל״

„ — דאַרפסט ניט באַליידיקן קיין מענטשן״ האָב איך בייז אַ בורטשע געטאָן און בין אַרויס פון זיין אָפיס.

„אָפּטער און אָפּטער האָב איך אָנגעהויבן אַריינקומען צו מיין אַלטער קרובה. סטייסי האָט זיך שטאַרק געענדערט, אָבער זי איז נאָך אַלץ געווען

שיין און ליבלעך. זי האָט געשאָצט מיין פריינטשאַפט און זי האָט עס מיר געזאָגט: איבער איר האָב איך פאַרנאַכלעסיקט נאָראַן. זי איז געווען אַ תכלית־מיידל: ווען זי האָט געזען, אַז מיט מיר גייט ניט, האָט זי זיך באַלד אויסגעזוכט אַן אַנדער בחור און זי איז טאַקע אין גיכן אַ כלה געוואָרן. און איך האָב זיך אַרומגעדרייט, ווי מע זאָגט, ניט אַהין און ניט אַהער... עס איז ביי מיר כדאי געווען בלויז צו קוקן אויף סטייסין און הערן פון איר אַ גוט וואָרט.

„קיין געלט איז ניט געווען. אַלע בריוו, וואָס די מוטער האָט געשיקט לערין, זיינען צוריקגעקומען. אויך מיין טראָגן די קוויטעלעך האָבן מער ניט געהאָלפן. איין מאָל בין איך אַרויס פון די כלים און געזאָגט לערין:

„— סטייסיס לעבן איז אין געפאַר. אויב דו וועסט ניט העלפן, קאָן זי, גאָט באַהיט, שטאַרבן".

„זאָל זי — האָט ער געזאָגט און זיך אַוועקגעדרייט פון מיר.

„מער בין איך שוין, פאַרשטייט זיך, ניט געגאַנגען צו אים. אָבער איין מאָל (און איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן) האָב איך, מאַכנדיק מיין דעפּאָזיט, דערזען מאַ'ן אַריינקומען. ער האָט אויסגעזען קראַנק. ער האָט געהינקען אויף אַ פוס און זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. ער האָט אויסגעזען אַזוי שוואַך, איך האָב געמיינט, אָט זעצט ער זיך אַרונטער אויף דעם דיל. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אים באַזעצט אויף אַ שטול. ער איז שוין דאַמאָלט געווען דער פאָטער פון אַ מיידעלע. אָבער סטייסי האָט געהאַט אַזאַ שווער האָבן, אַז פון דאַן אָן איז זי געלעגן אין שפּיטאָל.

„איך בין מער צו מיין אַלטער קרובה ניט געגאַנגען: העלפן האָב איך ניט געקאָנט, און סטייסי איז מער ניט געווען דאָרט.

„— העלף מיר אויפשטיין — האָט מאַ מיך געבעטן.

„— וואָס איז מיט דיין פוס? — האָב איך אים געפרעגט.

„— איך בין געפאַלן — האָט ער געזאָגט און צוגעגעבן — און איך אַרבעט שוין ניט די צווייטע וואָך.

„איך האָב אים געהאָלפן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף מיין אָרעם. מיר זיינען ביידע אַריין צו לערין אין קאַבינעט און מיר זיינען געבליבן שטיין. ער איז געזעסן צו אונדז מיט דער פּלייצע. מאַ האָט אַ הוסט געטאָן. דער ברודער האָט זיך ניט אומגעקוקט. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ שטול, אָבער מאַ האָט זיך ניט געוואָגט צו זעצן. איך בין געווען אין כעס און געוואָלט אַרויסלויפן, אָבער מאַ האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין מיר און מיך ניט אָפּגעלאָזט. ווי נאָר אָבער ער האָט דערפילט, אַז איך וויל אַוועקגיין, האָט ער מיך גלייך באַפרייט און איך האָב געזען, ווי ער האָט באַוויזן אַ קונץ. ער האָט זיך זאָרגזיכטיק אַראָפּגעזעצט און געבליבן זיצן אויף זיין שטעקן.

„איך האָב אים געוואָלט צוהאַלטן, אָבער ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן, איך זאָל אַרויסגיין. איך האָב אים געפאָלגט. אין אַ פופצן מינוט אַרום איז מאַ אַרויס און, אַ הינקענדיקער, פאַרלאָזט די באַנק.

„איך בין אים נאָכגעגאַנגען, אים געהאָלפן אַריין אין באַס. איך האָב גערעדט און גערעדט צו אים. ער האָט געשוויגן, נאָר שוין ביים געזעגענען זיך מיט מיר, געזאָגט: „סטייסי גריסט דיר"

„— וואָס מאַכט זי? — האָב איך געפרעגט.

„ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף מיר, ווי איך וואָלט געווען שולדיק אין דעם, וואָס איך העלף איר ניט. הונדערט דאָלער האָב איך געהאַט ביי זיך. האָב איך מאַ'ן אָנגעבאָטן דאָס געלט. ער האָט דאָס גענומען און געזאָגט:

„וואו וועל איך דיר נעמען אָפּצוגעבן?“ איך האָב געשוויגן. ער האָט ווייטער גערעדט: „עס וועט דערווייל זיין צו באַצאָלן דער פּרוי פאַרן אַכטונג געבן אויפן קינד. אַ דאַנק דיר, מיין פריינט“.

„איך בין אַוועק צו זיין מוטער און זי האָט מיר דערציילט, אַז סטייסי דאַרף דורכמאַכן צוויי אָפּעראַציעס און דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ פּאָר טויזנט דאָלער. אָפּליגן טאָר מען ניט. דער שפּיטאָל האַלט אונדז פאַר גרויסע גבירים... עס איז שלעכט, עס איז ביטער!“

## עפּילאָג

קליף איז מיט איין מאָל שטיל געוואָרן און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דעם עיקר האָט ער מיר ניט דערציילט, כאָטש דאָס וואָס איך האָב ביי אים אויסגעפונען, איז געווען גענוג טרויעריק און גענוג אין אינהאַלט עס זאָל קלעקן אויף אַ גאַנץ בוך. לערי איז יענעם טאָג געווען אויף אָבסערווירונג אין שפּיטאָל. האָט קליף דעריבער געהאַט אַ פרייען טאָג און נאָכדעם אַ פרייען אָוונט. ער האָט מיר נאָך געקאָנט דערציילן און דערציילן. אָבער ער האָט געשוויגן. איך האָב געקוקט אויף זיין געזיכט, וואָס האָט אַלעמאָל אויסגעדריקט אַ גרויסע הנאה מיט זיך אַליין און וואָס איז מיר דעריבער געווען דערווידער. אָבער אין יענעם מאָמענט, כאָטש זיין אָטעם איז געווען דורכגענומען מיטן געריך פון בראַנפן, האָט דאָס פּנים אָנגעוואוירן דעם וואוילליונגערשן אויסזען. די שיין-געפלעגטע וואַנצעלעך זיינען איבער די פאַרפרעסטע ליפּן געהאַנגען ווי אַ שוואַרצער שלאָס און זיינע געווײנלעכע אויגן פון אַ לעב-יונג זיינען ווי געווען איינגעראָמט אין טרויער.

ער האָט גענומען דאָס גלעזל בראַנפן אין זיין שטאַרקער האַנט, אָבער עס ניט אויפגעהויבן, ניט געשמייכלט צו דעם און ניט צוגעוואונקען מיט אַן אויגל, ווי געווײנלעך, נאָר אַריינגעקוקט אין דעם, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס געזוכט. דער ערנסט און דאָס שוייגן זיינען אין אים געוואַקסן און זיך אָנגעזאַמלט אין די ווינקלען פון זיין מויל און אין זיינע אויגן. זיי האָבן זיך ווי אָפּגעזעצט אויף זיינע ברייטע אַקסלען און זיי געדריקט אַרונטער.

איך האָב ניט געוואָגט אים איבערצורייסן זיין שטילשווייגן און איך האָב שטילערהייט געהאָפט, אַז ער וועט מיך ניט לאָזן „הענגען אין דער לופטן“. וואָס נאָך איך האָב פון אים פאַרלאַנגט און וואָס האָט מיר געפעלט, האָב איך ניט געוואוסט. אָבער איך האָב געוואָלט נאָך...

קליף האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט פאַרדראָס אַזוי ווי עס וואָלט אים באַנג געטאָן, וואָס איך האָב ביי אים אויסגענאַרט די געשיכטע און ער האָט געפרעגט:

— וואָס שווייגט איר? פאַרוואָס זאָגט איר עפּעס ניט?

— איך קאָן אויסדריקן מיטלייד — האָב איך שטיל געענטפערט, צופרידן וואָס ענדלעך האָט ער געעפנט זיין פאַרפרעסט מויל צום ריידן. — און — האָב איך קליפן געמאַכט אַ קאָמפּלימענט — ניט אַלע טאָג הערט מען אַזאַ שיינע מעשה, אַזוי שיין דערציילט.

— גאָט-פאַרדאַמטער! — האָט ער גראָב אויסגעשריגן — וואָס פאַר מעשיות? וואָס רעדט איר? מעשיות ליגן אים אין קאָפּ!...

— באַרואיקט זיך! — האָב איך אים געוואָלט איינשטילן.

— ניין, דאָס איז עפּעס, עפּעס... — ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין זיינע רייד און אויסגערופן: — סטייסי ליגט אין ד׳רערד, געבליבן אַ יתומהלע און דער טאַטע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, לערי... הערט, וואָס איז דאָ צו ריידן מיט אייך?

איך האָב זיך געפּילט באַליידיקט: איך האָב דורכגעליטן אָט די אַלעליידן, ווי איך וואָלט געוועזן מאַ און סטייסי און לערי און אפילו קליף — צוזאַמען. איך האָב געפּילט, אַז איך בין אינגאַנצן דערשיטערט, זאָגט ער מיר מוסר!... אויך מיר אַ מענטש...

— הערט — האָב איך שטרענג געזאָגט — זאָל איך דאָס וואָרט מעשה ניט שרעקן. עס איז דאָך ניט קיין אויסגעקלערטע זאַך. איר אַליין האָט עס דאָך דורכגעלעבט און איר אַליין האָט דאָך געליטן אפשר ניט ווינציקער ווי די אַנדערע מענטשן. איר זעט? פון זיך האָט איר קיין וואָרט ניט דערמאָנט, אָבער איך ווייס, איך פיל אויך אייערע ליידן, מיין יונגער פריינט.

איך האָב דערגרייכט זיין האַרץ! איך האָב אים „אָפּגעקויפט".

— אויב עס איז אייך שווער פאַרצוזעצן, בעט איך אייך, טוט דאָס ניט!

— העט, דער טייוול וועט מיך ניט נעמען. מע שטאַרבט ניט נאָך. אפילו מאַ׳ס מאַמע איז ניט נאָכגעשטאָרבן. זי איז נאָך ביי אַלע געדאַנקען און זי איז איצט דער הויפּט פון איר זונס חלק אין באַנק. נאַטירלעך האָט אַ לאַיער די אויפזיכט איבערן פאַרמעגן, און זי האָט אין זינען איר „בייבי"...

„דאָס האָט זי מיר דערציילט, ווי מאַ האָט זיך דערגנידעריקט פאַרן ברודער. זיין פוס האָט זיך שלעכט געהיילט און עס איז אים געווען שווער צו שטיין. אָבער לערי האָט אים קיינמאָל ניט געבעטן זיך זעצן. איז מאַ געזעסן אויף זיין שטעקן און אַהיימגיין פלעגט ער מיט גאַרניט.

„ווען סטייסי איז געשטאָרבן, האָט זיך די שוויגער נאָך באַהערשט און ניט געגאַנגען צום רייכן זון אים געבן וואָס אים קומט. אָבער נאָכן אומגליק מיט מאַ׳ן, איז זי אַריין אין דער באַנק און אַלע באַאַמטע און אַלע קליענטן אין די אויגן, געשפּיגן לערין אין פּנים און אים געפּאַטשט איבער זיינע אויסגעפּאַשעטע באַקן.

„לערי איז פאַרשוואונדן אויף אַ שטיק צייט. וואוהין ער איז אַוועק, האָט קיינער ניט געוואוסט. עס האָט געדויערט אַ דריי חדשים. צוריק איז ער געקומען אָן דער ווייב און איז פאַרפאָרן גלייך צו דער מוטער. ער האָט אָבער ניט געוואַגט צו עפענען איר טיר. זי האָט דערהערט דאָס טיר־גלעקל קלינגען. איז זי געגאַנגען עפענען. זי טוט אַ קוק — לערי זיצט אויף זיין שטעקן און שמייכלט אַזוי, אַז דער מוטער איז געוואָרן קאַלט... זי האָט זיך דערשראָקן און דער זון האָט זי געמונטערט.

„און אַזוי ציט עס זיך. ער קאָן ניט איינזיצן אויף אַ שטול. ער שלאָפט אומרואיק און ווי נאָר ער שטייט אויף, לאָזט ער זיך אין וועג אַריין און גייט און גייט...

„און איך — האָט קליף צו מיר אַ וואונק געטאָן — האָב מיינע ביזנעס פאַרפאַקט. איך האָב מיר דערוויל אַ דזשאָב און איך האָב מורא, אַז עס איז, ווי מע זאָגט „סטעדי..."

— האָט איר זיך געפונען אַ פריינט אין לעבן? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ — האָט ער געזאָגט — איך האָב שוין צוויי זין... — ער האָט זיך אַליין איבערגעשלאָגן די רייד, אַ זאָג געטאָן „אָבער" און מער קיין וואָרט ניט געשענקט. איך האָב געקוקט אויף זיין פאַרענדעט פּנים און מיר האָט זיך געדאַכט אַז דורך דעם שוועבן די שאָטנס פון די אומגעקומענע און סטייסיס בליק קוקט אַרויס פון זיינע אויגן.

# מאַמע מיינע

דער גוטער דאָקטער נ. האָט מיר שוין ניט איין מאָל צוגעשטעלט געשיכטעס, וואָס זיינע פּאַציענטן דערציילן אים, ווען זיי רעדן זיך אויס דאָס האַרץ פאַר אים, ליגנדיק אויף זיין שטייפן, גוט־געבעטן דיוואַן. די מערסטע געשיכטעס שיקט מיר דער דאָקטער אויף ידיש, איניקע — האלב יידיש און האלב ענגליש, און דאָס וואָס איך גיב דאָ איבער איז ריין פון אונדזער מאַמע־לשון. נאָר גאָר זעלטן, דאָ און דאָרט וואַרפט זיך דורך אַ יידיש וואָרט, ווי: רעבע, סידור, שבת, יום טוב, ברית, בר מצוה וכדומה...

דעם דאָקטערס ידישע מאַנוסקריפּטן בויטיקן זיך אוודאי אין אַ שריי־בערשער האַנט וואָס זאָל זיי אויסשטעלן ניט נאָר אין אַן אָרדענונג, נאָר זיי, וואָלט איך געזאָגט, איבערגיסן, לויטן שרייבערס פאָרמע און פון די אַלע שטיקלעך און ברעקלעך זאָל זיך באַקומען אַ קינסטלערישע גאַנצקייט.

איך האָב די ענגליש־געשריבענע געשיכטע גענומען אין דער אַרבעט און אָט וואָס עס איז דערפון אַרויסגעקומען:

עס איז געווען באַלד נאָך זעקס אין אָוונט און איך האָב זיך געקליבן פאַרן אַהיים. די באַרעמהאַרציקע שוועסטער, די איירישע, איז שוין אַוועק. איך האָב זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. דאָ האָב איך דערהערט מיין טעלעפאָן קלינגען... יאָ ענטפערן?... ניט ענטפערן?... אפשר רופט גאָר ליזע? ניין, עס קען ניט זיין. מיין פרוי האָט מיר ערשט געקלונגען פריער מיט אַ האַלבער שעה און מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז זי האָט פאַר מיר מיין באַליבטן מאכל... ניין, עס איז ניט ליזע...

איך האָב געהאַלטן דאָס הענטל פון דער טיר אין מיין האַנט, און דער טעלעפאָן האָט דערווייל זיך איינגעגעסן אין מיינע ביינער אָן אַן אויפהער און מיט אַזאַ צודריגלעכקייט, אַז איך האָב געטאָן אַ האַסטיקן שפּאַן־צו צום טעלעפאָן און אויסער זיך אויסגערופן:

— ווער איז דאָרט!!??

איצט האָט דער טעלעפאָן געשטומט. דאָס גאַנצע צימער איז געווען דורכגענומען מיט דער שטומעניש. וואָס איז דאָס? מאַכט עמעצער שפּאַס, טרייבט קאַטאָוועס? „האַלאָ, האַלאָ!!!” האָב איך אַריינגעשריגן אינעם שוואַרצן טרייבל.

„האַלאָ” האָט מיר געענטפערט אַ דיקלעכע שטימע, און איך האָב ניט געקענט וויסן, צי איז עס אַ מאַן, צי אַ פרוי.

„— וואָס ווילט איר, מיסטער? — האָב איך בייזלעך געפרעגט.

— אוי וויי! האָב איך דערהערט די צוויי ידישע ווערטער, וואָס האָבן נעבעך געהאַט דעם אמתן גוישן טעם... — אוי וויי! איך בין ניט מיסטער... איך בין מיסעס גרין.

— מיסעס גרין — האָב איך געזאָגט — מיינע אויפנאַם־שטונדען זיינען

געענדיקט. איך נעם היינט מער ניט אויף. איר ווייסט אפשר ניט, אַז זעקס שליס איך.

— יאָ, איך ווייס... אוודאי ווייס איך: עס איז דאָך פאַרשריבן אַזוי אין טעלעפאָן־בוך...

— פאַרוואָס־זשע האָט איר ניט גערופן אַ גאַנצן טאָג?

— איך האָב מורא געהאַט... ניין, איך האָב זיך געשעמט...

— וואָס רעדט איר?... האָב איך זי איבערגעריסן. — וואַרט, וועל איך נעמען מיין ביכל און מירן באַשטימען אַ וויזיט פאַר אייך.

— ניין, — האָט זי אומגעדולדיק אויסגערופן — איך וויל מאָרגן.

— ניין, האָב איך איר אין טאָן געענטפערט — מאָרגן ניט... — איך האָב זי געלאָזט וואַרטן אַ ווײַלע און שפּעטער געזאָגט: „אין אַ וואָך אַרום, פיר נאָכמיטאָג".

אוי ווײַ! — האָב איך ווידער דערהערט דאָס מענערשע קול און גיך אַ הענג אויף געטאָן דאָס שוואַרצע טעלעפאָן־טרייבל. ווען איך בין שוין געווען ביי דער דרויסנדיקער טיר, האָב איך ווידער דערהערט מיין טעלעפאָן קלינגען...

— — — —

מער ווי איין מאָל האָט מיר די מיסעס גרין געקלונגען, ביז איך האָב זי געוואָרנט: אויב איר וועט רופן נאָך איין מאָל, זאָג איך זיך אָפּ אייך אויפצונעמען! דאָ איז געקומען איר באַרימטער „אוי ווײַ" און צו דער באַשטימטער צייט האָט זי זיך באַוויזן אין מיין אָפיס.

איך האָב געכאַפּט אַ בליק דורכן רונדן גלעזל פון מיין טיר און דערזען אַ טעמפּ גרויס פּנים, קליינע ליכטיק־בלויע אויגן, מיט שטייענדיקע וואַסערלעך אין זיי, און אַ ברייט ענג־פאַרפּרעסט מויל, בייזלעך און איינגעשפּאַרט — אַן עכט סלאַווישער טיפּ! לויטן יידישן „אוי ווײַ" וואָס האָט געקלונגען העכט גויש, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די מיסעס גרין. נאָר פון אָט דעם ברייטן מויל, מיט די שטאַרק אָנגעפּאַרבטע ליפּן האָט געקאָנט אַרויסקומען אַזאַ „אוי ווײַ"...

זי איז געזעסן ביי אַ קליין טישל, מיט זשורנאַלן. זי האָט אפילו קיין קוק אין זיי ניט געטאָן, נאָר געוואָרפן שטרענגע, אומגעדולדיקע בליקן צו דער פאַרמאַכטער טיר פון מיין אויפנאַם־צימער.

זי האָט אויסגעזעסן אין די פריע דרייסיקער. איר דיקע פיגור האָט אויסגעפילט דאָס גאַנצע גרויסע בענקל. די גרויסע הענט האָט זי געהאַלטן אויף איר שויס.

איך האָב באַטראַכט אירע קליידער. דאָס קליידל און די בלוזע גרינלעך און ווי באַשאָטן מיט גרויסע רויטע בלומען. איר פולער, גרויסער קערפּער האָט זיך קוים געקאָנט אַריינפּאַסן אין די קליידער. אויך די גרויסע שיך האָבן מיר אויסגעזען ענג אויף אירע מענערשע פיס.

דאָ האָט זי אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. זי האָט געכאַפּט אַ בליק אויף די זשורנאַלן און גענומען איינעם פון זיי.

איך האָב צוגערופן די באַרעמהאַרציקע שוועסטער און זי געפרעגט, צי קאָן זי מיר זאָגן פון וואָס פאַר אַ פאָלק די פּאַציענטין שטאַמט. די איירישע האָט אָנגעשטעלט אירע קליינע ברוינע, לאַכנדיקע אויגן און געזאָגט: „אַ פּאָליאַטשקע".

— ניין, האָב איך אָפּגעענטפערט — זי איז אַ יידישע.

— אוממעגלעך!! — האָט די איירישע אויסגערופן.

איך האָב זיך געזעצט בײַ מײַן טיש און געבעטן די אירישע אַרײַנרופן די מיסעס גרין. יענע האָט געטאָן אַ האַסטיקן שפּאַן, שיר די „שוועסטער" ניט אומגעוואָרפן. זי איז צוגעקומען צום טיש און שטיין געבליבן אין איר גאַנצער גרויס.

— זיצט — האָב איך געזאָגט.

— איך בין ניט מיד — האָט זי ברוגזלעך אָפּגעענטפערט און געבליבן שטיין איבער מיר ווי אַ טורעם.

— זעצט זיך, איך בעט אײַך! — האָב איך שוין שטרענגלעך שיר ניט ווי באַפוילן.

זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט און די שטול האָט אונטער איר שווערקייט אַ קרעכץ געטאָן.

איך האָב פֿאַרשריבן איר נאָמען, דעם אַדרעס, די עלטער, צי פֿאַרהייראַט און נאָך איניקע קלייניקייטן. די „שוועסטער" איז געשטאַנען הינטער דער מיסעס גרין און אויסגעזען קלענער ווי געוויינלעך. זי האָט אויף מײַן וואונק געעפֿנט די טיר צום צימער מיטן דיוואַן און געבעטן די פּאַציענטין אַרײַנקומען.

— דאַרף איך זיך אויסטאָן? — האָט די מיסעס גרין געפֿרעגט. אירע הענט זײַנען שוין גרייט געווען צו צעשפּיליען די געבלומטע בלוזע.

— ניט נויטיק — האָב איך געזאָגט. — קומט אַרײַן, מאַכט זיך באַקוועם אויפֿן דיוואַן. איך וועל באַלד זײַן מיט אײַך.

זי איז אַרײַן. די אירישע האָט צוגעמאַכט די טיר. איך האָב געכאַפּט אַ בליק דורכן רונדיקן גלעזל פֿון דער טיר און געזען די פּאַציענטין זיצן. „ווי לאַנג וועט זי בלײַבן אין דער פּאָזע?" האָב איך געטראַכט און דערווײַל זי באַצייטנס אָפּגעשאַצט ווי אַן אײַנגעשפּאַרטע. בײַ אַ צען מינוט האָב איך געוואַרט. מיסעס גרין איז געבליבן זיצן.

איך בין אַרײַנגעקומען און געפֿרעגט:

— זענט איר שוין אַמאָל געווען בײַ אַ פּסיכיאַטאָר?

— ניין — האָט זי געענטפֿערט.

— מוז איך אײַך זאָגן, מיסעס גרין, אַז איר וועט אַזוי גוט זײַן און זיך מאַכן באַקוועם.

— איך בין גאַנץ באַקוועם. דער „קאוטש" איז אַ גוטער. איך וועל באַשטעלן אַזאַ פּאָר מיר אין מײַן היים.

איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט צו לאַכן.

— איך זע, — האָב איך געזאָגט, אַז איר זענט אָנגעשטרענגט... — איך האָב נאָך עפּעס געהאַט צו זאָגן, אָבער די פּאַציענטין האָט מיר איבער־געשלאָגן די רייד.

— „אָנגעשטרענגט?" זאָגט איר. אָנגעשטרענגט איז קיין וואָרט ניט. איך בין צעמישט, צעדרייט, פֿאַרבלאָנדזשעט... — דאָס לעצטע וואָרט האָט זי געזאָגט אויף יידיש און אויף איר שטייגער.

— דערפֿאַר זענט איר דאָך געקומען צו מיר.

— וואָ׳דען? סתם צו אַ דאָקטער וועל איך גיין? איך בין געזונט ווי אַן אָקס.

— נו, איז גאָט צו דאַנקען. לייגט־זשע זיך אויפֿן דיוואַן, באַרואיקט זיך, נעמט צונויף די געדאַנקען און ווען איר וועט זײַן גרייט אָנצוהויבן רעדן, וועל איך זײַן גרייט צו הערן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר ווי איך וואָלט געווען דער עקשן און זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער שווערער לענג אויפֿן דיוואַן.

## קאַפּיטל צוויי

זי איז געלעגן און געשוויגן. איך האָב געוואַרט און דערביי אויסגעמיטן צו קוקן אויף איר. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן גרויסן, האַלב-פאַרהאַנגענעם פענצטער. עס איז געווען אַ זומערדיקער נאָכמיטאָג. די זון האָט העל באַלויכטן מיין קליינעם גאָרטן, אָבער דאָס דעכל איבערן פענצטער, אין דרויסן האָט ניט דערלאָזט די זונשטראַלן דורכצודרינגען די ריין-געוואַשענע שויבן. די צוויי קליינע אַקאַציע-ביימער האָבן אַנגעוואוירן זייער ערשטע בליאונג, אָבער זיי האָבן נאָך אַלץ געבראַכט אַזאַ דינעם, שוואַכן אַראָמאַט. איבערן שטאָם איז געקראָכן אַ בייכיקע אוסעלניע, וואָס וועט שפּעטער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שמעטערלינג. ער וועט פלאַטערן מיט זיינע ליכטיקע פליגעלעך און אין אָוונט, פאַרן אויסגיין, וועט ער זיך אַנשלאָגן אין די שויבן, אויב זיי וועלן זיין באַלויכטן. אויף מאָרגן וועט דאָס שיינע באַשעפעניש מער דאָ ניט זיין. גאָט, אַזאַ קורץ לעבן!

וואָס שוויגט זי, די מיסעס גרין? איך האָב דערזען, אַז אויך זי קוקט דורכן פענצטער. אין איר ליגנדיקער פּאָזע האָט זי בלויז געקאָנט זען די צווייגן, קוים באַשאָטענע מיט די שיטער געוואָרענע העל-ווייסע בליטן.

— אוי ווי, דאָקטער! — האָט זי שווער אַרויסגעבראַכט די ווערטער און ווידער געשוויגן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי ווייסט ניט פון וואַנען אָנצוהויבן און איך האָב איר אַרויסגעהאָלפן:

— ביי אייך האָט זיך מסתמא אסך פּאַרדראָס אָנגעקליבן אויפן האַרצן. הויבט אָן פון דעם ערגסטן און פונעם שווערסטן.

מיסעס גרין האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אירע צוויי קוקערס. איך האָב .עזען, זי באַוואונדערט מיך. די דיק-אָנגעפאַרבטע ליפּן האָבן זיך צענומען אין אַ שמייכל, איר פּנים איז דערפון באַלויכטן געוואָרן מיט אַ מילדער שיין. זי האָט געזאָגט:

— דאָס ערגסטע און דאָס שווערסטע, דאָקטער, איז די מאַמע מיינע.

— די מאַמע?! — האָב איך זיך געחידושט און איך האָב בכיוון אַרגומענטירט — אַ מאַמע איז דער בעסטער פריינט אין דער וועלט!

די פּאַציענטין האָט זיך אויפגעזעצט. דער שמייכל איז מיט איין מאָל אויסגערונען פון איר ברייט מויל.

— ניט מ י י ן מאַמע! — האָט זי איינגעשפּאַרט אויסגערופן. — זי איז דער קוואַל פון אַלע מיינע צרות!!!

— לייגט זיך צוריק — האָב איך געבעטן. מיסעס גרין האָט מיך געפאָלגט. ווידער האָט זי געשוויגן. איך האָב געוואַרט און דערווייל געכאַפּט אַ בליק דורכן פענצטער. די אוסעלניע האָב איך שוין מער ניט געזען. עס האָט זיך באַוויזן אַ ברוינלעך-גאָלדענע בין. זי האָט געהויערט איבער די אַקאַציע-בליטן, זיך געזעצט דאָ אויף איין צוויט, דאָ אויף אַן אַנדערן, זיך געטאָן אַ זויג איין, און ווי אַן אָפּגענאַרטע, זיך געהויבן אין דער לופטן, ברומענדיק מיט אַ געבייזער. „אָט, האָב איך געטראַכט, האָט די בין אויך פּאַרדראָס, זי איז צערודערט און האָט ניט פאַר וועמען „זיך אויסרעדן דאָס האַרץ...״

— וועלל, דאָקטער — האָט מיסעס גרין געפרעגט — ביז וואַנען וועל איך דאָ אַזוי ליגן און שוויגן?

— איך האָב אסך געדולד — האָב איך געזאָגט — איך קאָן וואַרטן...

— זייט מיר מוחל, אָבער איך ווייס ניט מיט וואָס אָנצוהויבן.

— נו, וועל איך אייך אַרויסהעלפן: אַזוי ווי איר האָט שוין אַ זאַג געטאָן

„די מאַמע מײנע", זאָגט־זשע שױן װײטער — פאַרװאָס האָט איר זי פײנט און װאָס האָט זי אײך פאַר שלעכטס געטאָן.

איך בין זיך מודה, אַז מײן פאַנטאַזיע האָט אַ שפּיל אויף געטאָן... איך האָב זיך פאַרגעשטעלט אַ קאָנקורענץ צװישן מאַמע און טאָכטער, איבער אַ מאַן, נאַטירלעך.

— די מאַמע מײנע האָט מיר שלעכטס געטאָן, נאָך אײדער זי האָט מיך געבוירן!

אַ געפּלעפטער, האָב א י ך איר שױן איבערגעשלאָגן די רײד.

— װי קאָן דאָס געמאָלט זײן???

— געמאָלט זײן, זאָגט איר, דאָקטער? ניט געמאָלט, עס א י ז!!! טוט אַ קוק אויף מיר. איך, אָט אַזױ װי איר קוקט מיך אָן, בין... װער ביך איך? אַ ײדין בין איך. װען איך זאָל געװען זײן אין פּוילן אין יענער שרעקלעכער צײט, װאָלט מיך היטלער געװיס געװען אומגעבראַכט, אָבער א י ך װ י י ס, אַז איך בין ניט קײן ײדישע. פאַר מײן מאַמען לױינט זיך דאָס. פאַר מײן פאָטער, װאָס איז מיר קײן פאָטער ניט, בין איך אַ ײדיש קינד, װײל איך הײס נאָך זײן מוטער װאָס איז יונג אָװעק פון דער װעלט. באַבצי האָט זי געהײסן. סײ דער טאַטע װאָס איז מיר קײן טאַטע ניט און סײ די מאַמע האָבן מיך קינדװײז גערופן „באַבעלע". מיר איז דאָס זײער געפעלן געװען, װײל איך בין געװאַקסן משונהדיק הויך און גראָב, מיט אַ גראָבקײט װאָס נעמט זיך ניט פון צופיל פרעסן, צי סתם פון אַ נײגונג צו פעטקײט, נאָר די בײנער מײנע האָבן זיך געשפרײט אין דער ברײט און אין דער הויך, און די מוסקולן זײנען געװען האַרט, אַז עס איז געװען אַ געפאַר צו כאַפּן אַ קלאַפּ פון מיר. אין דער הײם בין איך געװען אַ באַבעלע, און אין סקול, אין גאַס האָט מען מיך גערופן „טאָם באַי".

„מײן אַמעריקאַנער נאָמען איז באַרבאַראַ. עס איז קײנעם פון די קינדער ניט אײנגעפאַלן מיך צו רופן „באַבי". מײן נאָמען האָט מען אַרויסגערעדט מיט אַ פול מויל. מע האָט מיך אויך מיט אַ חוזק גערופן „טײני" (פּיצעלע).

— װיפיל נאָך קינדער זײנען דאָ אין אײער משפּחה? — האָב איך געפרעגט.

— אָט דאָס איז די גאַנצע צרה!! — האָט מיסעס גרין אויסגערופן היסטעריש.

— װאָס מײנט איר?

— װאָס איך מײן? איך מײן, אַז מײן אומגליק שטאַמט פון יענער צײט, װען אין געװיסע קרײזן איז פרײע ליבע געװען אַ דערגרײכונג, מיט װאָס סײ מענער און סײ פרויען האָבן זיך איבערגענומען. מע האָט זיך אין יענע צײטן געשעמט זאָגן „מײן מאַן", אָדער „מײן װײב". האָבן אַ קינד איז געװען אַ דורכפאַל, אַ סקאַנדאַל... אַ קינד האָט מען געהאַט נאָר װען מע איז „אַרײנגעפאַלן". האָט מען אַ װײב אין יענע פרײע צײטן גערופן „חברטע" „פרײנדין"; אַ מאַן — „חבר" אָדער „פרײנט"... איצט זײנען זײ שױן אַלט, אָבער זײ חברן זיך און פרײנדלען זיך נאָך אַלץ... מיט אַ קינד האָט מען זיך קײן עצה ניט געקענט געבן... איך װײס ניט װי אַנדערע מאַמעס. מײן מאַמע פלעגט מיך פאַרשטעלן פאַר באַקאַנטע, בײ פאַרזאַמלונגען: „די פרוכט פון אונדזער ליבע". דערבײ האָט זי געלאַכט װי זי װאָלט געזאָגט אַ גרויסע חכמה. װען איך בין געװען קלײן, האָב איך מיטגעלאַכט, אָבער שפּעטער האָט מיך די זאַך אָנגעהויבן צו פאַרדריסן. אין גאַס, אין סקול בין איך געװען

אַ קינד; אין דער היים — אַ באָבעלע און ביי מיין מאַמעס פאַרזאַמלונגען פון די פרייע „אַ פּרוכט פון ליבע...״

וואָס די מאַמע האָט געמיינט מיט איר טיטול פאַר מיר, האָב איך ניט פאַרשטאַנען, אָבער עס איז מיר, געדענק איך, ניט געפעלן.

איינמאָל האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם טאַטן, די מאַמע זאָל ניט הערן:

— דעדי, וואָס מיינט „די פרוכט פון ליבע״?

ער האָט מיך דערשטוינט אָנגעקוקט און געפרעגט: „וואו האָסטו עס געהערט״?

— די מאַמי האָט אַזוי געזאָגט צו פריינט וועגן מיר.

דער טאַטע מיינער (ווי אַנדערש זאָל איך אים רופן?) איז געזעסן איבער אַ בוך פאַרטיפט אין לייענען. ער האָט מיך צוגערופן, מיר געגלעט דעם קאָפּ, אַ קוש געטאָן מיך און געזאָגט: „עס מיינט דאָס זעלבע וואָס קינד״.

איך האָב בייז געטופּעט מיטן פוס אין דיל און פּראָטעסטירט:

— איך וויל ניט זיין די פרוכט פון ליבע! איך וויל זיין אַ קינד!!!

— קום נאָר אַהער, קום שוין אַהער! — האָט דער טאַטע גערופן די מאַמע פונעם צווייטן צימער. ער האָט איר דערציילט מיין חכמה און ביידע האָבן לאַנג געלאַכט. מיר האָט זיך ניט געלאַכט. פאַרוואָס, קען איך ניט זאָגן. איך גלויב, איך בין דאַמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זיבן. וואָס האָב איך דאַמאָלט געוואוסט און וויפל האָב איך דאַמאָלט פאַרשטאַנען? אָבער אַ געפיל האָט ערגעץ פון דער טיף אין מיר ווי אויפגעבליצט און שטעקן געבליבן אין מיר ניט אויף אויפצוהערן, נאָר צו וואַקסן און זיך אַנטוויקלען אין אַ שנאה. דער טאַטע מיינער, אָ, ווי איך האָב אים ליב געהאַט! אַ שווערער אַרבעטער, אַ פּלאָמבער, פלעגט ער אַהיימקומען נאָך דער אַרבעט, אַ טונקעלער, אַ פאַר־שטויבטער. ער פלעגט זיך וואַשן און אַרויסקומען פונעם וואַשצימער מיט אַ מין יום טובדיק פנים, ניט צו דערקענען. נאָר די אויסגעהאָרעוועטע הענט האָט ער קיינמאָל ניט געקענט דערוואַשן. מעטאַל־שטויב האָט זיך איינגעגעסן אַרום די נעגל און אין די גלידלעך פון די פינגער. די מאַמע פלעגט אים דערלאַנגען זיין מאָלצייט און זיך באַצייטנס געאיילט צו אירע פאַרזאַמלונגען. דאָס עסן האָט זי סערווירט טראַגנדיק אַ פאַרביק פאַרטעכל. דערלאַנגט אים די טיי, אָדער די קאַפּי צום פאַרטרינקען, האָט זי באַהאַלטן דאָס פאַרטעכל, אַ קוש געטאָן דעם טאַטן, אים שטענדיק אָנגעזאָגט ניט וואַשן דאָס געשיר, און — שוין איז זי געווען פון יענער זייט טיר.

„זומערצייט פלעג איך נאָך פאַרנאַכט אַרויסלויפן אין גאַס זיך שפּילן מיט די קינדער, אָבער ווען די טעג זיינען געוואָרן קלענער, פלעג איך בלייבן מיטן טאַטן. איך בין מער געווען צופרידן זיין מיט אים: איך האָב אים ליב געהאַט און איך האָב געפילט ווי שטאַרק ער האָט מיך ליב.

„זינט איך האָב געמאַכט די באַמערקונג וועגן דער „פרוכט פון ליבע״, האָט מיך דער טאַטע גערופן קינד מיינס. אויך די מאַמע האָט מיר צוליב געטאָן, אָבער — נאָר אין דער היים. צווישן מענטשן בין איך געווען... איר ווייסט שוין וואָס איך בין געווען...

„די מאַמע מיינע, אַ קליינינקע, מיט ליכטיק ברוינע אויגן, די האָר שאַטען, עטוואָס געקרייזלט, אַ־יִן ווינקל פון מויל עטוואָס געקרומט, מיט אַ קליינינק חן־גריבעלע דערביי. דער טאַטע הויך און דין. די האָר שוואַרץ. די אויגן פון זעלבן קאָליר, אַלעמאָל פאַרטיפט אין לייענען. די מאַמע פלעגט אים מיט גוואַלד שלעפּן צו אירע מיטינגען. איך בין מיטגעגאַנגען און געזען, ווי דער טאַטע זיצט דאָרט אָן איבעריקער. ער הערט רעדעס... די מאַמע נעמט אויך אַ וואָרט. איך שטיי לעבן טאַטן. מיר הערן זיך ביידע איין צו דער

מאַמעס רעדע. איך פאַרשטיי קיין וואָרט ניט, (איצט פאַרשטיי איך שוין) מחמת די רעדע איז אין ידיש. פרעג איך דעם טאַטן: „וואָס זאָגט די מאַמע?" „עט" מאַכט ער אַוועק מיט דער האַנט, ווי די מאַמע וואָלט גערעדט נאַרעשקייטן. דאָס געפעלט מיר און איך צעלאַך זיך אויף אַ קול. דער טאַטע האָט זיך פאַרשעמט און מיט דער האַנט מיר פאַרשטעלט דאָס מויל... די מאַמע איז שטיין געבליבן און דראָט מיר מיט אַ פינגער... איך האָב איר אַרויסגעשטעלט אַ צונג. דער טאַטע האָט מיך אַ פּאַטש געטאָן איבער דער האַנט. איך האָב אים מיט חידוש אָנגעקוקט. ער איז, דאַכט זיך, געווען אין כעס אויף מיר, אָבער איך האָב געפילט, אַז ער האַלט מיט מיר. איך האָב אַריינגעלייגט, געדענק איך, אַ פינגער אין מויל און אַרויסרופנדיק געקוקט צו דער מאַמען.

„זי האָט ווייטער גערעדט. דער טאַטע האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט זיך איין.

„יאָ, מיין מאַמע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם מאַנדאָלין־אָרקעסטער, פּראַקטיצירן האָט זי זיך געפוילט. זי האָט בכלל אויסגעמיטן גייסטיקע אַרבעט. איך געדענק ניט, איך זאָל זי ווען געוועזן זען לייענען אַ ביכל אָדער אַ צייטונג. דער טאַטע האָט ליב געהאַט צו רעדן צו דער מאַמען וועגן דעם געלייענטן... איר האָט געמעגט געווען זען די צוויי פּנימער... כאַ כאַ כאַ! דער טאַטע רעדט מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז כאָטש איך פאַרשטיי בלויז געציילטע ווערטער, פיל איך, אַז ער לעבט איבער אַ פרייד. זי שטראַלט ממש אַרויס פון זיינע שוואַרצע אויגן. די מאַמע, מיטן סיגאַרעטל אין מויל... (עס איז דאַמאָלט שטאַרק אַריין אין דער מאָדע פאַר פרויען צו רויכערן...) און פּונקט ווי דעם מאַנס פּנים איז אויסגעפילט מיט פרייד, אַזוי זעט אויס דער מאַמעס פּנים ווי אויסגעליידיקט... זי הערט אים יאָ און זי הערט אים ניט... זי טראַכט, דאַרכט זיך, גאָר פון עפּעס אַנדערש.

## קאַפּיטל דריי

„היינטיקע צייטן אַ טעלעפאָן — ווער האָט עס ניט? אין די פריע דרייסיקער יאָרן האָבן נאָר גרויסע פאַרדינער פאַרמאָגט דעם לוקסוס. אוי, דער טעלעפאָן! און ווי איך האָס אים ביזן היינטיקן טאָג! ווי נאָר די מאַמע פלעגט מיך אַרויסבאַגלייטן צו דער טיר אין סקול אַריין, האָב איך שוין, פון יענער זייט טיר דערהערט דער מאַמעס שטים. זי האָט געבעטן אַ נומער.

„איין מאָל בין איך אַוועק אין מיטן פון אַ שפּיל מיט די קינדער אין גאַס. איך בין אַריין אין קאָרידאָר פון אונדזער אַפּאַרטמענט און דערהערט דער מאַמעס קול. דער טאַטע איז נאָך געהאַט פון דער אַרבעט ניט געקומען. צו וועמען האָט די מאַמע געקענט רעדן? זי האָט גערעדט יידיש. ווי איר ווייסט שוין, האָב איך דאַמאָלט דאָס לשון ווינציק פאַרשטאַנען, אָבער אַ געפיל האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז די מאַמע רעדט צו אַ פרעמדן.

„מיטאַמאָל האָב איך דערהערט „איי לאָוו יו" אַזוי ווייך, פאַרגנבעט. זי איז שטיל געבליבן און שפּעטער אַ ווײַלע ווי פאַרשיכורט דריי מאָל געזאָגט: „איי לאָוו יו, איי לאָוו יו, איי לאָוו יו" (איך האָב אייך ליב).

איך בין אַריין אין הויז. די מאַמע האָט מיך דערזען און שוין אויף ענגליש געזאָגט: „איי וויל קאָל יו טומאָרא" (איך וועל אייך רופן מאָרגן).

„איך האָב זי געוואָלט פרעגן, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק ליב, און איך האָב ניט געקענט. פאַרוואָס, דאָקטער, האָב איך דאָס ניט געטאָן? איך האָב, געדענק איך, געכאַפּט אַ קוק צו דער מאַמען און דערזען, דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, אַ דראָענדיקע בייזקייט אין איר בליק. איך האָב מיין

מאַמען ניט דערקענט! אויף מיר האָט געקוקט אַ בייזע, שלעכטע פרוי. איך האָב מורא געקראָגן פאַר איר. מיין ניט פרעגן, מיין שטיקן אין זיך דאָס וואָס האָט זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט שטייענדיק הינטער דער טיר, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אויך דאָס ידישע וואָס די מאַמע האָט אַריינגערעדט אין טעלעפאָן, האָט געשמעקט מיט „איי לאָוו יו". אַט דאָס וואָס איך קאָן ביז איצט ניט דערקלערן, האָט מיך אַ שטיק געטאָן אין שלונג. מיינע אויגן זיינען מיר פאַרנעפלט געוואָרן און איך האָב זיך צערעוועט ווי אַ קאַלב.

„געוויינלעך, אין אַזאַ פאַל, פלעגט מיך די מאַמע צוטוליען צו זיך. דאָס מאָל האָט זי מיך געלאָזט וויינען און איז אפילו אַוועק אין אַן אַנדער צימער. איך האָב לאַנג געוויינט, זיך אַראָפּגעזעצט אויפן דיל, געזעצט מיט די שיך אין דיל. די מאַמע האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסן, געדענק איך ניט. דאָ האָב איך דערהערט דעם טאַטנס טריט. איך בין אויפגעשפּרונגען פונעם דיל און זיך געלאָזט לויפן אַקעגן מיין פאָטער. איך בין גרייט געווען זיך צעוויינען נאָך העכער ווי פריער, אָבער דאָ איז עפּעס פאַרגעקומען אין מיר, וואָס איך קען ביז היינט ניט באַרעכענען... דאָס געוויין איז געבליבן שטעקן אין מיר און איך בין צוגעפאַלן צום טאַטנס פיס ווי אַ שטומע. דער טאַטע האָט מיך געגלעט און ווי איבעראַשט פון מיין שטומען אויסברוך, שפּאַסיק באַמערקט: „ווהאט דו יו נאָו..." (היינט, גיי ווייס).

„— און וואו איז די מאַמע? — האָט דער טאַטע געפרעגט. ווי אַן ענטפער אויף זיין פראַגע, האָט זי זיך געטאָן אַ שטעל אַריין, אַזאַ ליבלעכע און אַ צוגעלאָזטע. איך האָב זי ניט דערקענט. וואו איז אַהינגעקומען די גיפטיקע בייזקייט אין איר בליק? איך מיטן טאַטן זיינען געשטאַנען אַרומגענומען. די מאַמע האָט אונדז באַטראַכט און באַמערקט:

„— זע נאָר אַ מין גרויסע ליבע!...

„זי איז צוגעקומען צו מיין זייט און מיך אַרומגענומען. פון איין זייט דער טאַטע פון דער אַנדערער זייט די מאַמע, און איך אין מיטן. די מאַמע האָט געשמעקט מיט פאַרפיום און פונעם טאַטנס קליידער האָט זיך געטראָגן דער טעמפּער גערוך פון מעטאַל-שטויב.

„די מאַמע האָט מיך געלאַשטשעט אויף מאָרגן און איבערמאָרגן און מיך געלויבט פאַר מיין חכמה. איך בין דאַמאָלט אַלט געווען ניין יאָר און איך האָב פאַרשטאַנען וואָס איך טו — איך העלף דער מאַמען נאַרן דעם טאַטן. פאַרוואָס, דאָקטער, האָב איך דאָס געטאָן? יאָ, פאַרוואָס האָב איך דאָס געטאָן, כאָטש איך האָב עס זייער און זייער ניט געוואָלט???

— איך גלויב — האָב איך געענטפערט — איר זענט שוין געווען אין אַזאַ עלטער וואָס איר האָט געקאָנט באַגרייפן די לאַגע. היינטיקע צייטן, קינדער אין אייערע יאָרן, ווייסן מער ווי אַמאָל קינדער פון זעכצן יאָר.

— יאָ, דאָקטער, איר האָט געמעגט הערן די יינגלעך פון ניין יאָר רעדן וועגן סעקס. זיי זיינען געווען אַזוי גראָב, אַזוי פּרעך! זיי פלעגן צושטיין צו די מיידעלעך. פאַר מיר האָבן זיי מורא געהאַט. דעם אמת זאָגן, האָב איך געוואָלט, אַז אַ יינגל זאָל אויך מיך אַרומנעמען, מיך דריקן צו זיך און מיך קושן. איך בין אפילו געווען איפּערזיכטיק אויף מיינע חברטעס, אָבער סיי זיי, סיי די יינגלעך, האָב איך געפילט דערוויטערן זיך פון מיר ניט אַזוי איבער מיין גבורה, נאָר פשוט איבער מיין ניט-יידישן אויסזען.

— הערט, מיסעס גרין: די אַלע איבערלעבונגען, וואָס איר דערציילט מיר אויס, זיינען וויכטיק. נאָר לאָמיר זיך ניט איילן. טוט זיך אַ דערמאָן, פון ווען אָן געדענקט איר זיך?

— איך גלויב פון פיר, און אפשר פון פינף יאָר.
— האָט איר שוין דאַמאָלט געפילט אייער באַזונדערע לאַגע?
— יאָ, דאָקטער. און דאָס וואָס איך אַליין האָב ניט חושד געווען, האָבן מיר שוין לייט צוגעהאָלפן... די בליקן וואָס שכנים, באַזונדער שכנות און גראַד די פרייע, האָבן אויף מיר געוואָרפן. איר האָט געמעגט געווען זען קוקעלעך... איך האָב זיי געפילט אויף מיין פּנים און אפילו אויף מיין רוקן.
„איך געדענק אַ שמחה וואָס די מאַמע האָט מיר געפּראַוועט, ווען איך בין אַלט געוואָרן זעקס יאָר. איך בין געזעסן אויבנאָן. אינגאַנצן אָנגעטאָן אין ווייסן, אפילו שיך און זאָקן ווייסע, מיט אַ גרויסער, ווייסער בלום אין מיינע שטרוי־האָר. עס זיינען אַרום טיש געזעסן די פאַרבעטענע קינדער, אַלע ידישע ייִנגלעך און מיידלעך. זיי האָבן מיר געבראַכט מתנות. איך האָב זיך געפרייט, כאָטש איך האָב זיך געשראָקן פאַר יענע בליקן מיט חשד, בליקן פון גרויס און קליין. ניין, אַלע האָבן געגאַשט די זיסקייטן און זיי האָבן מיט חשק געזונגען „העפּי בוירטדיי טו יו". (אַ פריילעכן געבורטסטאָג דיר) זיי האָבן געערעדט, געלאַכט. די מאַמע וואָס האָט סערווירט די געסט, האָט געגעבן אַ צייכן, עס זאָל שטיל זיין. די קינדער האָבן געפאָלגט. די מאַמע האָט מיר צוגעטראָגן אַ קליין ווייסינק קעסטעלע און געזאָגט: „העפּי בוירטדיי" דערביי האָט זי מיט איר ווייך און וואַרעם קול צוגעגעבן — עפן, מיין קינד.
„אַלע קינדער, האָב איך געפילט, קוקן אויף מיר און אויפן ווייסן קעסטעלע. זיי פאָלגן נאָך מיינע פינגער וואָס בינדן אויף דאָס שנירל אַרום דעם קעסטעלע. איך האָב דאָס געעפנט און דערזען אַ ייִדישן שטערן, (אַ מגן דוד) אויף אַ דין, פיין קייטל. די מאַמע האָט זיך געשטעלט הינטער מיר, פאַרשפּיליעט דאָס קייטל, מיך געקושט און געבעטן די קינדער נאָכאַמאָל זינגען „העפּי בוירטדיי". זיי האָבן גערן געפאָלגט.
— איך שטעל זיך פאָר וואָס איר האָט איבערגעלעבט.
— יאָ, דאָקטער, שטעלט זיך נאָר פאָר!
— האָט איר נאָכדעם דערפילט אַן ענדערונג אין די באַציאונגען פון די קינדער אייך.
— יאָ, דאָקטער, אָבער עס האָט לאַנג ניט געדויערט... איך וועל אייך זאָגן, איך אַליין האָב שפּעטער שוין, ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר צען — און אפשר נאָך פריער — האָב, קוקנדיק אין שפּיגל אויף מיין פּנים געטראַכט וועגן יענע בליקן וואָס מע האָט וואַרפט מיר צו, — אַז אפשר זיינען זיי ניט אומגערעכט... אויפן וואַנט זיינען געהאָנגען בילדער פון מיינע עלטערן. איך האָב געקוקט אין שפּיגל אויף זיך און מיין פּנים פאַרגליכן צו זיי... דער טאַטע האָט אויסגעזען עכט ייִדישלעך, באַזונדער זיינע אויגן; די מאַמע — ניט טיפּיש ייִדיש, אָבער אויך ניט קריסטלעך, נאָר אירע שיין־געקרויזלטע האָר האָבן אין זיך פאַרמאָגט עפּעס ייִדישעס.
„עס איז געקומען דאָס יאָר 1935... איר געדענקט אוודאי דאָס יאָר און אַ יאָר נאָכדעם — די מלחמה אין שפּאַניע. איך בין איין פאַרנאַכט געקומען אַהיים פון סקול געטראָפן די מאַמע אַ פאַרוויינטע. איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען אין אַזאַ פאַזע. זי איז געזעסן ביים טעלעפאָן. איר יונגע פּלייצע געבויגן. אויפן גלאַטן שטערן האָט זיך פון ערגעץ געיאָוועט אַ קנייטש, די גאָמבע האָט זיך פאַרשאַרפט און דאָס שיינע מויל אין איין ווינקל פאַרקרימט...
„— מאַמע, האָסט געוויינט? — האָב איך געפרעגט. זי האָט ניט געענטפערט. האָב איך ווידער געפרעגט: — און פאַרוואָס האָסטו געוויינט?
„די מאַמע האָט מיך צוגעשאַרט, מיך אַרומגענומען, זיך געוויגט און מיך מיטגעוויגט. זי האָט זיך אויף אַ קול צעוויינט און איך האָב מיטגעוויינט.

דאָס געפיל פון פיינטשאַפט צו איר האָט אין מיר מיט איין מאָל זיך ווי אויסגעוועפּט און איך האָב אַ צודרינגלעכן פרעג געטאָן: פאַרוואָס וויינסטו, מאַמע?

„— אַ חבר איז אין קריג מיט די פאַשיסטן פאַרלוירן געגאַנגען.

„דער בירגער־קריג אין שפּאַניע האָט דאַמאָלט אַרומגעכאַפּט שיר ניט די גאַנצע וועלט. אַזוי האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, לויט די געשפּרעכן וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אין דער היים און אין גאַס. אפילו מיין טאַטע, וואָס האָט זיך פאַרטיפט אין די ביכער און ווי וויט מעגלעך אויסגעמיטן מיטינגען, אפילו ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אין אַ קאָמיטעט צו העלפן די לאָיאַליסטן, אַ וואָרט וואָס איך האָב פריער קיינמאָל ניט געהערט. און דערפאַר האָב איך געפרעגט: מיין מאַמע: „אַ לאָיאַליסט”?

„— וואָס דען, אַ פאַשיסט וואָלט איך באַוויינט?

„— מיינט עס, ער איז טויט?

„— זאָל גאָט היטן! — האָט די מאַמע אויסגערופן. דאָס וואָרט גאָט האָב איך געהערט אין גאַס, אין סקול, ראש השנה און יום כיפור אין שוהל; דער טאַטע האָט, דאַכט זיך, יאָ אַמאָל דערמאָנט גאָט באָמען, אָבער די מאַמע — זי האָט חוזק געמאַכט פון גאָט און פון די פרומע. די מאַמע, ווי איר ווייסט שוין, פלעגט מיך מיטנעמען צו אירע מיטינגען. דאָרט האָב איך ניט איין מאָל געהערט לעסטערן גאָט און רעליגיע בכלל. זי האָט אפילו ניט געוואָלט מיטגיין מיט אונדז אין שוהל אַריין. און דאָ, פּלוצעם „גאָט”, מיט אַזוי פיל געבעט און מורא! איך האָב מיין מאַמע ניט דערקענט. זי האָט אויסגעזען אַלט און קראַנק.

„ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, בין איך אים אַקעגנגעלאָפן און שיר ניט ווי מיט פרייד אויסגערופן: „דעדי, אַ לאָיאַליסט איז פאַרלוירן געגאַנגען!”

„— וואָס רעדסטו, קינד? וואו איז די מאַמע?

„— זי וויינט — האָב איך געזאָגט. מיר האָבן געהערט ווי די מאַמע פאַרעט זיך אין קיך און אַהין האָבן מיר זיך צוגעאיילט. געטראָפן האָבן מיר די מאַמע אַ פאַרקעמטע, אַ פריש־אויסגעפּוידערטע, מיט איר געווינלעכן וואַרעמען שמייכל אויפן שיינעם פּנים. אויך די אויגן האָבן שוין געשמייכלט ווי גאַרניט וואָלט געשען.

„— האָסט געוויינט? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

„— איך זע אויס ווי איך האָב געוויינט? האָט די מאַמע בריהש צוריקגעפרעגט.

„— דאָס קינד זאָגט...

„— דאָס קינד זאָגט...” — האָט די מאַמע איבערגעקרומט. עס טוט אודאי ווי, אָבער וויינען דאַרף מען ניט.

„— ווער איז פאַרלוירן געגאַנגען, אַ ייד? — האָט דער טאַטע געפרעגט?

„— פאַר גאָדס סייק (אום גאָטס ווילן) האָט די מאַמע מיט פראָטעסט אויסגעשריגן. דו מיט דיינע יידעלעך! — האָט די מאַמע געלאַמרט דעם טאַטן. — אומעטום קריכסטו אַריין מיט זיי, וואו מע דאַרף און וואו מע דאַרף ניט!...

„— האָסטו ניט געוויינט? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

„— יאָ, עס טוט ווי, ווען אַ חבר פאַרשווינדט אין קריג. נו, האָב איך אַ וויין געטאָן. ער איז ניט דער איינציקער. שוין גענוג לאָיאַליסטן אומגעבראַכט.

„— ווער איז דאָס דער חבר ? — האָט דער טאַטע איבערגעפרעגט.
„— פון אונדזער קעמערל, אַ געטרייער לאָיאַליסט.
„— דער טאַטע, האָב איך געזען, האָט זיך שוין ווידער פאַרמאָסטן צו פרעגן „אַ ייד ?" אָבער ער האָט זיך באַצייטנס באַהערשט.
„— דער לאָיאַליסט איז אַ ייד — האָב איך זיכער געזאָגט.
„— ווי אַזוי ווייסטו, קינד מיינס ? — האָט דער טאַטע געפרעגט.
„— איך האָב געמיינט, ער איז שוין טויט. האָב איך געפרעגט די מאַמע. האָט זי געזאָגט : „גאָט באַהיט !"

## קאפיטל פיר

מיסעס גרינס ערנסט פנים האָט זיך מיט איין מאָל פאַרענדערט. די אָנגעפאַרבטע ליפּן האָבן זיך צעשפּרייט אין אַ חוזק שמייכל און אין די גרויסע שוואַרצאַפּלען האָבן אויפגיבליצט פונקען.

— וואָז דעט פאָני ! (איז דאָס געווען קאָמיש) האָט זי אויסגערופן און זיך צעלאַכט. מיין טאַטע פלעגט קיינמאָל ניט דערווידערן דער מאַמען. איצט אָבער, האָב איך אים דערזען אַן אַנדערן. ער איז ווי העכער געוואָרן און אַרונטערגעקוקט צו דער מאַמען ווי צו אַ באַנאַרישט קינד. ער האָט אפילו געטייטלט מיט אַ פינגער אויף איר און געזאָגט :

„— מיינע יידעלעך געפעלן דיר ניט... איז כאָטש גוט, וואָס מיין גאָט איז דיר ניט פרעמד. — די מאַמע האָט אויף מיר געקוקט און איך האָב געזען ווי אירע אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן. זי האָט איבערגעפירט איר בליק פון מיר צום טאַטן, און באַלד צוריק אויף מיר.

„— זע נאָר ווי זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעשטעלט קעגן מיר — האָט זי מיט רחמנות אויסגערופן. זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו אונדז מיט די פּלייצעס און זיך געזומען גרייטן צום טיש.

„— פון ווייגען ביז לאַכן איז ביי מיין מאַמען געווען אַ קליינער מהלך. זי האָט געגעסן ווי גאַרניט וואָלט געשען און אפילו אַ לאַך געטאָן. אויף מיר האָט זי אויסגעמיטן צו קוקן. איר פלוצעמדיקע פאַרענדערונג האָט מיך אַזוי איבעראַשט, אַז איך האָב ניט געוואוסט, צי האָט איר ווי געטאָן ווען זי האָט געוויינט, צי טוט איר נאָך ווי ווען זי לאַכט. „די מאַמע מאַכט זיך" האָב איך באַשלאָסן. וואָס זי טוט, מאַכט זי זיך, כלומרשט ווי זי מיינט עס. אָט וואַשט זי דאָס געשיר. דער טאַטע, אין אַ פאַרטעכל, העלפט איר צו. זי קוקט אויף אים ווי זי וואָלט אים שטאַרק ליב געהאַט... „זי מאַכט זיך" האָב איך געטראַכט. זי גייט אין שלאָפצימער און קומט פון דאָרט אַרויס אָן אויסגעפּוצטע. זי נעמט די מאַנדאָלין און לאָזט זיך גיין צו דער טיר. „זי מאַכט זיך" טראַכט איך ווידער איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען פראַקטיצירן. זי האָט אַמאָל אַ שפּיל געטאָן, האָב איך באַלד געזען, אַז זי קען ניט.

„דער טאַטע האָט אַ זאָג געטאָן : „ביז וואַנען וועט דאָס קינד אַרומגיין בטול ?"

„— וואָס מיינסטו ? האָט די מאַמע איבערגעפרעגט.
„— באָבעלע איז שוין דאָס צענטע יאָר און זי קען קיין יידיש וואָרט ניט.
„— אַ ניי ביזנעס ! — האָט די מאַמע אויסגערופן.
„— מיר האָבן עס שוין לאַנג געדאַרפט טאָן — האָט דער טאַטע געזאָגט. — איך האָב אַלץ געמיינט, אַז מיט ידישקייט איז שוין ביי דיר אויס. איצט זע איך, אַז דו האָסט נאָך גאָט אין האַרצן... וועל איך אַריינגעבן באָבעלען אין אַ יידישער שול. וואָס זאָגסטו, מיין קינד ?

„איך האָב ניט געוואָלט קיין שול, איך האָב ניט געוואָלט קיין יידיש; איך האָב אין סקול אויך ניט געוואָלט גיין, באַר דאָרט האָב איך געמוזט. איצט זיינען געשטאַנען די עלטערן און געקוקט אויף מיר. איך האָב ממש געזען ווי די מאַמע בעט זיך ביי מיר, איך זאָל זאָגן „ניין" און איך וואָלט עס גערן געוואָלט געזאָגט, אָבער איך האָב איר ניט געוואָלט צוליב טאָן, איך האָב איר ניט געקענט צוליב טאָן. איך האָב ניט געקענט פאַרגעסן איר קול אויפן טעלעפאָן... ניין, ניין! דעם טאַטן וועל איך צוליב טאָן. ער רופט קיינעם ניט און ער זאָגט קיין אַנדער פרוי „איי לאַוו יו".

„— יאָ, — האָב איך געזאָגט — איך האָב זייער ליב יידיש און איך וויל גיין לערנען יידיש אין אַ יידישער שול!

„די מאַמע האָט געטאָן אַ לויף אַרויס, אפילו קיין „גוד ביי" ניט געזאָגט. דער טאַטע האָט געלאַכט. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי די הענט און זיך געשטעלט אין אַ פּאָזע צום טאַנצן. מיר איז די שפּיל געפעלן. מיר האָבן זיך געדרייט, געלאַכט און געטאַנצט.

„אין שול האָב איך געטראָפן קינדער וואָס זיינען מיט מיר געווען אין איין קלאַס פון פּאָבליק סקול. (שטאָטישע שול) זיי האָבן מיך דאָ באַהאַנדלט ווי פריער. די נייע אָבער האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך געשושקעט און געלאַכט. דער לערער, אַ הויכער, מיטל־יעריקער מאַן מיט אַ היפשן שויבער שוואַרצע האָר און גרויע אין די שלייפן, האָט קוים איינגענומען די חברה. דאָס חושד זיין מיך, אַז איך בין ניט די וואָס איך בין, האָט מיך געלערנט חושד זיין יענעם. כאָטש דער לערער האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר, האָב איך אים באַטראַכט און געזען, אַז ער באַהערשט זיך קוים ניט צוצושטיין צו די אָפּלאַכער. איך בין קוים אויסגעזעסן די שעה. איך בין אַריין אַהיים מיט אַ געוויין און מיט אַ געשריי: „איך וויל ניט די שול! איך האָס די שול!!!"

„די מאַמע האָט מיך איינגענומען און געבעטן דערציילן וואָס איז געשען. האָב איך זי באַטראַכט און געזאָגט: „דו ווייסט..."

„— וואָס מיינסטו, איך ווייס? — האָט די מאַמע געפרעגט און מיר געקוקט גלייך אין די אויגן. איך האָב זי אָפּגעמאָסטן און אויסגעשריגן: „דו ווייסט, דו ווייסט, דו ווייסט!" איך האָב געטופּעט מיט די פיס אין דיל און ניט אויפגעהערט צו שרייען „דו ווייסט".

„— האָסט אַ שלעכטע מאַמע — האָט זי געזאָגט — זייער אַ שלעכטע מאַמע... — און דאָ האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן, ווי מיין לערער זעט אויס... און אויב, האָט זי געזאָגט — ער האָט מיך ניט גוט באַהאַנדלט, וועט זי אים געבן אַ ווסטן סוף...

„אויף מאָרגן איז זי מיטגעגאַנגען. זי האָט זיך זייער לאַנג געפּוצט. ווען זי איז אַרויסגעקומען פונעם שלאָפצימער, האָט זי אויסגעזען אָנגעפּוידערט, די ברומען אונטערגעפירט און די באַקן שטאַרק מאַסאַזשירט. זי איז געווען אויפגערעגט.

„זי איז אַריין מיט מיר אין שול. איך האָב דערוואַרט די מאַמע מיינע זאָל זיך בייזערן אויפן לערער, אָבער זי האָט פאַרקוקט צו אים און געשמייכלט. דער לערער האָט זיך אויפגעשטעלט און איר אָפּגעטראָטן זיין אָרט. זי האָט באַטראַכט די קינדער און געזאָגט: „יידישע קינדער טאָרן פון אַ יידיש קינד ניט לאַכן". און צום לערער האָט זיך די מאַמע געווענדט און אים פאַרבעטן אויף אַ גלאָז טיי.

„דאָקטער, וואָס ווייטער איז געשען, איז מיר אַ בזיון צו דערציילן. דער לערער האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו אונדז, זעלטן ווען דער טאַטע איז געווען אין דער היים.

„דעם לאַיאַליסט האָט זי מער ניט דערמאָנט. נאָר אײן מאָל האָב איך אים געזען. עס איז געװען אַ קאַלטער טאָג אין האַרבסט. דער טעלעפאָן אונדזערער האָט געקלונגען. איך האָב געענטפערט און דערהערט אַ פרעמד קול פון אַ מאַן װאָס האָט גערעדט ענגליש מיט אַ שאַרפער ריש און מיט אַן אױסלענדישן אַקצענט.

„— װער רופט? — האָב איך געפרעגט.

„— יאַנעק איז קאַללינג — (יאַנעק רופט) האָט מען געענטפערט.

„— יאַנעק? — האָב איך איבערגעפרעגט און דערהערט דער מאַמעס לױפנדיקע טריט.

„זי איז צוגעלאָפן צו מיר און אַרױסגעריסן דאָס טעלעפאָן רערל פון מײן האַנט. זי האָט אינגאַנצן געציטערט. די אױגן אירע האָבן זיך ברײט צעעפנט. זי האָט זיך שװאַך אַראָפּגעזעצט אױפן בענקל בײם טיש װאו דער טעלעפאָן איז געשטאַנען און היסטעריש אױסגערופן:

„— יאַנעק! יאַנעק!! װער אַר יו? (װאו ביסטו) אָ, גאָד! אָ, גאָד!!!

— האָט זי גערופן. װאָס ער האָט איר געזאָגט, האָב איך ניט געקאָנט הערן, אָבער זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז זי װעט אים זען, אַז ער קאָן שױן קומען.

„און ער איז געקומען. אַ טעקסי האָט אים צוגעפירט צו אונדז. ער האָט זיך לאַנג געראַנגלט מיט דעם שמאָלן שטח פון דער אָפענער טיר בײם אױטאָ. די מאַמע און איך זײנען געשטאַנען בײם פענצטער און אַרױסגעקוקט. דאָ האָבן מיר דערזען, װי דער מאַן שטופּט פאָרױס אַ שװערע קוליע און שטעלט זיך אַװעק אַקעגן פענצטער. די מאַמע האָט מיט בײדע הענט זיך געטאָן אַ פּאַטש אין פּנים און זיך געלאָזט צו דער טיר. איך בין שטײן געבליבן און באַטראַכט יאַנעקן. ער האָט אױסגעזען פון אַ יאָר דרײסיק. זײן גרױס פּנים איז געװען שלעכט געגאָלט. אונטער דער היפּשער נאָז האָבן זיך געזען קלײנע, דינע װאָנציעלעך און די קלײנע גרינלעכע אױגן אַ פאַרגליװערטע בײזקײט. ער האָט אױסגעזען צו ערנסט. זײן ברײט מױל — פאַרפּרעסט. ער האָט אַ קוק געטאָן צו מיר און איך האָב דערזען אַ פּלוצעמדיקע פאַרענדערונג אין זײן גרױס װי פאַרװאָלקנט פּנים. זײנע ליפּן האָבן זיך צעעפנט אין אַ ברײטן שמײכל און ער האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן... װאָס האָט ער געזאָגט? די מאַמע איז שױן געשטאַנען לעבן אים אױפן טראָטואַר און בײדע האָבן פאַרקוקט צו מיר. ער האָט געמאַכט אַ באַװעגונג אַרומצונעמען די מאַמע. זי האָט שװער אָפּגעװענדט זײן גרױסן אָרעם. זי האָט אים אַרײנגעפירט אין הױז און אים אײנגעלאַדן עסן. ער האָט געדאַנקט און געבעטן אַ טרונק בראַנפן. איך האָב װידער דערהערט זײן שטים, אַזאַ שטאַרקע און באַפעלערישע. ער האָט געזופט דעם בראַנפן און ניט אױפגעהערט צו קוקן אױף מיר.

— דאָס איז מײן טאָכטער באַרבאַראַ — האָט די מאַמע מיך פאַרגע־שטעלט. איך האָב זיך פאַרנױגט. ער האָט אױסגעשטרעקט צו מיר זײן האַנט. איך האָב זיך אַ װײלע געקװײנקלט.

„— שעם זיך ניט — האָט ער געזאָגט — קום אַהער.

„איך בין צוגעקומען. ער האָט מיך פאַרקלעמט צװישן זײנע פיס און אַ האַלב, מיך אַרומגענומען געקושט מײן קאָפּ און מיט אַ בײזער אַ זאָג געטאָן: „גלעד טו מיט יו" (צופרידן צו באַקענען זיך). פון דעם מאַן האָט געטראָגן מיט שװײס און מיט בראַנפן. איך האָב זיך קױם באַפרײט פון אים און געפרעגט די מאַמע: „איז דאָס דער לאַיאַליסט?"

„— יאָ, דאָס איז דער לאַיאַליסט.

„— אַזױ האָט איר מיך דאָ גערופן? — האָט דער מאַן געפרעגט.

„— יאָ, יאַנעק — האָט די מאַמע געזאָגט און אָפּגעזיפֿצט.

„ער האָט פֿאַרקוועטשט אַ גרויסן, האַריקן פֿויסט און אויסגערופֿן: „די היטלערישע פֿאַשיסטן האָבן מיך שיר צום טויט פֿאַרפּייניקט”.

„— זאָג נאָר באַכאַמאָל — האָט ער ווי געדראָט דער מאַמען, — האָסט, דאַכט זיך, געזאָגט „גאָט”, האָסטו ניט?...

„— אַנטשולדיק — האָט זי זיך געבעטן — מ׳ע לעבט צווישן פֿינצטער־ליַיגע, רעדט מען אַרויס אַ נאַרעשקייט.

„זיַינע גרוילעך־וויַיסלעכע אויגן האָבן זיך פֿאַרשמעלט און פֿאַרשאַפּט. זיי האָבן מיר אויסגעקוקט ווי צוויי מעסערלעך מיט שפּיצן.

„— נאַרעשקייטן — האָט ער געזאָגט — דאַרף מען ניט נאָכרעדן. און דו, באַרבאַראַ, גלויבסט אויך אין גאָט? האַ? שעם זיך ניט...

„— איך גלויב, מיסטער יאַנעק, איך גלויב. איך גיי אין אַ יידישער שול. מיין טאַטע קאָן גוט יידיש און היברו. ער לייענט זייער אסך.

„יאַנעק האָט מער ניט געזופּט דעם בראנפֿן. ער האָט איבערגעקערט דאָס גלעזל און מיט איין מאָל אַ גאָס אַריין געטאָן דעם ספּירט אין זיין ברייט מויל.

„ער האָט זיך שווער אויפֿגעשטעלט און שווער ווי מיט ווייטאָג אַרויס־געריסן די ווערטער פֿון זיך: „די פֿאַשיסטן גלויבן אויך אין גאָט”.

„ער האָט ווידער געקוקט אויף מיר. זיין שטרענגער, שאַרפֿער בליק האָט זיך אַ לייטער אויס געטאָן און ער האָט מיך געלערנט: „וועסט אויסוואַקסן, קינד, וועסטו איינזען ווי די וואָס גלויבן אין גאָט טוען אָפּ די מיאוסטע זאַכן”.

„די מאַמע האָט אויף אים געקוקט אונטערטעניק ווי אַ געשלאָגענע. איך האָב מורא געהאַט פֿאַר דעם בייזן, פֿאַרקריפּלטן מאַן און איך האָב געוואָלט, ער זאָל וואָס גיכער אַוועק און אונדז לאָזן צורו. די מאַמע האָט אים געבעטן זיך צוריקזעצן, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער איז געשטאַנען און געשאָלטן די גאַנצע וועלט. „די איינציקע וואָס טוען גוטס און געבן אַוועק זייערע לעבנס פֿאַר אַלע געליטענע, זיינען די קאָמוניסטן. זיי האָבן שוין באַפֿרייט אַ זעקסטל פֿון דער וועלט און זיי וועלן אַלעמען, אַלעמען גליקלעך מאַכן”.

## קאַפּיטל פֿינף

די מיסעס גרין איז וויַיטער אָנגעגאַנגען מיט איר דערציילונג. איר הייזעריקלעכע, כאָטש וואַרעמע שטימע, האָט מיר געגרילצט אין די אויערן. דערצו האָט זי זיך געפּלאָנטערט, פֿאַרפּלאָנטערט און ניט געקענט אַרויסקריכן פֿון איבערגעבן די אַלע געשעעענישן, און איך האָב זי אַלע מאָל געדאַרפֿט אַרויספֿירן אויף אַ דרך.

איך האָב געהערט און פֿאַרצייכנט.

דער פֿאַרנאַכט האָט זיך דערנענטערט און מיין גאָרטן האָט אויפֿגעלויכטן מיט די לעצטע שטראַלן פֿון דער זון וואָס האָט זיך שוין ערגעץ געגנויגט צו מערב. די וויַיסע בליטן אויף די אַקאַציעס האָבן אויפֿגעשעמערירט ווי זיי וואָלטן זיך מיט איין מאָל אָנגעשעפּט מיט נייער ענערגיע צו בליען ווייטער און ווייטער.

דאָס שוואַכע ווינטל וואָס האָט פֿריער קוים באַוועגט די בלעטער און די בליטן, האָט אינגאַנצן אויפֿגעהערט.

דער רויש פֿון די דורכלויפֿנדיקע אויטאָס האָט זיך ווי טראַנספֿאָרמירט פֿון אַ בייזער אין אַ מילדן געדעמפּטן און מאָנאָטאָנעם קלאַנג. דאָס האָט מיר אויסגעזען ווי דער כוח פֿון דער נאַכט וואָס דרעמלט נאָך ערגעץ אין די ווייטן

און גרייכט שוין דאָס קליינע שטעטל מיט איר אָטעם וואָס הויכט מיט באַרואיקונג און פאַרוויגט.

די באַרעמהאַרציקע שוועסטער האָט זיך געגרייט צו גיין אַהיים. איך בין זיך מודה, אַז ווי סענסאַציאָנעל די דערציילטע עפּיזאָדן וועגן דער מאַמען זיינען געווען, האָט ערגעץ טיף אין מיר געקאָיעט פּראָטעסט, ווידערווילן און אפילו רעוואָלט. איך האָב שוין אויסגעהערט תרעומות אויף שוועסטער, ברידער און אַנדערע קרובים, אָבער דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ קינד האָט באַרעדט אַ מאַמע. פאַרענדיקט מיט איין געליבטן, האָט זי מיך געפרעגט: „זאָל איך אָנגיין ווייטער?" „זעצט פאָר, זעצט פאָר", האָב איך זי אָן חשק דערמוטיקט, און מיסעס גרין האָט פאָרגעזעצט „יעדער מאָן איז איר געפעלן געוואָרן מער ווי דער פריערדיקער. איין מאָל איז זי געקומען אַ צעגהרגטע. איר קליינע, שיינע גאָמבע איז געווען אויפגעלאָפן מיט אַ גרינלעכער געשווילעכטס. זי האָט אויך געהאָט סיניעקעס אויף איין באַק און אונטער די אויגן. פאַרן מאַן איז דאָס געווען אַ תירוץ: זי האָט אַ שטאַרקן פאַל געטאָן מיטן פּנים אַרונטער...

מיסעס גרין האָט זיך צעלאַכט.

— יאָ — האָט זי געזאָגט — זי איז ווירקלעך געפאַלן מיטן פּנים אַרונטער... אַ שיין פּנים האָט די מאַמע מיינע געהאַט.

— הערט — האָב איך איר געזאָגט — האָט איר גאָר קיין גוט וואָרט ניט פאַר אייער מוטער?

— אָ, יאָ — האָט זי זיך אָנגערופן — זי איז אַ גוטע מאַמע, אַ בריה אַ באַלעבאָסטע. מיך האָט זי ליב און דעם טאַטן האָט זי אויך ליב. זי היט אים אָפּ ווי ער וואָלט געווען אַ קינד. זי פּראַוועט פאַר אים סעודות. יעדער מאָלצייט איז אַ באַנקעט. אוי, גרייט זי אַ טיש!... און ווען דער טאַטע פּוצט זיך אַמאָל אויס, קוועלט זי אָן. זי שטויבט אָפּ זיינע קליידער, טוליעט זיך צו אים, קושט אים און זאָגט אים, אַז זי איז די גליקלעכסטע אין דער וועלט.

„אַמאָל, איידער איך האָב זיך דערוואוסט ווי מיין מאַמע פירט זיך אויף, פלעג איך זיך פרייען וואָס די מאַמע נעמט אַרום דעם טאַטן און קושט אים. איצט אָבער איז מיר מיין פרייד פאַרשטערט געוואָרן. און זינט איך האָב געזען יאַנעק'ן, האָב איך מיין מאַמען אויף דער אמתן פיינט באַקומען. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין ווי קומט זי צו אים! און — הערט, הערט, דאָקטער: איך האָב מורא געקראָגן פאַרן שפיגל, ווען נאָר איך האָב אַ קוק געטאָן אין דעם לויטערן גלאָז, פלעג איך אויפציטערן... דאָס פּנים איז שוין מער ניט געווען מיינס, נאָר זיינס, דעם לאַיאַליסטס, יאַנעקס! ערשט האָב איך באַנומען פאַרוואָס שכנים, קרובים און באַקאַנטע, קינדער אין גאַס, אין סקול און אין שול קוקן אַזוי אויף מיר און זיי קוקן זיך איבער. איך אַליין האָב זיך מער ניט געשפּיגלט אין מיין פּנים און איך אַליין האָב זיך איבערגעקוקט מיט זיך.

„איינמאָל בין איך צוגעשטאַנען צו דער מאַמען: „ווי קום איך אויסצוזען אַזוי ווי יאַנעק?" די מאַמע האָט עס מיר באַלד דערקלערט: ווען זי איז פאַרגאַנגען מיט מיר אין טראָגן, פלעגט זי אָפּט באַזוכן די מיטינגען פון די אַרבעטער. יאַנעק איז זייער אַ גוטער... וואָס זאָג איך „אַ גוטער?" אַ בריליאַנטענער רעדנער! ער פלעגט אונדז אַלעמען אָנצינדן מיט זיינע רעדעס. ער פלעגט אַ דונער טאָן „פשאַקרעווו" האָבן די ווענט געדונערט. האָבן אַלע פאַרקוקט צו אים, און איך אויך. און אַז מע פאַרקוקט זיך שטאַרק אויף אַ מענטשן, ווערט דאָס קינד געראָטן אין יענער פּערזאָן.

„איך האָב אויסגעשפּיגן און געזאָגט: „פו, מאַמע, האָסט זיך ניט געקענט בעסער פּאַרקוקן אויפן טאַטן?"

„— מיין קינד — האָט די מאַמע געזאָגט — עס ווענדט זיך ניט אין דעם מענטשן.

„— אין וועמען דען?

„— אין גאָט — האָט זי געזאָגט און זיך אַרומגעקוקט מיט מורא.

„איך האָב זיך געפרייט, וואָס די מאַמע האָט ניט געפאָלגט דעם לאַיאַליסט, כאָטש איך בין מער אין שול ניט געגאַנגען. איך בין גיך געוואַקסן ניט נאָר אין דער הויך, נאָר אויך אין דער ברייט און אין דער גרעב. צו צוועלף יאָר בין איך שוין גרעסער געווען ווי מיין מאַמע. צו פופצן יאָר האָט זי אָנגעהויבן מאַכן שמחהלעך און פאַרבעטן די יונגוואַרג. זיי זיינען געקומען, געפרעסן, געזויפט, זיך איבערגעקוקט און אַוועק ביז דער קומענדיקער פאַרבעטונג.

„דער טאַטע האָט די „פּאַרטיס" ניט געקענט פאַרטראָגן. ער האָט זיך געבעטן ביי דער מאַמען, זי זאָל זיך ניט איילן, אָבער זי האָט אים ניט געפאָלגט. זי איז אָנגעגאַנגען מיט איר געיעג אויף אַ בחור פאַר מיר.

„עס האָט זיך גאָרניט געמאַכט. האָט די מאַמע מיך אָנגעהויבן נעמען צו אירע מיטינגען, און דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט יונגען און מיידן פון גאָר אַן אַנדער מין. די יידן האָבן זיך דאָ געפילט פריי מיט נעגערן, מיט איטאַליענער, מיט שפּאַניער. ביי די מיטינגען וואָס פלעגן זיך אָפט ענדיקן מיט אַ טאַנץ, האָב איך זיך געדרייט אין קאָן מיט וועמען עס האָט זיך געמאַכט, ביז איך האָב זיך באַקענט מיט לואין. ער איז פון מיר ניט אָפּגעטראָטן. איך האָב געכאַפּט אַ קוק צו דער מאַמען. זי איז געזעסן אויף דער לאַנגער באַנק, ביי דער וואַנט און זי האָט פון דאָרט צו מיר געשמייכלט, ווי וואָלט איך עס געזאָגט?... מיט נחת.

„לאָז אים ניט אָפּ — האָט מיך די מאַמע געוואָרנט אין אויטאָבוס, אויפן וועג אַהיים.

„— ווי אַזוי זאָל איך אים צוהאַלטן, מאַמע? — האָב איך געפרעגט.

„— מע דאַרף אים פאַרבעטן אויף סאַפּער (וועטשערע) האָט די מאַמע געזאָגט און צוגעוואונקען מיט אַן אויגל. זי האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און מיר איינגערוימט אַ סוד: „לואי איז אַ ייד".

„— ער זעט אָבער אויס ווי אַן איטאַליענער.

„דער אויסזען מאַכט ניט אויס, טאָכטער.

„דער אויסזען מאַכט ניט אויס???!!!" האָט עס אין מיר ווי עקספּלאָדירט. איך האָב די מאַמע מער ניט געקענט פאַרטראָגן און איך האָב זי אַ שטופּ אָפּ געטאָן פון זיך. צום גליק איז פון איר אַנדערער זייט געזעסן אַ פּאַסאַזשיר, און זי איז געבליבן זיצן, אָנשלאָגנדיק זיך אין אים.

„— ווען איך וועל קומען אַהיים, וועל איך דיך דערהרגענען! — האָב איך געזאָגט דער מאַמען אויף יידיש, אויף וויפל איך קען דאָס לשון.

„איך האָב געהאַלטן וואָרט... ווי נאָר איך בין אַריינגעקומען אין הויז, בין איך צוגעלאָפן צו דער מאַמען און איר דערלאַנגט אַ זעץ מיטן פויסט העכער דער ברוסט, ביים אַקסל. זי איז געפאַלן אויף צוריקוועגס, זיך קוים אויפגעזעצט און אירע שיינע, מילדע אויגן האָבן זיך אויסגערונדיקט, ניט צום דערקענען. איך בין געשטאַנען איבער איר מיט צונויפגעדריקטע פויסטן, גרייט זיי אַראָפּלאָזן אויף איר ליגנערשן קאָפּ. זי האָט געוויינט. איך האָב זי ניט געשלאָגן.

„עס איז געווען אַ זונטיק ביי טאָג, ווען דער טאַטע האָט זיך פאַרגונען

צו גיין אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. באַלד האָט ער געדאַרפט אָנקומען. ווי ווײַט דאָס אַלץ ווירקן אויף אים? איך האָב באַפוילן דער מאַמען שטרענג און קאַלט:

„— שוין זאָלסטו מיר אויפשטיין און קיין פּיפּס זאָל איך פון דיר ניט הערן!

„און די מאַמע האָט מיך געפאָלגט.

„איך האָב אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און בין אַרויס אין גאַס.

„אויף מאָרגן האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. איך בין געהאַט נאָר־וואָס געקומען פון היי סקול (מיטלשול). די מאַמע איז געווען נענטער צום טעלעפאָן ווי איך, אָבער זי האָט מיך געלאָזט ענטפערן. איך האָב דערהערט לואיס שטים. איך האָב אַ ציטער געטאָן: וואו האָט ער שוין דערטאַפּט מיין טעלעפאָן נומער?! איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען. אירע קליינע ציין האָבן געבליאַסקעט צווישן די געפאַרבטע ליפּן... נאָר אַ זיגער קאָן אַזוי שמייכלען.

„— קאָן איך פאַרברענגען מיט אייך? — האָט לואי געפרעגט.

„פאַרברענגען מיט מיר?! דאָס איז געווען דער ערשטער אָנבאָט פון אַ מאַן צו מיר, דער גאָר ערשטער. איך בין שוין מער אויף מיין מאַמען ניט געווען אין כעס. איך האָב געקוקט אויף איר און געזען ווי זי מאַכט מיר צייכנס. זי פלאַטערט אינגאַנצן. זי איז צוגעקומען צו מיר און געפליסטערט: „היינט פאַרנומען... אפשר מאָרגן".

„איך האָב געפאָלגט דער מאַמעס עצה.

„— מאָרגן זיכער? — האָט לואי איבערגעפרעגט. איך האָב אַ ווײַלע געשוויגן און געענטפערט: „רופט מאָרגן, וועלן מיר זען.

„— וואָס מאַכט איר? — האָט לואי געפרעגט.

„— איך בין אָלרייט. (גאַנץ גוט) וואָס מאַכט איר?

„— איך בין אויך אָלרייט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און שטיל געבליבן. איך האָב געוואַרט. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער ער האָט זיך געקווינקלט. ענדלעך האָט ער אַ זאָג געטאָן „גוד ביי", האָב איך געענטפערט, און דערמיט האָט זיך אונדזער געשפּרעך געענדיקט.

„איך האָב אָנגעהויבן אַרויסצוגיין מיט לואין. אויסגעזען האָט ער טאַקע ווי אַן איטאַליענער, אָבער ער איז געקומען פון אַ פרומער ייִדישער היים. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין זיין צורה און מיט דער צייט דערזען, אַז ער האָט פאַרט ייִדישע שטריכן. אין זיין בליק איז געווען מורא און רעוואָלט. היטלער האָט שוין צו יענער צייט געהערשט איבער דייטשלאַנד און געסטראַשעט די ייִדן. לואי האָט געזידלט און געשאָלטן. אַ ניט־ייִד וואָלט דאָס ניט געטאָן.

„האָב איך זיך געפרייט. אָבער, דאָקטער! ווי נאָר די אַנדערע בחורים האָבן מיך דערזען מיט לואין, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס רופעניש אויפן טעלעפאָן. דער טאַטע האָט געשמייכלט מיט שטאָלץ וועגן זיין געראָטענער טאָכטער. „זע נאָר, האָט ער מיר געעצהט, פאַל ניט אַריין צו קיין פלאָמבער... קלייב דיר אויס אַ מיליאָנער".

„מיינע עלטערן האָבן מיר געפּראַוועט אַ זעכצן־יעריקן טאָג פון געבוירן. אונדזער וואוינונג איז געווען געפּאַקט מיט יונגוואַרג. די ייִנגלעך האָבן זיך געריסן צו מיר. איך בין מיט אַלעמען געווען פריינטלעך און צו אַלע זיס געשמייכלט.

„איך האָב טאַקע אויסגענוצט די גוטע געלעגנהייט און אַרויסגעגאַנגען מער ווי מיט איין בחור. איך האָב אויך פאַרבראַכט מיט קריסטלעכע ייִנגלעך, אָבער, איך ווייס ניט פאַרוואָס, איך האָב די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז לואי איז מיינער.

## קאַפּיטל זעקס

מיט דער מיסעס גרין איז געשען דאָס זעלבע וואָס מיט די מערסטע פּאַציענטן: צוערשט האָבן זיי ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן; נאָכדעם איז געגאַנגען אַ סדרה פון פּלאָנטערנישן, און צום סוף האָבן זיך אין זיי געעפנט אַלע פאַרבאָרגענע קוואַלן פון רייד, און אָפּשטעלן זיי איז באַלד געווען אומ־מעגלעך... דערביי האָט מיסעס גרין אָנגעהויבן איבערהיפּערן געוויסע זאַכן וואָס זיינען מיר געווען בויטיק צו דער געשיכטע וואָס איך האָב פאַרזיכטיק פאַרצייכנט.

זי האָט שוין חתונה געהאַט — צו זיבעצן יאָר — מיט לואין, איז פאַרגאַנגען אין טראָגן מיטן ערשטן קינד און באַהערשט געוואָרן פון אַ מורא, טאָמער וועט דאָס קינד אויסזען ווי די מאַמע, צי אַפילו ווי דער טאַטע וואָס האָט געהאַט אַן איטאַליעניש פּנים...

דאָ האָב איך געוואָלט הערן די דערציילונג ווייטער און ניט געוואָלט איבערשלאָגן, און דאָ האָבן מיר געפעלט פאַקטן וואָס די פּאַציענטין האָט אַריבער־געשפּרייזט.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, מיסעס גרין, נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז איר פאַרפעלט געוויסע געשעענישן.

זי האָט זיך אויפגעזעצט און פּראָטעסטירט: „איך באַהאַלט גאָרניט!!!"

— איך זאָג ניט, איר באַהאַלט עפּעס, נאָר מיר פעלן דריי וויכטיקע פאַקטן: ווער האָט אייער מאַמע צעגהרגט, וואו איז אַהינגעקומען יאַנעק און אויב לואיס אויסזען איז אייך ניט געווען צום האַרצן, — פאַרוואָס האָט איר ניט געזען זיך צוזוכן אַ ייִדישן בחור מיט אַ ייִדישן אויסזען?

די פרוי האָט מיך דורכגענומען מיט אירע בייזע בליקן און געפרעגט:

— איר מיינט מיר צו זאָגן, אַז עס איז אייך ניט קלאָר, ווער עס האָט מיין מאַמע געשלאָגן?... — זי האָט אידאָניש געשמייכלט און געוואָרט אויף מיין ענטפער.

— איך שטויס זיך אָן — האָב איך זיך ווי פאַרענטפערט — אַז דאָס איז געווען יאַנעקס אַרבעט, אָבער אָן אייער באַשטעטיקונג בין איך ניט זיכער.

— איר מעגט זיכער זיין — האָט זי געזאָגט און אַ הייזעריקן לאַך געטאָן.

— דאָקטער, איך בעט אייך, גיט מיר אַ טרונק! מיין שלונג איז אויסגעטריקנט.

— איך האָב איר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער. זי האָט זיך אָנגעטרונקען און באַלד אָנגעגאַנגען מיט איר דערציילן. — יאָ, דאָקטער, יאַנעק איז אַוועק קיין רוסלאַנד, און — ווי אין וואַסער אַריין...

פאַרן טאַטן האָט די מאַמע דערציילט, אַז זי איז געפאַלן מיטן פּנים אַראָפּ. פאַר מיר אָבער האָט די מאַמע מורא באַקומען און זיך מודה געווען, ווער עס האָט זי צעשלאָגן. „פאַרוואָס? פאַרוואָס?" האָב איך געשריגן, שטייענדיק איבער דער מאַמעס קליינעם, געבויגענעם קערפּער מיט מיינע פויסטן. — איך וויל שוין וויסן פאַרוואָס!

— די מאַמע האָט זיך אויף אַ קול צעוויינט. זי איז אַריין מיטביידע הענט אין די שיינע, איצט ווי צעטראָטענע געקרוילטע האָר. זי האָט זיי היסטעריש געריסן און זיך געקלאָגט פאַר מיר, ווי איך וואָלט געווען די מוטער:

— ער האָט מיך געוואָלט באַצווינגען אַזוי ווי דעמאָלט, און דערצו האָט ער אונדזביידן געוואָלט צונעמען ביים דעדי.

„— וואָס מיינסטו „באַצווינגען?" וואָס מיינסטו ווי דעמאָלט?

„איך האָב שוין אויך געוויינט. די מאַמע האָט פאַרקוקט צו מיר מיט

געבעט. זי האָט מיר מיינע פראַגן ניט פאַרענטפערט, אָבער איך בין מער ניט צוגעשטאַנען צו איר. אַלץ, אַלצדינג איז מיר קלאָר געוואָרן. איך בין די טאָכטער פון דעם לאַיאַליסט, בין איך זיינע און ער האָט אַ רעכט מיך צו וועלן האָבן.

„— פאַרוואָס־זשע האָסטו אים ניט נאָכגעגעבן? — האָב איך געפרעגט.

„— איך האָב ניט געקענט! איך האָב ניט געקענט!!! — האָט מיסעס גרין מיט איין מאָל געביטן דעם טאָן פון באַהערשן זיך — אויף היסטעריקע. זי האָט געטאָן אַ פאַל אויפן דיוואַן, פאַרקלעמט די ציין און אינגאַנצן געציטערט.

איך האָב געשוויגן און געוואַרט. איך בין געווען דורכגענומען פון מיסעס גרינס ליידן און איך האָב ניט געוואַגט מאָגען ביי איר נאָך און נאָך דערציילן.

זי האָט צוגעשלאָסן די אויגן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מער וועל איך קיין וואָרט פון איר ניט הערן.

דער אָוונט האָט זיך צעשפּרייט איבער אַלץ און אַלעמען, אָבער מע האָט זיך נאָך געקאָנט באַגיין אָן אַ לאָמפּ. די באַרעמהאַרציקע שוועסטער איז אַוועק אַהיים. פאַר מיר איז שוין אויך צייט געווען צו גיין, אָבער דאָ איז געווען אַ מענטש און איין איר גאַנצער גרויס איז זי איבערפילט געווען מיט צרות. זי שווייגט... זי שוויגט נאָך אַלץ... וואָס נאָך וועט זי מיר זאָגן? זי איז געווען אומרואיק, ווייל זי האָט מער ניט געקענט פאַרבלייבן אין דער זעלבער פּאָזע. דאָ האָט זי געטאָן אַ שטעל אויף אירע מעכטיקע פיס ווי צוויי קראָקוועס, און דאָ האָט זי זיך געשטרעקט אין דער גאַנצער לענג. דער דיוואַן, האָט זיך מיר געדאַכט, ברעכט זיך אונטער אָט דער טאָפּלטער שווערקייט, דער קערפּערלעכער און דער גייסטיקער.

זי האָט אַ הוסט געטאָן און געזאָגט: „אָ, מיין אָרעמע נאַרעשע מאַמע!”

איך האָב זי געלאָזט רעדן און ווען זי איז שטיל געבליבן, האָב איך געוואַרט.

— יאָ, דאָקטער... וואָס נאָך האָט איר מיך געפרעגט?

איך האָב איר געוואָלט דערמאָנען, אָבער זי איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג: — פאַרוואָס האָב איך חתונה געהאַט מיט לואין און ניט מיט אַ ידישן בחור וואָס זאָל אויסזען ווי אַ ייד? אַ־יאָ דאָס האָט איר מיך געפרעגט?

— יאָ, — האָב איך שטיל געענטפערט.

— אוי, דאָקטער, דאָקטער! דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר נייע צרות: צוליב לואיס דרייען זיך אַרום מיר, בין איך, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, געוואָרן פּאָפּולער. אָבער צו אַ שידוך איז ניט געקומען. קיינער, אָבער טאַקע קיינער פון די בחורים, וואָס זיינען מיט מיר אַרויסגעגאַנגען און אויסגעגעבן געלט אויף מיר, און מיך אַרומגענומען און געקושט, און אפילו געפליסטערט כלומרשט פאַרליבט „איי לאָוו יו”, — קיינער האָט מיר ניט אָנגעבאָטן זיין האַנט צו גיין מיט מיר אונטער דער חופּה און מיר זאָלן ווערן מאַן און ווייב.

„איך האָב אָנגעהויבן פירן אַ לעבן, וואָס איז מיר גאָרניט געפעלן געווען: היינט מיט איין בחור און מאָרגן מיט אַ צווייטן... איבערמאָרגן מיט אַ דריטן... זיי האָבן מיך אפילו שוין געפירט צו זייערע עלטערן... יענע האָבן זיך ווי געשראָקן פאַר מיר און פאַר מיין אויסזען... נאָך אַזאַ וויזיט פלעגן די בחורים „פאַרפרוירן” ווערן... און דערצו האָב איך נאָך געדאַרפט מאַנעווורירן ניט אָנצואווערן לואין, מחמת ער איז דאָך געווען מיין לעצטע האָפענונג.

„דאַרף איך אייך נאָך לאַנג ברייען?

„מיין טאַטע האָט ליב באַקומען לואין און די מאַמע האָט אים שוין באַצייטנס געקעכלט.

„און אַ חתונה האָבן מיר געפּראַוועט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ בת יחידה... אוי ווײ!...

„איך האָב באַשלאָסן ניט זיין ווי מיין מאַמע, נאָר ניט ווי זי! וויפל גאָט וועט געבן קינדער, אַזוי פיל וועט זיין.

„דריי יאָר נאָך דער חתונה האָב איך שוין געהאַט צוויי מיידעלעך. די עלטערע איז געווען געראָטן אין פאָטער און אויסגעזען איטאַליעניש; דאָס יינגערע קינד איז געווען איינגאַנצן ווי איך: מיין גרויס פּנים, מיינע גרישע אויגן... איך האָב זיך איינגעקוקט אין מיינע מיידעלעך. אוודאי האָב איך זיי ליב געהאַט, אָבער פאַר אייך, דאָקטער, בין איך זיך מודה, אַז ניט איין מאָל האָב איך געהאַט דאָס געפיל צו דערשטיקן די קליינינקע, וואָס וועלן מסתמא זיין אַזוי גרויס און אומגעלומפּערט ווי איך. ווי אַזוי וועלן זיי זיך פילן צווישן יידן? לייט וועלן קוקן אויף זיי און זיך איבערקוקן... זיי וועלן וואַקסן, אַרויסגיין ביט בחורים, און די עלטערן פון די בחורים וועלן זיך דערשרעקן פאַר זיי... וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן???

„— אפשר האָב איך איינמאָל געזאָגט לואין — וועלן מיר זיך אָפּרוען אַ פּאָר יאָר פון האָבן קינדער? — ער האָט געלאַכט און געזאָגט, אַז ער קען באַשפּייזן אַ גרויסע משפּחה. ער איז געווען אַ פאַרבער און אַ שפּאַלירער און פאַרדינט אַ גוט געהאַלט.

„לואי האָט ניט געוואָלט הערן פון „רוען". איך האָב אים געמוזט אויסמיידן אַ צייט. עס איז געקומען זומער און איך האָב געפּועלט ביי לואין, ער זאָל מיך שיקן אין אַ קעמפּ זיך אויסרוען. לואי האָט מיר קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט.

„יאָ, דאָקטער, איך בין געפאָרן אין קעמפּ, אין אַ יידישן קעמפּ, מיט יידישע עלטערן און יידישע קינדער. מע האָט דאָרט געגעסן יידישע מאכלים, געהערט יידישע לעקציעס, וואָס איך האָב גאָרניט פאַרשטאַנען, אָבער עס איז געווען יידיש. די קינדער האָבן פּרייטיק צו נאַכט געפּראַוועט אַ שבתדיקן טיש. איך האָב זיי באַטראַכט. אַלע האָבן גערעדט ענגליש, אָבער די פּנימער זיינען געווען יידישע. איך האָב געזוכט אַ קינד וואָס זאָל כאָטש מיט איין שטריך דערמאָנען מיינע מיידעלעך. ניט געזען. זיי זיינען געווען צו קליין צו זיין מיט די גרעסערע קינדער אין קעמפּ. זיינען זיי אַלעמאָל געווען מיט מיר. די געסט ביי מיין טיש האָבן געקוקט אויף מיר און אויף מיינע קינדער און — איר פאַרשטייט דאָך, דאָקטער — געקוקט און זיך איבערגעקוקט...

און דאָ האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ שריט, וואָס איך בין געווען זיכער, אַז נאָר די מאַמע מיינע קאָן טאָן אַזאַ זאַך. איך האָב זיך אָנגעהויבן איבערקוקן און איבערשמייכלען מיט מענער... אוי, איר מענער, מענער!... איך האָב געמיינט עס וועט מיר אָנקומען שווער... איך האָב זיך פאַרמאָסטן אויף מאַנסבלען וואָס זיינען דאָ געווען אָן וויבער. דערצו האָב איך געוואָלט אָן איידעלע יידישע צורה. און איך האָב אים געפּאַקט...

„ער איז אָנגעקומען פּרייטיק צו מיטאָג. דער פאַרוואַלטער האָט אים באַזעצט מיט איין טיש וויטער פון מיינעם. און אים פאַרגעשטעלט פאַר די געסט. ער האָט זיך פאַרנויגט און זיך געגריסט מיטן וואָרט „שלום", „שלום" האָט מען אים געענטפערט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צו די שבנישע טישן, און זיינע ליכטיק בלויע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט מיינע.

„פאַרן שבתדיקן מאָלצייט האָט דער נייער גאַסט צוגעדעקט זיין שיינעם ברוינעם קאָפּ האָר מיט אַ טיכעלע און געמאַכט קידוש, און באַלד נאָכדעם אַ „המוציא". ווי שיין און ווי קלאָר זיין קול האָט געקלונגען!

„נאָכן עסן בין איך צוגעגאַנגען צו אים, אים געדריקט זיין האַנט און אים געזאָגט ווי שיין און גוט ער האָט געזאָגט די העברעאישע ווערטער און ווי אָנגענעם די גאַנצע קעמפּ־אַטמאָספערע איז געוואָרן מיט זיין אָנקומען.

„— איר קאָנט העברעאיש? — האָט ער געפרעגט.

„— קיין וואָרט ניט — האָב איך געענטפערט, — אָבער מיין האַרץ פילט די שיינקייט פון די הייליקע ווערטער.

„הערט דאָקטער, איך האָב אייך שוין גענוג אָנגערעדט און עס מעג זיין גענוג. איר פאַרשטייט דאָך, אַז מיר האָבן זיך דערנענטערט. ער איז געקומען פון ישראל, און דאָס האָט נאָך זיין ייִדישקייט שענער געמאַכט.

„איך בין געקומען אַהיים. פאַר לואין האָב איך געזאָגט, אַז איך בין קראַנק געווען אין קעמפּ און דער דאָקטער דאָרטן האָט מיר שטרענג פאַרבאָטן זיך צונויפקומען מיט מיין מאַן אַ וואָך צייט... פיר וואָכן האָב איך פאַרבראַכט אין קעמפּ. אויף דער פינפטער וואָך וועט מיר קלאָר ווערן מיין לאַגע.

„אָ, מיין גוטער לואי! ער האָט מיר אַזוי געגלויבט!... איך בין פאַרגאַנגען אין טראָגן און ווען די צייט איז געקומען, האָב איך געבראַכט אויף דער וועלט אַ ייִנגעלע מיט בלויע אויגן. אָט איז דאָס בילד זיינס.

מיסעס גרין האָט מיר געוויזן דאָס בילד פון דעם קינד. עס האָט אויסגעזען אַ דריי יאָר אַלט. דאָס פּנימל אַ לענגלעכס פאַרשפּיצט מיט אַ דין גאָמבעלע. אַ קליין נעזל. דעם קאָליר פון די אויגן האָט מיר שוין די מוטער איבערגעגעבן. זי האָט מיר אָבער ניט דערציילט וועגן זייער אויסדרוק. אַזאַ טיפע, אַלטע חכמה האָט פון די אויגן אַרויסגעקוקט! איך האָב באַטראַכט די בילדער פון די עלטערע צוויי מיידלעך. פעטע רונדע ווי פּעסלעך, שווערע גופים, אַזאַ שווערקייט וואָס ציט צו דער ערד, און לעבן זיי דאָס ייִנגעלע אַ ליכטיקס, אַ גרינגס!... „נישט גוט, נישט גוט” האָב איך געקלערט. צו גרויס איז דער חילוק.

און ווי אַן ענטפער אויף מיינע געדאַנקען איז געקומען דאָס שווערע, הייזעריקלעכע קול פון דער מיסעס גרין:

— נו, דאָקטער, ווי געפעלט אייך די מעשה? הא, אַ שיינע היסטאָריע, ניט אמת? איצט איז מיר ערגער ווי פריער.

— וואָס מיינט איר? — האָב איך זיך געמאַכט תמעוואַטע.

— וואָס איך מיין? איך מיין, אַז איך האָב פאַרשפּילט: פאַרלאָרן מיין ערלעכקייט, גענאַרט מיין געטרייען מאַן, און וואָס האָב איך אויסגעפירט? איצט קוקט מען אויף מיר און אויף יאַנקעלען, און מע קוקט זיך איבער... דאָקטער, איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט זען זייערע אייגעלעך... מיט שמייכעלעך, מיט שטעכעלקעס... אַנדערע וואַרפן אפילו בייזע בליקן אויף מיר, ווי זיי וואָלטן מיך געפרעגט: „ווי קומט צו מיר אַזאַ שיין און איידל ייִדיש ייִנגעלע?” עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט יאַנקעלען געקידנעפּט. (אַוועק־געגנבעט).

— ווי באַציט זיך אייער מוטער צו יאַנקעלען?

— פרעגט ניט... זי טראָגט אים, ווי מע זאָגט „איופן קאָפּ”. אויף מיר קוקט זי, און איך זע, זי וויל מיך פרעגן וואָס און ווען... אָבער זי וואָגט ניט. זאָל זי בעסער ניט פרעגן. זי וועט ביי מיר פליען פון אַלע שטיגן און ווידער „מיטן פּנים אַראָפּ...” נו, דאָקטער, וואָס זאָל איך טאָן? איך קען ניט פאַרטראָגן די בליקן, די קוקעלעך פון מיינע שכנים, קרובים און באַקאַנטע. הערט, דאָקטער: אפילו ווען איך פאָר מיט מיין ייִנגעלע אין דער באַן, צי אין „באָס”, באַטראַכט מען מיך און מע קוקט זיך איבער, וואו זאָל איך

זיך אַהינטאָן? וואוהין אַנטלויפט מען פון זיי אַלע? איך בין קראַנק! העלפט מיר, דאָקטער, העלפט מיר, איך בעט אייך!

— אייער לאַגע איז ווירקלעך אַ שווערע, אָבער מאַכט זי ניט שווערער ווי זי איז.

די מיסעס גרין האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אירע ווייסלעכע אויגן מיט די וואַסערלעך אין זיי. שטרענג, קאַלט, מיט אַ מיד, גראָב קול האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס מיינט איר?

— איך מיין, אייער מעשה דערמאָנט מיר אין דער הייליקער ביבל. דאָרט ווערט דערציילט ווי פרויען האָבן צוגערעדט מענער מיטן איינציקן צוועק צו ברענגען אַ נייעם דור אויף דער וועלט.

— די הייליקע ביבל דערציילט דאָס?! — האָט מיסעס גרין פּראָטעס־טירט. — ניין, דאָקטער. איר ווילט מיר בלויז איינרעדן אַ מעשה, אַבי עס זאָל מיר גרינגער ווערן.

— אוודאי וויל איך, עס זאָל אייך גרינגער ווערן, אָבער דאָס וואָס איך האָב אייך דערציילט, שטייט ווירקלעך געשריבן אין דער ביבל.

מיסעס גרין האָט זיך געגעבן אַ זעץ אויף, פלינק אַראָפּגעלאָזט אירע פיס אויפן דיל און אַרויסרופנדיק געזאָגט: „אַ־נו, לאָמיך זען...”

— אַזוי גלויבט איר מיר ניט? — האָב איך געשמייכלט צו דער פּאַציענטין.

— דאָס איז דער אמת, דאָקטער: איך גלויב אייך ניט.

איך האָב איר דערויף ניט געענטפערט. איך האָב צוגעשפּאַנט צום דערבייאיקן ביכער־שראַנק, גענומען די ביבל, אויפגעמישט די דערציילונג וועגן לוט מיט זיינע טעכטער און געלייענט: „און לוט איז אַרויפגעגאַנגען פון צוער, און האָט זיך באַזעצט אויפן באַרג, און זיינע צוויי טעכטער מיט אים, ווארעם ער האָט מורא געהאַט צו זיצן אין צוער. און ער איז געזעסן אין אַ הייל, ער און זיינע צוויי טעכטער. האָט די עלטערע געזאָגט צו דער יינגערער: „אונדזער פאָטער איז אַלט, און קיין מאַן איז ניטאָ אויף דער ערד צו קומען צו אונדז אַזוי ווי דער שטייגער איז פון דער גאַנצער ערד. קום, לאָמיר אָנטרינקען אונדזער פאָטער מיט וויין, און מיר וועלן ליגן מיט אים און מיר וועלן אויפהאַלטן פון אונדזער פאָטער זוימען...”

איך האָב געלייענט שטייענדיק מיטן פּראָפיל צום פענצטער וואָס איז שוין געווען האַלב טונקל. מיטאַמאָל האָב איך דערפילט, אַז די טונקלקייט אין צימער האָט זיך פאַרטאָפּלט. מיסעס גרין איז געשטאַנען לעבן מיר און פאַרקוקט אין חומש. איך האָב דערפילט איר הייסן אָטעם און דעם גערויך פון פוידער, געמישט מיטן שאַרפן ריח פון שפּריצעכטס וואָס פרויען נוצן צו זייערע האָר.

— וואַרט אַ מינוט! — האָט מיסעס גרין מיך איבערגעריסן — סאָמטינג איז סקרואי... (עפּעס איז דאָ ניט גלאַט). וואו זיינען אַהינגעקומען אַלע מענער?

—איר ווילט דאָך ניט, איך זאָל אייך לייענען די גאַנצע ביבל... בקיצור וועל איך אייך זאָגן, אַז לוט מיט זיינע טעכטער האָבן געוואוינט אין סדום, די שטאָט וואָס גאָט האָט פאַרניכטעט אינאיינעם מיט אַלע מענטשן. געראַטעוועט האָבן זיך בלויז לוט מיט זיינע טעכטער.

איך האָב געלייענט ווייטער. ווען איך בין צוגעקומען צו דער שטעל, אַז לוט האָט ניט געוואוסט וואָס ער טוט, האָב איך דערהערט אַ טיפן און שווערן זיפץ פון דערלייכטערונג.

— פור אָלד מען! — האָט זי לוטן באַדויערט. (אָרעמער אַלטער מאַן)

איך האָב באַטראַכט מיין פּאַציענטין און האָב דערזען ווי איר גרויס, פּויעריש, טעמפּ פּנים ווערט דורכגעלויכטן פון אַ פּלוצעמדיקן געדאַנק. זי האָט זיך שוין מער ניט געוואָלט לייגן אויפן דיוואַן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים צופוסנס און אַראָפּגעלאָזט די פיס אויפן דיל.

— גרויסער גאָט! ווי אַזוי האָבן זיי דאָס געקאָנט טאָן? לוט איז דאָך געווען זייער אייגענער פאָטער... איך וואָלט גיכער געשטאָרבן, איידער האָבן אַ קינד פון מיין פאָטער! איי דאָנ׳ט לייק איט, איי דאָנ׳ט לייק איט איי ביט! (עס געפעלט מיר גאָרניט) מיין טאַטע איז אין דער אמתן ניט מיין טאַטע. אַ פרעמדער איז ער מיר, אַ פרעמדער מאַן, אָבער אַזאַ אייגענער, אַזאַ גוטער! ניין, ניין, ניין! — האָט זי געשאָקלט מיטן גרויסן קאָפּ.

— נו, מיין טייערע, ביי אייך איז די לאַגע אַן אַנדערע: איר זאָגט אַליין, אַז איר האָט געקאָנט געווען קריגן אין קעמפּ — און אפשר אויך אין שטאָט — מער ווי איין מאַן. לוטס טעכטער האָבן קיינעם ניט געהאַט, און מיט זייער טויט וואָלט פון דער משפחה קיין שפור ניט געבליבן. אויף אָנהאַלטן דאָס לעבן איז דאָס געטאָן געוואָרן.

איך האָב אַריינגעשטעלט די ביבל אין ביכער שראַנק.

— וועל? (נו) האָב איך דערהערט הינטער מיינע פּלייצעס.

איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען מיסעס גרינס בעטנדיק פּנים. זי האָט דערוואַרט מיין הילף. איך, האָט זיך מיר געדאַכט, בין געווען איר איינציקער אָנשפּאַר. עפּעס מוז איך זאָגן און — ניט פאַרזאַמען.

— הערט — האָב איך אָנגעהויבן און געזען ווי איבעריק דאָס וואָרט איז: זי איז איינגאַנצן געווען געהער. — אַ שטאַרק געפיל פון דערנידערונג פּלאָגט אייך שוין יאָרן און יאָרן. איר האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און איר האָט, ווי איר זענט אַזוי זיכער, ווידער פאַרשפּילט. ניין, טייערע. איר האָט געמאַכט אַ געוואַגטן שריט און איר דאַרפט שטאָלץ זיין. יאַנקעלע איז אייער קינד, אַזאַ קינד ווי איר האָט זיך געוואונטשן, און איר דאַרפט אים דערציען לויט דער יידישער טראַדיציע. איר דאַרפט זיך שטעלן פאַר אַ ציל, יאַנקעלע זאָל אויסוואַקסן אַ גייסטיקער פירער ביי יידן. זאָל די דערציאונג פון אייער זון ווערן אייער שטאַרקסטע, אייער איינציקע אַמביציע. דאָס וועט אייך העלפן אַלע בזיונות דורכצוטראָגן. וואַרט ניט, ביז דאָס קינד וועט האַלט ווערן ניין־צען יאָר. הויבט אים אָן לערנען צו פינף. ער האָט אויגן פון אַ חכם. ער וועט אייך באַשיינען אייער לעבן.

די מיסעס גרין האָט מיר געקוקט גלייך אין מיינע אויגן. איר ברייט מויל איז געווען האַלב אָפן, און עס האָט אויסגעזען ווי נעמט אַריין מיינע ווערטער אין זיך, ווי מע נעמט איין אַ געטראַנק וואָס שטאַרקט.

איך אַליין האָב ניט שטאַרק געגלויבט אין דער פּעולה פון מיין עצה, נאָר ווען איך האָב דערזען די צוויי פּויערשע אויגן איבערגיין פון טרערן, האָב איך דערפילט אַ באַנייטן כוח אין מיינע רייד...

— זאָלן זיי קוקן. ווער ווייסט, ווי עס פאַראַכט זיי. זיי זיינען לידיק און זייער איינציקער פאַרגעניגן איז — האָבן יענעם אין מויל. זייערע קינדער זיינען יידן בלויז לויטן געבורט, זיי זיינען פּוסט און לידיק ווי זייערע עלטערן. ווען עס קומט צו ידישקייט, ווייסן וועגן דעם אייניקע ניט־יידן מער ווי זיי. אייער יאַנקעלע וועט זיין דער אמתער, דער גרויסער ייד, אַזוי ווי איך שטעל זיך אים פאָר, און איך, מיסעס גרין, וועט קומען דער גאַנצער קרעדיט.

עס איז געוואָרן פינצטער. איך האָב אָנגעצונדן די עלעקטריק.

מיסעס גרין האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט, און אידער איך האָב צייט געהאַט צו כאַפּן זיך וואָס דאָ קומט פאָר, האָב איך דערפילט מיין האַנט אין אירע און אירע ליפּן האָבן באַרירט מיין האַנט.

— וואָס טוט איר? וואָס טוט איר? — האָב איך פּראָטעסטירט.

— דאָקטער! — האָט זי אויסגערופן — איר האָט מיך געראַטעוועט. — זי האָט ניט אַרויסגעלאָזט מיין האַנט און מיך קאָמפּלימענטירט: — איר זענט אַ היילער, אַ גוטער ייד און אפשר אַ ראַביי.

— איך האָב אַ לאַך געטאָן, פאַמעלעך באַפרייט מיין האַנט פון אירער און געעפנט די טיר צום אָפיס. איך האָב דאָרט אויך אָנגעצונדן דאָס ליכט און זיך געזעצט אויף מיין אָרט. די מיסעס גרין איז געזעסן אַקעגן מיר, פאַרקוקט צו מיר און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי ניט נאָר זי איז געהאָלפן געוואָרן, נאָר אויך איך בין געווען אַ געווינער פון אַ גליקלעכן איינפאַל וואָס איז צו מיר געקומען ספּאָנטאַן און אין צייט.

# אָן חופּה וקידושין

דאָס שטעטל פּ. איז געווען קליין, און קיין ספּעציאַליסטן דאָקטוירים האָבן מיר ניט פאַרמאָגט, אַזוי אַז איך, אַ פּשוטער דאָקטער, האָב באַדאַרפט היילן פאַרשיידענע קראַנקייטן און מען האָט מיך דאָ אַפילו געקרוינט פאַר אַ פּסיכאָלאָג, אָדער ווי זיי האָבן מיר גערופן „סייקאָעטריסט". קיין צרות האָבן מיר ניט געפעלט, און איך האָב זיך אָנגעהערט גענוג גוויליקע געשיכטעס.

מיינע פּסיכיאַטרישע חולאים זיינען מערסטנס געווען דערוואַקסענע און אַלע האָבן זיי געליטן פון דורכפאַלן. איך ווייס ניט, צי האָב איך זיי געהאָלפן, נאָר אַ טרייסטוואָרט האָב איך זיי דאָך געבראַכט. איך האָב מיט זיי מיטגעפילט, מחמת איך אַליין בין געווען אַ דורכפאַל: געוואָלט האָב איך ווערן דאָקטער אין דער גרויסער שטאָט, און איך בין פון דער קאָנקורענץ פאַרשטופט געוואָרן אין אָט דעם עק, וואָס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ דאָרף, מיט דער גרויסער צאָל ביימער אויף אַלע גאַסן און געסלעך און אַפילו מיט גערטנער ביי אַ סך הייזער. דער ווינטער האָט דאָ אָנגעהאַלטן זייער לאַנג און די טיפע שנייען האָבן אונדז אָפּגעריסן פון דער וועלט. אונדזערע טעלעפאָן און טעלעגראַף־פאַרבינדונגען זיינען אין די ווינטערדיקע שטורעמס צעשטערט געוואָרן און עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מען האָט זיי צורעכט געמאַכט.

אָבער דערפאַר האָבן אונדז די אַנדערע דריי סעזאָנען פון יאָר מילד באַלוינט. דער שפּעטער פרילינג האָט זיך גיך פאַרוואַנדלט אין זומער. דער זומער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן האַרבסט, און ווען ניט דער קאַלענדאַר מיט זיינע דאַטעס, וואָלטן מיר ניט געוואוסט, לאָמיר זאָגן, אין טיפן סעפּטעמבער, אַז עס איז שוין אַנטשטאַנען די פולע ממשלה פון ערב ווינטער. אַוודאי זיינען שוין צו יענער צייט מער קיין קאַרשן ניט געוואַקסן, אָבער די עפּל, די באַרן, די פלוימען און די פּיטשעס זיינען נאָך זיסער געוואָרן, זיסער און באַטעמטער. און די לופט, באַזונדער אין די אָוונטן, איז געווען דורכגענומען מיט אַ שמעקעדיקער קילקייט, וואָס האָט געקאָנט היילן דאָס שווערסטע געמיט.

און אין אָט דעם קליינעם גן עדן האָבן מענטשן זיך ווי געטאָן אין זייער גרעאַנגל אָנצויאָגן און אַריבעריאָגן דעם שכן, זיין פריינט און אַפילו זיין אייגענעם ברודער.

נאָר מיט איין זאַך האָט זיך פּ. אויסגעצייכנט: מיט פרומקייט. די רעליגיעזע פירער האָבן געשפּילט די גרעסטע ראָל. זיי האָבן געפּרעדיקט בלויז גוטס. מען האָט זיי גערן אויסגעהערט און אייניקע גוטע שטעלן פון זייערע רעדעס געדענקט, אָבער מען איז באַלד נאָך די תפילות און נאָך די אויסגעהערטע דרשות אַוועק אין די היימען, צי וואו עמיצער האָט באַדאַרפט און מען איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן, גאָרניט לויט די ווענן, וואָס דער יונגער רעפאָרמירטער רב האָט אַזוי שיין אָנגעצייכנט אין אונדזער יידישן טעמפּל, אָדער די קריסטלעכע פּריסטער אין זייערע קלויסטערס.

איך בין דאָ געווען דער דאָקטער און איך האָב באַדאַרפט היילן קראַנקע. מיינע פּאַציענטן האָבן מיך אויסגענוצט ניט נאָר אין די טעג און אין אָוונטן

— נאָר אויך אָפּט מיך אין די נעכט אויפגעריסן פון שלאָף און מיך געפּאָדערט צו ברענגען הילף. בין איך געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, אָבער מיין מעדי־צינישע פּראַקטיק איז זיי ניט געווען גענוג און אויך מיין פּסיכאָלאָגישע באַהאַנדלונג האָט די חולאים ניט צופרידנגעשטעלט. זיי פלעגן מיך אויסנוצן ווי אַ צוהערער און זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, באַשולדיקנדיק זייערע קעגנער אין צביעות. זיי האָבן ניט געוואוסט, וואָס זייערע קעגנערס האָבן געזאָגט וועגן זיי...

איך האָב צוגעזען, ווי די נאָענטסטע פאַרוואַנדטע האָבן זיך אָפּט שלעכטס געטאָן ביז לאָזן דעם קעגנער אָן ברויט. אַז קינדער זאָלן שלעכט באַהאַנדלען עלטערן, איז געווען איינע פון די געוויינלעכסטע זאַכן. אָבער — אַ יונגער פאָטער זאָל פאַרהאַסן זיין קינד און עס דערפירן צו קראַנקייט — דאָס האָב איך אין דעם קליינעם פּרומען שטעטל ניט דערוואַרט. און דאָס איז געשען ערשט נאָכדעם ווי איך האָב דאָ אָפּגעאַרבעט צוואַנציק יאָר.

עס איז ווירקלעך אַ געשעעניש און דאָס פאַרצייכן איך ניט נאָר אין מיין רעקאָרדן־בוך מיט די געשיכטעס פון די קראַנקע, נאָר באַזונדער, ווייל אַזאַ מין פאַל האָב איך נאָך ניט געהאַט.

* * *

עס איז געווען פריער זומער און די געדיכטע גרינקייט פון די ביימער האָט אַרום מיין אָפיס פאַרשפּרייט אַ טונקעלע קילקייט. איך האָב געגעסן מיין פרישטיק און זיך געגרייט צוצופאָרן אינם שטאָטישן שפּיטאָל.

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. מיינע פּאַציענטן האָבן געוואוסט, אַז אין די פרימאָרגנס קאָן מען מיך ניט קריגן. ווער זשע קאָן דאָס זיין? אפשר מיין פרוי'ס אַ באַקאַנטע?

— ענטפער דו — האָב איך בעטין געבעטן. זי האָט מיר צוליב געטאָן. באַלד האָב איך פונעם צווייטן צימער דערהערט בעטין מיך רופן:

— עפּעס אַ קינד פרעגט אויף דיר.

— אַ קינד?! — האָב איך זיך פאַרחידושט און איבערגענומען דעם טעלעפאָן ביי בעטין. זי איז צוריק אַוועק אין קיך. איך האָב זיך איינגעהערט אין דער שטים, וואָס האָט מיך גערופן. זי האָט ווירקלעך געקלונגען קינדעריש, אָבער אַזוי באַזאָרגט, ווי עס טוען אַמאָל קליינע מיידלעך מיט אַ שווערן עול אויפן קאָפּ.

— איר ווייסט דאָך — האָב איך דערקלערט, אַז אין די פרימאָרגנס בין איך פאַרנומען... — זי האָט מיך ניט געלאָזט ענדיקן.

— אַוודאי ווייס איך, נאָר איך גיי אַרבעטן. וועל איך אין אָוונט אַריבער־קומען. גוט?

וויפל צודרינגלעכקייט עס איז געווען אין דעם איינעם וואָרט „גוט"! „וואָס פאַר אַ הערשערישע פרוי קאָן פון אַזאַ קינד אויסוואַקסן!" האָב איך געטראַכט, און האָב איר אין טאָן געענטפערט: „גוט".

— און וואָס איז דיין נאָמען? און וואָס איז דיר? — האָב איך געפרעגט.

— מיין נאָמען איז מיסעס רובין און ניט איך בין קראַנק — האָט דאָס קולכל ווייטער גערעדט און צוגעגעבן: עס איז מיין יינגל.

איך האָב פאַרווירט געשוויגן. עפּעס איז מיר ניט געווען קלאָר. מאַכט די קליינע שפּאַס פון מיר?

— דו ביסט ערנסט? — האָב איך געפרעגט. איך האָב דערוואַרט אַ שטיפערישן געלעכטער, זי זאָל אויפהערן דאָס טרייבל און מיך לאָזן „מיט אַ נאָז". אָבער זי האָט מיר אָן ענטפער אָפּ געטאָן ערנסט און מיט פאַריבל:

— קיין וויצן, דאָקטער, ליגן מיר ניט אין זינען... גוד באַי. איך איל זיך אין מיין סטודיאָ.

איך האָב געהאַט אַ שווערן טאָג אַרבעט סיי אין שפּיטאָל, סיי אויך נאָכדעם אין מיין אָפיס. צווישן די חולאים זיינען געווען צוויי אומהיילבאַרע. איך האָב זיי דעם אמת קיינמאָל ניט געזאָגט, אָבער דאָס געפיל, אַז איך קאָן זיי ניט העלפן, האָט מיך דערשלאָגן און פאַרשעמט. די צוויי זיינען ניט געווען די איינציקע מיט שווערע קראַנקייטן. בין איך דאָך געווען פאַרנומען, אָבער דעם גאַנצן טאָג האָב איך ניט אויפגעהערט צו קלערן וועגן דעם קינדערשן שטימעלע מיט איר יינגל.

מיין אויפנאַמס־צימער איז געווען פול מיט פּאַציענטן. צווישן זיי — אַ פּאָר נייע פּנימער. איינע פון זיי — אַ יונגע מוטער מיט אַ יינגעלע פון אַ יאָר פינף, אַ בלייכס, מיט צוויי גרויסע שוואַרצע איבערגעשראָקענע אויגן.

„וואו איז זי שוין די, וואָס האָט מיך אין דער פרי גערופן?” האָב איך געטראַכט און גאָרניט געקענט צוקלערן. סיידן זי האָט ווירקלעך געשפּאַסט... און אפשר וועט זי זיך נאָך ווייזן? ווער ווייסט...

ווען עס איז געקומען די ריי פון דער יונגער מוטער, האָב איך זי גערופן. זי האָט געזאָגט:

— דאָקטער, איך וועל צוואוואַרטן. — איך האָב אַ ציטער געטאָן. דאָס איז זי, די „קליינע”. איר קולכל דין, אָבער זיכער, וואַרעם, מאַמעש, אַביסל אַנגעברוגזט, מיט אַ טענה צו מיר און צו דער גאַנצער וועלט. זי איז טאַקע ניט געווען גרויס, אָבער לויטן אויסזען אַ יאָר צוואַנציק און אפשר מער אַ יאָר. דאָס לענגלעכע פּנים ריין, קלאָר, מיט אַ מין טאָפּלטער שיין פון דרויסן און פון אינעווייניק. איך האָב זיך פאַרקוקט אין אירע גרויסע ברוינע אויגן. זיי האָבן אַ שמייכל געטאָן, און דאָס ערנסטע פּנים האָט זיך פאַרוואַנדלט, געוואָרן עלטער, פאַרשטענדיקער, אָבער דערפאַר טאָפּלט שענער, ביז כישוף. מיין האַרץ האָט אויפגעקלאַפּט. איך האָב זיך פאַרשעמט. איך האָב דערפילט, זי ווייסט פון איר צויבער־כוח.

בלויז אַן אויגנבליק האָט דאָס געדויערט. זי איז ווידער ערנסט געוואָרן. די ברוינע אויגן טונקל און טונקעלער, דאָס קליינע זאַפטיקע מיילכל פאַר־פּרעסט און איר קליינע האַנט אויפן געקרייזלטן קאָפּ פון איר יינגל. ווי ווי גליקלעך דאַרף זיין דער מענערשער קאָפּ, וועמען אָט די האַנט גלעט!

פונם אויפנאַמס־צימער איז זי אַריין צו מיר אין אָפיס און דאָס יינגל געלאָזט דאָרט. איך האָב דערוואַרט אַ געוויין, אַ פּראָטעסט. אָבער דאָרט איז געווען שטיל. זי האָט מיך פאַרשטאַנען און געזאָגט:

— ער איז געוואוינט צו זיין אַליין. ער איז אַלעמאָל אַליין.

— אויב ער איז דער פּאַציענט — האָב איך געזאָגט — וויל איך א י ם זען.

— עס איז ניט קיין פיזישע קראַנקייט — האָט זי געזאָגט.

מיין נייגעריקייט איז געשטיגן.

— איך וועל אייך מוזן דערציילן די גאַנצע מעשה. נאָכדעם וועט איר זען, וואָס איר קאָנט טאָן פאַר מיין יינגל.

ביי דער וואַנט איז געשטאַנען דער ווייכער דיוואַן, דאָס באַרימטע געלעגער פאַר די גייסטיק־קאָנסולטירטע. איר בליק האָט מאַשינאַל נאָכגעפאָלגט מיינעם. זי האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אירע שיינע אויגן און דאָס קליינע מויל האָט זיך קוים קוים געעפנט:

— ניין — האָט זי געזאָגט — דאָס וועט, גלויב איך, ניט זיין נויטיק. די שטול איז ווייך, קיל און באַקוועם. אייערע פענצטער זיינען אָפן און די ביימער שמעקן אַריין. עס איז גוט, עס איז רואיק. איך קאָן שוין אָנהייבן.

— איך בין ניט פון פ. גופא. פון לאָווערוויל בין איך, נו, איר ווייסט דאָך, אַז לאָווערוויל און פ. זיינען ווי איין שטאָט. אָבער אַפילו קיין סקול האָבן מיר דאָרט ניט. עס איז עפּעס יאָ אַ דאָרף, און ניט אַ דאָרף. אַהער פאַרקוקן מיר און אַהער ציען מיר זיך אין אונדזער בענקשאַפט. דאָוונען, זען אַ מואווי, זוכן מציאות אין די היגע קראָמען און שיקן אונדזערע קינדער לערנען. פ. איז אונדזער יום טוב. ווייסט איר ווי מיין טאַטע רופט לאָווערוויל? „ערב יום טוב", ווייל דאָ, ביי אייך, הייסט עס, דאַרף זיין דער אמתער יום טוב...

איר דערציילונג האָט זיך ניט געקייטלט. זי איז אַרומגעגאַנגען, אַרומ־געגאַנגען און צו דער הויפּטזאַך ניט צוגעקומען. דאָס איז שוין ביי מיר ניט געווען קיין נייס: די מערסטע חולאים האָבן גערעדט איבעריקע רייד, און איך האָב פון זייער גאַנצן קנויל באַדאַרפט אַרויספּלאָנטערן דאָס וויכטיקסטע. יענע האָבן גערעדט וועגן זיך. די יונגע מוטער האָט דאָך באַדאַרפט דער־ציילן וועגן איר זון. טאָ וואָס דערציילט זי מיר אַ מעשה? ווען זי איז אויף אַ ווילע שטיל געוואָרן, האָב איך איר דערמאָנט:

— זייט אַזוי גוט, מיסעס רובין, רעדט צו דער זאַך.

— רעדן צו דער זאַך, זאָגט איר? ווען אַלץ זאָל געווען גיין גלאַט און, ווי איר זאָגט, „צו דער זאַך", וואָלט איך דאָך דאָ היינט ביי אייך ניט געווען און מיין זון וואָלט געווען געזונט. אָט דאָס, דאָקטער, איז די צרה, וואָס איך האָב זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז איך האָב מורא, איך אַליין ווער קראַנק.

„אַ מענטש טאָר ניט צופיל שטעלן אויף זיך. איך האָב דאָס געטאָן און איך צאָל דעם פּרייז. אָט ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך שוין פינף און צוואַנציק יאָר אַלט. און געשטעלט אויף זיך האָב איך, ווען איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר. ווען איר זאָלט געווען אַ פרעג טאָן מיינע עלטערן, וואָלטן זיי זיכער געווען געזאָגט „ניין". אויך זיינע, דאַנס, טאַטע־מאַמע וואָלטן ניט געווען צוגעשטימט. וואָס דאַרפט איר מער? מיין באַשערטער אַליין האָט אין אַ געוויסן מאָמענט געזאָגט „ניין" און עס האָט אים נישט געהאָלפן. איך בין געווען די קלוגע און איך האָב אויסגעפירט... איך ווייס, איך רעד ניט קלאָר. אָבער איר וועט באַלד פאַרשטיין וואָס איך מיין. יאָ, איך האָב אויסגעפירט! — האָט זי אויסגערופן און פאַרשטייפט צוויי קליינע, האַרטע פויסטלעך. זי האָט זיי צוגעפרעסט צו אירע שלייפן און עס האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם.

איך האָב איר צוגעטראָגן אַ גלאָז וואַסער. זי האָט אַ טרונק געטאָן און האָט ווייטער דערציילט:

— מענטשן האָבן טענות צו דער מלחמה און אַ סך באַשולדיקן דעם קריג אין זייערע אומגליקן און אין דורכפאַלן. אין מיין פאַל איז עס ניט אַזוי. די מלחמה האָט אפשר אומדירעקט צו טאָן מיט מיין צרה, אָבער ווען דאָס וואָס איז מיט מיר געשען, זאָל געווען זיך האָבן פאַרלאָפן אין פרידנ־צייט, וואָלט איך געווען געהאַט די אייגענע צרות.

זי איז געזעסן אַקעגן מיר. איך האָב זיך איינגעקוקט אין איר שיין און איידל פנים און איך האָב ממש געזען די פאַרענדערונג אין דעם און די שטופנ־ווייזע פאַרוואַנדלונג פון כישופדיקער פרוילעכקייט אין מוטערלעכער באַזאָרגט־קייט. עס איז ניט אַזוי גרינג איבערצוגעבן דעם דאָזיקן איבערגאַנג, ווייל דער אויסדרוק אירער האָט זיך געביטן, ווי צוויי כוואַליעס האַלטן זיך אין

צונויפגיסן, קומען זיך צונויף — און צעגייען זיך ווידער. און יעדע באַזונדער מיט איר אייגענעם איבערגוס פון ליכט און שאָטן. וואָס ווייטער די דער־ציילונג האָט זיך אַנטוויקלט, האָב איך שוין מער אינגאַנצן ניט געזען די באַצווינגעריין פונם מאַן — נאָר אַ בייז פּנים מיט אָפענע, ניט־פינטלדיקע אויגן פון אַן אָפּגענאַרטער און צעבראָכענער פרוי. זי האָט אין געוויסע מאָמענטן אויסגעקוקט עלטער פון אירע יאָרן.

די טונקלקייט פונם פאַרנאַכטיקן צימער איז מיט איין מאָל דורכ־גענומען געוואָרן פון אַ שטאַרק ליכט. דאָס האָט די פאַרגייענדיקע זון, שוין ביים זוים פונם האָריזאָנט זיך געשטעלט פּונקט אַנטקעגן דעם מערבדיקן פענצטער, צווישן די קרומלעכע אָרעם־באַבלעטערטע צווייגן, אויפן בוים דערביי.

מיסעס רובין האָט אַ ציטער געטאָן און צוגעמאַכט די אויגן. איך בין צו צום פענצטער און אַראָפּגעצויגן די גאַרדין. דאָס שאַרפע ליכט האָט זיך געריסן דורך די שפּאַלטן פון דער גאַרדין אונטן און ביי די זייטן, ווי דריי פייערדיקע פּאַסן. איינער פון זיי האָט זיך געשפּילט אין די פּרעכטיקע קרוילן פון מיסעס רובינס קאָפּ.

— יאָ — האָט זי טיף אָפּגעזיפצט — די מלחמה, די שרעק, דאָס געזעגענען זיך מיט קינדער, ברידער, חתנים און געליבטע און די מורא, אַז דאָס איז ס׳לעצטע מאָל, וואָס מען זעט זיי... ווער קאָן דאָס פאַרגעסן? איך האָב אַלץ געזען, געהערט און געליטן וואָס ביי יענעם טוט זיך. מיך האָט עס ניט אָנגערירט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר און מיין דאַן איז געווען מיט מיר. אַוודאי האָט זיך דערנענטערט די צייט, ווען אויך איך וועל דאַרפן זאָגן „גוד באַי״ מיין ליבן בחור. אָבער דאָס וועט זיין ערשט אין אַ צוויי יאָר אַרום. און ביז דעמאָלט וועט שוין ווידער זיין שטיל אויף דער וועלט.

„אָבער דער קריג האָט זיך פאַרצויגן און די צייט פון אונדזער צע־שיידונג איז געקומען נענטער און נענטער. מיר האָבן אַלעמאָל געוואָלט בלייבן אַליין. אין יענער צייט, זיינען מיר אַוועק פון פּ. און פון לאָווערוויל און געוואַנדערט אין פעלד און אינם דערבייאיקן וועלדל. וואָס מער מיר האָבן זיך דערווייטערט פון מענטשן, טיפער איז געוואַקסן די שטילקייט אַרום אונדז און מיר האָט זיך ניט איין מאָל אויסגעדאַכט, אַז אויף דער גאָרער וועלט זיינען מיר, דאַן און איך, די איינציקע״.

וויפל מאָל האָב איך שוין אָט דעם אויסדרוק געהערט און וויפל מאָל האָב איך אים שוין אין די ביכער געלייענט. נאָר ווען מיסעס רובין האָט דאָס איצט אַרויסגעבראַכט, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז אויף איין מאָמענט האָב איך דערזען די גאַנצע וועלט אָן מענטשן, און נאָר צוויי, דאַן און זיין מיידל, שפּאַנען געאָרעמט צווישן די ביימער.

— ... אַ סך מאָל האָבן מיר זיך גענאַרט... אויך אַנדערע פאָרלעך האָבן זיך דאָ געפונען. מיר זיינען זיך צונויפגעקומען און — צעגאַנגען, יעדע פּאָר אין איר שטיל און פאַרבאָרגן ווינקעלע.

„איך האָב שוין דעמאָלט פּראָפעסיאָנעל געשפּילט פּיאַנאָ און איך האָב יעדן טאָג געמוזט שעהנלאַנג זיך איבן, אָבער איך האָב דאָס שפּילן פאַרנאַכ־לעסיקט און איך האָב אַפילו ניט געוואַרט, דאַן זאָל קומען צו מיר. איך בין געלאָפן צו אים. איך האָב זיך ניט געשעמט, ער איז געווען מיין בחור, ער וועט זיין מיין חתן און מיט דער צייט וועט ער ווערן מיין מאַן. איך בין שיין געווען אַזוי איינגעלעבט אין דאַנען, אַז מיט קיין אַנדערן האָב איך גאָרניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן.

איך פלעג עס אים זאָגן און דערביי אים באַאָבאַכטן. ער האָט צופרידן געשמייכלט און מיך שטאַרק געקושט. אין טאָן פלעגט ער מיר ענטפערן ווי אַ מין ווידער־קול: „אויך איך קאָן זיך ניט פאַרשטעלן מיט אַן אַנדערער, מיין זיס פאַרמערל!“ לידיאַ, מיין אמתן נאָמען, האָב איך זעלטן פון אים געהערט, נאָר „טשיקי“, „דאָוו“ און איבערהויפּט „פאַרמערל“. דאָס איז געווען די באַציאונג פון אייך, משטיינס געזאָגט, גרויסשטאָטישע, צו אונדז פון לאָווערוויל. אַוודאי האָט דאָס מיך פאַרדראָסן, ווען אַנדערע האָבן אויף מיר און אויף מייניקע געקוקט ווי אויף פאַרמערס, נאָר ווען דאָס וואָרט איז געקומען פון דאָנס מויל, האָט עס געהאַט אַלע זיבן חנען.

„און אַזוי איז זיך די צייט געגאַנגען און מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז זי וועט אונדז, מיך און דאָנען, פאַרבייגיין... די וועלט וועט זיך גיין איר וועג און מיר — מיט אונדזערן, אויף שמאָלע, געדרייטע סטעזשקעס, אין וועלדל, צווישן ביימער זומער און אין די ווינטערס — זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקעלע ערגעץ ביי מיינע עלטערן אין אַ צימער, אָדער זיך אַנפּרירן אין דער פאַרשנייטער גאַס. און אַזוי וועט זיך ציען לאַנג־לאַנג, ווער ווייסט ווי לאַנג, ווי גוט און ווי גוט!

„דאָנס באַציאונג צו מיר איז שטענדיק געווען קאָרעקט. בחורים זיינען אַגרעסיוו ביז פּרעכקייט. ניט אין מיידל איז, ווי מען זאָגט, אַריינגעפאַלן. איך וואָלט אייך געקאָנט אַ סך דערציילן, אָבער איך שטעל זיך פאָר, אַז איר ווייסט דאָס אַליין. וואָס איך קאָן ניט פאַרשטיין, איז דאָנס ניט וואַגן אַריבערטרעטן די גרענעץ. איך בין מיט אייך אָפן, דאָקטער. ניט איינמאָל האָב איך געטראַכט, אַז אפשר האָט מיך דאָן ניט גענוג ליב. אַריינפאַלן האָב כ׳ניט געוואָלט און איך האָב זיך זייער געשראָקן דערפאַר, אָבער געוואָלט האָב איך, אַז דאָן זאָל מיך בעטן, אַז ער זאָל ווערן צודרינגלעך, און איך זאָל זיך ווערן און דערביי אים געבן צו פאַרשטיין די פאָלגן פון דעם.

„דערצו איז אָבער ניט געקומען. איך האָב דאָנען פאַרענטפערט מיט זיין פרומקייט. ער האָט קינדווייז געלערנט אין אַ היברו סקול. דאָרט האָט מען אים אָנגעטאָן אַ יאַרמעלקע און אַפילו אַ טלית קטן האָט ער געטראָגן. פאַרן עסן פלעגט ער צוגיין צום האַנטעך, אויפהויבן די הענט ווי צום בענטשן און זאָגן אַ תפילה, וואָס הויבט זיך אָן מיט די צוויי ווערטער „שאו ידיכם“.

„ווען איך האָב זיך מיט אים באַפריינדעט, האָט ער שוין מער קיין יאַרמעלקע און קיין טלית קטן ניט געטראָגן און די אַלע תפילות אויפגעהערט צו זאָגן. אָבער ווען ער האָט מיר וועגן דעם אַלעמען דערציילט, פלעגט זיין קול קלינגען פאַרבענקט און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן, וועט אים זיין קינדהייט באַגלייטן און די ווירקונג פון זיין דערציאונג וועט זיך קיינמאָל ניט אויסוועפן.

„איך האָב דאָנען מקנא געווען און מיר האָט הנאה געטאָן, וואָס ער האָט וואָס צו געדענקען און מיטטראָגן, מיטנעמען מיט זיך אויף זיין לעבנס־וועג אַ טייערע מתנה פון דער קינדהייט, וואָס מיר איז ניט באַשערט געווען, צוליב מיין פרייער דערציאונג.

„איך האָב שטיל אין זיך געטראַכט, אַז באַלד נאָך מיין חתונה וועל איך מאַכן אייניקע איבערראַשונגען מיין מאַן: איך וועל האָבן פליישיקע און מילכיקע געשיר. און פרייטיק צו נאַכט, ווען דאָן וועט אַהיימקומען פון זיין באַשעפטיקונג, וועט ער טרעפן געבענטשטע ליכט אויף אַ שבתדיק געגרייטן טיש“.

— הערט — האָב איך זיך פאַר איר אַנטשולדיקט — אייער געשיכטע איז זייער אינטערעסאַנט, אָבער איר זייט דאָך ניט דער פּאַציענט און זעט...

די זון איז שוין געהאַט אינגאַנצן פאַרגאַנגען. אין די צווייגן פונם דערבייאיקן בוים האָבן די פייגל געשורפּעט און שלעפעריק געפּישטשעט, מאַכנדיק זיך זייערע געלעגערס. איך האָב אָנגעצונדן דאָס ליכט און געוואַרט. לידיאַ האָט פאַרגעזעצט:

— ...יאָ, מיין טייערער דאָקטער, איר האָט קיין צייט ניט און איך האָב קיין טענה ניט צו אייך. איר האָט געהערט וועגן דער שיינקייט פון מיין מאַנס פרומקייט. וועט איר מיר מוחל זיין און שוין אויסהערן ביזן סוף... וועט איר הערן שיינס...

„נאָר אַזוי ווי איך זע, אַז איר איילט זיך זייער, וועל איך עס מאַכן בקיצור. און טאַקע, צו וואָס דערציילן אייך וועגן מיין ליבע מיט דאַנען? דאָס וואָס איז מיר געווען טייער און הייליק, קאָן גאָר ביי אַ זייטיקן מענטשן אַרויסרופן ווידערווילן. און איך זאָג אייך: פּונקט ווי דאַנען וועט נאָכגיין זיין פרומע קינדהייט, אַזוי וועט מיך באַגלייטן מיין ליבע צו דאַנען, וואָס ער האָט צעשטערט איצט. אָבער דאָס וואָס ער האָט מיר געגעבן פריער, איז געבליבן גאַנץ. יענע גרויסע און ליכטיקע שיינקייט, וואָס ער האָט אין מיר פאַרפלאַנצט, איז אויפגעגאַנגען אין אַ פרעכטיקער בלום, וואָס וועט ניט פאַרוועלקט ווערן ביזן סוף פון מיינע טעג.

„ווען מען האָט דאַנען צוגענומען אין מיליטער, האָב איך דערוואַרט, אַז איצט וועט עס געשען און ער וועט וואַגן אַריבערטרעטן די גרענעץ. אָבער ער איז פאַרבליבן דער גוטער און ערנסטער בחור, וואָס וועט ניט אָנרירן זיין מיידל ביז די צייט וועט קומען.

„מען האָט אים געלערנט די מלאכה פון קריג דאָ, אין די שטאַטן. ער פלעגט קומען אַהיים אויף אורלויב. אַן אומעט האָט זיך פאַרקליבן אין די ווינקלען פון זיינע שיינע ברוינע אויגן. זיין שמייכל — דער שמייכל פון אַ געזונטן און אַ בראַוון יונג, איז אַוועק אַביסל אין דער קרום. ער האָט זיך געענדערט צום ערגערן, און דאָס האָט מיך געשראָקן. איך בין צוגעשטאַנען צו אים און אים קוים דערבעטן, ער זאָל זאָגן, וואָס איז געשען. ער האָט זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז מען שיקט אים גלייך אין קריג, קיין אייראָפּע. הערביי האָט ער געקוקט אויף מיר מיט פאַרוואורף, הלמאי איך האָב אים געבראַכט דערצו, וואָס ער האָט מיך באַדאַרפט מצער זיין.

„איך האָב זיך צעוויינט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין דערוואַקסן מיידלש לעבן, זיך צעוויינט אַזוי צעבראָכן און הילפלאָז, ווי אַ געשלאָגן קינד. אַ פּראָטעסט און אַ רעוואָלט האָט מיך אַזוי באַהערשט, אַז איך האָב אויסגערופן:

„— טו העל וויט אָל וואָרמאנגערס, די קילערס אָוו יומעניטי! (צום טייוול מיט די מלחמה־צינדער, מיט די מערדער פון דער מענטשהייט!)

„דאָן האָט אויף מיר געקוקט, ווי איך וואָלט געווען אַ קינד. זיין שוואַכער שמייכל האָט קוים באַלויכטן זיין טונקל צוגעברענט פּנים און ער האָט געזאָגט:

„— קיין קללות וועלן דאָ ניט העלפן און קיין שולדיקע דאַרף מען ניט זוכן. אפשר האָט גאָט אַזוי געוואָלט.

„—גאָט, גאָט...! — איך בין אונטערגעשפּרונגען ווי אַ געביסענע און אים געוואָלט דערלאַנגען אַ גאָב, אָבער ער האָט מיר פאַרמאַכט מיין בייז מויל מיט אַ הייסן קוש. באַלד נאָכדעם האָט ער צוגעטוליעט זיין הייס מויל צו מיין אויער און שטיל שטיל, קוים וואָס איך האָב געהערט, אַריינגעפּליס־טערט: „לאָמיר זיך פאַרקנסן".

„איך האָב זיך ווידער צעוויינט... וואָס איז מיר געווען יענעם אָוונט? איך האָב אינגאַנצן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך... מיר זיינען געזעסן אויפן גראָז אין וועלדל. עס האָט שוין געמוזט זיין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט. מיר האָבן שוין די אַנדערע פאַרלעך מער ניט געהערט. דאַן האָט גענומען מיין האַנט און איך האָב דערפילט, ווי ער טוט אָן אַ פינגערל אויף מיין פערטן פינגער.

— דאַן, דאַן! — האָב איך געפליסטערט היסטעריש — דאַן, וואָס טוסטו?

„ער האָט עפּעס גערעדט, און יעדער וואָרט זיינס איז אַרויסגעקומען ווי אַ קרעכץ פון טיפן ווייטיק. איין וואָרט בלויז איז פון זיין הייס פליסטערן מיר געווען קלאָר: „ליב", „ליב", „ליב"...

— איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן! — בין איך געוואָרן היסטעריש.

„וואָס ווייטער איז געווען, דאַרף איך אייך ניט דערציילן. געדאַרפט האָב איך זיך שרעקן, אָבער צערודערט איז ער געווען אַזוי, אַז איך האָב אים ניט געקענט באַרואיקן. ער האָט געקושט מיינע הענט, דאָ איינע און דאָ די אַנדערע און, ווי ער וואָלט געגעבן אַ הייליקע שבועה, האָט ער געזאָגט:

„— אויב דאָס וועט אַריבער גלאַט, וועלן מיר מוזן וואַרטן ביז דער חתונה. און דאָס קאָן דאָך ניט זיין איידער די מלחמה ענדיקט זיך. טאָמער אָבער... — ער האָט ניט געקענט אַרויסברענגען דאָס וואָס ער האָט געוואָלט און געמוזט זאָגן... ער האָט טאַקע ניט דערזאָגט. אָבער איך האָב אים פאַרשטאַנען. (ווייל וואָס איז דאָ געווען ניט צו פאַרשטיין?) — זאָג איך דיר, אַז פונם פראָנט וועל איך קומען צופליען און מיר וועלן חתונה האָבן.

„דאַן האָט די עטלעכע טעג פאַר זיין פאַרשיקט ווערן מעבר לים שיר ניט אויסגעמיטן מיין בליק, אַזוי שולדיק האָט ער זיך פאַר מיר געפילט. איך האָב אים געטרייסט, געלאַכט און אים פאַרזיכערט, אַז עס וועט דערפון גאָרניט אַרויסקומען. „אָבי — האָב איך אים געזאָגט — דו זאָלסט אין גיכן קומען צו מיר".

„— עס קאָן אַמאָל לאַנג געדויערן — האָט ער שטיל געמורמלט און געקוקט אין מיינע פאַרליבטע אויגן. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך וועל וואַרטן.

„ער איז אַוועק גלייך אין פייער. איך בין פאַרגאַנגען אין טראָגן. מיין צוזאָג האָב איך ניט געהאַלטן און אים ניט געשריבן. ווי האָב איך אים געקאָנט נאָך שווערער מאַכן? האָט ער דען ניט געהאַט גענוג איבערצוטראָגן? אָבער רואיק בין איך דאָך ניט געווען. בין איך אַוועק צום יונגן ראַביי און אים אַלץ דערציילט. פאַרוואָס האָב איך דאָס געטאָן? אפשר דערפאַר וואָס איך האָב געוואוסט, אַז דאַן וואָלט אין אַ נויט זיך אַוודאי געווענדעט צום ראַביי. דער רעליגיעזער פירער האָט מיך אויסגעהערט און מיר געזאָגט, אַז איך טו גוט, וואָס איך בין ניט מוחיע דאַנען וועגן מיין לאַגע. און די לאַגע איזווירקלעך געוואָרן ניט נאָר שווער, נאָר אויך פאַרפּלאָנטערט: איך האָב דאַנען בכלל אַ צייט ניט געשריבן. איך האָב אים אַפילו אויף צוויי בריוו ניט געענטפערט. שווער איז מיר געווען צו שווייגן, אָבער פאַרן אמת האָב איך מורא געהאַט. איך ווייס ניט, ווי ער האָט אויסגעטייטשט מיין שווייגן, אָבער איך אונדזער קאָרעספּאָדענץ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ רוגז און אַ פאַרדראָס.

„אוי! — האָט זיך לידיאַ אַ כאַפּ געטאָן — עס ווערט ווירקלעך שפּעט, און איך רעד און רעד... נו, וועל איך איבערהיפּן דעם קריג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צוויי יאָר, זינט מיין פאַרקנסן זיך צו דאַנען; איך וועל אויך

איבערהיפּן די אַלע בזיונות, וואָס איך און מײנע עלטערן זײנען אויסגעשטאַנען פון אײגענע, פון פרײנט, פון סתם רכילות־טרײַבער און, דער עיקר — פון דאַנס עלטערן. אָבער מײן האַלטן זיך שטאָלץ און אומאָפּהענגיק, האָט מיר געהאָלפן. מײן מוזיק־סטודיאָ איז געװען פול מיט סטודענטן. קינדער האָבן מיך ליב און זײ קלעפּן צו מיר. און זײ, די קלײנוואַרג, האָבן מיך געראַטעוועט.

„אין די זעלטענע בריוו פון דאַנען צו מיר האָט זיך אַרײנגעכאַפּט אַ נײער טאָן, אַ ניט־קלאָרער, מיט אַן אָנצוהערעניש, אַז ער האָט מיך ניט די ווערט און ער האָט מיר אַפילו געוואונטשן גליק...

„און דערווײל איז אַרנאָלד געקומען אויף דער וועלט. און זײן טאַטע איז געקומען פון קריג אַ געזונטער. האָט ער געוואוסט, אַז ער איז שוין אַ פאָטער פון אַ זון? אַוודאי ניט, ווײל ער האָט זיך ניט געוויזן צו אונדז. בײ טאַטע־מאַמע איז ער געזעסן און איך האָב פון זײן אָנקומען זיך צופעליק דערוואוסט.

„דער ערשטער אימפּולס בײ מיר איז געווען — טעלעפאָנירן דאַנען, אָבער איך האָב זיך באַהערשט און געוואַרט. עס האָט זיך מיר ניט געוואָלט גלויבן, דאָן זאָל אין מיר פאַרגעסן.

„און איך בין געווען גערעכט!...

„איך האָב געוואוסט, אַז שבת וועט ער גײן אין שול אַרײן דאַווענען און זיך לאָזן בענטשן פונעם רב. וואָלט איך געווען אַ היגע, וואָלט איך אים זיכער געווען שפּיאָנירט. אָבער גײ לויף פון לאָוועררוויל אַהער... מײנע עלטערן זײנען געווען אין זײער קראָם: שבת איז בײ זײ דער גרעסטער טאָג פון לײזן געלט. איך בין געווען אַלײן מיט דער בײבי.

„אַרום צווײ אַזײגער בײטאָג קלינגט דער טעלעפאָן. אָט ווי שטאַרק איך האָב ניט געהאָפט, אַז דאָן וועט זיך דערמאָנען אין מיר, האָב איך אין יענעם מאָמענט זיך ניט געריכט צו דערהערן דאָנס שטים.

„— לידיאַ! — האָט ער גערופן — לידיאַ! איז דאָס אמת וואָס דער רב האָט מיר געזאָגט?

„— און וואָס האָט דיר דער רב געזאָגט? — האָב איך איבער־געפרעגט. דער אָנגעזאַמלטער פאַרדראָס, די בענקשאַפט, דאָס אומזיסט אַרויס־קוקן אויף זײנע בריוו, האָט זיך אַ שפּאַר־צו געגעבן ערגעץ אין מיר און איך בין געווען גרײט אָנצופאַלן און אַטאַקירן, מיט אַ קוויטשיקל, וואָס איך האָב נאָך פון זיך קײנמאָל ניט געהערט, האָב איך ווײטער געפרעגט: — נו, און דײנע טאַטע־מאַמע האָבן דיר גאָרניט געזאָגט? און דײנע פרײנט האָבן געשוויגן?

„— סטאָפּ איט, סטאָפּ איט, לידיאַ! — האָט ער מיט אײן מאָל האַרציק אויסגערופן און איך האָב תיכף דערקענט מײן ליבן, פרומלעכן בחור, וואָס אַ וואָרט איז בײ אים אַ וואָרט. מײן שטײפקײט האָט נאָכגעלאָזן און איך האָב זיך הויך אויף אַ קול צעוויינט. פון מײן גרויס געוויין האָט זיך דאָס קינד אין וויגעלע אויפגעכאַפּט און זיך אויך צעוויינט. „פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געשריבן דעם אמת?" האָט דאָן ניט אָפּגעלאָזן. איך האָב אים ניט געקאָנט ענטפערן. „דו וויינסט? די בעיבי וויינט?" — האָט ער געפרעגט. „פאָר גאָדס סעיק!" — האָט ער אויסגערופן און דער טעלעפאָן איז שטיל געוואָרן.

„ער איז באַלד געווען בײ מיר.

„צו וואָס איך דערציילן אונדזער באַגעגעניש און אונדזער איבערבעטן זיך און די שטילע חתונה וואָס מיר האָבן געפּראַוועט? איך האָב געזען צו פאַרגעסן. איך האָב אים מוחל געווען. די מלחמה האָט דאָנען גאָרניט געענ־דערט, נאָר זײן שלאָף איז צײטנווײז געווען אומרואיק. ער האָט אַפילו אײניקע

מאָל געשריגן פון שלאָף און גערופן נאָך הילף. צו מיר איז ער געווען גוט און צאַרט, נאָר איך האָב באַמערקט, אַז ער קוקט ניט אויפן קינד און מיידט אויס דאָס זיסע יינגעלע. ווי האָט ער עס געקאָנט טאָן? און אַרנאָלד איז דאָך געווען ווי אַ קליין דאָנעלע. נאָך איצט אויך אַזוי.

זי האָט פון איר בייטל אַרויסגענומען אַ בילד, מיר עס געוויזן און אַריינגערופן דאָס קינד. איך האָב באַטראַכט אַרנאָלדס בלייך, איבערגעשראָקן פנים און עס פאַרגליכן מיטן בילד. די ענלעכקייט איז געווען שלאַגיק! „אַן אמתער זון", האָב איך געזאָגט.

— און אַן אמתער טאַטע — האָט זי מיר אין טאָן געענטפערט, אַריינגעלייגט דאָס בילד און באַלד אַרויסגענומען נאָך איינס.

— ווער איז דאָס? — האָב איך געפרעגט, קוקנדיק אויף דער פאָטאָגראַפיע פון אַ צוויי־יעריק יינגעלע מיט אַ רונד לאַכנדיק פנים, גראָאָטן אין אַרנאָלדן.

— דאָס איז ליאָ, דער יינגערער זון. דאָס איז דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן שוין נאָך דער חופה. און פונקט ווי דאָן האָסט אַרנאָלדן, אַזוי ליב האָט ער דעם קליינינקן.

„אַ שאָד, דאָקטער, אייער טייערע צייט, און דערפאַר ענדיק איך מיין ניט־פריילעכע געשיכטע. עס האָט מיר אָנגעהויבן ווערן ערגער און ערגער. וואָס עלטער אַרנאָלד ווערט, מער האָסט אים דער פאָטער. איך בין אַלעמאָל געווען אַ שטאָלצע און האָב פיינט הילף אין נויט, אָבער דאָס מאָל האָב איך עס געטאָן און איך בין ווידער אַוועק צום ראַביי. ער האָט מיך אויסגעהערט און מיר געזאָגט דעם אמת: דאָן קאָן ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, וואָס אַרנאָלד איז געבוירן געוואָרן אָן חופה וקידושין.

„אָבער, רבי! — האָב איך אויסגערופן — איר האָט דאָך אונדז געשטעלט אַ חופה!

„יאָ — האָט דער ראַביי געשטאַמלט — אָבער דאָס איז געווען נאָכדעם...

„ — וואָס איז אייער פערזענלעכע מיינונג? — האָב איך מיט פאַרדראָס געפרעגט.

„ — דאָ, מיסעס רובין, גייט ניט אין אַ מיינונג. עס איז די ווירקונג פון דורות. רעליגיע איז ניט קיין שפּילעכל. וואָס איך האָב שוין ניט צערעדט מיט אייער מאַן און וויפל איך האָב אים שוין ניט אויפגעקלערט דאָס גליק וואָס האָט אים געטראָפן. עס העלפט ניט. איך האָב אים אַפילו געזאָגט, אַז אין דעם זכות פון זיין ערשט קינד איז ער געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום און אַפילו — פון אַ וואונד, אָדער פון אייביקער פאַרקריפּלונג. איך האָב זייער געוואָלט ווירקן אויף אייער מאַן, אָבער צום באַדויערן, מיסעס רובין! ווייסט איר, איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל אייך הייסן אים גטן. „אָ, זאָגט ער, דאָס ניט! זיי זיינען מיין פאַמיליע און איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי".

„און אַזוי, דאָקטער, ציט עס זיך. קיין גט גיט ער מיר ניט. שוין אַפילו געגאַנגען אין געריכט. האָט אים דער ריכטער שטרענג פאַרבאָטן ניט אָנצורירן דאָס קינד...

— וואָס מיינט איר „אָנרירן"? — האָב איך זיך פאַרחידושט.

— ניט נאָר אָנרירן, נאָר טאַקע שלאָגן... שלאָגט ער אים מער ניט, אָבער ער האָסט אים. און וואָס וועט זיין דער סוף דערפון, דאָקטער, ווייס איך ניט. קיין גוטס וועט דערפון ניט אַרויסקומען. וואָס טראַכט איר וועגן מיין לאַגע, דאָקטער?

— וואָס זאָל איך טראַכטן ? איך ווייס ניט, צי קאָן איך אייך געבן אַ בעסערן ענטפער ווי דער רב האָט דאָס געטאָן.

— אָבער ער מאַכט אונדז דאָךביידן קראַנק ! — האָט לידיאַ אויסגעשריגן.

איך בין געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. איך האָב געבעטן די מוטער אַריינרופן דאָס קינד. זי האָט דאָס געטאָן. איך האָב באַטראַכט אַרגאָלדן און איך האָב איינגעזען, אַז דער אמתער פּאַציענט איז ווירקלעך ער און אַז ניט נאָר פאַר זיין פאָטער און פאַר זיין מוטער האָב איך ניט קיין תרופה, נאָר אויך — פאַר אָט דעם אומשולדיקן קינד, וואָס קומט אָפּ פאַר דער „שולד" פון זיין מוטער...

# די גלויביקע

צווישן די קליינע צווישטאָקיקע הייזער אויף גרענד סטריט אין דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ שטאָט, קאָלרידזש שטייט דער דרייגאָרנדיקער לייסעאום. די אָרגאַניזאַציע וואָס האַלט אויס דעם לייסעאום, האָט נאָך פאַריאָרן געפּראַוועט אַ גרויסן יום טוב ביים פאַרברענען דעם לעצטן „מאָרטגעידזש״. די מערסטע צימערן פונעם לייסעאום ווערן פאַרדונגען צו יידישע אָרגאַניזאַציעס אויף אָפּצוהאַלטן פאַרזאַמלונגען. נאָר איין צימער בלייבט קיינמאָל ניט פאַרדונגען. דאָס איז די יידישע נאָכמיטאָג שול, מיט בענקלעך פאַר תלמידים, אַ שווערער שרייבטיש פאַרן לערער, אַ גרויסע שוואַרצע ברעט צו שרייבן אויף איר מיט קרייד, אַ שראַנק מיט יידישע ביכער און בילדער פון ידישע שרייבער.

דער לערער הייסט מרדכי גאָלוב. ער איז שוין אַ קאָלרידזשער עטלעכע יאָר, אָבער ער ווייסט קיינמאָל ניט, צי וועט ער דאָ פאַרבלייבן אויף איבעראַיאָר... גאָלוב האָט ליב זיין אַרבעט און ער בלייבט אין שול־צימער אפילו ווען דער לעצטער קלאַס איז זיך שוין צעגאַנגען. גאָלוב נעמט אַ בוך אין האַנט. די ביכער שטייען אין דעם גרויסן שראַנק מיט די גלעזערנע טירן. דאָ איז פאַראַן דאָס בעסטע פון דער יידישער ליטעראַטור; דאָ הענגען אויך בילדער פון איניקע מחברים, ווי מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, אברהם רייזען, ה. ליוויק און מאָריס ראָזנפעלד. די ביכער שטייען שוין אין שראַנק יאָרנלאַנג, און קיינער נעמט זיי ניט אין האַנט. עס זאַמלט זיך שטויב אויף זיי. אויך די בילדער פון די שרייבער זענען פאַרשטויבט. די גרויסע שרייבער קוקן אַרונטער צו מרדכין, און ער פאַרקוקט צו זיי, און כאָטש ער איז ניט קיין שרייבער, פילט ער אַ קרובהשאַפט צו זיי. עס דאַכט זיך אים, אַז די שרייבער־בליקן בעטן זיך ביי אים: „נעם כאָטש דו אונדזערע ביכער אין האַנט״. און ער טוט זיי צוליב... ער לייענט אין דער אָונטיקער שטילקייט פונעם ליידיקן לייסעאום.

גאָלוב פאַרענטפערט זיינע פאַרוואַלטער: זיי ווערן עלטער, שוואַכער און זיי קענען זיך מער ניט קאָנצענטרירן. זיי האַלטן אויף די אָרגאַניזאַציע, זיי האַלטן אויס די שול. צוליב זיי און זייער געטריישאַפט נעמט אויף זיך דער לערער אויך די פליכטן פון אַ שול־פאַרוואַלטער.

די שטילקייט אַרום איז געוואַקסן און אָנגעוואַקסן. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס בוך און געטראַכט פון מערין, די סקול־לערערין, וואָס וואוינט מיט אים אויף איין בלאָק און ער באַגעגנט זי אָפט. ער איז שוין וויט אַריבער די פערציק. אויך זי זעט אויס ניט יונג. ער האָט זיך איינמאָל גוט איינגעקוקט אין איר און אים האָט זיך געדאַכט, אַז איר הויכער שטערן וואַקסט און אַ קניפּל קנייטשעלעך האָט זיך באַוויזן ביי איר צווישן דער גאָמבע און דער אונטערשטער ליפּ.

ער האָט זיך דערשראָקן. ווען ער איז אַריין צו זיך אין צימער, האָט ער גוט באַטראַכט זיין לענגלעך פּנים. קיין אויסערלעכע פלעקן האָט עס ניט פאַר־מאָגט, אָבער אינעם פאַרלוירענעם בליק פון די שטילע ליכטיק־ברוינע אויגן

אין דער קוים קוים קרומלעכער פֿאָרמע פֿון די דינע ליפּן און אין די אַקסלען, איינער עטוואָס העכער איבערן אַנדערן, — האָט ער דערזען, אַז אים פֿעלט עפּעס, וואָס זאָל אָט די אַלע קרומקייטן אויסגלייכן און אויסגלעטן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אויך ביי מערין איז דאָס ניט שיינע קניפּל ביי דער גאָמבע ניט דער איינציקער סימן פֿון עלטער און היימלאָזיקייט. און ער האָט אויך געטראַכט פֿונעם דעמב, וואָס וואַקסט ביים טראָטואַר לעבן דעם לייסעאום. דער בוים איז אַ גאַנצן פֿאַרגאַנגענעם זומער געשטאַנען אַן אַן איינציקן בלאַט. די האַרטע קאָרע, אַרונטערצו, ביים שטאַם, איז געווען צעשפּרונגען און עס האָט זיך אַרויסגעזען אַ שוואַרצלעכער שטאַם.

ער וועט באַלד גיין אַהיים. אויפֿן וועג אַהין וועט ער פֿאַרקוקן אין מעריס צימער. אויב עס וועט זיך דאָרט לויכטן, וועט ער זי זען זיצן אויפֿן שטול ביים ווייכן ליכט פֿונעם שטייענדיקן לאָמפּ, מיט איר היפּשער נאָז אַראָפּגעהאָנגען.

היינט, האָט גאָלוב אָפּגעמאַכט, וועט ער ברעכן זיין שעמעוודיקייט און אַנקלינגען דאָס טירגלעקל. אַזוי פֿיל מאָל האָט ער שוין דערפֿון געקלערט! מער ניט! ער וועט אַריינגיין. זי וועט זיך שעמען און ניט וועלן ווייזן איר פּריד. אָבער ער וועט דערקענען. ער וועט פֿון איר גאַרניט באַהאַלטן. נאָך אַלעמען איז ער שוין ניט קיין יינגעלע... ער וועט איר עפּעס זאָגן, גוטס וועט ער איר זאָגן און ער וועט דערמאָנען דעם דעמב אַן בלעטער... ניט פֿון ביכער וועט ער רעדן, נאָר פֿון דעם לעבן, פֿונעם לעבן אַליין. ער וועט איר דערציילן פֿון זיין קינדהייט, פֿון זיין משפּחה, וואָס האָלט אים פֿאַר אַ בטלן. זי וועט אים אָפּשאַצן, זי וועט אים פֿאַרשטיין...

זי וועט שעמעוודיק שמייכלען. זי וועט אים אָנבאָטן אַ גלאָז טיי מיט צוביס. זי וועט גיין אין קיך אַריין און זיך דאָרט לאַנג פֿאַרזאַמען... און ער וועט דאָ זיצן און דערוויל אַריינקוקן אין ראָבערט פֿראָסט, אָדער וואָלט וויטמאַן, צי גאָר בלעטערן טאָמאַס וואולפֿס פּראָזע... און אפֿשר איז אויך דאָ ביי איר אַ סימן פֿון יידישקייט? אויב ניט אַ ביכל צום לייענען, איז אפֿשר אַ סידור, אַ חומש? זי האָט דאָך אַזאַ שיינעם און איידעלען יידישלעכן אויסזען!... ניין, דאָס איז אוממעגלעך. ער האָט מיט איר גערעדט אייניקע ווערטער ביים טישל אין דער קאַפֿעטעריע. זי פֿאַרשטייט קוים אַ וואָרט יידיש... יידישע ימים טובים פֿאַרציט זי אַזוי קאָמיש... באַרמיצווי, יאָנקיפּי, ראָשעשאָני... ער וועט זי אויסלערנען...

ער האָט צונויפֿגעלייגט די עטלעכע העפֿטן, אָפּגעראָמט דעם שרייבטיש און זיך געלאָזט גיין נעמען דעם מאַנטל. דאָ האָט ער דערהערט טריט. קיין מיטינג איז היינט זיכער ניט געווען. אפֿשר אַ שליח פֿון ניו יאָרק? אפֿשר אַ שרייבער? זיי האָבן זיך דאָ זייער זעלטן געוויזן, אָבער עס האָט גראָד היינט געקאָנט געשען. עס וואָלט אים געשטערט דעם געפּלאַנטן וויזיט צו מערין, אָבער עס וואָלט אַביסל אויפֿגעלעבט די מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע. מע וואָלט באַלד גערופֿן אַ מיטינג און גענומען ווערטער... גאָלוב וואָלט שוין געהאַט וועגן וואָס צו שרייבן אין זיינע נאָטיצן אין דער פּרעסע. אַזוי איז אומעטיק און אָפּט אויך שרעקלעך, מחמת לעצטנס זיינען זיינע נאָטיצן וועגן געשטאָרבענע...

די טיר צום קאָרידאָר איז געווען אָפֿן, און אין דער עפֿענונג האָט זיך באַוויזן אַ הויכער מאַן אין אַ שווערן צעשפּיליעטן מאַנטל, די הוט אויף זיין

היפשן קאָפּ צעקנייטשט און אַן אויסגעלאָשענער ציגאַר איןברייטן מויל. דער ציגאַר איז ניט געווען איינגעביסן פון די ציין, נאָר ער האָט געשטעקט אינעם לינקען ווינקל אַזוי אַז איין באַק האָט אויסגעזען עטוואָס גרעסער פון דער אַנדערער און דער אויסגעלאָשענער דרויסנדיקער שפּיץ, אַרויפצו, האָט אויסגעזען ווי אַ קלייניקע, נאָר־וואָס אויסגעשאָסענע קאַנאָן.

— קען איי סי יו, ראַבי? — האָט דער גאַסט ניט זיכער געפרעגט. גאָלוב איז שוין געווען געוואוינט, אַז אַמעריקאַנער יידן זאָלן אים טיטולירן „ראַביי" און ער האָט געענטפערט, אַז יאָ, מע קאָן אים זען...

— ...זען און הערן האָט ער צוגעגעבן מיט אַ געלעכטערל און זיך דערביי איינגעקוקט אין דעם פּנים פון דער אַריינגעקומענעם. גאָלוב איז אַזוי געווען אַריינגעטאָן אינעם ענין פון היראַט, אַז ווען ער האָט באַגעגנט, האָט ער געפּרואווט טרעפן, צי האָבן זיי ניט אויף זיך די סימנים, וואָס מערי און ער...

יאָ... דער גאַסט, וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי מיסטער דזשאָ קעשיר, האָט לויט אַלע סימנים אויסגעזען אַן אַלטער בחור. ער איז ניט געווען שעמעוודיק און צופיל באַרעדעוודיק... און פון זיינע רייד, וואָס ער האָט געוואָלט צוימען און ניט געקאָנט, האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז גאָלוב איז געווען גערעכט אין זיין אָפּשאַצונג...

„זיכער האָט ער אויך אין מיר דערזען דאָס וואָס איך האָב דערשנאָפּט אין אים" — האָט גאָלוב געטראַכט, אָבער יענער האָט דערביי אַזוי „געמאָלן", אַז טראַכטן איז געווען שווער... און אַלע רייד זיינען געווען וועגן איין ענין. יידישקייט. כאָטש ער רעדט ניט קיין יידיש, פאַרשטייט ער, און כאָטש ער קאָן ניט דאַווענען, גייט ער אין שול... און „טשאַריטי" גיט ער... נאָר איינס פעלט אים איצט: קאָנען אַביסל דזשואיש... איך מיין ניט היברו, פליין דזשואיש, יו נאָו: מאַמע־לשון!... האָ! עבאַאוט גיווינג מי ע' לעסאָן, הע? (געבן מיר אַ לעקציע).

און ער האָט זיך אַזוי האַרציק צעלאַכט, אַז ער איז געצוואונגען געווען אַרויסצונעמען דעם ציגאַר פון זיין מויל.

— לערנען איז קיינמאָל ניט שפּעט — האָט גאָלוב לערערמעטיק גע־ענטפערט.

— צו שפּעט פאַר מיר! — האָט דזשאָ אויף יידיש אויסגערופן. — צו אַלט!

— צוליב לערנען זיך יידיש זענט איר, הייסט עס, געקומען?

— ניין, ניין... ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, האָב איך דאָ קיינעם ניט, נאָר גאָט האָט מיר געהאָלפן און איך האָב נאָך אַ מאַמע. געווען זיכער, אַז די דזשערים, די נאַציס האָבן זי אומגעבראַכט... איך האָב שוין געוואָלט זאָגן קדיש נאָך איר, האָט דער ראַביי הוירמען געזאָגט: נאָ. מע דאַרף האָבן... איך פאַרגעסט ווי ער געזאָגט... עס איז אַ גוטע זאַך, אָבער, עקסיוז מי... זייער אַ קאָמיש וואָרט.

— בטחון!? — האָט אים גאָלוב אַרויסגעהאָלפן.

— דאַט'ס איט! דאַט'ס איט!!! — האָט דזשאָ זיך דערפרייט — ביטאָכי, דאַט מינז האָופּ, באַט ביי גאָלי, איטס סאָפאָני! (עס מיינט האָפענונג, אָבער — אַזוי קאָמיש).

— ...ווערל, — האָט דזשאָ פאַרגעזעצט — איז מיר געקומען דער בריוו, ליגט עס שוין ביי מיר עטלעכע טעג... אויפן אַדרעס צוריק זע איך אַז עס איז פון מיין מאַמי, אָבער אינעווייניק בין איך... און ער האָט האָפנונגלאָז אַ פייף געטאָן — בלינד ווי אַ שטעקן... איך קוק און קוק און זע גאָרניט... טראַכט איך מיר: איך בין דאָך עפּעס אַ שאַכי (שכן) אייערער. וועל איך אייך בעטן מיר איבערלייענען דעם בריוו... גוט?

גאָלוב האָט אַרויסגענומען דאָס געדיכט־באַשריבענע בויגעלע פּאַפּיר פונעם ביליקן בלויען קאָנווערט און געלייענט:

„צו מיין טייערן און פיל געאַכפּערטן זון, יאשע אברהם, זאָל זיין געזונט, אמן סלה. דער, וועמעס נאָמען איך האָב ניט די ווערט צו דערמאָנען, האָט אויף מיר געהאַט אַן אויג און מיך ניט געלאָזט אומברייינגען. אַזוי איז געווען זיין הייליקער רצון. ליבער וואָלט מיר געווען שטאַרבן און ניט דאַרפן צוזען, וואָס מיינע זינדיקע אויגן האָבן צוגעזען, ווי מען האָט אומגעבראַכט... דאָ איז געגאַנגען אַ לאַנג צעטל מיט נעמען פון אַ סך אומגעבראַכטע קרובים... פאַר־וואָס זיי איז געקומען אַזאַ טויט און פאַרוואָס איך האָב דאָס איבערגעמיטן, קאָן איך ניט, קיין מענטש קאָן ניט פאַרשטיין און באַנעמען... וואָס ווייסט דען אַ זינדיקער מענטש? אָט האָב איך געוויינט און געקלאָגט, ווען דו האָסט אונדז איבערגעלאָזן און אַוועק מעבר לים... און אַצינדערט — מיין ליבער זון, קאָן גאָט רחמנות האָבן און מיין בריוו זאָל דיך געפינען און טרעפן אַ געזונטן און אַ שטאַרקן, מיט אַ ווייב און מיט קינדערלעך, ווי גאָט האָט געבאָטן. און אויב דיין ווייב וועט האָבן אַ יינגל, זאָלט איר אים אַ נאָמען געבן נאָך דיין טאַטן, עליו השלום, וואָס איז נעבעך אומגעקומען על קידוש השם, און אויב דיין ווייב וועט דיר געבוירן אַ טאָכטער, זאָלט איר איר אַ נאָמען געבן נאָך מיין יינגסט אייניקל רחל לאה, וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם, ווען זי איז נאָך קיין צוויי וואָכן ניט אַלט געווען!... און זאָלסט מיין בריוו געבן לייענען אַ גוטן יידן, וואָס קען יידיש, ווייל איך געדענק, אַז דו האָסט ניט געוואָלט לערנען און דו האָסט אַוודאי שוין פאַרגעסן יידיש. און זאָלסט למען השם מיר תיכף ענטפערן".

גאָלוב האָט געענדיקט לייענען. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן גאַסט. ער האָט אויסגעזען אינגאַנצן פאַרענדערט, דאָס צוגעברענטע פּנים אומגעוויינלעך בלייך, די אויגן פאַרלאָפן פון טרערן און דער פאַרלאָשענער סיגאַר אין ווינקל פון זיין מויל טיף פאַרשטעקט, שטרעקנדיק זיך אַרויף, ווי אַ פּראָטעסט צו דער וועלט פאַר דער אכזריות, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן זיין משפחה און קעגן אַלע יידן...

דזשאָ האָט געזוכט און קוים געפונען זיין נאָזטיכל. ער האָט אַזוי שטאַרק געשנייצט די היפּשע נאָז, אַז עס האָט אָפּגעהילכט אין אַלע יידיקע צימערן פונעם פינצטערן לייסעאום.

גאָלוב האָט היינט געוואָלט דורכפירן זיין פּלאַן, אָבער דזשאָ האָט געשטערט. ער איז געזעסן, אַ גרויסער, אַ שווערער און מער ניט גערעדט. ער האָט גענומען דער מאַמעס בריוו אין זיין האַנט און געקוקט און געקוקט... ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— מיין מאַמי ניט ווייסט, אַז איך בין אַ נאַרישער זון... זי שיקט גרוסן

מיך וויב, מיינע קינדער... און איך האָב קיינעם ניט, קיינעם ניט. אַ דריי גודס סטאָר האָב איך דאַט׳ס אָל, דאַט׳ס אָל, סער! און איך גיי דורך דער גאַס יעדן פאַרנאַכט צום רעסטאָראַן עסן סאַפּער. איר ווייסט וואו. איך האָב אייך געזען דאָרט. ווערל, סער... דאָרט קומט אויך אַריין אַ מיידל... איך האָב אייך געזען מיט איר אַ פּאָר מאָל ביים טישל... איצט בין איך דורכגעגאַנגען. איך האָב ניט געוואוסט, אַז זי וואוינט דאָ, אויף דעם בלאָק. איך האָב זי געזען אין פענצטער... זי זעט אויס, ווי איינע אַליין אויף דער גאַנצער וועלט. איך האָב געמיינט, איך וועל שוין קיינמאָל ניט חתונה האָבן, אָבער נאָך דער מאַמעס בריוו, — ווי קען איך, ווי קען איך, הא? איך פרעג אייך! — זיין קול איז געווען בייז און הייזעריקלעך. — איז, ראַביי, וויל איך אייך פרעגן: (איר קענט דאָך זי) וואָס דיינקט איר וועגן דער מיידל?

— איך... איך — גאָלוב האָט געשטאַמלט — איך דענק, ביין, איך בין זיכער, אַז זי איז זייער אַ פיינע. אַ גוטע יידישע טאָכטער, אַ לערערין אין אַ פּאַבליק סקול, אַ שיינע און אַן איידעלע.

— איי נאָוו — האָט דזשאָ געזאָגט — אפשר וועט דער ראַביי לאָכן פון מיר, באַט נאָך מאַמיס בריוו, בין איך מער ניט מאַדערן... האַו עבאַאוט אינטראָדיוסן מיך צו דער מיידל... איך מיין ניט אומזיסט. בי מיי שוחט!

— אייער וואָס?!! — האָט דער צעמישטער און פאַרלוירענער גאָלוב זיך מער ניט געקענט באַהערשן און זיך צעלאַכט. איז ער דאָך צום אַלעם ערשטן געווען אַ לערער. ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח, דערשטיקט דאָס געלעכטער אין זיך און קאָרעגירט דעם אונווויסנדיקן גאַסט.

באַלד זיינען זיי ביידע געווען אויף דער פאַרשנייטער גאַס. גאָלוב האָט זיך אויסגעדרייט פון אַ דירעקטן ענטפער.

ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צו מעריס באַלויכטענעם צימער, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און ביידע געקוקט, ווי זי זיצט אין איר טיפער שטול, ווי זי וואָלט געשלאָפן מיט אָפענע אויגן און איר היפּשע נאָז איז ווי געהאָנגען אַרונטערצו.

## קאַפּיטל צוויי

די צוויי מענער זיינען געשטאַנען און געוואַרט. זיי האָבן פאַרנומען אַ שטיק פון דעם טראָטואַר, און דורכגייער האָבן זיי געמוזט אויסמיידן. דורכגע־לאָפענע קאַרס האָבן זיי אָפּגעגאָסן מיט אַ העלן שטראָם ליכט און מיט אַ קאַלטער ווינט כוואַליע.

— ווערל? — האָט דזשאָ אַ זאָג געטאָן.

— „ווערל" וואָס? — האָט מרדכי איבערגעפרעגט.

— וואָס דו זאָגסט, ראַבי? דו עפּעס טאָן?

— איך עפּעס טאָן — האָט שוין אויך דער לערער אין אַ שלעכטן יידיש געענטפערט יענעם אין טאָן.

זיי האָבן זיך געזעגנט און יעדערער איז אַוועק זיין וועג.

מרדכי האָט געהאַט געפּלאַנעוועט וואָגן דאָס געוואַגסטע אין זיין לעבן: אַריין צו מערין און זי איינלאַדן אויף וועטשערע. אָבער איצט האָט ער מער ניט געוואָגט. ער איז אַליין אַוועק אין דער קאַפעטעריע, איז אַריין אין דער טעלעפאָן־

בודע אויף צו טעלעפאָנירן מערין. אָבער דאָ האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זי וואוינט דאָך ביי יענעם. האָט זי דאָך אוודאי ניט קיין אייגענעם טעלעפאָן.

ער איז אַרויס פון דער בודקע, זיך געזעצט ביים טישל און געוואַרט. אויף וואָס האָט ער געוואַרט ?... עס האָט זיך אים געהאַפּט, אַז זי קען אַריינקומען. ער האָט זיך פאַרגליכן צו דזשאָ'ן. עס זאָל קומען צום אויסוואַל, וועט זי זיכער נעמען יענעם : פאַרט אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט עפּעס. וואָס האָט ער ? תּורה אַליין איז ניט גענוג אויף אַ שידוך צו טאָן. וואָס פאַר אַ לעבן קאָן זי האָבן ביי אים ? ער האָט זיך פאַרגעשטעלט די סענסאַציע, וואָס זיין חתונה וואָלט אָנגעמאַכט ביי זיינע פאַרוואַלטער. זיי וואָלטן זיך אפשר גאָר דערשראָקן און אים אָפּגעזאָגט פון דער לערער־שטעלע ?... אָבער דאָס וואָס דזשאָ האָט זי געוואָלט, האָט אים איצט געטריבן צו מאַכן דעם אַנטגילטיקן שריט.

ער האָט אויף גיך אָפּגעגעסן און אַוועק צוריק.

ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו מעריס צימער, האָט ער נאָך פון וויטן דערזען דאָס גרויסע, לאַנגע שמאָלע פענצטער באַלויכטן מיט יענעם געל־רויטלעכן ליכט, וואָס איז ניט ווי אַ ליכט, נאָר ווי אַ מדרגה פון איבערגיין פון ליכט צו פינצטערניש. אַזוי הויבט זיך אָן לעשן אַ גליענדיקע קויל, איידער זי ווערט שוואַרץ. ער האָט פאַרגיכערט זיינע טריט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז ביז ער וועט צוקומען, וועט מערי אויסלעשן דעם לאָמפּ.

אָט אָט, און ער איז שוין געשטאַנען ביים פענצטער, אַזוי, אַביסל אָן אַ זייט, אַז זי זאָל אים ניט באַמערקן... ער האָט זי געזוכט. ער האָט עגזוכט איר לענגלעך פּנים מיט די אָפענע אויגן און די היפּשע נאָז אַרונטערצו, ווי אַ סימבאָל פון זיין אַליין... אָבער זי איז ניט געווען. דער גרויסער טיפער שטול איז געשטאַנען ליידיק. אַ געאַרעמט פּאָרל איז דורכגעגאַנגען. זי האָט אים אונפאַרשעמט געקושט אין מיטן גאַס. זי האָט מרדכין אַ ברי געטאָן מיט צוויי גרויסע לאַכנדיקע אויגן און זיך איינגעטוליעט אינעם יונגערמאַן. יענער האָט איר עפּעס געפּליסטערט אויפן קליינעם ראָזעווע אויערל און זי האָט הויך געלאַכט.

מרדכי האָט אַ גיי געטאָן צו דער רויטער, אָנגעשפּאַלטענער טיר, וואָס ער האָט שוין אַזוי גוט געקענט און אָנגעדריקט דאָס גלעקל.

קיינער האָט ניט געענטפערט. דאָס פאַרליבטע פּאָרל האָט זיך דערווייטערט און אין דער טונקלקייט פונעם אַוונט האָבן די אויסגעזען ווי איין מענטש, וואָס באַוועגט זיך אין אַ ניט־גלייכער ליניע, ווי שיכורלעך.

מרדכי האָט געוואַרט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט אַ ראַדיאָ שפּילן אַזוי ניט קלאָר, אַז ער האָט די מעלאָדיע ניט געקענט באַנעמען. איז דאָס געווען דאָ, אין די צימערן, צי ערגעץ אַנדערש ? צי אפשר האָט זיך דאָס אים בלויז אויסגעדאַכט ? אַזעלכע אונבאַשטימטע קלאַנגען זיינען אים אַמאָל געקומען אין חלום, אָדער ווען ער האָט געהאַלטן אין אויפכאַפּן זיך פונעם שלאָף.

ער האָט שוין געוואָלט אַרונטער די פיר טרעפּ, צום טראָטואַר, ווי ער האָט דערהערט טריט. די מוזיק־קלאַנגען האָבן מיט איין מאָל אויפגעהערט און ער האָט דערהערט דאָס אָפּטע יאָגן פון זיין האַרץ, ווי עס וואָלט זיך געשפּאַרט אַרויסצו, צום שלונג. אַ געמישט געפיל האָט אים באַפאַלן, אַ געפיל פון שרעק און שעמעוודיקייט. און ער אַליין איז געשטאַנען, ווי אַ דריטער

דערביי און זיך געמוסרט, זיך געשעמט מיט זיין שרעקעוודיקייט און זיך געשראָקן פאַר דער שעמעוודיקייט, זיך געוואָלט אויפהויבן איבער דעם, און ניט געקענט.

— הו'ז דער? (ווער איז דאָרט) — האָט ער דערהערט אַ פרויען־שטים און אים איז געווען שווער צו ענטפערן...

— ראַביי... — האָט ער אָנגעהויבן פּלאָנטערן מיט דער צונג און קוים אַרויסגערעדט זיין פאַמיליע־נאָמען.

די טיר האָט זיך געעפנט. אין דער עפענונג איז געשטאַנען מיסעס בענסאָן, מערי'ס באַלעבאָסטע. ער האָט זי גוט געקענט, אָבער זי האָט אים באַטראַכט מיט אַזאַ איבעראַשונג, ווי ער וואָלט אַהער אַראָפּגעפאַלן פון אַן אַנדער פּלאַנעט... די קנייטשן אויף איר בלייך פּנים האָבן זיך מיט איין מאָל אָנגעפילט מיט חוזק־שמייכלעך און דאָס ליכט פונעם לעמפּל איבער איר גרויען קאָפּ, אָנגעפילט מיט האָר־נאָדלען, האָט געשפּילט אין אירע אויגן עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געזאָגט: „אַ מאַן? אַהער!!???"

און צו וויזן גלייך אויפן שטעל ווי קלוג זי איז, האָט זי געזאָגט:

— זי קאָן איצט ניט אַרויסקומען צו אייך.

— טוט מיר לייד — האָט גאָלוב זיך אַ בייג געטאָן, געוואונטשן דער אַלטער אַ גוטע נאַכט און אוועק אין זיין צימער.

* * *

אויף מאָרגן האָט ער געטראָפן מערין אין דער קאַפעטעריע. ער איז צוגעקומען צו איר טישל אַזוי גרינג ווי קיינמאָל ביז אַהער. זי האָט שטיל פאַרקוקט צו אים און ער האָט דערזען, ווי אַ געדיכטע רויטקייט פאַרגיסט איר האַלדז, צעגייט זיך איבער די בלייכע באַקן און זעצט זיך אָפּ אין די שיינע שטראַלנדיקע אויגן מיט קליינע טרערן.

— מיסעס בענסאָן האָט אייך דערציילט? האָט ער זי געפרעגט.

— יאָ — האָט זי געענטפערט.

זיין גרינגקייט האָט אים אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן. אַ שווערקייט איז אים אַריין אין די פיס. ער האָט ווידער דערפילט, ווי נעכטן אין אָוונט, ווי דאָס האַרץ זיינס הייבט זיך אַרויפצו.

— וואָס שטייט איר? — האָט זי געפרעגט און ער האָט דערזען, ווי די רויטקייט טרעט אָפּ פון איר פּנים, נאָר דאָס ניט־שיינע קניפּל צווישן דער אונטערשטער ליפּ און דער גאָמבע גיסט זיך אָן מיט אַ נייער בלוילעכער רויטקייט.

ער האָט זיך געזעצט. זי האָט געוואַרט. ער האָט געזאָגט:

— דאָס לעבן איז ניט קיין בוך...

אָ, ניט דאָס האָט זי פון אים דערוואַרט! זי האָט זיך איינגעהערט אין זיינע שטילע רייד. ער האָט אַלעמאָל גערעדט צו איר שטיל און אַ ביסל פאַרשעמט, אָבער היינט איז ביי אים געווען אַ נייער טאָן, אַ טאָן מיט אַן אונטערטאָן פון אַ זיכערקייט, וואָס איז נאָך ניט זיכער, אָבער וואָס וועט באַלד אַרויסקומען מיט אַן איבעראַשונג...

— ... האָב איך אים איבערגעלייענט זיין מאַמעס בריוו — האָט ער איר דערציילט — און ער זאָגט מיר: אפשר וואָלט איר געווען מיין ש ש ש...

— מער האָט ער ניט געקאָנט אַרויסריידן. אַ שטאַרק געלעכטער האָט אים מיט

איין מאָל באַוועלטיקט. מערי איז שוין געהאַט אינגאַנצן געקומען צו זיך און זי האָט מיטגעלאַכט. אירע לענגלעכע, טונקל־ברוינע אויגן האָבן אָפּגעשלאָגן מיט שוואַרצע פלעמלעך, ווי זי וואָלט מיט איין מאָל באַווירקט געוואָרן פון זיינע קלוגע רייד און פון זיין טיפער חכמה. ער האָט געלאַכט אַלץ שטאַרקער, אַלץ הילפלאָזער. אויך איר געלעכטער האָט זיך געשטאַרקט, געלייטערט און איז איבערגעגאַנגען אין אַ קוויטשעקל מיט אַן איכצעלע, ווי דאָס קינד איין איר וואָלט מיט איין מאָל דערוואַכט. זי האָט געזאָגט:

— איך געדענק שוין ניט, ווען איך האָב אַזוי געשמאַק געלאַכט. אָבער וואָס שיקעט איר? וואָס ווילט איר זאָגן?

ער האָט איר דערציילט וועגן דעם טעות, וואָס דזשאָ האָט געמאַכט. זי האָט קיין סך יידיש ניט געקאָנט, אָבער אַזאַ זאַך וואָלט זי שוין ניט געזאָגט, אָ, ניט זי!...

זי האָט זיך איינגעקוקט אין אים געזאָגט:

— וועלל, ראַביי סאַנשיין איז אַ שדכן. און אַז ער האָט אייך גערופן ראַביי, מעגט איר שוין אויך זיין אַ שדכן... — זי האָט אָפּגעוואַרט אַ ווילע און צוגעגעבן: — אפשר וואָלט איר שוין אין איין וועגס אויך.. (זי האָט געוואָלט זאָגן „זיך" און געזאָגט) מיר גערעדט אַ שידוך.

— איך? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— מיר... מיינט איר ניט, אַז עס שוין צייט?

אויף אַזאַ טאָן און אויף אַזאַ אָפנהערציקייט האָט ער זיך ניט געריכט. ער האָט איר ניט געענטפערט דירעקט, נאָר וויטער פילאָזאָפירט, ביז ער איז צוגעקומען צו דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבן:

— ...איר פאַרשטייט? — ווען ניט דזשאָ, וואָלט איך דאָך ביי אייער טיר דאָס גלעקל ניט געווען אָנגעקלונגען און אונדזער באַגעגעניש וואָלט היינט געווען אַן אַנדערע, ווי אַלע יאָר ביז איצט... אָט דאָס איז עס דאָך! דאָס וואָס איך האָב געזאָגט: אַז דאָס לעבן איז ניט קיין ליטעראַטור. אין אַ ווערק מוז זיין אַ פּלאַן. אויב עס געשעט עפּעס ניט לויטן פּלאַן נאָר לויט אַ צופאַל, קלינגט עס ווי שונד...

— אפשר, — האָט זי גלייביק געזאָגט — איז אויך אין לעבן דאָ אַ פּלאַן? איך קאָן זיך דאַכטן, אַז ניט, אָבער גאָט ווייסט בעסער...

ער האָט איר נאָך ניט דערציילט אינגאַנצן און ניט געוואוסט, צי זאָל ער עס טאָן... ניין, ניט איצט... עס וועט אויסקומען, אַז ווען ניט דזשאָ זאָל זי וועלן, וואָלט ער נאָך אַלץ ניט געוועןצוגעקומען צו איר טיר... דאָס איז דאָך ווירקלעך געווען דער אמת. און דאָס וואָס ער האָט די וואָר באַדאַרפט באַהאַלטן פון איר, האָט ווידער אָפּגעקלונגען אין זיין טאָן מיט שעמעוודיקייט און ניט־זיכערקייט. זי האָט אים דערשטוינט באַטראַכט. אין איין מאָמענט איז ווי אויסגערונען זיין נייקייט, זיין אַנדערשקייט און זיין געוואַגטקייט, און זי האָט ווידער דערזען פאַר זיך דעם גוטן, אַלטן מיסטער גאָלוב, דעם היברו טיטשער, דעם אייביקן בחור.

ער האָט שווער געשוויגן. זי האָט אָבער ניט געוואָלט אָנווערן, ווי איר האָט זיך געהאָפט און געגלויבט, דאָס גליק, וואָס האָט נעכטן אָנגעקלאַפּט אין איר טיר. און זי האָט אַ זאָג געטאָן ביים געזעגענען זיך:

— ביז היינט אָונט, שאַכי (שכן).

# קאפּיטל דריי

מאָרגן אָוונט איז שוין דזשאָ ווידער געווען ביי גאָלובן אין זיין שולצימער און ער האָט אים געבעטן ענטפערן זיין מאַמען און פון איר גאָרניט באַהאַלטן, אַז ער האָט זיך אַריינגעטאָן אין געשעפט און פאַרגעסן חתונה צו האָבן. נאָר אַז איר בריוו האָט אים ווי דערמאָנט אין דעם. און אַז ער האָט זיך דעם זעלביקן אָוונט, וואָס איר בריוו איז געלייענט געוואָרן, ווי זי זאָגט, פון אַ גוטן יידן, וואָס קאָן גוט יידיש, האָט ער טאַקע געבעטן דעם יידן, ער זאָל זיין זיין... דזשאָ האָט איבערגעריסן זיין דיקטאָווקע... האַ דו יו קאָל דעט עגעין? — איך געדענק איך געזאָגט שוחט, דו געלאַכט פון מיר.

— שדכן — האָט אים גאָלוב פאַרריכט...

— דאט׳ס איט! — האָט זיך קעשיר דערפרייט און פאַרגעזעצט: — און שרייב איר, אַז טאַקע דאָ, אויף דער גאַס, וואו איך וואוין, איז דאָ אַן עלטערע מיידל. זעט אויס אַ שטילע און אַ לייטישע. און — גאָט וועט העלפן. שרייב איר, שרייב איר טאַקע אַזוי: „גאָט וועט העלפן" מיין מאַמי איז פרום, אָ, איז זי פרום!

* * *

און אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן, די קאָרעספּאָנדענץ צווישן דזשאָ קעשיר אין קאָלרידזש און זיין מאַמען אין פוילן. ביי יעדן וויזיט צום לערער האָט דזשאָ אים געפרעגט, צי האָט ער שוין גערעדט מיט מערין און גאָלוב האָט זיך אויסגעדרייט פון אַ גלייכן ענטפער. ביז קעשיר האָט זיי איינמאָל געטראָפן גיין געאָרעמט שפּעט אין אָוונט.

ווען ער איז שפּעטער מיט צוויי וואָכן געקומען און ווידער געבראַכט אַ בריוו פון זיין מאַמען, האָט ער געטראָפן דעם לערער אַ שווייגנדיקן און אַ פאַרזאָרגטן.

— וואַט׳ס די מעטער, (וואָס איז געשען) ראבי? — האָט ער געפרעגט און געקוקט אויף אים, ווי אַן עלטערער ברודער, וואָס איז באַעולה׳ט געוואָרן פון אַ ייִנגערן.

— עט, גאָרניט — האָט מרדכי געענטפערט.

— ע, האָט דזשאָ גענומען אַ טאָן פון באַליידיקונג — ע, ראבי! דו מיינסט איך ניט ראבי, איך ווייס גאָרניט... איך ווייס אויך עפּעס... דאַרפסט ניט באַהאַלטן פון מיר. איך געזעט דיך און מערי. זי ניט איינע אויף גאָטס וועלט.

מרדכי האָט געשוויגן. דזשאָ האָט געמאָנט:

— פאַרוואָס דו מיר ניט געזאָגט? אויב מערי איז דיינע, וועלל...

ער האָט אויסגעזעען שטאַרק באַליידיקט.

— הערט, מיסטער קעשיר — האָט מרדכי ענדלעך געזאָגט, — קיין שידוך ליגט מיר ניט אין זינען.

— וואָס דו מיינסט? — האָט דזשאָ שטרענג געפרעגט. האָט אים מרדכי דערציילט, אַז ביים לעצטן מיטינג פון דער שול־פאַרוואַלטונג האָט מען באַשלאָסן, אַז זיי קאָנען מער ניט אויסהאַלטן די שול. איצט מוז ער פאַרלאָזן קאָלרידזש און זוכן אַן אַנדער שטאָט מיט אַן אַנדער שטעלע.

— אָ, נאָ, (אָ, ניין) יו דאָנ׳ט! — האָט קעשיר גראָב, אָבער האַרציק אויסגעשריגן — ווער וועט מיר שרייבן בריוו און ווער וועט מיר לייענען בריוו?

איך ניט לאָזן דיך גיין! דו אַ רפואה צו מיין מאַמי. דו ווייסט, זי שרייבט, דיינע בריוו דערהאַלטן זי ביים לעבן. איך דאַרף דיך, מיין מאַמי דאַרף דיך...

— טוט מיר לייד — האָט דער לערער ענטשלאָסן אַ זאָג געטאָן און זיך גענומען שרייבן דעם יידישן בריוו, ווי ער וואָלט דאָס געטאָן צום לעצטן מאָל.

— דו, ראַבי, וואַרט, — האָט דזשאָ געבעטן. — דו דערציייל מיר, ווהאַט׳ס אָל עבאַאוט (וועגן אַלעס). איך העלפן... קיין ווייב האָב איך ניט, קיין קינדער האָב איך ניט. געלט איז דאָ אַביסל... איך וויל העלפן... וויפל? (ער האָט געזאָגט „הא מאטש״).

— איך ווייס ניט. איך ווייס, עס האַלט שמאָל מיט דער שול. אַז איך בין געווען אַליין, האָב איך געליטן. איצט האָט עמעצער אָפּגעטראָגן וועגן מערין. אַלע ווייסן שוין, אַלע רעדן שוין... זיי האָבן מורא באַקומען.

— דאָס איז ניט זייערע ביזנעס — האָט דזשאָ בייז אויסגערופן. — ראַבי, רוף אָפּ נאָך היינט דיין פּרעזידענט און זאָג, אַז דזשאָ קעשיר גיט דערוויל אַ הונדערטער... אַלרייט?

— אַ הונדערטער?! — האָט מרדכי זיך ניט געגלויבט.

— דזשאָ מיינט וואָס ער זאָגט! — האָט יענער טריאומפאַל אויסגערופן.

ער האָט אומצופרידן געדרייט מיט זיין גרויסן קאָפּ אויף ניין, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט באַנעמען, און ניט געקאָנט.

— דו, ראַבי, זאָג מיר: אַלע היברו טיטשערס מוזן זיין סינגל?

— ניין, ניין! — האָט מרדכי מיט האַרץ אויסגערופן. דערביי איז זיין שטים געוואָרן דין, יינגליש, אַ טאָן און אַ נאָטקע, וואָס האָט אים שטענדיק פאַרדראָסן און וואָס האָט אים דערמאָנט אָן דער באַציאונג פון זיינע קרובים צו אים: זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ יינגל און זיין לערעריי — פאַר אַ קינדעריי. — ניין ניין! — האָט ער געזאָגט. — סע נאָר דאָ אַזוי. זיי האָבן זיך אַזוי צוגעוואוינט און זיי האָבן מורא פאַר אויסהאַלטן אַ פאַמיליע. — ער האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט רעדן שלעכטס אויף זיינע שול-טוער: זיינען זיי דאָך געווען די איינציקע אין שטאָט, צו וועמען אַ יידישער שרייבער האָט נאָך געקאָנט צופאָרן און זיי עפּעס לערנען, אָדער פאַרקויפן זיי אַ בוך זיינען זיי דאָך געגאַנגען פון מיר צו טיר צו ווערבירן קינדער פאַר דער יידישער שול און האָבן זיי דאָך געשטיצט אַלץ וואָס איז שיין און ווירדיק אינעם יידישן לעבן. זיי האָבן געפילט, ווי זייערע רייען ווערן שיטערער, ווי זיי שטאַרבן אויס. אָבער זיי האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן און אָנגעגאַנגען מיט דער הייליקער אַרבעט פון לערנען אַמעריקאַנער יידישע קינדער יידיש.

אַזוי האָט מרדכי גערעדט, און דזשאָ האָט געהערט. זיין סיגאַר איז שוין געהאַט געווען אויסגעלאָשן, אָבער ער האָט זי פאַרגעסן אָנצינדן.

— וועל, איי׳ל בי דאַרנד — (ניט פאַר מיין קאָפּ) — האָט ער אויסגערופן און צוגעגעבן: — עי סוועל באַנטש אָוו פּיפּל עפּטער אָל... (אַ וואוילע חברה נאָך אַלעמען) איי עם סוירטענלי גלעד, איי העוו מעט יו! (איך בין צופרידן וואָס איך האָב דיך באַגעגענט) דו ביסט מיין מאַמי אַ רפואה און מיר אַ מיצווי... דו, ראַבי, ניט זאָרג פאַר מיר: איך וועל געפינען אַ מיידל. דו האָב חתונה מיט מערין און האָב אַ דאָזן (טוץ) קינדערלעך... און אַלץ וועט זיין אָ־קעי... (גוט און וואויל).

ער האָט געלאַכט און לאַכנדיק געזוכט און געפונען זיינע שוועבעלעך. ער האָט אָנגעצונדן זיין סיגאַר.

— פּליז, — האָט ער געבעטן — שרייב דעם בריוו אַזוי שיין ווי דו קענסט און איך וועל זען, וויפל געלט איך האָב ביי זיך.

מרדכי האָט זיך פאַרטיפט אינעם שרייבן. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער דערזען פאַר זיך געלט, גרינלעכע צען דאָלער בילס.

— ניין, — האָט ער געזאָגט — דאָס גייט ניט.

— וואָס דו מיינסט? — האָט קעשיר געשטוינט.

מרדכי האָט אים דערקלערט, אַז די שענסטע זאַך וואָלט געווען, ווען דער מנדב קומט צו צו אַ שול־מיטינג און דאָרט טראָגט ער צו זיין מתנה.

— אָ, נאָ, נאָ, סער! — (ניין, מיין הער) — האָט יענער אויסגערופן. — צו מיטינגען איך ניט גיי און ספּיטשעס (דרשות) מאַכן איך ניט קען.

— איז דאָ אַן אויסוועג — האָט אים דער לערער אַרויסגעהאָלפן — שיקט דאָס געלט אַריין צום פאָרזיצער פון דער שול, מיסטער בערקאָף, דזשאָזעף בערקאָף.

— אויך אַ דזשאָ? וועלל וועלל... זיין אַדרעס?

אַלץ איז באַזאָרגט געוואָרן און צום קומענדיקן מיטינג פון דער שול־פאַרוואַלטונג, ווען מרדכי האָט אַ קוק געטאָן אויפן פאָרזיצער, האָט ער אויף זיין פאַרענדערט פנים געזען, אַז ער גרייט זיך אָפּצוגעבן אַ פריילעכן באַריכט.

בערקאָף האָט די גוטע בשורה פאַרבאַהאַלטן אַזש צו די „נייע געשעפטן". ער איז צוליב זיין שיין רעדן געוואָרן פאָרזיצער. אָבער אין זיין אַמט האָט אים ניט געפּאַסט צו רעדן. און האָט ער „גענומען אַ וואָרט", האָט מען אים געקיבעצט, אַז אַ פאָרזיצער דאַרף לאָזן יענעם רעדן. פלעגט בערקאָף וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט, אַ באַנקעט, אַ פראַגע ביי אַ לעקציע, אַ פראַגע וואָס איז געווען מער לעקציע ווי פראַגע, ניט אַזוי לויט דער פאָרמע, ווי לויט דער לענג...

איצט איז געווען די בעסטע געלעגנהייט, און דער פאָרזיצער האָט זי אויסגענוצט, ווי מע זאָגט, ביז אַרונטער. דער הויפּטגעדאַנק פון זיין דרשה איז געווען, אַז ווען „מיר האָבן ניט די שול, וואָלטן מיר ניט געוואוסט, וואו אונדזערע פריינט געפינען זיך... און אַז מיר האָבן פריינט און אמתע פריינט, האָב איך אַ ממשותדיקן באַווייז...

בערקאָף איז שטיל געבליבן. דער גאַנצער קאָמיטעט האָט געוואַרט. מרדכי האָט באַטראַכט די עלטערע מענער. אויפן צעטל פון דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען זעכצן. היינט האָבן זיך פאַרזאַמלט אַכט, מיטן לערער — ניין. דאָס איז געווען גוט, ווייל דאָ האָבן זיך געפונען די בעסטע טוער: דער פאָרזיצער, וויצע־פאָרזיצער, פינאַנץ־סעקרעטאַר, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר, קאַסירער, פאָרזיצער פון ווערביר־קאָמיטעט, פאָרזיצער פון פּעדאַגאָגישן ראַט, פאָרזיצער פון סקאָלערשיפּ־קאָמיטעט. עס האָט געפעלט די פאַרשטייערין פון ליידיס אַקזילערי, פריינדין בעסס. פון גרויס שמחה וואָלט זי אוודאי געווען געזונגען אַ ליד. זי איז געווען דער באַליבטער לאָקאַלער טאַלאַנט און מע האָט זי אָפּגעשאַצט...

... בערקאָף האָט אַרויסגענומען פון זיין בייטעלע געלט און געציילט: איינס, צוויי, דריי... אָנגעציילט צען שטיק צען מאָל צען! און מיט טריאומף

באַטראַכט אַלעמען. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר ניט געבן דעם סעקרעטאַר לייענען דעם בריוו פון דעם גוטן פריינט און ער האָט געבעטן דעם לערער איצט דאָס טאָן.

דער בריוו איז געווען קורץ:

„אייער לערער האָט מיר דערציילט, אַז איר מאַכט גוטע יידן פון אַמעריקאַנער יידישע קינדער. שיק איך אייך מיין ביישטייערונג הונדערט דאָלער. ווען איר זייט אין אַ נויט, קווינקלט זיך ניט און ווענדט זיך צו מיר.

מיט גרוס א. א. וו....."

ווי קומט דער לערער צו אַ פרעמדן יידן מיטן נאָמען קעשיר? כמעט אַלע האָבן געוואָלט הערן אַ וואָרט. בערקאָף האָט געבעטן מרדכין דערציילן, און דער לערער האָט אַלץ איבערגעגעבן זיינע פאַרוואַלטער, חוץ דער שדכנות מיטן פאַרגרייזטן וואָרט „שוחט".

ווי אַזוי פאַרט זיך אידעאַליזם מיט פעסימיזם? אָבער דער פאַרוואַלטער, פריינט מעטלין האָט קיינעם ניט געגלויבט, ניט דער צייטונג וואָס ער לייענט שוין באַלד פופציק יאָר און קאָן שוין אָן איר ניט אויסקומען; ניט דעם פרעזידענט, מעג ער זיין אַ דעמאָקראַט, אָדער אַ רעפּובליקאַנער; ניט אַלע לעקטאָרן, שרייבער צי די הויפט־באַאַמטע פון זיין אייגענער אָרגאַניזאַציע...

ניט גלויבן קעשירן, האָט ער דאָך ניט געקענט. די עטלעכע מענטשן ביים מיטינג האָבן אָבער געזען, אַז פריינט מעטלין וועט היינט עמעצן אַריינזאָגן...

מע האָט געזען, אַז עס איז אים שווער אָנצוהויבן די אַטאַקע... ער האָט דערווייל געשאָטן מיט זיסע רייד. זיינע קילע, גרויע אויגן האָבן געלויכטן מיט אַ ניי ליכט און מיט אַ נייער פרייד, און מע האָט ניט געוואוסט, צי פרייט ער זיך מיט דער גוטסקייט, וואָס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, צי מיט דער ביזוויליקער אויסטייטשונג, וואָס ער וועט באַלד אויף זיין שטייגער, אַרויסברענגען. פריינט מעטלין האָט היינט גערעדט לענגער ווי שטענדיק, און נאָכדעם, ווען ער האָט אַרויסגעבראַכט די „גוטע זייט" פון דער געשעעניש, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— נו, און וואָס וועט זיין, אַז די מאַמע זיינע וועט דאָרט טאָן אַ שטאַרב? נו, און וואָס וועט זיין, אַז דער דאָזיקער מיסטער קעשיר וועט שוין מער ניט דאַרפן אונדזערער לערער, ער זאָל אים שרייבן בריוו? הא, איך פרעג אייך? הא, איר שוויגט? איר האָט ניט וואָס צו ענטפערן? איר האָט זיך דערפרייט, איר זענט מלא גדולה? ישועות אויף יידן... מיר האָבן אַ נייעם הונדערטער...

ער האָט געזען, ווי אַלעמענס אויגן גייען איבער פון געלעכטער, און דאָס האָט דעם פעסימיסט צערייצט. נאָר דאָ האָט פריינט שלאָמאָף, דער עלטסטער פאַרוואַלטער, וואָס האָט זיך ערשט פריער מיט פיר יאָר צוריקגעצויגן פון זיין פאָרזיצער־אַמט, אַ קוק געטאָן אויף מעטלינען מיט סימפּאַטיע און „גענומען אַ וואָרט".

פריינט שלאָמאָף איז געווען באַוואוסט מיט זיין דיפּלאָמאַטיע. ער האָט אַזוי קונציק פאַרטיידיקט מעטלינען, אַז יענער האָט זיך באַרואיקט, הגם אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז שלאָמאָף האַלט ניט מיט אים.

מרדכי האָט באַטראַכט די יידן, יעדער אַלט אויף זיין שטייגער און יעדער קראַנק אויף זיין אופן... ער האָט גוט געוואוסט, ווער פון זיי עס האָט אַ שוואַך

האַרץ, ווער — אַ הויכן בלוט־דרוק, ווער צוקער־קראַנקהייט און ווער עס ליידט פון שלאַפלאָזיקייט. קיין ייד אין קאָלרידזש האָט ניט אָפּגעזאָגט, ווען מע האָט זיך צו אים געווענדט נאָך אַ ביישטייער פאַר דער שול. אָבער עס איז ניט געווען, ווער עס זאָל גיין זאַמלען געלט. היינט „אויף צו להכעיס" מעטלינען, האָט מען זיך איינגעטיילט אין קאָמיטעטן צו זען ביישטייערער, און ער, דער פעסימיסט, איז „אויף צו להכעיס" זיי אַלעמען, געווען דער ערשטער אָנצונעמען די שווערע און ניט־אָנגענעמע אַרבעט.

מרדכי איז אַרויס פון דער פאַרזאַמלונג און זיך געלאָזט גיין צו זיך, אין זיין צימער. אַזוי האָט עס אויסגעזען פאַרן עלטסטן פּאַרוואַלטער, וואָס איז גע־גאַנגען מיט אים צוויי בלאָק. ווען פריינט שלאָמאָף איז אַוועק זיין וועג, האָט מרדכי האַסטיק אַוועקגעשפּאַנט צו מערין.

ווי גוט ער האָט געקאָנט דעם רויטלעך־באַלויכטענעם לענגליכן פירעק פון איר פענצטער! און ווי שטאַרק באַגערט האָט ער איצט צו דערזען דאָס דאָזיקע אייגן־געוואָרענע ליכט! אָבער דאָס פענצטער איז געווען אויסגעלאָשן.

מרדכי איז געשטאַנען, געקוקט אויפן שוואַרצן פירעק און געוואַרט. און ווי פון זיך אַליין, האָט ער אַ גיי געטאָן פאַרויס. און באַלד איז ער געווען דאָ.

ער איז געשטאַנען און געוואַרט. וואָס האָט ער זיך געקאָנט דערוואַרטן? די גאַס איז געווען אויסגעליידיקט און שטיל. זעלטן־וואו עס האָט זיך געזען אַ שיין אין אַ פענצטער. פון וויטן האָט זיך געוויזן אַ קאַר. זי האָט זיך אַ דריי אַריין געטאָן רעכטס, ווייטער מיט אַ קווארטאַל. איר פאַרשוואונדן ליכט האָט די גאַס געמאַכט נאָך שטילער און אויסגעהוילטער.

מרדכי האָט שוין איצט גוט געקאָנט מעריס טעלעפאָן־נומער. אָבער אַזוי שפּעט וועט ער זי ניט רופן... ער וועט שטיין נאָך איין ווילע, נאָך איין קוק טאָן אינעם פינצטערן פענצטער און גיין...

ער האָט אַ קוק געטאָן און דערזען מעריס פּנים איינגעפּרעסט אין דער טונקל־גלאַנציקער שויב. צום אַלעם ערשטן האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז ניט אמת, אַז עס איז בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין פאַרלאַנג. איז ער דעריבער צוגעגאַנגען האַרט צום פענצטער.

יאָ, דאָס איז געווען מערי! מיט אַ פינגער אויף איר שמייכלענדיק מויל, ווי זי וואָלט אים געהייסן שוויגן, שווייגן און וואַרטן.

— וואַרטן?! — האָט ער זי געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי פאַרליבט און ווי שיכורלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אירע שטראַלנדיקע אויגן האָבן אים אינגאַנצן דורכגענומען.

ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און געוואַרט אויף איר. זי איז אַרויסגעקומען אין איר לאַנגן שווערן ווינטערמאַנטל, אָבער אויפן קאָפּ האָט זי איצט ניט געטראָגן איר וויס היטעלע, אַ וויס שאַלעכל האָט איינגעדעקט אירע שיינע שוואַרץ־געקרויזטע האָר און דאָס פּנים אירס האָט זי געטראָגן קעגן אים און אין דער נאַכטיקער טונקלקייט, באַלויכטן פון דעם גאַסנלאָמפּ האָט ער געזען אין דעם אַזוי פיל גלויבן, שיין אויפגעלויכט גלויבן, וואָס איז געקומען פון אסך יאָרן האָפענונג אויף פרייד.

ער, מרדכי גאָלוב, איז איצט געווען דער פאַרווירקלעכטער חלום אירער, דער שטילער, דער געדולדיקער, דער וואַרטנדיקער, דער גלויביקער. און האָט

ער דען ניט געגלויבט ? און איז ער דען ניט געווען א טייל פון יענעם גלויבן, וואָס האָט באַהערשט אַט די פשוטע, וואוילע יידן און האָט אפילו ניט אויסגעמיטן דעם פעסימיסט ? און זיינען דען זיי, זיינע שול-פּאַרוואַלטער ניט געווען אַ טייל פון אונדזער אַלט גלייביק פאָלק, וואָס בייגט זיך אונטער די שרעקלעכסטע שטורעמס און ווערט ניט געבראָכן ?

איז ווי האָט ער געקענט טראַכטן פון אויפגעבן זי ?

זיי זיינען געגאַנגען געאָרעמט. זי האָט זיך אין אים געטוליעט ענגער און ענגער און זיי האָבן שוין באַלד אויסגעזען ווי איין מענטש, וואָס באַוועגט זיך ווי שיכורלעך אין אַ קרומלעכער ליניע.

# דער נייער פּאָלאַניק (הילצערנער לעפל)

(אַן איבערלעבונג פון אַ זאַזשוער לאַנדסמאַן)

וואָס מיר, אוקראַינער יידן, האָבן זיך אָנגעליטן פון די פּאָגראָמען, בשעת דער רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע, וואָלטן מיר געמעגט געווען פאַרגעסן די נעמען פון די שטעטלעך, פון וואַנען מיר האָבן געשטאַמט. האָבן מיר אָבער אונדזערע היימען, ניט נאָר ניט פאַרגעסן און פון דאָרט האָבן מיר געבראַכט זכרונות, וואָס מיר וועלן געדענקען אַזוי לאַנג ווי מיר׳ן לעבן. אַפילו די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די היטלעריסטן און זייערע געהילפן און זוכה געווען זיך אומקערן אַהיים, צום באַנייטן יידישן היימלאַנד, גרינדן דאָרט גע־זעלשאַפטן מיט די נעמען פון זייערע שטעט.

דאָ האָבן מיר געגרינדעט די פאָלקס אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען אַרבעטער רינג און מיטגלידער טיטולירן זיך מיטן וואָרט „פריינד״. פון קליינע גרופּן, זענען מיר אויסגעוואַקסן צו הונדערטער מיטגלידער.

יאָרן זענען געגאַנגען, מיר האָבן זיך געעלטערט און אונדזערע רייען זענען געוואָרן אַזוי שיטער, אַז מיר האָבן זיך מתיחד געווען מיט נאָך אַ צווייג! אָדער ווי מע רופט עס „ברענטש״. וואָס טוען צוויי ברענטשעס, ווען זיי שרומפּן איין. מע שלאָגט זיך לאַנג מיט דער דעה און מען פאַראייניקט זיך מיט אַ דריטן צווייג. דערביי האָט מען אין זינען וואָס נעענטערע שכנים. אַזוי האָט זיך מיין ליניצער ברענטש פאַראייניקט מיט ליפּאָוויצער פריינט, און ווען מיר זענען אַריין אין אַכטן צענדליק יאָרן האָבן מיר זיך דערמאָנט אין קליינעם שטעטעלע זאַזיוו.

מיט די כיבודים פאַר באַאַמטע, האָבן מיר זיך קוים אײַנגעטיילט. איך בין פאַרבליבן דער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר, צוליב מיין שיינער האַנטשריפט; דעם אַמט פון פינאַנץ ־סעקרעטאַר האָט „באַקליידט״ דער ליפּאָוויצער און פאָרזיצער איז געקרוינט געוואָרן דזשעק שפּיטאַלניק פון דאָרף באַרדאשעווקע פון זאַזיוער צווייג. מיט וואָס האָט ער אויסגענומען מיט זיין שיין רעדן און מיט דעקלאַמירן די פּאָעזיע ניט נאָר פון די רוסישע קלאַסיקער, אויך פון יידישע און פאַר אַ נאָווינע, אַ שיר פון ביאַליק, טשערניכאָווסקי און שניאורן. איך בין דאָך אויך געווען אַ גימנאַזיסט, אָבער איך אין מיין טיפן עלטער אַ סאַך פון מיינע קענטענישן און די איבערגעלייענטע ביכער פאַרגעסן. דזשעק שפּיטאַלניק האָט ביי די מיטינגען זיך ניט געקענט באַווייזן זיין טאַלאַנט. האָבן מיר באַדאַרפט אים מיט זיין פרוי ברכה פאַרבעטן צו אַ היימישן מאָלצייט, ווילן זיך עפענען אַלע קוואַלן פון אונדזערע טאַלאַנטן.

איינמאָל גייענדיק צום מיטינג, האָט מיין פרוי פּירא מיר געזאָגט, אַז מיר זאָלן פאַרבעטן דזשעק מיט זיין ברכהן צו אונדז אויף אַ גלעזל טיי. און אַזוי האָבן מיר געטאָן.

מיר זענען אַוועק פון אוקראַינע אין יאָר 1919, איך מיט מיין משפחה און דזשעק מיט זיינע אייגענע, איז אַ סך צו דערציילן. עס וועט געדויערן לאַנג אויסצורעכענען אַלע אומגליקן און זיי אויסמיידן. פאַר אַ געשריבענער זאַך צו

לייענען, דאַרף מען זיך רעכענען מיטן לייענער, פּאַר אונדז אָבער ניצול־געוואָרענע, איז נאָר געווען אַנצוהויבן. מיר ווערן ניט מיד איבערצודערציילן מער ווי איין מאָל. איינער פון אונדז זאָל נאָר אָנהויבן, גייט עס שוין פון זיך אַליין...

הויב איך אָן, זע איך ווי דזשעק און ברכה שמייכלען־צו...

שאַ — זאָגט דזשעק — לאָמיך. און ער הויבט אָן איבערצוגעבן מיין עפּיזאָד. די גאַנצע זאַך פאַרוואַנדלט זיך שיעור־ניט ווי ליצנות. ביז איין מאָל זע איך ווי ברכה ווערט ערנסט. מיין פּירא גיט אַ דערשטיקטן געוויין... זאָגט ברכה צום מאַן:

— דערצייל בעסער וועגן דעם נייעם פּאַלאַנעק.

דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש — זאָגט דזשעק — דאָ איז שוין גלויבן, צוטרוי און האַלטן וואָרט. פּירא, פּיל איך, ווערט מיט איין מאָל וואכנדיק. נאָך אַ היפּשער ווײַלע, הויבט דזשעק אָן.

— באַנדעס בושעווען. זיי זוכן יידן ניט נאָר צו ראַבעווען זיי. נאָר זיי הרגענען.

„מיר וואַלגערן זיך ביי אַ שכן אין די לעוואדעס. אויף ביינאַכט קומען מיר צו אונדזער דירה. אַ טייל פון אונדז גייען שלאָפן. צוויי בלייבן אין דרויסן אויף דער וואַך.

„די נאַכט איז גרויס מיט אַזאַ גרויסער שיינקייט ווי אויף להכעיס. מיר הערן זיך איין. מיר הערן ניט די טריט פון געאיבטע פערד. דאָס דאַרף איז שטיל. און אַרום, די פּויערשע טשיבלעך, די בוימער און די העכסטע געביידע אין באַרדאַשעווקע, דער קלויסטער איז איין געהער. איך פּיל, איך דרימל איין. איך דערפיל אַ שטורך אין דער זייט.

„משה דעם פעטער בערלס שעפּטשעט מיר אַריין גלייך אין אויער: „זע נאָר ווער זע פאָרט".

„משה טוט מיך אַ שלעפּ. אויף אַלע פיר שאַרן מיר זיך צום עק גאָרטן און איך דערזע איוואַן קאַזאַטשענקאָ זיצט אין זיין שווערן בעל־הבתישן וואָגן און פאָרט אויפן וועג קיין ליניץ. עס נעמט ניט לאַנג און איך דערהער אונדזערע שכנים שפּאַנען איין זייערע פערד.

„ביז גאַנצפרי זאָגן מיר גאָרניט דער מאַמען. ווען זי דערהערט אויף מאָרגן די נייעס.

„— אַ וויסטן, אַ פינצטערן סוף אויף זיי. לויף שוין, יאַנקעלע צו מאַרטשוקן און הייס אים שפּאַנען די פערד. מיר טאָרן דאָ מער ניט בלייבן. מאַכט קלימעקלעך פון די קישנס מיט די ליילעכער און קאָלדרעס. נעמט, קינדער, וואָס איר קענט און לאָמיר ראַטעווען אונדזערע נשמות.

„און אַזוי האָבן מיר פאַרלאָזט אונדזער טייערע היים, וואָס גייט מיר נאָך פוס־טריט עד היום הזה.

פּירא האָט איבערגעשלאָגן דעם דערציילער „שוין ווידער דאָס אייגענע"? ברכה האָט אַ וואונק געטאָן אויף פּירען, און זי איינגענומען „וואַרט, וועט איר הערן. אַ ברירה האָב איך?" האָט זיך פּירע ניט געלאָזט.

איך האָב זיך אַריינגעמישט און באַרואיקט די קעגנערישע צדדים.

נו, האָט דזשעק זיך געבעטן. קען איך אַנגיין ווייטער? צוליב אַ פּאַלאַנעק אַליין לוינט זיך אפשר הערן און שווייגן? — דערציילט דזשעק.

— פון באַרדאַשעווקע זענען מיר אַנטלאָפן קיין ליניץ סאַמע מיטן זומער. איז געקומען דער האַרבסט מיט קאַלטע רעגנס און געדיכטע בלאָטעס. די מערב־ווינטן האָבן זיי אויסגעטריקנט, און אין שטאָט האָבן זיך געשטעלט די יאַרידן.

„זאָגט מיר איין יאַריד־טאָג די מאַמע „טו אַ פּאָר־צו אַהיים און נעם אָפּ דאָס זילבער ביי אנדזיען". „מאַמע — האָב איך אויסגערופן — איך קען ניט מער און איך פאָר ניט!" בייזער איך זיך. זי שווייגט. איך דערזע שווערע טרערן אין אירע שיינע בלויע אויגן. פאָלג איך זי און גיי זוכן אַ באַרדאַשעווקער פור, אַזוי זאָג איך דער מאַמען אָבער איך באַהאַלט זיך אין סיטקעס, איך זאָל די רויבער און צעשטערער פון מיין היים ניט אָנקוקן.

עס איז מיר קאַלט. איך ווער הונגעריק. די פּויערים צעפאָרן זיך. איך זע, אַ פּויער שפּאַנט די פערד. איך פרעג אים אויף אַ באַרדאַשעווקער פור. דער פּויער, אָנגעטאָן אַ סוויטע אויף אַ סוויטע. אויפן ווילד־פאַרוואַקסענעם קאָפּ אַ הויכער יאַלעם. די גרינלעכע אויגן זיינע מעסטן מיך אָפּ, ווי איך וואָלט געווען אַ נאַר. ער טוט אַ הוסט, אַ וויש מיטן אַרבל די נאָז און זאָגט „טראָגסט אַ היטל פון אַ סטודענט און רעדסט, ווי זאָל איך דיר זאָגן . . ." — ער צעלאַכט זיך און הוסט ווידער. ער זעט אויס נאָך יונג, ווי פאַר די דרייסיקער. „איר האָט זיך צוגעקילט?" פרעג איך. ניין — בייזערט ער זיך. שוין אַ פּאָר יאָר אַזוי ווי איצטער זאָג מיר סטודענט, ווי קומסטו אַזוי שפּעט פרעגן אויף אַ באַרדאַשעווקער? ווערסט וואַרטן ביז איבער טאָג וועסטו זיי זען. „פון וואַנעט זענט איר דיאַדקו? (פעטער)" „איך בין אַ קאַזשניקער". „דאָס איז גוט! — דערפריי איך זיך. נאָר צוויי ווערסט פון באַרדאַשעווקע. פאָרן מיט אייך?" „דו קענסט, אָבער . . . — ער באַטראַכט מיין אַלט צעריסן פעלצל מיט פאַר־ריסענע נעז פון עלטער און פרעגט — האָסט אויף אַ טשאַרקע?" „אַ פעטלי־רעווסקע קאַרבאָוואַנעץ פאַרמאָג איך". ביסטו דאָך רייך! — רופט ער אויס. איך גיב אים דאָס פאַפּירענע געלט אין זיין גרויסער האַנט און שפּאַנט אַוועק אין איילעניש.

„ער קומט באַלד צוריק. ער לאַכט מיט גרויסע פאַרגעלטע ציין.

„אויסגעגעבן דאָס געלט אויף זאַלץ, קעראַסין און זייף . . . ווען ניט דו, וואָלט איך געפאָרן אַהיים אָן אַ טרונק. — ער פאַרענדיקט דאָס איינשפּאַנען די פערד און מיר פאָרן.

אין שטאָט איז קיין ווינט ניטאָ. אין פעלד דערפיל איך די קאַלטע באַרירונג פונעם ווינט. עס דאַכט זיך מיר, אַז ניט פון דער הויך קומט דער ווינט פון דער ערד. דער הימל די ערד און דאָס טונקעלע פעלד זענען ווי צונויפגעוועבט אין איין גאַנצקייט. צו דערגאַנצן דאָס בילד, דאַרף מען צו־רעכענען דעם שווייגנדיקן פּויער מיט זיין אונטערהוסטן. דער אומעט וואַקסט אין מיר.

„ווי איז אייער נאָמען? — פרעג איך. „קאָנדראַט" זאָגט דער פּויער. „זייער אָנגענעם" זאָג איך. „וואָס קען דאָ זיין אָנגענעם?" קאָמענטירט

קאנדראט ווי איך הייס?" פרעגט ער. נאָך אַ לאַנגן שווייגן פרעגט ער ווידער „וואָס האָסטו היינט געטאָן?" „געלערנט מיט קינדער". „און וואָס האָסטו נעכטן געטאָן?" „דאָס זעלבע" זאָג איך.

— פאַרוואָס לערנען יידן אַזוי פיל? איך דערצייל אים, אַז אין דער גימנאַזיע לערנען אויך קריסטלעכע קינדער. ער גלויבט מיר יאָ און ניט.

ביי אַ האַלב וועג פון שטאָט, איז דאָס פעלד אַרומגענומען מיט אַ סאָ־לידער פינצטערניש. די פערד טיילן זיך אויס פון דעם אַרום דורכאויס שוואַרץ. זיי שלעפן דעם סקריפנדיקן וואָגן און זייערע קעפּ הערן זיך ניט אויף צו שאָקלען. מיר פאָרן דורך איין דאָרף, און ווייטער אַ צווייט דאָרף. אין ביידע דערפער האָבן זיך קיין ליכט ניט געזען, נאָר וואַכעדיקע הינט האָבן אונדז נאָכגעיאָגט. דאָס איינציקע ליכט וואָס מיר האָבן דערזען, איז געווען אין שטיבל ביי דער באַן־ליניע. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים פאַרמאַכטן טויער פון שטיבל, פון דאָרט האָט זיך באַוויזן דער וועכטער אין אַ יוניפאָרמירטן קאַשקעט. ער און קאַנדראַט האָבן זיך הויך אויף אַ קול באַגריסט.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און מיר זענען אָנגעקומען קיין קאזשינקע. קאַנדראַט איז שווער אַראָפּ פון וואָגן און געעפנט דעם טויער. איך האָב דערזען אַ פּויעריש הייזל. איך האָב געדאַנקט קאַנדראַטן פאַר ברענגען מיך נאָענט צום ציל. איך לאָז זיך גלייך גיין. „וואו וועסטו זיך איינער אַליין אין דער פינצטער זיך אַרומבלאָנקען? וועסט איבערנעכטיקן ביי אונדז און מאָרגן וועסטו גיין".

מיטאַמאָל שיינט אויף אַ ליכט אין די קליינע שויבן. קאַנדראַט הוסט און קוויקט זיך אויף אַ קול. איך העלף קאַקנדראַטן אויסשפּאַנען די פערד. ער לויבט מיך און מיט אַ פריילעך קול זאָגט ער: „דאָס ליכט מיינט, אַז די וועטשערע וואַרט אויף אונדז".

„קאַנדראַט גייט פאַר מיר. נאָך אין פאַרהייזל, איידער ער עפנט די טיר, ווער איך דורכגענומען מיטן ריח פון אַ הייס־געקאָכטן באָרשטש. פון הונגער קלעמט מיר אין האַרצן. דער פּויער עפנט די טיר. אַ יונגע פּויערטע ביים פּריפּעטשעק, מיטן פּנים צום אָפענעם אויוון. זי דערהערט פרעמדע טריט. זי קוקט זיך אום מיט שטילע קאַרע אויגן און קאַנדראַט שטעלט מיך פאָר פאַר איר. „זשידאַק, סטודענט".

„גוטן אָוונט" — גריס איך זיך אין מיין בעסטן רוסישן אַקצענט און איך פיל, איך האָב אויסגענומען. די סאָוועטישע רעגירונג האָט שוין אָפיציעל אנערקענט די אוקריינער שפּראַך, אָבער איך ווייס, אַז רוסיש איז זיי גע־שמאַקער...

„— און איך הייס מאַריאַ, איר?"

„— יאַקאָוו" — האָב איך געזאָגט.

„ווי קען אַ ייד האָבן אַ רוסישן נאָמען?" — וואונדערט זיך מאַריאַ. גיי, דערצייל איר אַ מעשה. זי באַטראַכט מיך מיט אַ רחמנות פּנים. איך זע איר אויס זייער הונגעריק.

„קאַנדראַט שמייכלט אין דער ברייט און ער שטעלט זיך פאָר: „און איך בין הונגעריק".

„איך קוק זיך אַרום. איך זע די בילדער פון די קריסטלעכע הייליקע. איך טו אויס מיין קאַשקעט. איך בין גרייט וואַשן די הענט, אָבער אַז דער באַלעבאָס טוט עס ניט, זעץ איך זיך צום טיש. מיטאַמאָל דערזע איך אויף דער לעזשאַנקע צוויי מעשענע לייכטער אויף אַ מעשן טעצל. מאריא באַמערקט מיין דערשטוינטן בליק. זי כאַפּט די רויב, טולעט עס צום האַרצן, עפנט די טיר און באַהאַלט זיך ערגעץ. קאַנדראַט שמייכלט צו מיר און ווינקט אַפילו צו מיט איין אויג.

„— נעם, עס — זאָגט ער. איך האָב קיינעם ניט געהרגעט. דאָ איז געווען אַ גוטער ערלעכער ייד, נחום קאזשינקער, מיט זיינע טייערע צוויי זין, מאשקא און בערקא, געזונטע, שטאַרקע יונגען. האָבן באַנדיטן זיי געטויט. אונדזערע מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער יידישער שטוב נעמען. איך האָב גענומען די לייכטער.

„מאריא האָט זיך באַוויזן און בריהש אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע שיסל הייסן באָרשטש.

„קאַנדראַט האָט זיך איבערגעצלמט. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? האָב איך געפּליסטערט דעם המוציא. פרעגט מיך דער פויער ווי אַזוי האָב איך געבענטשט דאָס הייליקע ברויט. זעץ איך איבער דעם המוציא אויף רוסיש.

„— האָסט געהערט ווי יידן מאַליען זיך?"

„— איך האָב קיינמאָל דערפון ניט געהערט, אָבער עס איז שיין". — מאריא באַטראַכט מיך און פרעגט: — „איר זענט אַזוי יונג! איר האָט אַ ווייב?"

„ניין — זאָג איך — איך האָב אפילו קיין כלה ניט".

„שמייכלט מאריא מיט אַ ליכטיקן שמייכל. זי טוט אַ כאַפּ אַרויס דעם פּאַלאַנעק פון מיין האַנט און לאָזט זיך גיך אין קאַמער אַריין.

זאָגט קאַנדראַט: באַבסקע זאַכענישן" כאַ כאַ כאַ . . .

מאריא קומט אַריין און זאָגט: „ניט קיין ווייב, ניט קיין כלה, זענט איר אַ נייאינקער פּאַלאַנעק. איך דאַנק איר. קאַנדראַט צעלאַכט זיך.

איך שטיל מיין הונגער, אָבער ניט מיין צערודערונג. איך קוק אַריין אין דער טיפער ערדערנער געגלייזטער שיסל און מאַך אפילו צו מיינע אויגן. קאַנדראַט שמייכלט און זיין וואונק מיט איין אויג, קען איך ביז היינט ניט פאַרגעסן. אַזאַ וואַרעמע פריינטשאַפט און ראַבעווען דאָס ביסל אָרעמקייט וואָס איז געבליבן פון נחומען און זיינע זין. די איבערקלערענישן מאַטערט מיך נאָך מער. זאָגט מיר נאָכן עסן דער פויער:

„— דו וועסט שלאָפן אויפן אויוון, ווייל דו האָסט ניט ווער עס זאָל דיך אַנוואַרעמען . . . ער ווינקט שוין ווידער, צעלאַכט זיך און פאַרהוסט זיך. מאריאס בלייכע באַקן רויטלען זיך און זי בעט זיך ביים מאַן „גאָט איז מיט דיר! שעם זיך!".

* * *

דער אויוון איז געווען וואַרעם, איך בין געווען זאַט, אָבער עס האָט מיר לאַנג גענומען ביז איך האָב דערפילט אַז דער שלאָף נעמט מיך.

„קאַנדראַט האָט געהוסט און געכראָפּעט. ביסלעכווייז האָבן זיך די

קלאַנגגען דערוווייטערט. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און דערהערט דעם פויערס בייזערן זיך.

„— ווּעסט אויפוועקן דעם סטודענט" — האָט מאַריא געבעטן דעם מאַן.

„— נעכטן זיך געשלעפּט אין שטאָט, און היינט גריזעווען צוקער צום וואקזאַל" — אויף גיך האָט ער אַ בורטשע געטאָן די עטלעכע ווערטער, מיט אַ קנאַק פאַרהאַקט די טיר און אַרויס פון שטוב. איך האָב געקענט די פויערים. פון געזעגענען זיך מיט דער ווייב צי באַגריסן זיך מיט איר ביים קומען פון ערגעץ, איז פאַר מיר ניט געווען ניי. פאַרוואָס איך האָב געוואָלט הערן קאַנדראַטן זאָגן דער ווייב „זיי געזונט", ווייס איך ניט. איך האָב געהערט דעם פויער אַרויספאָרן.

„מאַריא האָט אויסגעראַמט דאָס געלעגער פֿון דער ערד. איך האָב איינגעדרימלט און זיך אויפגעכאַפּט אַ פאַרשעמטער. דורך די קליינע פענצטער האָט אַריינגעשיינט אַ גרויסע זון. איך האָב זיך אַ גליטש געטאָן אַראָפּ פונעם אויוון און דערהערט מאַריאס וויכע שטים:

„— וואוהין איילט איר זיך, סטודענט? ליגט נאָך אַ קאַפּעלע, דרעכעט זיך אויס".

— גוט מאָרגן, מאַריא — האָב איך זי באַגריסט. האָט זי מיר געענטפערט: „גיב גאָט אַ געזונטעניו. ווי איז זיך געשלאָפן?"

„איך האָב געלויבט דאָס געלעגער, און דעם באַרשטש.

„— איר שפּאַסט, סטודענט — האָט זי געזאָגט און צוגעבויגן איר קאָפּ צום לינקן אַקסל. איך האָב דערזען, אַז זי האָט אַרום איר קאָפּ אַ בייער קאָפּטוך, פון גרינעם קאָליר, מיט צווייגעלעך רויטע ווינשל אַרום ביי די זייטן.

„זאָל זיין, מאַריא וויל מיר געפעלן? איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר מיינע געדאַנקען. איך בין אַרויס אין דרויסן. מאַריא האָט מיך ניט פאַרהאַלטן.

איך בין אַריינגעקומען. מיין פעלצל איז געלעגן אויף דער לעזשאַנקע. מאַריא האָט מיר נאָכגעקוקט.

* — איר איילט זיך ערגעץ? — האָט זי מיך געפרעגט.

„— ניין, באַלעבאָסטע, איר האָט מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענעם, מיר געגעבן עסן צוזאָט. פאַראַ אי טשעסט זנאַט (צייט דרך ארץ צו האָבן און אייך לאָזן צורו).

„— איר זענט אַזוי יונג און איר רעדט אַזוי שיין. און אונדזער שפּייז האָט איר געגעסן. קיין ייד האָט אַפילו אַ שטיקל ברויט ניט פאַרזוכט. איר זענט דאָך ווי אַ אונזעריקער.

„איך האָב זיך פאַרנויגט און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. מאַריא האָט געזאָגט:

„— גייט איר אַוועק, בלייב איך אַליין".

„— איר האָט דאָך אַ מאַן" — האָב איך געזאָגט.

„— אַ לויב צו גאָט, אָבער שוין פינף יאָר נאָך דער חתונה, און קיין קינדעלע קומט ניט, מיין גאָט, עס קומט ניט! דער מאַן הוסט און מיר גייט נאָך אַ גרויסע בענקשאַפט נאָך אַ קינד!"

„ — איך זע, איר זענט זייער נייגעריק צו וויסן, וואָס ווייטער איז געשען. וואָס דענקט איר. איז טאַקע געשען? באַטראַכט זיך — האָט ער אונדז געזאָגט, קוקנדיק אויף ברכהן. אָבער עס איז גאָרניט געשען. מיר האָבן גע־לערנט אין דער זעלבער גימנאַזיע. איך האָב איר ניט געשוואוירן, אַז אייביק וועט זי זיין מיינע. יאָ, זי איז געווען שיין, אָבער אין דער גימנאַזיע זענען געווען נאָך שיינע מיידלעך, און חוץ דער גימנאַזיע נאָך, אירע ערנסטע אויגן זענען מיר נאָכגעגאַ׳ן און ניט דערלאָזט מיך צו דערנעענטערן זיך צו אַן אַנדער מיידל. איך בין אַרויס אין גאַס און זיך געלאָזט גיין. איך האָב גע־וואוסט אַז מאריא קוקט מיר נאָך„ אומקוקן זיך, האָב איך מורא געהאַט, איך וועל ניט קענען ביישטיין דעם נסיון, אָבער אָפּשטעלן זיך, האָב איך געוואַגט.

„געשטאַנען ביי אַ מינוט און אויף רוסיש זיך אַליין באַפוילן „שאַגאָם מאַרש״! און מיט ברייטע שפּאַן אַוועק מיין וועג.

פירא האָט דאָך געזען ווי דאָס אַלטע צעקנייטשטע פּנים ברכהס שיינט, זי האָט מיך ביז ווייטיק אַ קניפּ געטאָן.

* * *

איך ווייס ניט ווי פירע האָט געפילט וועגן דזשעקן. איך האָב דערוואָרט אַן אַנדער סוף. דזשעק האָט אויסגעזען אַזוי אָפן און הערלעך, אַז אים ניט גלויבן האָט מען ניט געקענט. נאָך אַ לאַנגער ווײַלע שווייגן, האָב איך געפרעגט, אבי פרעגן: „האָט אנדזי אייך אָפּגעגעבן דאָס זילבער?״ דזשעק האָט ביטער געשמייכלט. ניין, האָט ער געזאָגט, זי האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאָר אויגן אַז איך בין אין שרעק אַרויס אין דרויסן. ס׳האָט מיר דערמאנט אין קאנדראטס וואונק צו מיר וועגן נחום קאזשינקערס צוגערויבטע לייכטער.

# שפרה

דאָס וואָרט „קאַר" האָט זיך אַזוי איינגעבירגערט אין אונדזער יידיש, אַז עס קלינגט מיר היימישער ווי אויטאָ, און דערביי וועל איך איבערדער־ציילן אַ זאַג וואָס איך האָב געהערט פון אַן אוקריינער אין אונדזער אַמעריקע: „דאוו מעני באַג קארו" (גאָט האָט מיר געגעבן אַ שטראָף). עס איז אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַן איינשטעלעניש צו „טרייבן" אַ קאַר, דערפאַר ווערט איר אָבער באַלוינט מיט אַ פאַרגעניגן וואָס נאָר אייגנטימער פון קאַרס קאָנען זיך פאַרגינען.

דאָס פאָרן אין שטאָט, אויב אַפילו דורך שיינע גאַסן, איז אַן אָנשטרענ־גונג. פאָרט איר אָבער אַרויס אין פעלד און דער ברייטער, געפלאַסטערטער וועג טוט זיך אַ שפּרייט אויס פאַר אייערע אויגן, שלאָגט אויף אייער האַרץ ווי ביי אַ באַפרייטן פון אַ געפענגעניש; דער מאָטאָר ציטערט אויף מיט אייער פאַרלאַנג, דער שטאָלענער קערפּער פון דער קאַר וויברירט אויף, און איר — מיט אים.

קאַרס פאָרן הינטער אייך, קעגן אייך, פאַר אייך, לויפן מיט אויף דער דערבייאיקער ליניע. איר האָט אפשר חשק זיך יאָגן און איבעריאָגן. ניט איך. איך זע דעם הויכן הימל איבער מיר און די ערד וואָס לויפט צוריק און אַ געדריי. איך שטעל אָן מיין ראַדיאָ און הער זיך איין צו אַ סימפאָנישן אָרקעסטער. אין איין זייט, ווייט פאַר מיר שווימט אויף די טונקעלע זוים פון אַ וואַלד און רעכטס קוקן אַרויס פון טאָל הייזער ווי אַנגעוואָרפענע אויף הפקר. עס איז זיך שווער פאַרצושטעלן, אַז דאָרט זענען פאַראַן גאַסן אוןביימער און אפשר אויך בלומען. עס איז אַ באַקאַנט שטעטל און איך בין מער ווי איין מאָל עס דורכגעפאָרן.

אָט ווייזט זיך אַ פּוסגייער. איך וואָלט אים גערן אונטערגעפירט. האָב איך מורא: ווער ווייסט, אפשר אַ פאַרברעכער? און איך האָב געשוואוירן מיין פרוי, אַז איך וועל קיין פוסגייער ניט אַריינעמען. האַלט איך וואָרט. איך זע ווי דער פוסגייער שטעלט זיך אָפּ, קוקט און פאַרקוקט צו מיר. ער גיט מיר אַ צייכן... איך זע אים ניט. ווי שווער! איך האָב אים אַזוי געוואָלט העלפן!... אַמאָל יאָג איך אַן צוויי פוסגייער און אויך זיי מייד איך אויס: אַ וואָרט איז וואָרט...

איך לעש אויס די ראַדיאָ, די מוזיק גייט מיר מער ניט אָן: ניט געקענט העלפן, דאַרף מען ניט קיין קונסט. עס ווערט מיר אָבער אומעטיק און איך שטעל ווידער אָן די ראַדיאָ. דער וואַלד ביי דער זייט רוקט זיך צוריק און פאַרשווינדט. דאָס שטעטל זע איך מער ניט. עס שפרינגט אויף אַ קוימען פון אַ פאַבריק און מיר ווייזט זיך אויס, ער נויגט זיך פאַר מיר, נויגט זיך און וואַקסט העכער און העכער.

אַלץ וואָס איך זע איז מיר שוין פון פריער באַקאַנט, מחמת איך פאָר שוין דאָ אַרום עטלעכע חדשים צום שטעטעלע וואו איך בין דער לערער פון אַ יידישער שול. איך ווייס שוין אַז נאָכן קוימען פון דער פאַבריק וועט אין טאָל לינקס זיך אַ ווייז טאָן דער יונגער וואַלד. דאָרט וועל איך אַריינפאָרן. דאָס טאָג־ליכט וועט מיט איין מאָל פאַרטונקלט ווערן. עס וועלן שאָרכן

בלעטער און עס וועט זיך הערן דער סקריפּ פון אַ טרוקענער צווייג. זומער־צייט וועלן דאָ שמעקן וואַלד־בלומען און פון דער פייכטער ערד וועט זיך צו מיר דערטראָגן דער ריח פון שימל. אין האַרבסט, געדענק איך, זיינען אויף מיין קאַר געפאַלן רעגנס פון פאַרגעלטע און פאַרברוינטע בלעטער. ווינטער האָבן די ביימער אויסגעקוקט פרעמד און פאַרלאָזן, ניט צו דערקענען. די שטאַמען און די צווייגן זענען געווען שוואַרצלעך און עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געשטאַנען אין טרויער.

איצט איז סוף זומער. איך בין געבליבן אויף מיין לערער שטעלע נאָך אַ יאָר. איך זאָרג זיך מער ניט, וואו איך וועל מגולגל ווערן אויף איבעראַיאָר.

נו, גוט. פאַר איך מיר. איר ווייסט דאָך שוין, אַז קיין פוסגייער פיר איך ניט אונטער. וואָס טוט מען אָבער, אַז מע זעט אַ מענטשן לעבן זיין קאַר, די קאַר מיט אַן אָפּן „מויל", און דער מענטש — מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט? פאַרשטיי איך דאָך, אַז ער דאַרף הילף. איך זע ווי דער מענטש הערט ניט אויף צו הויבן זיין האַנט, און די מענטשן אין די קאַרס הערן ניט אויף אים פאַרבייצושוועבן.

אַזוי אַרום האָב איך שוין מער ווי איין מאָל געהאָלפן אַ געשטראַנדעטן. דערביי, אָ גאָט, זיי מיר מוחל! — ברענט אין מיר שטענדיק דער פאַרלאַנג צו הערן אַ מעשה, ניט קיין אויסגעקלערטע — כאָטש דאָס איז אויך ניט שלעכט... — נאָר אַווירקלעכע.

וואָס זאָל איך אייך ברייען? אַ שיינע מעשה און נאָך אַן אמתע דערצו, איז אַזוי שווער צו געפינען, ווי שווער און זעלטן עס זענען שיינע און גוטע זאַכן בכלל. אָ, וויפל מאָל איך האָב זיך שוין געגאַרט! אָבער איך האָב ניט אויפגעגעבן, ביז גאָט האָט מיר באַשערט מיינס...

## קאַפּיטל איינס

עס איז געווען אַ וואָך פאַר ראש השנה. איך בין געפאָרן אין מיין שעווי, זיך איינגעהערט אין אַ סימפאָנישן אָרקעסטער און זיך איינגעקוקט אין דעם הימל איבער מיר: ער האָט מיר אויסגעזען פאַרדעכטיק לויטער. אַזוי אויך האָב איך געפילט אַן אָנזאָג אויף אומרו אין דער שטילער לופט. די גרינקייט אויף די ביימער ביים וועג איז פונעם פריען האַרבסט קוים באַרירט געוואָרן. דאָ און דאָרט האָבן זיך אין דער גרינקייט געזען צוגעברענטע און צוגעברוינטע בלעטער. זיי האָבן זיך קיין ריר ניט געטאָן און עס האָט מיר אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אויף עפּעס געוואַרט. אַזוי אומבאַוועגלעך זענען אויך געווען די הויכע, שיטערע גראָזן און שפּעט־זומערדיקע בלומען ביי דער זייט פון וועג.

מיטאַמאָל האָב איך דערפילט ווי די גאַנצע קאַר האָט אַ ציטער געטאָן און די צוויי גומענע וואַשערס איבער מיין פאָדערשטער שויב האָבן זיך אַ הויב און אַ ריס געטאָן פונעם גלאָז און צוריקגעפאַלן. איך האָב געזוכט אַן אָנקומענדיקן וואָלקן און ניט געפונען. פון אַ קאַר וואָס האָט מיך איבערגעיאָגט האָט אַ פונק זיך אַריינגעריסן צו מיר און אַ ברי געטאָן מיין האַנט. „העי!" האָב איך אויסגעשריגן און געזען ווי אין קאַר איז געזעסן אַ בערדיקער מאַן און געגרויכערט אַ גרויסן סיגאַר.

איך האָב זייער חשק געהאַט איבעריאָגן דעם מאַן און אים זאָגן וואָס אים קומט, אָבער דאָ האָב איך דערזען דאָס באַקאַנטע בילד — אַ מאַן לעבן אַ געשטראַנדעטער קאַר, מיט זיין אָרעם אין דער לופטן, און איטאָס וואָס שטעלן זיך ניט אָפּ. לאָמיך זען צי וועט דער פונקען שפּריצער זיך אָפּשטעלן... אויב יאָ, וועל איך אים מוחל זיין; אויב ניט?... ער האָט זיך ניט אָפּ־

געשטעלט, אַט דער... איך האָב אים גוט אָפּגעזידלט... אַ רשע, אַ רוצח, אַ פּייערמאַכער... וואָס האָב איך אים ניט געזאָגט!... ער האָט דאָך מיך ניט געהערט, האָב איך זיך געלאָזט וואוילגיין...

איך האָב זיך דערנענטערט צום שטייענדיקן מאַן מיטן אויפגעהויבענעם אָרעם, און נאָך איידער איך האָב זיך אָפּגעשטעלט הינטער זיין מאַשין, האָב איך אויף דעם אָרעם ביי אים דערזען דעם נומער וואָס די לעבנגעבליבענע יידן פון אונדזער גרעסטן חורבן האָבן געבראַכט מיט זיך פון די היטלער־לאַגערן. דער מאַן האָט אויסגעזען אין די טיפע דרייסיקער. די האָר אויף זיין היפּשן קאָפּ טונקל ברוין, קוים־קוים דורכגענומען מיט אַ גרויקייט, די טונקל־גרויע הויזן נעט אויסגעפּרעסט און דאָס אויבערהעמד האָט געבלאַנקט פון ווייסקייט. דער ווינט האָט געשויבערט זיינע האָר און דאָס ווייסע העמד האָט אויף אים געפלאַטערט.

ער איז צוגעקומען צו מיר און אין אַ שלעכטן ענגליש געבעטן הילף.

— איך בין אַ ייד — האָב איך געזאָגט און דערפילט ווי מיין קול ציטערט. איך האָב אַלעמען געהאָלפן, און ניט דווקא יידן, אָבער האָבן די זכיה צו העלפן אַ יידן וואָס קומט פון „דאָרטן”, מיטן צייכן וואָס די נאַציס האָבן געדאַרפט געווען אויסקריצן אויף זייערע שטערנס, זיי האָבן עס גאָר געטאָן צו אונדזער פאָלק — האָבן אַ געלעגנהייט צו העלפן אַ געראַטעוועטן יידן... וואָס זאָל איך זאָגן? מיינע געפילן קען איך ניט איבערגעבן און עס איז ניט נויטיק. וואָס פאַר אַ ווערט האָט מיין איבערלעבונג אין פאַרגלייך מיט די יסורים פון אַט דעם מענטשן?

— איר זענט אַ ייד? — האָט ער מיט אַ ניגון איבערגעפרעגט. זיינע טונקל בלויע אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ שמייכל. — אפשר זענט איר אויך אַ מעכאַניקער?

— צום באַדויערן — האָב איך געזאָגט. — וואָס איז, עפּעס אין מאָטאָר?

— איך ווייס אַליין ניט — האָט ער בייזלעך געענטפערט — געבליבן שטיין און רירט זיך ניט. אַ פּגירה...

איך האָב געוואוסט, אַז ביי אַ האַלב מייל פון דאַנען איז דאָ אַ גאַראַזש, האָב איך מיין יידן באַזעצט אין זיין קאַר און איך האָב אים צוגעשטופּט צום גאַראַזש. דאָרט האָט מען דעם מאַן געזאָגט, אַז דאָס וואָס עס פעלט דער קאַר, מוז מען פאָרן אין שטאָט איינקויפן. ער קען לאָזן די מאַשין דאָ, און מאָרגן וועט זי זיין פאַרטיק. „מאָרגן???!!” האָט ער אויסער זיך אויסגערופן. „מאָרגן”, איז געקומען אַ קאַלטער ענטפער.

— וואוהין פאָרט איר? — האָב איך דעם מענטשן געפרעגט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פאָרט אין דער זעלביקער שטאָט וואָס איך דאַרף אַדורך. איך האָב אים געפרעגט צי האָט ער גענוג געלט אויף אַ צימער אין אַ האָטעל.

— געלט? — האָט ער אַ לאַך געטאָן און אין זיין ברייטלעך מויל האָבן אויפגעגלאַנצט אייניקע גאָלדענע ציין. — געלט? — האָט ער ווידער איבער־געפרעגט און געווינטשעוועט — אַ לעבן אויף אַמעריקע! ניט צו פאַרזינדיקן, איך פאַרדין, ברוך השם, גענוג און שפּאָר נאָך אַ דאָלער.

— נו, אויב אַזוי, זייט זיך מטריח און זעצט זיך מיט מיר אין מיין שעווי, וועלן מיר פאָרן. — ער האָט מיך געפאָלגט און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

ער האָט ניט געוואַרט איך זאָל אים עפּעס זאָגן וועגן זיך. אין אייניקע מינוט האָט ער שוין געוואוסט וואָס איך טו און וואוהין איך פאָר, מיט וויפל קינדער איך לערן, וויפל טעג אַ וואָך איך אַרבעט און — וויפל שעה אַ טאָג...

אַט־אַט וועט ער מיך פרעגן וויפל איך פאַרדין... נאָך אײדער ער איז צוגעקומען צו מײנע פאַרדינסטן, האָב איך באַוויזן אַן אומגעדולדיקע מינע און אָפּגעקומען מיטן ענטפער „דאָס איז ניט וויכטיק". ער האָט פאַרשטאַנען מײן אַנצוהערעניש און מער ניט געפרעגט, נאָר מיך פון אַ זײט באַטראַכט און מיך קאָמפּלימענטירט פאַר מײן רײנעם ייִדיש. זײן ייִדיש איז שוין געווען אַזוי אַמעריקאַניזירט ניט צום דערקענען. ווען איך האָב אים אַ פרעג געטאָן הלמאַי ער רעדט מער ניט זײן פּוילישן ייִדיש, האָט ער געענטפערט: „איך בין אַן אַמעריקאַנער סיטיזען".

— איך אויך — האָב איך אים אין טאָן געענטפערט.

— נו — האָט ער געזאָגט — איר זענט דאָך אַ לערער און אפשר (מײן האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן...) אפשר גאָר אַ שרײבער, האַ?

איך האָב אים געלאָזט אָן אַ תשובה, און ניט אויסצוזען ביי אים ווי אַ יאָלד, האָב איך אויך ביי אים „אַ טאַפּ געטאָן אין וואָגן".

ער האָט מיר באַלד און גערן דערציילט:

— איך בין אַ דענטאַל מעקעניק. מײן ערשטע ווײב איז אומגעקומען. דאָ האָב איך חתונה געהאַט מיט אַן אַריבערגעקומענער מײדל און מיר האָבן ניט קײן קינדער. מײנע עלטערן, אײן ברודער און צוויי שוועסטער זענען אומגעבראַכט געוואָרן; צוויי ברידער זענען אין ישראל, מײן מאַמע איז דאָ, און איך...

ער האָט ניט דערזאָגט און איך האָב דערפילט, אַז עפּעס דריקט אים. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. „הויב שוין אָן רעדן" האָט מײן בליק זיך ביי אים געבעטן. ער האָט געשוויגן, געשוויגן און ענדלעך אָנגעהויבן:

— איר חידושט זיך וואָס איך האָב עפּעס ניט דערזאָגט. איך האָב מורא, איך וועל אָנהויבן, וועל איך ניט קענען אויפהערן: אַ שווער האַרץ רעדט אַ סך.

— רעדט, מײן פרײנט און זאָל אײך אײער האַרץ גרינג זײן — האָב איך אים דערמוטיקט אָן דערוואַרט, אַז ער וועט מיר דערציילן פון זײנע שרעקלעכע איבערלעבונגען. איך בין זיך מודה, איך האָב דאָס ניט געוואָלט: איך בין מיד געווען דערפון, מיד און קראַנק. די פּריוואַטע דערציילונגען, די חורבן ביכער און אונדזערע פּאָעטן וואָס הערן ניט אויף צו קלאָגן אין זײערע גוטע און שלעכטע לידער. וואָס נאָך קען דער מענטש מיטן נומער אויף זײן אָרעם מיר דערציילן? זאָל ער. איך וועל הערן און שווייגן.

— איר האָט שוין מסתמא גענוג זיך אָנגעהערט פון אונדזער גרויסן חורבן. ווייל איך מער דערפון ניט רעדן. — (אָ, ווי איך האָב אים געדאַנקט!)

— איך וועל אײך דערציילן פון מײנע איבערלעבונגען דאָ, שוין אין דעם לאַנד וואָס האָט מיר געגעבן אַ טײערע, פרײע הײם און אַ גוטע פּרנסה, אַ שײנע, ליבע פרוי און... מײן מאַמע. אוי, אַ מאַמע! איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ שוויגער זאָל אַזוי דערגײן די יאָרן אַ שנור. דאָס איז אפשר אומגלויבלעך, אָבער עס איז אמת, אַזוי ווי מיר האָבן הײנט מיטוואָך אויף גאָטס וועלט. ווען ניט מײן געטרײע מאַמע, וואָלט אפשר דערצו ניט געווען געקומען. איז זי דאָך אָבער אַ מאַמע און זי מײנט דאָך גוט... און זי האָט ווירקלעך געמײנט גוט...

„הערט־זשע, וועט איר הערן: עס איז אַ שײנע מעשה, מיט אַ פרײלעכן סוף. עס איז יאָ פרײלעך און ניט פרײלעך, און טאַקע אַביסל טרויעריק. ווי קאָן זײן אַ פרײלעכע מעשה מיט אַ טרויעריקן סוף? אָט דאָס איז עס דאָך! און איך קען ניט אַרויסקריכן דערפון.

„עס איז נאָר אַ פראַגע, צי האָט איר געדולד מיך אויסצוהערן.

— פאַרוואָס געדולד? — האָב איך אים איבערגעריסן — עס איז אַ פאַרגעניגן.

— וואָס מיינט איר „אַ פאַרגעניגן?" — האָט ער מיט פאַרדראָס געפרעגט.

— איך מיין, עס איז אַ פאַרגעניגן צו האָבן דאָס געפיל, אַז איך קען אייך פאַרגרינגערן אייער שווער האַרץ.

— עפּעס רעדט איר מיר שיר־ניט ווי אַ שרייבער — האָט ער מיך באַטראַכט און געזאָגט:

— נו, עס מאַכט ניט אויס. קוים האָב איך שוין אָנגעהויבן, וועל איך „גיין" ווייטער. איך האָב אין פּוילן אויך באַלאַנגט צו אַ פאַראיין און צו אַ קלוב, אָבער דאָ, ביי אייך אין אַמעריקע, ווילן אייך אַלע... מע צערייסט אייך ממש. באַלאַנגט, צי איר ווילט, צי איר קענט, איר דאַרפט ווערן אַ „מעמבער". בין איך געוואָרן אַ מעמבער אין איין סאָסייעטי, אין אַ צווייטער. אין איינער האָט מיין מאַמע באַלאַנגט און צוליב איר האָב איך זיך אָנגעשלאָסן. עלטערע מענטשן, האָב איך קיין אינטערעס דאָרט ניט געהאַט. וואָס מיר איז דאָרט יאָ געפעלן, איז — אייניקע אונטערנעמונגען וואו עס האָבן אויפגעטראָטן יידישע געלערנטע און שרייבער.

קאַפּיטל צוויי

„איינמאָל איז ביי דער מאַמעס געזעלשאַפט אויפגעטראָטן אַ שיין מיידל. זי האָט, ווי מע זאָגט דאָ, דעקלאַמירט לידער פון אברהם רייזען, ה. לייוויק און נאָך פון אַ פּאָעט וואָס איך געדענק ניט זיין נאָמען. איך האָב שוין געהערט פאַרלייענען. איך אַליין בין אין פּוילן אויפגעטראָטן... איך קען זינגען אַ חזניש שטיקעלע און איך דרימזשע אַביסל אויף דער פּיאַנאָ. גענומען האָט מיך דאָס מיידל ניט אַזוי מיט דער פּאָעזיע, ווי מיט איר בליק, מיט איר שמייכל און דער עיקר מיט איר היימישן, האַרציקן פּוילישן יידיש. זי האָט ניט געטראָגן די קורצע, אַמעריקאַנער קליידער. איר ווייסע בלוזע האָט שעמערירט איבערן גאַנצן זאַל און פון אונטערן לאַנגן, טונקעלן קלייד האָבן אַרויסגעקוקט, צוויי קליינע, ברוינע שיך. זי האָט געטאָן אַ שפּאַן אַוועק פון דער עסטראַדע און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי רירט ניט אָן דעם דיל מיט אירע טריט.

„דער עולם האָט אַפּלאָדירט. איך בין געווען געפּלעפּט. מיין מאַמע האָט זיך אַזש אויפגעשטעלט, אַזוי שטאַרק האָט זי געפּליעסקעט. זי האָט מיך אַ טאַרע געטאָן: „וואָס איז דער מער, מיין זון?" האָט זי געפרעגט. זי האָט מיך באַטראַכט און זיך צעלאַכט. זי האָט זיך צוריקגעזעצט און מיך אַ שטורכע געטאָן מיטן עלנבויגן.

„ווילסט זיך באַקענען? — האָט זי געפרעגט.

„איך האָב איר ניט געענטפערט, בין צוגעגאַנגען צו דער שטול וואו די מיידל איז געזעסן און געזאָגט אויף ענגליש: „קאָנגרעטולעישאָן!"

„זי האָט אַ נויג געטאָן דעם קאָפּ מיט די געדיכטע ברוינע קרוילן און געענטפערט: „איך דאַנק אייך זייער". דאָס דריטע וואָרט האָט זי אַרויסגערעדט אַזוי פּויליש יידיש וואָס פּוילישער קען ניט זיין.

„איך בין, ווי זאָגט מען, געשטאַנען אין שידוכים און זיך ניט געקענט צוקלייבן. פרעגט ניט פאַרוואָס. קיינע פון די מיידלעך און ווייבלעך וואָס מע האָט מיר „גערעדט" איז מיר ניט געווען צום האַרצן. איינע איז געווען צו פּראַקטיש, אַן אַנדערע פלאַך, אַ דריטע נאַריש, אַ פערטע — ביליק. דאָ בין

איך באַרוישט געוואָרן פונעם ערשטן בליק. עס האָט זיך ביי אַ צווייטער באַגעגעניש אַרויסגעוויזן, אַז די מיידל אַרבעט און לערנט. זי גרייט זיך צו פאַרענדיקן מיטל־שול און שפּעטער אפשר אויך אַריין אין קאָלעדזש. דאָס אַלץ האָט זי מיר דערציילט אַזוי פּשוט און נאַטירלעך ווי דאָס וואָלט געווען אויך מיין אויפגאַבע.

„— איר לערנט? — האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן.

„איך בין רויט געוואָרן און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

„זי האָט מיך דערמוטיקט מיט איר בליק, ווי זי וואָלט מיך געטרייסט און געזאָגט:

„— איר מוזט אַוודאי שטאַרק זיין פאַרנומען מיט אַרבעט אויף פּאַנוסיע (פּרנסה) פאַר ווייב און קינדער. פּאַנוסיע איז אַ גרויסע זאַך. עס איז אפשר אַזוי וויכטיק ווי לערנען.

„דאָ האָב איך געדאַרפט זאָגן, אַז איך בין ניט פאַרהייראַט, אָבער עס האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון. אירע שיינע, גרויסע, ברוינע אויגן האָבן מיך דורכגענומען. האָט זי פאַרשטאַנען? ווער ווייסט? וואָס בין איך איר אָנגעגאַנגען? מיט אַזאַ פּנים ווי זי האָט און מיט אַזאַ אינטעליגענץ, קערן איר אַלע בחורים נאָכלויפן.

„יאָ, איך האָב געשוויגן און געוואַרט.

„איר וועט מסתמא לאַכן פון מיר — זיך פאַרליבט פונעם ערשטן בליק... ניין, ניט פאַרליבט זיך, נאָר זיך פאַראינטערעסירט: איך האָב אין דער מיידל דערזען מעלות וואָס איך האָב ביי אַנדערע פרויען ניט געפונען. איך בין געקומען אַהיים און איך אָנטאָן זיך אויסגעצויגן אויף מיין געלעגער. די מאַמע איז אַריינגעקומען און זי האָט גאָרניט מאַמיש געשמייכלט... איך האָב עס ניט געקענט פאַרליידן.

„— מאַמע, האָב איך געבעטן, לאָז מיך צורו!

מיטן זעלביקן עכט־ווייבערשן שמייכל האָט מיך די מאַמע געוואָרנט, איך זאָל זיך ניט איילן. ראשית דאַרף מען אויסגעפינען, צי זי איז פריי און ערשט נאָכדעם „אויסגיין" מיט איר כאָטש אַ יאָר צייט. אפשר איז זי, חלילה, אַן אומלייט. צוביסלעך איז דער ניט־אָנגענעמער שמייכל אַראָפּ פון מיין מאַמעס פּנים. איך האָב דערפילט זאָרג אין איר קול און איך האָב זי באַ־רואיקט: „איך לויף נאָך ניט, מאַמע".

„אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט די זעלביקע געזעלשאַפט ווידער פאַר־בעטן די מיידל דעקלאַמירן. זי האָט אירע קליידער ניט געביטן און האָט אויסגעזען פּינקטלעך אַזוי ווי ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען. דאָ איז מיר איבערגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז בכיוון איז זי אויך היינט געקומען אין די אייגענע קליידער, ווייל זי איז אין זיי געפעלן אַ מאַן... אָבער ווער איז ער? איך האָב נאָכגעקוקט, נאָכגעשפּירט. אַלע, מערסטנס עלטערע מענטשן, האָבן אויף איר געקוקט פאַרליבט ווי אויף אַ געראָטן קינד. אַ געדאַנק האָט מיך איינגאַנצן דורכגענומען: אפשר האָט זי זיך אַזוי אָנגעטאָן צוליב מיר? צוליב מיר???!!

„איך האָב זי נאָכן לייענען ווידער באַגריסט און זי האָט מיר דערלאַנגט איר קליינע, מיידלשע האַנט, אָן אַ פינגערל. זי האָט געזאָגט: „אָ, מיין פאַר־הערער?" „יאָ", האָב איך געוואַגט אָן ענטפער אָפּ געטאָן, ווי איינער וואָס לאָזט זיך אַריבערשפּרינגען אַ גרוב — אַריינפאַלן, נאָר ניט שטיין בלייבן!

„— יאָ, אייער פאַרערער און... וואָס טוט איר היינט אָוונט? אַזוי רעדט מען דאָך אָפּ אין אַמעריקע צו טרעפן זיך מיט אַ פרוי, ניין?

„דערוואַרט האָב איך אַ גאָב און נאָך אפשר אַ שפּאַטיש געלעכטער, אָבער דאָס מיידל האָט זיך איינגעקוקט אין מיר. איך האָב אַוודאי אויסגעזען פאַרלאָרן. זי האָט מיך באַטראַכט ווי זי וואָלט געווען מיין עלטערע שוועסטער און שטיל געזאָגט:

„— איך האָב געמיינט, איר זענט אַ פאַרהייראַטער.

„— און פון וואַנען ווייסט איר אַז ניט? — האָב איך שוין געוואַגט.

„— איך ווייס טאַקע ניט, אָבער איך האָב צוטרוי צו אייך.

„איך האָב דערפילט בליקן פון אַלע זייטן און געוואָרנט דאָס מיידל. זי האָט מיך באַרואיקט און געזאָגט, אַז היינט אָוונט קען זי זיך מיט מיר ניט טרעפן, ווייל עס איז שוין שפּעט. איך קען זי רופן אַן אָוונט ווען זי האָט ניט קיין אונטערנעמונג. זי האָט פון איר בייטל אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און אָנגעשריבן איר נאָמען און איר אַדרעס. איך האָב דאָס אַריינגעלייגט אין קעשענע און זיך קוים באַהערשט ניט צוצופאַלן דערצו מיט מיינע ליפּן.

„די מאַמע האָט מיך ווידער געוואָרנט. איך האָב זי פאַרשטאַנען, אָבער איך האָב זי ניט געפאָלגט. הערט וואָס ווייטער איז געשען.

„איך האָב דער מיידל, שפרה האָט זי געהייסן, דאָס ערשטע דערציילט אַז איך בין געווען פאַרהייראַט און וואָס פון מיין פאַמיליע איז געוואָרן. דערביי האָב איך זי אַ פרעג געטאָן, ווי קומט עס, וואָס זי אַזאַ שיינע, גערעטענע און געבילדעטע זאָל נאָך ניט זיין פאַרהייראַט?

„— פון וואַנען ווייסט איר אַז ניט? — האָט זי מיך געפרעגט און געקוקט אויף מיר מיט אירע גרויסע, ברוינע, לאַכנדיקע אויגן. איך האָב זיך דערשראָקן און שפרה האָט זיך צעלאַכט און מיך פאַרזיכערט, אַז זי איז אינ־גאַנצן פריי. איי, פאַרוואָס אַזוי און אַזוי? דער איז גראָב, יענער האָט ליב דעם טרונק און אַ דריטער וויל נאָר וויסן וויפל געלט זי האָט אָפּגעשפּאָרט... איר פאַרשטייט? זי איז דאָך געווען אין מ י י ן לאַגע! אַלץ האָט ביי אונדז געשטימט. דער איינציקער שטער איז געווען, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, וואָס איך בין געווען עלטער פון איר מיט ניין יאָר. און וויסן זאָלט איר, אַז זי האָט מיך ניט געפרעגט, צי איך אַרבעט און צי האָב איך אַן אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל.

קאַפּיטל דריי

מיין דערציילער האָט מיך אָנגעקוקט צו זען מיין באַוואונדערונג פון דעם צופאַל. איך האָב אים צוליב געטאָן און געזאָגט: „ס'איז צו שטוינען".

מיר האָבן זיך דערנענטערט צום וואַלד. איך האָב אויסגענוצט דעם מאָמענט וואָס מיין פּאַסאַזשיר איז אַנטשוויגן געוואָרן און איך האָב געפרעגט:

— לאָמיך וויסן מיט וועמען איך פאַרברענג?

— דאָ — האָט ער גערן געענטפערט — הייס איך בענדזשי; אין דער היים האָט מען מיך גערופן ביומטשיק. איך הייס נאָך מיין זיידן בנימין...

— און ער האָט זיך ניט געפוילט און מיר דערלאַנגט זיין יחוס בריוו. איך האָב געמיינט, ער וועט זיך ניט אומקערן צו זיין ראָמאַנס, אָבער ער האָט ניט פאַרזאַמט און פאָרגעזעצט. דערביי האָט ער אַ פרעג געטאָן: „וואו האַלטן מיר?" און באַלד אָנגעגאַנגען.

מיר זענען אַריין אין וואַלד. דער וועג איז דאָ געווען שמאָל און ניט גלאַט. מיין שעווי האָט זיך שטאַרק געשאָקלט און מיר זענען זיצנדיק אונטער־געשפּרונגען. אַ פויגל האָט זיך שטומערהייט אָפּגעריסן פון אַ בוים און מיט צעשפּרייטע פליגל געבליבן הענגען אין דער לופטן. אין דער טונקלקייט האָב איך זיין קאָליר ניט געקענט זען.

— יאָ, מיין פריינט — האָט בענדזשי פאַרגעזעצט. — ווי זאָגט איר: „צו שטוינען", און איך וואָלט געזאָגט „געפּלעפט"... ביי אונדזער דריטער באַגעגעניש אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן אַפילו ליב די זעלביקע מאכלים. עס איז עפּעס אַיסגעקומען אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען פון איין משפחה און געוואַקסן אין איין הויז. יעדער מאָל וואָס מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט אונדזערע געשמאַקן און באַציאונגען צו מענטשן, האָבן מיר זיך אַזוי צעלאַכט, אַז מע האָט אונדז געבעטן צו פאַרלאָזן דאָס לייענצימער. מיר זענען אַוועק אין דעם דערבייאיקן סקווער און דאָרט זיך געלאָזט וואוילגיין אין רעדן און זיך דערמאָנען די היים אונדזערע, אידער זי איז חרוב געוואָרן. קיין נומער אויפן אָרעם האָט זי ניט געהאַט און זי האָט מיר דערציילט, אַז איר אומגעקומענער ברודער האָט זי, אַ קינד, אין די ערשטע חדשים פון צווייטן וועלט־קריג אַריבערגעשיקט קיין ענגלאַנד.

„שפרה האָט ווייטער דערציילט, אַז זי איז דעמאָלט אַלט געווען זיבן יאָר. אין לאָנדאָן האָט זי געוואוינט ביי גוטע מענטשן ביז זי איז אַלט געוואָרן זעכצן יאָר. דער האַיאַס האָט זי אַריבערגעבראַכט אַהער צו אַן אָנקל, אַ גוטן און אַ פרומען. זי איז אויסגעוואַקסן אַ גוטע יידישע טאָכטער. זי באַלאַנגט דאָ צו די הבונים און זי טרעט אויף, ווי איך ווייס שוין, ביי די פּיאָנערן פרויען.

„— זענט איר, הייסט עס, אַ ציוניסטין?" — האָב איך געפרעגט.

„— מיטן גאַנצן האַרצן!" — האָט זי געענטפערט. מיך האָט זי ניט געפרעגט וועגן מיין אידעאָלאָגיע און איך בין געווען צופרידן, מחמת איך בין געווען דורכאויס סאָציאַליסט און איך האָב געטראָגן אַ האַרץ אויף מיינע חברים, וואָס האָבן פאַרראַטן זייער אידעאַל און אומגעלאָפן צו פאַרקויפן ישראל באָנדס.

„איר פאַרשטייט? אַפילו איר פאַרשווייגן און זיך ניט דערפרעגן ביי מיר האָט מיך אַזוי באַרוישט, אַז איך האָב שוין דאָרט, זיצנדיק מיט שפרהן אויף דער באַנק, באַשלאָסן, זי איז מיינע.

„און זי איז גאָר אין גיכן ווירקלעך געוואָרן מיינע. צו מיין גליק איז קיין שיר ניט געווען, אָבער עס זעט אויס, אַז עס איז מיר ניט באַשערט געווען הנאה צו האָבן פון מיין שפרהן. אין אַלץ האָט זי מיר צוליב געטאָן, נאָר איין זאַך האָב איך ביי איר ניט געקענט פועלן — זי זאָל זיך אויפהערן צו קהלן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן דאָס הויז.

„מיין מאַמע האָט מיר אָנגעהויבן דערמאָנען וועגן נחת. זי האָט געוואָלט אַן אייניקל, און איך האָב טאַקע געוואָלט אַ קינד. מיט מיין ערשטער ווייב האָב איך ניט געהאַט ווען צו דערלעבן אַ נייעם דור: זעקס חדשים נאָך דער חתונה איז זי אַוועק מיטן פייער. אָבער איצט, אין דעם שיינעם און פרייען לאַנד — ווער בין איך און וואָס וועט פון מיר ווערן? איך עלטער זיך. מיינע האָר הויבן אָן גרוי צו ווערן.

„איך האָב אַ רעד געטאָן מיט שפרהן. זי האָט האַרציק געלאַכט, מיך געקושט און זיך געבעטן ביי מיר ניט צו פאַרלירן די האָפענונג. מיט אַ פרומער מינע און מיט אַ תחינה־טאָן, וואָס איז מיר געווען דערווידער, האָט זי אַ זאָג געטאָן: „עס איז נאָך דערווייל ניט באַשערט".

„פאַר דער חתונה האָט זי געאַרבעט בייטאָג און אין די אָוונטן געלערנט, און איצט האָט זי אירע בייטאָגן אַוועקגעגעבן די פּיאָנערן פרויען, וואָס האָבן געהאַט עטלעכע אָפּטיילונגען אין שטאָט. אויף אַלע פאַרזאַמלונגען איז זי געלאָפן.

„מיין מאַמע פלעגט באַלד נאָך דער חתונה קומען צו אונדז. זי האָט זייער ליב געהאַט שפּרהס לידער, די געזונגענע און די דעקלאַמירטע. איך האָב צוגעשפּילט אויף דער פּיאַנאָ, און — פרעגט ניט — עס איז געווען כולו יום טוב. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ יאָר און צוויי, ביז איך האָב אויסגעדריקט מיין וואונטש. מיין מאַמע, האָב איך פאַרשטאַנען, האָט וועגן דעם געהאַט אַן איבעררייד מיט דער שנור, און זי איז אַרויס ניט ווינסדיק. האָט זי מיר אונטערגעגעבן „כעך" איך זאָל זיך „נעמען צו איר". דאָס האָט מיך פאַרדראָסן, און איך האָב געבעטן די מאַמע זי זאָל זיך ניט מישן. איך וועל אַליין פועלן ביי שפּרהן.

„— יאָ, — געדענק איך — האָט די מאַמע מיר מיט חוזק אָפּגעענט־פערט — פאַר אַזאַ מאַנסביל ווי דו, וועט זי זיך טאַקע איבערשרעקן... אָט־טאָ־טאָ...

„דאָס איז שוין געווען אַן אַרויסרוף צו מיר. די מאַמע האָט גאָר אין גיכן געמאַכט פון מיר אַ „מאַנסביל..." איך האָב אַ רעד געטאָן שטרענג מיט שפּרהן.

„אוי, איך וואָלט נאָר געוואָלט איר זאָלט געווען זיין דערביי! פון מיין הויכן, בייזן טאָן האָט זיך שפּרהס פנים פאַרענדערט. אירע שיינע באַקן האָבן זיך אויסגעבלייכט; די גרויסע, ברוינע אויגן זענען טונקל געוואָרן. איר מויל האָט זיך אַן עפן געטאָן און זי האָט קיין איינציק ניט געזאָגט. זי האָט געהאַלטן אין לייענען אַ בוך. עס איז אַרויסגעפאַלן פון אירע הענט און ליגן געבליבן ביי אירע פיס. שטיל, קוים צו דערהערן, האָט זי שווער אַרויסגערעדט:

„— זאָלסט מער אויף מיר ניט שרייען. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ביז יענעם מאָמענט האָט זי פון מיר געהערט ווערטער בלויז פון ליבע און באַוואונדערונג. איר שטאָלצער בליק, איר ווירדיקער טאָן האָבן מיך, ווי וואָלט מיין מאַמע געזאָגט, פאַר אויס מאַנסביל געמאַכט. איך בין גרייט געווען פאַלן צו אירע פיס. אָבער וואָס האָב איך געטאָן? איך בין האַסטיק אַרויס פון צימער און דערביי גוט איין זינען געהאַט ניט אַ קראַך טאָן מיט דער טיר.

„איך האָב געהערט ווי דאָס וואַסער אין באָדצימער רוישט. דאָס האָט זי זיך געוואַשן, גרייט צו לויפן צו אירן אַ מיטינג. עס איז געווען איינס אַזייגער נאָך מיטאָג. פון אַ פאַרזאַמלונג קומט זי אַרום פינף זעקס אַזייגער. אָבער אין אַ שעה אַרום איז זי שוין געווען צוריק. איך האָב זי איבערגעבעטן און איר מיט גוטן דערקלערט מיין בענקשאַפט נאָך אַ קינד.

„— וואָס מיינסטו? — האָט זי זיך אָנגערופן — איך וויל ניט?

„— און וואָס־זשע איז די מניעה?

„— איך ווייס ניט. איך בין ניט קיין דאָקטער.

„— טאָ גיי צו אַ דאָקטער — האָב איך שוין בייזלעך אַ זאָג געטאָן.

„אויף מאָרגן, איך בין אַוועק צו דער אַרבעט, און שפּרה איז אַוועק צו אַ דאָקטער. דער דאָקטער, האָט זי מיר דערציילט, האָט זי געטרייסט און געגעבן האָפענונג.

„— נו, לאָמיר האָפן — האָב איך זיך געבעטן און געקושט שפּרהן. זי האָט זיך מיט איין מאָל צעוויינט, אָבער אַזוי, אויף אַ קול, איך האָב זיך דערשראָקן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט איר וויינענדיק קול.

„— איך בעט דיך — האָט זי געזאָגט — לאָז מיך אַליין!

בענדזשיס קול האָט וויברירט און איך האָב געזען ווי זיינע בלויע אויגן ווערן פייכט. מיר זענען אַרויס פונעם וואַלד אין העלן זוניקן פעלד. פון וויטן האָט זיך שוין געזען „זיין" שטאָט. וויט ביים קעגנאיבערדיקן האָריזאָנט איז

געוואַקסן אַרויפצו אַ טונקעלער וואָלקן. מע האָט קוים געקאָנט מערקן זיין הויבן זיך אַרויף. ווייט איבער אים איז אין לויטערן הימל געווען אויסגעשפּרייט אַ לאַנגער, שמאָלער פּאַס ווייסער וואָלקן. ער איז געווען ווי צוגעשמידט צו דער בלויקייט איבער אים, און דער ווינט וואָס האָט אַ צי געטאָן און באַרירט אַלץ אַרום, האָט יענעם פרידלעכן, ווי פאַרשלאָפענעם ווייסן פּאַס ניט אַ רוק געטאָן.

— וואָס זענט איר שטיל געוואָרן, מיין פריינט? — האָב איך געפרעגט.

בענדזשי האָט מיט אַ שיין, ווייס טיכעלע געווישט די אויגן און נאָך אַ ווילע געשוויגן.

— איר מיינט, עס איז אַזוי גרינג צו רעדן? און דאָס וואָס איך האָב אייך שוין ביז איצט געזאָגט, איז אויך אייער שולד.

— וואָס רעדט איר! — האָב איך אויסגערופן.

— דאָס וואָס איר הערט... אייערע צוויי קוקערס, אַז זיי שטעלן זיך אָן אויף אַ מענטשן, הויבט ער אָן רעדן און קען ניט אויפהערן. איך פיל שוין, אַז איך וועל אייך אַלץ־אַלץ אויסדערציילן פון „אונטערן לעפעלע..."

— איך צווינג אייך, חלילה ניט.

— אָט דאָס איז עס דאָך! איר צווינגט מיך ניט, נאָר איך פיל אייער נייגעריקייט און איך רעד און רעד.

— טאָמער איז אייך שווער, בעט איך אייך, הערט אויף. איבעריקנס, מיר זענען שוין ניט ווייט פון אייער שטאָט.

— יאָ — האָט ער געזאָגט — איך זע און איך זע אויך, אַז איר ווילט שוין הערן דעם סוף. שווער זאָגט איר. ניין, פאַרקערט, עס ווערט מיר גרינגער פון מינוט צו מינוט. איך פיל ממש ווי איר לעבט אַלץ איבער מיט מיר. איך בין גאָרניט אַזאַ באַרעדעוודיקער, נאָר איר האָט מיך אָפּגעקויפט... פאַרפאַלן. באַשערט געווען צו טרעפן זיך מיט אייך.

## קאַפּיטל פיר

„די מאַמע מיינע האָט שפרהן ניט געגלויבט, מיך האָט זי דערקלערט ווי אַ שמאַטע און זי האָט אויפגעהערט צו קומען צו אונדז. נאָר זונטיק פלעגט זי מיר אָנקלינגען און מיך פרעגן צי „זי" איז דאָ. ווען איך האָב איר געענטפערט אַז שפרה איז ביי אַ פאַרזאַמלונג, איז די מאַמע שוין געווען דאָ און אין מיר אַריינגערעדט, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, (ווי אין דער מעשה שטייט) ביז זי האָט אירס דערגרייכט — זי האָט געפּועלט ביי מיר, נאָך זעקס יאָר צוזאַמענלעבן מיט שפרהן, איך זאָל זי אָפּגטן. די מאַמע האָט מיך געשלעפּט צו אַ לאָיער און ער האָט מיך שוין אויסגעטעצהט וואָס צו טאָן און אין וואָס איך זאָל שפרה באַשולדיקן. „מענטאַל קרועלטי" האָט ער עס גערופן. זי פאַרשאַפט מיר גייסטיקע יסורים. און ניט אַזוי דער מאַמעס ווירקן אויף מיר, ווי מיין ניט־געשטילטע בענקשאַפט נאָך אַ קינד און שפרהס פאַרגרעסערטע אַקטיוויטעט, שוין ניט מער אַזוי ביי די פיאָנערקעס, ווי ביי דער הסתדרות, הדסה און נאָך אָרגאַניזאַציעס וואָס איך האָב דעמאָלט ניט געוואוסט און ווייס נאָך אַלץ ניט זייערע נעמען.

„אַ מענטש קאָן זיך צוגעוואוינען צו אַלדאָס שלעכטס און צו באַגיין שלעכטע מעשים. מיין ערשט מאָל בייזערן זיך אויף שפרהן איז געווען פאַר מיר אַזאַ שטאַרקע איבערלעבונג, אַז איך האָב ביי זיך געפּועלט אַזאַ זאַך טאָר מער ניט געשען... אָבער עס האָט פּאַסירט אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל... איך האָב זיך מער ניט צערעמאָניעוועט און גערעדט גראָבע, באַליידיקנדע רייד, און שפרה האָט מער ניט געוויינט, נאָר ווען איך האָב זי געסטראַשעט, אַז אירע „אַרומשלעפענישן" וועלן ברענגען צו אַ גט, האָט זי, ווי זי וואָלט זיך

געוואַלט באַפרייען פון אַ שווערער משא, אויסגערופן: „אײדער אַזאַ לעבן, איז שוין בעסער זיך שיידן".

„געמיינט האָט זי אַוודאי, אַז איך וועל ווידער בעטן ביי איר מחילה, אָבער איך האָב פאַרעקשנט געזאָגט: „איך האָב שוין לאַנג געטראַכט דערפון".

„— דאַרפסט מער ניט טראַכטן, האָט זי מיר אַ זאָג אָפּ געטאָן — קענסט טאָן.

„און איך האָב געטאָן. איך האָב מיין שיינע, ליבע שפרה געשלעפּט אין אַ ציווילן געריכט. אויבנאָן איז געזעסן אַ ריכטער, מיט אַ לאַנג, טרוקן פּנים און מידע אויגן. מיין לאַיער האָט געוויזן וואָס ער קאָן. ער האָט באַשולדיקט שפרהן, אַז ניט צוליב די מיטינגען איז זי געגאַנגען, נאָר זיך טרעפן מיט אַן אַנדער מאַן. איך בין אויפגעשפּרונגען אין מיין בענקל. די מאַמע איז געזעסן לעבן מיר. זי האָט מיך אַזאַ שלעפּ געטאָן אַרונטער, אַז איך בין שיר געפאַלן.

„ווען מע האָט זי גערופן עדות זאָגן, האָט זי אַנדערצײלט אויף שפרהן, אַז זי פאַרנאַכלעסיקט מיך, די היים, אַז ווען איך קום פון דער אַרבעט, מוז איך עסן אַליין ווי אַ „באָרדער" ביי יענעם, ביי אַ פרעמדן טיש... די מאַמע האָט גאָרניט געקענט אויפהערן, אָבער אין אויסגעלאַסנקייט האָט זי מיין פרוי ניט באַשולדיקט. זי האָט באַוויזן אַז מיט שפרהן איז אוממעגלעך צו לעבן: זי איז ניט קיין ווייב, נאָר אַ קהלשע קליאַמקע: זי באַדינט אַלעמען, נאָר ניט איר מאַן.

„מע האָט מיך גערופן אויפן עדות שטול. איך האָב זיך אויפגעשטעלט, זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך שוואַך אַראָפּגעזעצט: איך האָב ניט געקאָנט זאָגן קיין שלעכט וואָרט אויף מיין פרוי. איך האָב זיך אַנטשולדיקט פאַרן ריכטער און געבעטן מיך רופן שפּעטער.

„שפרהס לאַיער האָט אויסגעטייטשט מיין שוואַכקייט ווי אַ תּירוץ, אַז איך האָב ניט וואָס צו זאָגן און אַז שולדיק בין איך, ווייל איך מאַך שפרהן אַזוי ענג די היים, אַז זי מוז לויפן צו פאַרזאַמלונגען.

„שפרה האָט אויף עדות־שטול געזאָגט: „אויב מיין מאַן וואַרט, וועל איך אויך וואַרטן, מיט דער דערלויבעניש פון דעם געריכט". איך האָב דער־וואָרט, שפרה זאָל אַנברענגען אַ פולן צימער מיט אירע פּיאָנערקעס, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט בלויז איין עדות.

„אין געריכט זענען דאָך געווען עטלעכע מענער און פרויען. זיי האָבן זיך איינגעהערט. די ווייבער האָבן געוואָרפן שטעכיקע בליקן אויף שפרהן. צו מיר האָבן אייניקע געשמייכלט. די פרויען, האָב איך געפילט, האַלטן מיט מיר.

„— רופט דעם עדות פאַר דער מיסעס מילשטיין — האָט דער ריכטער קאַלט און טרוקן געזאָגט. פון אַ שטול לעבן שפרהן האָט זיך אויפגעהויבן אַ קליין, דאַר מענטשל, מיט שווערע ברילן אויף זיינע קליינע אויגן. ער האָט אויסגעזען פון אַ יאָר זעכציק.

„— אייער נאָמען און באַשעפטיקונג — האָט מען דעם אַלטן געפרעגט.

„— דאָקטער דזשעיקאָב ווייץ — האָט דער אַלטער אַזוי שטיל געענט־פערט, אַז מע האָט אים קוים געקאָנט הערן און דער ריכטער האָט אים געבעטן צו ווידערהאָלן זיינע ווערטער. ער האָט ניט גערן געפאָלגט. ווייטער האָט ער דערציילט, אַז ער איז אַ פרויען־דאָקטער און אַז ער האָט מער ווי איין מאָל אונטערזוכט די מיסעס מילשטיין, אָבער... — דער דאָקטער האָט ניט דער־זאָגט.

„— פאַרוואָס גייט איר ניט אָן מיט אייער עדות זאָגן? — האָט דער ריכטער געפרעגט און איך האָב באַמערקט אַן אויפלעבונג ניט נאָר ביי די

מענטשן אַרום, נאָר אַפילו דער טרוקענער ריכטער האָט ווי דערוואָמט פון זיין גלייכגילטיקייט... באַזונדער, געדענק איך זייער גוט אַן עלטערן מאַן אין אַ ווייס געשטריקט לייבל, מיט אַ הויכן קאָלנער וואָס האָט אים אונטערגעשפּאַרט זיין שאַרפע, ריין אויסגעגאָלטע גאָמבע. ער האָט זיך געטוליעט אין זיין ווייכן קאָלנער, נאָר ווען עס איז געקומען צו פּיקאַנטע מאָמענטן ביים עדות זאָגן, האָט זיך זיין קאָפּ אַ ריס געטאָן אַרויף און עס האָט זיך געוויזן זיין דינער האַלדז מיט אַ שאַרפן גאַרגל... ווען דער דאָקטער איז שטיל געבליבן, האָט דער נייגעריקער צוקוקער געטאָן אַזאַ שפּאַר אַרויס זיין האַלדז, אַז ער האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, ווי ער וואָלט געווען געמאַכט פון גומי. אַ נאַרעשקייט, וואָס שטייט מיר פאַר די אויגן און איך קען עס ניט פאַרגעסן. ווידער האָט דער ריכטער געבעטן דעם דאָקטער פאַרזעצן, און דער עדות האָט עפּעס געשטאַמלט אין קווענקלעניש, ביז מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז ער, ווי אַ דאָקטער, רעזערווירט פאַר זיך דאָס רעכט ניט אויפצודעקן די סודות פון זיין פּאַציענטין.

„איך קען אייך גאָרניט איבערגעבן די שטומע סצענע וואָס איז מיט איין מאָל אַנטשטאַנען אין געריכט־צימער. דער דאָקטער האָט ניט נאָר פאַרשוויגן, נאָר ער האָט פּראָטעסטירט הלמאי מע האָט אים געצוואונגען צו קומען אַהער.

„— בין איך געקומען, אָבער איר קענט מיך ניט צווינגען צו ברעכן מיין דאָקטערס שבועה.

„דער דערוואַכטער, שוויגנדיקער ריכטער האָט מיט איין מאָל באַקומען לשון. ער האָט דערקלערט דעם דאָקטער, אַז ער רעספּעקטירט אים און זיין הייליקע שבועה. צווינגען קען ער אים ניט, נאָר בעטן בעט ער אים עובר זיין אויף זיין הבטחה און מעגלעך דערמיט ברענגען צו אַ פאַראייניקונג פון אַ פאַמיליע וואָס האַלט ביים צעבראָכן ווערן. זאָל דער חשובער דאָקטער אַליין אויסוויילן איינס פון די ביידע — אַ צעשיידונג, אָדער אַ שלום בית.

„— אָ איך, איך — האָט דער דאָקטער אָנגעהויבן. ער האָט בעטנדיק פאַרקוקט צו מיין ווייב. זי האָט אַראָפּגעלאָזט אירע בליקן. — הער ריכטער — האָט דאָקטאָר ווייץ ענדלעך געזאָגט. — איך בין שוין באַלד פערציק יאָר דאָקטער און ביז היינט איז מיר ניט אויסגעקומען אויפדעקן, דערצו נאָך עפנטלעך, אַ סוד וואָס מיינער אַ פּאַציענט האָט מיר פאַרטרויט. דאָס געריכט איבט אויס אַ דרוק אויף מיר; דערצו האָף איך, אַז איך וועל מעגלעך העלפן גאַנץ מאַכן אַ לעבן וואָס ווערט צעבראָכן...

„אָ, מיסטער! איך ווייס אַפילו ניט ווי איר הייסט — אַז איך האָב יענעם אָנגעשטרענגטן מאָמענט געקאָנט איבערטראָגן, האָב איך אַ האַרץ פון שטאָל. מיין מאַמע האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט און זי איז ווייטיק געדריקט. זי האָט געפלאַטערט: ווער ווייסט וואָס פאַר אַ סוד מיין ווייב האָט דעם דאָקטער פאַרטרויט... די מענטשן אַרום מיר האָבן געטאָן אַ שווים פאַר מיינע אויגן. איך זאָל נאָר ניט חלשן!

„און וואָס איז געווען דער סוד? וואָס, מיינט איר, איז געווען דער סוד?

— איך בין ניט קיין טרעפער און דערצו בין איך אַזוי דורכגענומען פון אייערע איבערלעבונגען, אַז זיי זענען שיר־ניט מיינע.

— אָ, אָ, אָ!!! — אָט דאָס איז עס דאָך וואָס איך האָב געזאָגט פריער. איר זענט אַ דאָקטער, איר זענסט בעסער ווי אַ דאָקטער! ביי זיי איז עס ביזנעס, ביי אייך איז עפּעס אַנדערש, גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש!

— זאָגט שוין, זאָגט שוין, מיין פריינט!

— שפרה האָט שוין לאַנג געקאָנט געווען האָבן קינדער. איך, דאָס בין א י ך, דער קינדערלאָזער!

בענדזשי איז אַנשוויגן געוואָרן און צוגעשלאָסן די אויגן. איך האָב אַראָפּ־געפירט די קאַר פונעם טראַקט און זי אָפּגעשטעלט. מיין פּאַסאַזשיר האָט געעפנט די אויגן, מיר געדאַנקט פאַר מיין פאַרשטענדעניש און פאַרטרווילעך, שטיל געזאָגט: „איך וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך פאַר היינט ניט צום סייקייעטריסט. א י ר זענט דער רופא!"

— אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט. און וואָס איז געוואָרן?

— וואָס דאַרפט איר נאָך פרעגן? איך האָב זיך איבערגעבעטן מיט שיפין און עס איז ביי אונדז ווידער יום טוב. אַפילו די מאַמע האָט זיך אינגאַנצן געענדערט צו מיין ווייב, אָבער איך בין ניט געזונט: איך טראָג זיך אַרום מיטן געדאַנק, אַז אפשר האָט שפרה גאָר געוואָלט דעם גט, ווערט זי קאָנען נעמען אַן אַנדער מאַן און האָבן קינדער. זי דעקלאַמירט, זי זינגט און וואָס ווייטער, ווערט זי מער אַקטיוו געזעלשאַפטלעך, אָבער אין אירע גרויסע, ברוינע אויגן, טיף אין די ווינקעלעך, האָט זיך באַזעצט אַ כמאַרע. (די זעלבע „כמאַרע" האָב איך באַמערקט אין בענדזשיס אויגן). איך פאָר צום סייקייע־טריסט. שפרה ווייסט ניט דערפון. אָבער היינט וועל איך איבערנעכטיקן און אַפילו ניט אַריינגיין צום דאָקטער. איך דאַרף אים היינט ניט.

ער האָט אַרויסגענומען זיין פּאָרטמאָנע און מיר דערלאַנגט אַ צוואַנ־ציקער מיט אַ פינפערל.

— וואָס איז דאָס?! — האָב איך לאַכנדיק אויסגערופן.

— אַ באַלוינונג פאַר אויסהערן מיך. נעמט, איך בעט אייך!

— ניין, מיין פריינט. איר האָט מיך שוין באַלוינט.

— איך בין אַ פּראַקטישער מענטש — האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, אָבער איך בין באַשטאַנען אויף מיינעם, און ער האָט ברוגזלעך צוריק אַריינ־געלייגט דאָס געלט אין זיין בייטעלע.

איך האָב אָנגעצוונדן דעם מאָטאָר און זיך געלאָזט פאָרן ווייטער.

דער וואָלקן ביים האָריזאָנט האָט זיך דראָענדיק געריקט אויף דער זון. פונעם שטילן ווייסן וואָלקן־פּאַס איז קיין סימן ניט געבליבן.

---

מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַ געזאָלין סטאַנציע, מיט אַ רעסטאָראַן דערביי. בענדזשי האָט פון אויפרעגונג זיך געבעטן ביי מיר: „סטאָפּ, סטאָפּ סטאָפּ!!!"

— וואָס איז געשען? — האָב איך זיך דערשראָקן. איך בין פאָרזיכטיק אַרויפגעפאָרן אויפן שולטער פונעם טראַקט און אָפּגעשטעלט די מאַשין. דער מאַן האָט מיר שטאַרק געדריקט מיין האַנט און זיך אַזוי נידעריק צוגעבויגן צו איר, איך האָב נאָר געמיינט ער וועט זי אַ קוש טאָן. „דאָ שטייג איך אויס" האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן ווי ער וואָלט באַר־וואָס אַנטדעקט אַ גרויס וואונדער. און שוין שטייענדיק אין דרויסן ביי דעם אָפענעם פענצטער פון דער שעווי, האָט ער אויסגערופן:

— בין איך אַ קאָפּ מיט מצה־מעל!... דאָ קאָן איך קריגן דעם באָס צוריק אַהיים! צו וואָס דאַרף איך די שטאָט און אויף וואָס נוצט מיר היינט דער סייקייעטריסט? איך ווייס, איך וועל אים נאָך מוזן האָבן מער ווי איין מאָל, אָבער ניט היינט.

איך האָב אים געוואונטשן גליק און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אין שפּיגעלע איבער מיר האָב איך געזען בענדזשין שטיין און פאָכן מיט דער האַנט.

# די פרומע

איך בין שוין ניט געווען יונג און איך האָב זיך שטאַרק געניטיקט אין רו. דאָס האָט מיר מיין דאָקטער פאַרזאָגט, און דאָס האָב איך געוואוסט אָן אים. דער אמת איז, אַז דער דאָקטער האָט מיר שוין עטלעכע מאָל געעצהט צו רוען אין אַ דאָרף אויף דער פרייער לופט, און איך האָב אים שטענדיק געפאָלגט. נאָר אין איין זאַך האָב איך ניט געקענט פאָלגן דעם דאָקטער: ניט לייענען די פּרעסע, ניט דיסקוטירן און אויסמיידן מיטינגען.

היינטיקס יאָר האָב איך זיך געגעבן דאָס וואָרט צו באַהערשן מיין „יצר הרע" און ווירקלעך רוען. איך האָב אַפילו געטראַכט אַרויסצופאָרן אין אַ רו־אָרט וואו איך בין פריער קיינמאָל ניט געווען, אָבער איך האָב גוט געדענקט מיינע זומער „שוועסטער און ברידער" פון די פאַרגאַנגענע עטלעכע זומערן, און איך האָב זיי געוואָלט זען. קיינער וועט מיך ניט צווינגען צו טאָן וואָס איך טאָר ניט.

אין אַ הייסן זומער פרימאָרגן האָב איך זיך מיט מיין פרוי אַריינגעזעצט אין אַ טעקסי וואָס פאָרט „פון טיר צו טיר", און מיר זענען אַרויס פון שטאָט.

איך האָב גוט געקאָנט דעם וועג, און די נסיעה האָט מיר אויסגעקוקט ווי אַ קינאָ וואָס מע זעט מער ווי איין מאָל. צום ערשטן וועלן מיר זיך אַראָפּ־לאָזן אין טאָל. דאָרט וועט פאַרשמעקן מיט פריש וואַסער נאָך איידער איך וועל דערזען דעם טייך. אויב עס שיינט די זון, וועט די וואַסער־אויבערפלאַך זיך מיניען און צעבראָקטע שראַלעכלעך וועלן ציטערן, זיך וועלן הויבן אַרויף און פאַלן צוריק אויפן וואַסער. אין אַ וואָלקנדיקן טאָג וועט דאָס וואַסער זיין טונקל און ווי פאַרטייעט וואַרטן אויף עפּעס. אויב קיין ווינט וועט יענעם טאָג ניט זיין, וועלן זיך איינצלנע פיש געבן אַ באַוויין איבערן וואַסער, מיט אַ בלאָסלעכער גלאַנציקייט און מיט אַ שפּרונג, ווי שטייענדיק, אין דער לופטן. זיי וועלן זיך באַהאַלטן אין וואַסער, און באַלד צוריק אַרויף. עס איז פאַראַן וואָס צו זען, ווען מע פאָרט אין פעלד, אָבער קיין בילד ווירקט ניט אויף מיר ווי די שפּרינגענדיקע פיש. איך האָב שטענדיק געחלומט צו באַפרייען די מענטשן פון זייערע נויטן און צוואַנג, און איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר די שפּרינגענדיקע פיש פונעם וואַסער אין דער לופטן, האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי גרייטן זיך צו דער פרייהייט וואָס איז נאָך ניט געקומען.

אַן אַבסורדאַלער געדאַנק! און דאַך האָב איך זיך פון אים ניט געקענט באַפרייען. פאַזע דעם טייך פאָרט מען בלויז אַ פּאָר מייל, און באַלד פירט אַ גלייכער וועג צווישן צוויי רייעןביימער ביזן זומער־אָרט, אַ קעמפּ וואו עס באַלאַנגען מיטגלידער פון מיין אָרגאַניזאַציע. דער טאָג איז געווען זוניק, און קיין שפּרינגענדיקע פיש האָב איך ניט געזען... אַ ווינטל האָט קוים באַוועגט די גרינע בלעטער אויף די ביימער ביי דער זייט פון וועג.

אין קעמפּ־אָפיס האָט מיך אויפגענומען די זעלבע יונגע פרוי וואָס אַרבעט שוין דאָ עטלעכע יאָר. זי רופט מיך אַלעמאָל „יונגערמאַן", און מיר איז דאָס אַזוי אָנגענעם, אַז ווען זי טוט עס ניט, וואָלט עס מיר שטאַרק אויס־געפעלט. לויט די יאָרן פּאַסט איר אַוודאי צו זיין מיין טאָכטער. זי האָט אַ קליין לענגלעך פּנים און גרויסע, קאַרע אויגן וואָס קוקן אויף איך ווי זי וואָלט געבענקט נאָך איך אַ גאַנץ יאָר.

מע האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ צימער. עס איז געווען באַלד נאָך מיטאָג. ביז וועטשערע האָבן מיר געהאַט עטלעכע שעה. מיין פרוי, ליזע איז געווען מיד. זי איז געבליבן רוען, און איך בין אַרויס פון צימער. ביי די ביימער זענען געזעסן קעמפּמעסיק געקליידטע מענער און פרויען, פרויען אין דער מאַיאָריטעט.

מע האָט גערעדט הויך, זיך געשפּאַרט. אויף איין באַנק האָבן צוויי מענטשן זיך אַזוי צעפלאַמט, אַז איינער האָט איבערגעשריגן דעם צווייטן. אויף גרויסע, שטרויענע שטולן זענען געזעסן עטלעכע געסט, מיט יידישע און ענגלישע צייטונגען אין די הענט.

פון דעם טראַקט דורך וועלכן מע פאָרט צו צום קעמפּ, האָבן זיך געהערט סיגנאַלן פון אויטאָס, און דאָ, איבער די ביימער האָבן זיך ווי איבער־גערופן מיט יענע שטאָטישע קלאַנגען דאָס טשיריקען פון פייגעלעך.

דאָ האָט זיך דערהערט אַ שטים פון אָפיס. מע האָט אַנאָנסירט דאָס געזעגענען זיך פון אַ וויכטיקן פירער און מע האָט אַלעמען פאַרבעטן אין דעם באַקאַנטן זאַל. פון געוואוינהייט האָט עס מיך אַ צי געטאָן אַהין, וואוהין געסט האָבן זיך געלאָזט גיין. „ניין!" האָב איך זיך געזאָגט — „ניט צוליב דעם בין איך אַהער געקומען".

— חבר גרינבלוי! — האָט אַ באַקאַנט קול מיך גערופן. איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען יאָסל בוים. זיין שלעכט געגאָלט פּנים איז געווען איין גליקלעכער שמייכל. איך האָב צוריקגעשמייכלט און געמאַכט צייכנס מיט מיין האַנט — אַ באַגריסונג און אַ סימן, אַז איך בין שטאַרק פאַרנומען.

— מיר'ן זיך נאָך זען! — האָט בוים מיר נאָכגעשריגן.

איך האָב זייער ניט געוואָלט טרעפן נאָך באַקאַנטע, בין איך אַראָפּ פונעם וועג וואָס פירט צום אָפיס און צום זאַל. איך האָב זיך אַ קערעווע געטאָן לינקס, און מיט די הויכע, צעטויטשעטע גראָזן געגאַנגען באַרג אַרונטער צו די קליינע שטיבלעך. אין דרויסן צווישן די שטיבלעך זענען געהאַנגען אויף שטריק איבערגעוואַשענע זאַכן. אַ ראַדיאָ האָט געשפּילט ביליקע, לוסטיקע לידלעך. ביי אַ טישל, אין שאָטן זענען געזעסן צוויי יונגע מענער און געשפּילט אין קאָרטן. אַ דריטער האָט זיך צוגעשפּאַרט צו איינעם און אים אַרויסגעהאָלפן . . .

דאָרטן, ביים שפּאַציר־גאַנג אויבן, די דיסקוטאַנטן, דער רעדנער, די אויטאָס, און דאָ אין טאָל — קאָרטן . . . איך בין אַרויס פון דעם הויך־געוואַקסענעם גראָז, בין אַרויף אויף דער שמאָלער סטעזשקע און בין אַריין אין יונגוואַלד.

די זון האָט זיך געריסן דורך די געדיכטע צווייגן און קוים דורכגעקוקט צו דער ערד, מיט איבערגעבראָכענע שטראַלן. די ביימער זענען געוואָרן געדיכטער, די זון שוואַכער. ענדלעך בין איך געבליבן אַליין. איך האָב זיך

אַפּגעשטעלט. די שטילקייט האָט זיך געזאַמלט אַרום מיר. איך האָב דערפילט אַ גלעט אויף מיין באַק, און אין דער וואַלדיקער טונקלקייט דערפילט ווי איבער מיר גליטשט זיך אַרונטער אַ בלאַט. איך האָב אים אויפגעהויבן און זיך געלאָזט גיין ווייטער. די ביימער האָבן זיך ווי צערוקט, ווי זיי וואָלטן געמאַכט פּאַר מיר אַ וועג. די זון האָט מיך אַ ברי געטאָן און איך האָב דער־הערט פון דער ווייטן קינדערשע שטימען. דאָרטן איז געווען דער טייך, און דאָרט האָט זיך קליינוואַרג געבאָדן, זיך געשיפּלט און געשטיפט. זיי זענען געווען דער נאַטירלעכער טייל פון דעם קעמפּ, און צו זיי בין איך איצט געגאַנגען, צו געניסן דיווירקלעכע רו פון אַ זומער אין דאָרף.

איך בין געשטאַנען פון דער ווייטנס, געזען ווי די קינדער זענען גע־שפּרונגען אין וואַסער, געשוואומען, זיך איבערגעקוליעט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אין דער לופטן, און באַלד צוריק מיטן נאַסן, גלאַנציקן קאָפּ האָר איבערן דורכגעזוניקטן וואַסער. אַזוי שטייענדיק און טראַכטנדיק, האָב איך דערפילט, אַז עפּעס צעגייט ביי מיר אין דער האַנט. איך האָב אַ קוק געטאָן און דערזען, אַז דער בלאַט אין מיין האַנט איז צעריבן געוואָרן, און נאָר דער מיטלסטער אָדער אויף וואָס עס האַלט זיך דאָס בלאַט־געוועב, איז געבליבן צווישן מיינע פינגער.

---

## קאַפּיטל איינס

חוץ בוימען האָב איך דאָ געטראָפן נאָך עטלעכע פריינט, צוויי האָבן זיך פאַרשריבן אין אַפּיס אויף איבעראַכטאָג, און איין פרוי וועט שוין מער אין ערגעץ ניט קומען. מיר האָבן גערעדט וועגן איר ווי וועגן אַן אייגענער. זי איז געווען אַלט און זיך געמוזט אָנשפּאַרן אויף אַ שטעקן ביים גיין, אָבער איר געקנייטשט פּנים איז שטענדיק געווען באַלויכטן מיט אַ ליבלעכן שמייכל. עס האָט געשטראַלט אין אירע קליינע, ברוינע אויגן מיט אַ טאָפּלטן אויסדריק פון אַן אַלטעטשקער און פון אַ קינד.

דריי זומערן האָט זי געפירט אונדזער טיש אין עס־צימער. בלויז איין מאָל האָט זי דערציילט וועגן אירע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. זי האָט געהאַט נאָך עפּעס מיט וואָס צו באַרימען זיך — זי האָט געזונגען און דעקלאַמירט. מיר האָבן איר אַפּלאָדירט, און זי האָט זיך ניט געלאָזט בעטן. זי האָט געזונגען פון אליקום צונזערן, מ. מ. וואַרשאַווסקין און ביים זינגען מרדכי געבירטיקס „עס ברענט", האָט זי ניט געקענט פאַרענדיקן. זי האָט אַ וויין געטאָן, אַ ווילע געשוויגן און מיט אַ שוואַך, אָנגעבראָכן קול אויפ־געזונגען דאָס לוסטיקע אוקריינער לידל: „אָו סוסידאָ כאַטאָ בילאָ" (ביי מיין שכן איז די שטוב אַ ווייסע) זי האָט דערביי געקוקט אויף אונדז ווי זי וואָלט אונדז וועלן איבערבעטן פאַרן צער וואָס זי האָט אונדז פאַרשאַפט.

די אַלטיטשקע, מיסעס בלומען, האָט אונדז שטאַרק אויסגעפּעלט. זי האָט קיין לעקציע, קיין אונטערנעמונג ניט פאַרפעלט. אין די דיסקוסיעס האָט זי זיך קיינמאָל ניט באַטייליקט, נאָר ניט אַראָפּגענומען איר ערנסטן בליק פון דעם רעדנער. ביים אויפטריט פון אַ זינגער האָט זי זיך פאַרוואַנדלט. אַלע קנייטשעלעך אויף איר קליין פּנים האָבן געשמייכלט אינײנעם און ניט אין

מאָל ווען איך האָב די פּרוי באַטראַכט דערביי, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז יעדער קנייטשעלע שמייכלט באַזונדער.

ליזע איז געגאַנגען צו אַלע אונטערנעמונגען, און מיך געלויבט פאַר אויסהאַלטן דעם „עקזאַמען...״

דריי טעג און דריי אָוונטן האָב איך זיך באַהערשט, נאָר ווען מע האָט אַנאָנסירט, אַז אַ יונגער דערציילער פון פוילן וועט פאָרלייענען, האָב איך זיך אַריינגעשלייכט אין זאַל. איך האָב אָפּגעוואַרט אין דרויסן ביים פענצטער ביז דער עולם איז געווען קאָנצענטרירט אויפן פאָרטרעגער. איך בין אַריין און איך האָב פאַרנומען אַן אָרט אין דער לעצטער הינטערשטער ריי.

דער ערשטער אינטערעס מיינער איז געווען ניט אַזוי אין דער פאָר־לעזונג, ווי אין דעם מחבר: אַ יונגער שרייבער?! די שרייבער וואָס האָבן פאַר אונדז געלייענט און רעפערירט זענען כמעט אַלע געווען אין אונדזערע יאָרן, אַלט און גרוי, און מיט אָפּגעשוואַכטע שטימען. דער שרייבער האָט נאָך פאַרמאָגט אַ קאָפּ ברוינע האָר. ער האָט אויסגעזען פון אַ יאָר פופציק, אָבער זיין קול איז געווען יונג און אָפּעלירנדיק. עס האָט געקלונגען אַזוי ווי ער וואָלט זיך געבעטן: „הערט זיך איין! הערט זיך נאָר גוט איין!...״

ער האָט דערציילט מיושבדיק און ביי רירנדע מאָמענטן האָט זיין קול וויברירט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט זיך צעוויינען. ער האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף זיין העלדין וואָס האָט געליטן איבער דעם, וואָס איר עלטער יינגעלע איז געבוירן געוואָרן פאַר דער חתונה. דער פאָטער האָט דאָס קינד פאַרהאַסט. דאָס צווייטע יינגעלע איז שוין געווען כשר לכל הדעות: דער שטעטלשער רב האָט דעם פּאָרל געגעבן חופּה וקידושין.

דער עולם דאָ אין זאַל איז געווען אינטעליגענט, געוואוינט צו לעקציעס און פאָרלעזונגען. ניט איין מאָל האָבן זיי זיך געלאַנגווייליקט. געווען אייניקע וואָס האָבן געשנאָרכט ביי אַ רעדע. עס האָט זיך געהערט אַ געגעץ, אָבער יענעם זומערדיקן בייטאָג האָב איך געפילט, זענען די פאַרזאַמלטע געווען ווי מע זאָגט „פאַרכאַפּט״. ווי גיט מען איבער די שטימונג? לויט דער שטילקייט וואָס איז געוואַקסן און אָנגעוואַקסן? די פּלייצעס פון די זיצנדיקע מענער און פרויען פאַר מיר זענען געווען באַוועגלאָז. די שטימונג האָט מיך אויך דורכ־גענומען. איך האָב ממש געזען דאָס דערשלאָגענע קינד פון אַ יאָר זעקס קוקן פאַר זיך ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטס... אַן אומגעזעצלעך קינד ביים אייגענעם טאַטן... וואָס פאַר אַן אַבסורד!

דער פאָרלייענער האָט פאַרענדיקט. די שטילקייט איז ניט איבער־געריסן געוואָרן. דער פאָרזיצער וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן זיינע אויגן אויפן גאַסט, האָט אַ קוק געטאָן צום עולם, און מיך דערזען. ער האָט געוואוסט פון מיין באַשלוס, און אַ שמייכל געטאָן צו מיר ווי צו אַ „פאַררע־טער...״ ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן עולם מין פאַרוואורף. זייער ניט אָפּרופן זיך מיט אפּלאָדיסמענטן, איז ער געווען זיכער, באַליידיקט דעם מחבר. ער האָט אָנגעהויבן פּאַטשן מיט זיינע גרויסע הענט. דער עולם האָט דערוואַכט און אויך אפּלאָדירט. איך האָב זיך ניט אָנגעשלאָסן. אויב „פאַרראַט״, האָב איך זיך געזאָגט, איז ביזן סוף!

איך האָב געוואַרט אויף אַ דיסקוסיע און איך בין גרייט געווען צו

„נעמען אַ וואָרט״... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? ארויסברייננגען מיין געדאַנק, אַז דאָס ניט אָפּלאָדירן איז היינט געווען וויכטיקער ווי אַ רווישיקער אָפּרוף.

— ווער וויל אַ וואָרט? — האָט דער פּאָרזיצער געפרעגט. קיינער האָט זיך ניט אָנגערופן. האָב איך שוין אויך געשוויגן. דער פּאָרזיצער האָט באַדאַנקט דעם אויטאָר. געסט האָבן זיך געאײַלט צום קינסטלער און אים באַגריסט. איך בין געווען גרייט צו רעדן, אָבער איך האָב ניט געוואָלט זיין דער ערשטער און אפשר דער איינציקער. פון פאַרדראָס בין איך אַרויס אין דרויסן און זיך אַוועקגעזעצט אין איינער פון די גרויסע שטולן.

אַ פּאָר טריט פון מיר האָבן זיך באַזעצט עטלעכע מענער און פרויען. איינע פון זיי האָט אַ זאָג געטאָן: אזא גאַרניט! אַ פּרומינקער... איכ׳ל דיר קיין פּעני ניט געבן פאַר זיין גאַנצער גאָטספאַרכטיקייט״!

בוים האָט מיך דערזען און זיך צוגעזעצט לעבן מיר.

— ווי געפעלט איך די מעשה? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס הייסט מיר? עס זעט אויס, אַז זי געפעלט דאָ אַלעמען... איר הערט דאָך די פלאַמפּייערדיקע רייד...

— שאַט, לאָמיר טאַקע הערן — האָט בוים געזאָגט. ביים אײַנהערן זיך האָט ער אויסגעצויגן זיין קורצן האַלדז, ווי געמאַכט פון גומי.

איינער פון די מענער האָט אויפגעהויבן די האַנט, ווי מע טוט עס ביי אַ פאַרזאַמלונג. ער האָט דערביי געמאַכט אַ מינע ווי ער האָט עפּעס זייער וויכטיקס צו זאָגן.

— ליידיס ענד דזשענטלמען — האָט ער אָנגעהויבן — איך האָב זיך גוט איינגעהערט. און סע ראַסט דאָס האַרץ אויף אַן אומשולדיק קינד.

אַזאַ וואָרעם, ווייך קול! און אַ ריש האָט זיך פון דעם מויל אַרויסגע־קייקלט, אַ ריש ווי אַ וויינטרויב וואָס נאָר בעסאַראַבער יידן פאַרמאָגן. דער גאַסט האָט געלערנט מיט זיינע צוהערער, און בוים מיט מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן.

„— אַ שיינע מעשה, ליידיס ענד דזשענטלמען. אָבער וואָס איז דער שרייבער אויסן געווען? נו, האָט ער דערציילט, האָט ער געמאָלן אַ פּיקטשור, די ביימער, דאָס גאַנצע שטעטל, דאָס פעלד און דאָס וועלדל וואו די „זינד״ איז באַגאַנגען געוואָרן. אַלץ איז שיין, אָבער חוץ אַט דער שיינקייט איז דאָך דאָ פאַראַן אַ געדאַנק. און וואָס איז דער געדאַנק, וואָס איז דער געדאַנק, האַ? — האָט ער ווי אַ לערער געפרעגט זיין קלאַס...

דער רעדנער איז אַזוי געווען זיכער אין זיך, אַז קיינער האָט ניט געוואַגט צו דערווידערן.

---

קאַפּיטל צוויי

„— דער געדאַנק פון דער גאַנצער מעשה, פאַרשטייט איר מיך, איז דאָך צו וויַיזן אונדז די ווירקונג פון רעליגיע. מיינט דאָס דען ניט, אַז ווען דער יונגער פאָטער זאָל ניט געווען זיין רעליגיעז, וואָלט צו דער צרה ניט געקומען? וואָלט ער געהאַט אַ חשד, אַז דאָס קינד איז אפשר ניט זיינס,

וואָלט די דערציילונג געטראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער. ניין, ער האָט די פּרוי ליב געהאַט; ער האָט דאָס געזעצלעכע קינד זיינס ליב געהאַט. נאָר וואָס דען? קומען מיר ווידער צום אָנהויב, און מיר קאָנען זיך אַזוי דרייען ווער ווייסט ווי לאַנג, און צו קיין עק, און צו קיין טאָלק ניט קומען... רעליגיע, אמונה, גלויבן און אָבער־גלויבן — זיי זענען געקניפּט און געבונדן... ווי זאָגט זיך דאָרט אין דער מעשה? דער רב האָט דעם יונגן פּאָטער געוואָלט באַווירקן, און ניט געקענט. איך ווייס ניט צי אַ סנהדרין וואָלט דאָ עפּעס אויפגעטאָן...

— פּאָלאָזשים — (פון דעסטוועגן) האָט בוים זיך אָנגערופן. נאָר דער בעסאַראַבער לאַנדסמאַן האָט אים אַפילו קיין בליק ניט געשענקט. ער איז אַנגעגאַנגען מיט זיין דערקלערונג:

„— איך מיין דאָ ניט צו קריטיקירן דעם גאַסט. איך האָב זייער הנאה געהאַט: גוט געשריבן און גוט געליינט.

בוימען האָט פאַרדראָסן, וואָס יענער איגנאָרירט אים און ער האָט מיט אַ שטעכעלע געפרעגט: „איר זענט אַ קריטיקער?" יענער האָט אים געענטפערט:

— איך בין אַ פּרינטער, אָבער איך לייען אסך און איך האָב מיר מיין מיינונג.

מיטאָמאָל איז דער בעסאַראַבער שטיל געבליבן און זיך צעשמייכלט אין דער ברייט, ווי איינער וואָס נעמט זיך אונטער צו טאָן אַ געוואַגטע זאַך. מיר האָבן דערהערט טריט הינטער אונדז. די טריט האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און מיר האָבן דערהערט די שטים פון דעם קולטור דירעקטאָר, אַן עלטערער מאַן מיט אַ טאָפּלטן אויסדרוק אויף זיין ערנסט פּנים — אַט זעט עס אויס ווי ברוגז אויף דער וועלט, און אַט שמייכלט עס, ווי עס וואָלט געזאָגט: „לאָמיר זיך איבערבעטן..."

— שטערט זיך ניט. רעדט, רעדט. — האָט ער געזאָגט מיט זיין אויפגעלויכטענעם שמייכל.

מיט אים איז געווען דער שרייבער. מיר האָבן אַלע געוואַרט וואָס ער וועט זאָגן, נאָר ער האָט געשוויגן. זיין ברייטלעך מויל איז געווען ערנסט, די אויגן האָבן געשמייכלט צו אונדז ווי צו קינדער.

— חבר זיסקינד — האָט בוים זיך געווענדט צום שרייבער — מיר האָבן דאָ אַ קריטיקער.

— לאָמיר טאָקע הערן — האָט דער קולטור דירעקטאָר אונטערגעגעבן חשק — וועגן וואָס האַנדלט זיך? — ער האָט דערביי געשמייכלט, און זיין ערנסט פּנים האָט ווידער אויפגעלויכטן.

— וועגן חבר זיסקינדס היינטיקער דערציילונג.

— איך בין אַ פּרינטער (דרוקער), ניט קיין קריטיקער — האָט דער בעסאַראַבער אַרויסגעקאַטשעט זיינע געשמאַקע רישן — דער חבר (ער האָט אָנגעוויזן אויף בוימען) טשעפּעט זיך צו מיר.

מיר האָבן זיך אַלע דערפילט ניט באַקוועם: צוויי חשובע מענטשן שטייען, און מיר „פּשוטע סאָלדאַטן", זיצן. עמעצער פון דער גרופּע איז שוין גרייט געווען אויפצושטיין און ברענגען צוויי שטולן, נאָר דער דירעקטאָר האָט

ניט דערלאָזט דערצו. ער האָט מיט איין מאָל צוגעשלעפּט צוויי שווערע שטולן וואָס זענען געשטאַנען עטלעכע טריט פונדאַנען. ער האָט באַזעצט דעם שרייבער, זיך אַליין אַוועקגעזעצט און דערמוטיקט דעם בעסאַראַבער:

— גייט אָן, גייט אָן ווייטער, חבר מאַטאָנאָף.

מאַטאָנאָף האָט זיך ניט געלאָזט בעטן... דאָ האָבן מיר דערזען ווי נאָך און נאָך געסט שלעפּן די שווערע שטולן און זיי רינגלען אונדז אַרום.

בוים דער קיבעצער, האָט ניט אויסגעהאַלטן און געזאָגט צו מאַטאָנאָפן:

— מיר האָפן, איר וועט פּאַרטיק ווערן ביז וועטשערע...

מאַטאָנאָף האָט דערציילט:

— איך בין אַלע מיינע יאָרן געווען אַ צעירי ציוניסט, איינער פון די ראשונים. דאַמאָלט זענען אויפגעקומען בונדיסטן, און שפּעטער קאָמוניסטן. ביי זיי אין די אויגן זענען מיר געווען שיר־ניט קאָנטררעוואָלוציאָנערן... אָבער אין יענער צייט, אין יענע ערשטע יאָרן זענען מיר, די ציוניסטן, געווען די אמתע רעוואָלוציאָנערן. מיר האָבן ניט נאָר געטרוימט פון פּאַלעסטינע, נאָר מיר האָבן אין דער זעלבער צייט געהאַסט דעם קיסר, באַגלייך מיט אַלע רעוואָלוציאָנערן. דאַרף איך אייך דערציילן פון יענער צייט? עס איז דאָך אַלף בית פאַר די וואָס אינטערעסירן זיך מיט אונדזער געשיכטע. אָט קוק איך אויף דיביימער, ווי זיי שטייען אַזוי רואיק. און מיר זיצן זיך דאָ אַזוי געמיטלעך. עס איז דאָ יאָ וואַלד, און ניט וואַלד. דער וואַלד אָבער וואו מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין געהיים, איז געווען אמתער וואַלד. אַזאַ טונקלקייט וואָס האָט געמאַניעט וואָס טיפער אין וואלד אַריין און גערופן צו געוואַגטע מעשים, און דערביי געשראָקן מיט שטראָף פאַר אומזצלעכקייט.

„היינט דאָס אָפּזונדערן זיך פון דער שטאָט און פון דער היים און זיין מיט מיידלעך אינאיינעם, אָן דער השגחה פון טאַטע־מאַמע און לייט בכלל. — דאָס איז געווען און פאַרבליבן איינע פון מיינע שענסטע איבערלעבונגען. מיר האָבן, חלילה, ניט געהולטייעוועט, נאָר געזעסן איינער אין אַנדערן אַיינגעטוליעט, געהערט די גוטע רייד פון אַ חבר „פון צענטער", און דערביי געפילט דאָס יאָגן פון מיין האַרצן, פון אַ מיידלס באַרירונג.

„געוואלד, געוואלד געשריגן! שוין אַזוי לאַנג, אָן אייביקייט, דאַכט זיך, איז שוין זינט דאַן אַריבער! איצט זעט, בין איך אָן אַלטער ייד, און צום געזונט פעלט מיר ניט קיין ביסל... אָבער לאַכט ניט, מיינע חברים און געסט, דאָס האַרץ איז יונג און מיין טרוים ווערט ניט פאַרעלטערט. יאָ, טייערע מיינע, אייביק יונג איז אַ טרוים.

מאַטאָנאָף איז אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבן.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט, געזען די דערבייאיקע גרויסע, צעגרינטע ביימער מיט זייערע שווערע שטאַמען. זיי זענען געוואַקסן אין צוויי רייען,ביים שפּאַציר־וועג וואָס האָט געפירט פון שפּייזצימער צום אָפּיס. וואָס ווייטער האָט דער שטח צווישן די ביימער אויסגעזען שמעלער, און וויַט, ביים אָפּיס זענען זיך די צוויי רייען ווי צונויפגעקומען און פאַרשטעלט דעם ווייטערדיקן וועג.

ביז וועטשערע איז נאָך פאַרבליבן ביי אַ שעה. די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן. אירע שטראַלן האָבן מער ניט געבריט. דער האָריזאָנט אַרום

דער זון איז געווען כמעט דורכאויס לויטער. עס האָט אויסגעזען, אַז מיר וועלן קאָנען נאָכקוקן ווי די זון זעצט זיך און ווי זי ווערט פאַרשלונגען. העכער אַרויף צו מזרח האָבן זיך איבער דער בלויקייט פון הימל אויסגעלייגט קליינע, ווייסע וואָלקנדלעך, אין ניט גלייכע רייען. זיי זענען געווען באַוועגלאָז און מיר, דעם דאָרפּישן מענטשן, האָבן אָט די קליינע וואָלקנדלעך אויסגעזען ווי ווייסע, שלאָפנדיקע שאָף אויף אַ בלויער לעווּדע.

---

קאַפּיטל דריי

— דאָ קומט שוין אַריין פּאָליטיק — האָט דער שרייבער באַמערקט.

— זאָל מיר דער חשובער שרייבער מוחל זיין — האָט מאַטאַנאָף מיט דרך ארץ געזאָגט און זיין שטים איז אַרונטער מין אַ טאָן. אין זעלבן טאָן האָט ער פאָרגעזעצט:

— מיר זענען געווען רעוואָלוציאָנערן, מיר האָבן ניט געוואָלט וואַרטן ביז משיח וועט קומען און אונדז פירן אין לאַנד פון די אבות. פאַראַן פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך, און קלייזלעך. אויך מיר, די צעירי ציון זענען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּאַרטיי. מיר זענען דאָס אָבער ניט געווען, פּונקט ווי די סאָציאַליסטן זענען ניט קיין פּאַרטיי. זיי טראָגן אין זיך די פלאַמיקע רייד פון די נביאים. פּונקט אַזוי טראָגן מיר אין זיך דעם אַלטן און אייביק יונגן חלום פון אונדזער אַלט און געפּלאָגט פאָלק.

— אַן אמתער רעדנער! — האָט בוים אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

— יאָ, מיין פריינט. ביי זיך אין שטעטל בין איך געווען ניט שטאַרק אָנגעזען, אָבער ווען מע האָט מיך געפּאָדערט אויפצוטרעטן אין אַן אַנדער שטעטל, האָב איך געהאַט וואָס צו זאָגן. און איך בין ניט געווען דער איינציקער רעדנער. נאָך איינער האָט זיך אויסגעצייכנט, מיין לאַנדסמאַן ווערעטע, מענדל ווערעטע. איך האָב אויסערלעך ניט געמאַכט קיין גוואַלדאָוונע איינדרוק. מענדל אָבער איז אפילו געווען געבויט קערפּערלעך ווי אַ פירער. הויך, דין, מיט אַ לענגלעך פּנים און אַ פּאָר גרויסע, קאַרע אויגן וואָס האָבן אי געוואָרעמט, אי געגלעט און געפירט. אַ פּרינצלעכער בחור געווען. אָט שטייט ער מיר פאַר די אויגן, מיין פאַרשטאָרסענער חבר. ווען מיר קאָנען ניט קריגן קיין חבר פונעם צענטער, נעמט ער איבער. אַלע אונדזערע בליקן געווענדט צו אים, און ער גלעט, און ער וועקט. אָט הויבט ער זיין קול מיט וועקונג און באַפעל, און אָט פאַלט זיין שטים גראַנדוויז ביז אַ פליסטער. וואָס שטילער ער רעדט, בעסער הערן מיר זיך איין... די מיידלעך — פרעגט שוין גאָרניט. מיר, בחורים האָבן אים געהערט, און די מיידלעך האָבן אים געשלונגען... און מער פון אַלע — דבורהלע דעם שוחטס, אַ קליינינקע, אַ זשוואַווע, שוואַרצע אויגן און היפשע געדיכטע ברעמען איבער זיי. אירע אויגן האָבן אפילו געסט־רעדנער באַמערקט, שוין אָפּגערעדט פון אונדז, היימישע. איך בין זיך מודה פאַר אייך, אַז ווען איך האָב גערעדט פאַר די צוהערער, האָב איך גאָר פאַרקוקט צו דבורהלען. און ווען איך בין געווען אַ צוהערער, האָב איך געזוכט אַ געלעגנהייט צו זעצן זיך וואָס נענטער צום שוחטס טאָכטער...

אַזוי ווי זי איז דאָ ניטאָ קאָן איך רעדן אָפן וועגן איר... (ער האָט צוגעוואונקען און געשמייכלט).

„איך האָב זיך געשעמט מיט מיין האַלטונג, אָבער איך האָב ניט געקענט גובר זיין מיין שוואַכקייט. מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט, בחורים האָבן ליצנותדיק אונטערגעשמייכלט, אָבער איך בין געווען גליקלעך ווען מיר איז אויסגעקומען זיצן לעבן דער שיינער מיידל.

„און דאָ, מיינע פריינט, הויבט זיך אָן די אמתע מעשה, אַ געשיכטע וואָס איז אַלט ווי די וועלט. מענדל ווערעטע און איך זענען געוואָרן ליבע קאָנקורענטן. עפנטלעך זענען מיר געווען גלייכע מיוחסים,ביידע באַלעזן, מיט אַ היפשן כוח הדיבור, אָבער מיט מיר האָט זיך געלוינט בעסער אַ שידוך צו טאָן: אין פאַרגלייך מיט מענדלען בין איך געווען אַ גביר. חוץ מיין אַרבעט ווי אַ דרוקער, האָב איך געהאַנדלט מיט תבואה. מענדל האָט געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. לערער האָבן קיינמאָל קיין גליקן ניט געמאַכט. דערפאַר בין איך געווען זיכער, אַז דבורהלע וועט זיין מיינע. איך האָב געדענקט אירע טעג פון געבורט און איר געשיקט מתנות. זי האָט די מתנות אָנגענומען און מיר געדאַנקט.

„איינמאָל האָב איך איר געזאָגט:

„— דאַרעטשקע (אַזוי האָבן מיר זי גערופן) איר ווייסט?... איך האָב נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, און דאָס לשון האָט מיר אָפּגענומען. זי איז געשטאַנען אויפן הויכן פּידאַשעק פון איר הוים, און איך — אונטן. אין מיין באַלעזנקייט האָב איך זיך דערפילט ווי איך וואָלט געווען ראָמעאָ, און זי — דזשוליעט.

„אַ לייכטע ראָזעווידיקייט האָט זיך באַוויזן אויף איר לענגלעך געזיכט. אירע אויגן האָבן זיך ווי געבעטן ביי מיר. איך האָב נאָך אַלץ ניט געקענט רעדן. זי האָט מיך פאַרשטאַנען. זי האָט זיך אָנגעבויגן און פון איר הויך מיר אַרונטערגעגעבן איר האַנט.

„עס איז געווען אַ זומערדיקער שבת פאַרנאַכט. דער שוחט איז געווען אין שוהל, די מוטער און די אַנדערע קינדער — אפשר אין הויז. איך האָב אָנגעכאַפּט איר האַנט און איך האָב דערפילט ווי מיין האַנט ציטערט.

„דבורהלע; — האָב איך געזאָגט שטיל, אַזוי שטיל אַז איך אַליין האָב זיך קוים געהערט... (איר פאַרשטייט? ניט דאַרעטשקע, נאָר דווקא דבורהלע). דאָס דאַזיקע וואָרט האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן... איך האָב זייער געוואָלט צופאַלן מיט מיינע ליפּן צו דער האַנט וואָס איך האָב געהאַלטן אין מיינער. האָב איך מורא געהאַט, טאָמער דערזעט עמעצער. און ווריקלעך, אַ שכנה ביי אַ צוויי הייזער פון דאַנען האָט מיך דורכגענומען מיט אַ פּאָר גרויסע, שטרענגע אויגן.

„איך פאַרשפּאַר אייך זאָגן, אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך דערוואוסט פון דער געשעעניש. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי וויסן מער פון מיר... מיר האָבן זיך ביידע געשעמט, אַזוי ווייט, אַז מיר האָבן אויסגעמיטן צו זיין אײנ־איינעם, און אפילו ביי די „סכאָדקעס" אין וועלדל זיך געהאַלטן באַזונדער.

„— פאַרשטייט זיך, אַז אויך מענדל האָט דערפון געוואוסט. ער פלעגט אַריינקומען צו מיר אין דרוקעריי און אויך צו מיר אַהיים. זענען מיר דאָך

געווען די פירנדיקע חברים און מיר האָבן צוזאַמען אויסגעפּלאַנעוועט די פּראָגראַמען פאַר די מיטינגען. חוץ דעו האָבן מיר פאַרבראַכט מיט אונדזערע חברים ביי פאַרלעזונגען.

„איך האָב דערפילט ווי אין אונדזערע פאַרהעלטנישן האָט זיך אַריינ־געכאַפּט אַ קעלט. מיר האָבן מער ניט געשפּאַסט, ווי מיר פלעגן עס טאָן ביז דאַן. מיר האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין צוויי ערנסטע, קילע פירער פון אַ גרופּע.

„אין האַרבסטיקן קאַלטן אָוונט זענען מיר, יונגוואַרג, געגאַנגען פונעם וועלדל אַהיים. איך האָב באַמערקט ווי דבורהלע גייט לעבן מענדלען. „גוט אַזוי”, האָב איך אַ קלער געטאָן, זי וויל מיך ניט פאַרשעמען... מיר זענען אַריבער די בריק. דאָס וואַסער אונטן האָט אויסגעזען קאַלט און כמורנע און כוואַליעס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין זאַמדיקן ברעג מיט אַ שטילן פּליעסק. באַלד פון יענער זייט בריק האָט מענדל זיך גערדאַרפט פאַרקערעווען רעכטס, און איך מיט דבורהן — לינקס צו אַן אַנדער גאַס. דבורהלע איז געבליבן עפּעס אַזוי ווי אַליין. אין אונדזער גרופּע איז געווען יאָסל דער פריקאַזטשיק, אַ וויצלער וואָס האָט געשאָטן מיט חכמות.

„— דאַראַטשקע! — האָט ער אויסגערופן — וואָס אַנטלויפסטו און אויף וועמען לאָזסטו אים איבער? — ער האָט מיין נאָמען ניט אָנגערופן, אָבער אַלע האָבן געוואוסט, וועמען ער מיינט, און עס האָט זיך דערהערט אַ געּ־לעכטערל. — גיי, יאַלד, נעם זי אונטער דער האַנט — האָט יאָסל זיך געווענדט צו מיר — גיי, גיי. עס וועט דיר צונויץ קומען אויף דער עלטער...

„— הער אויף! — האָב איך זיך אָנגעבייזערט אויף יאָסלען.

„— אוי! — האָט ער אויסגערופן ווי אין אַ תפילה — הלוואי קאָן איך זי נעמען און פירן „פאַר רוטשקו” (אונטערן אָרעם).

---

קאַפּיטל פיר

די קינדער וואָס זענען דאָ געווען געסט איבערן זומער, האָבן איצט פאַלאַזט דאָס עס־ציעמר, און אין דער באַגלייטונג פון יונגע אויפזעער, בחורים און מיידלעך, דורכגעגאַנגען לעבן אונדז. דער גאַנצער אין דרויסן איז דורכ־גענומען געוואָרן פון זייערע הילכיקע שטימען, פון געלעכטער און געזאַנג. דאָ און דאָרט האָט אַ קינדערשע האַנט זיך געהויבן אין דער לופטן, גריסנדיק זיך מיט אונדז, עלטערע אויף די שווערע שטולן. אַ רויטהאָריק מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף, אַ לעבעדיק פּנימל, געדיכט באַשאָטן מיט גרויסע קלייען, אַ פאַרריסן נעזל און ליכטיק בלויע אויגן, האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר ריי, צוגעלאָפן צו מאַטאַנאָפן און אַרומגעכאַפּט זיין שווערן נאַקן מיט אירע דינע, לאַנגע אָרעמס. זי האָט אים געקושט. אין די ווינקלען פון זיינע אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט צוויי קליינע טרערן.

— מיין אייניקל — האָט מאַטאַנאַף געזאָגט מיט אַ פאַרענדערט קול און באַלד צוגעגעבן — דאָס איז די יינגסטע. דאָס עלטסטע איז שוין דריי יאָר אין קאַלעדזש.

דאָס קינד האָט אַ לויף געטאָן און דעריאָגט איר גרופּע.

דער סיפור המעשה איז איבערגעריסן געוואָרן. מיר האָבן געוואָרט. דער שרייבער האָט דער ערשטער געמונטערט דעם דערציילער אָנצוגיין ווייטער.

—נו — האָט מאטאָנאָף געזאָגט — אַז איך האָב דעם כבוד געבעטן צו ווערן פון אַזאַ חשובן גאַסט, אור איר, חברים, האָלט מסתמא מיט אים... — וועל איך רעדן. אַנדערע יידן האָבן זיך אויסגעלערנט צו נעמען אַ וואָרט ערשט דאָ אין לאַנד, איך רעד שוין ברוך השם זינט איך געדענק זיך... מע זאָגט מיר, אַז עס וואָלט מיר געפּאַסט צו זיין אַ לאַיער.

איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט צו זאָגן, אַז איך בין טאַקע אַ לאַיער. בוים האָט מיר פאַרשפּאָרט די אַרבעט...

— ביי אונדז אין קעמפּ — האָט מאטאָנאָף געזאָגט — זענען ברוך השם אַלע אינטעלעקטואַלן. — ער האָט מיר צוגעוואָרפן אַ וואַרעמען בליק און ווייטער דערציילט: — יאָ, מיינע פריינט. די ווירקונג פון רעליגיע. — מאטאָנאָף האָט זיך שאַרף איינגעקוקט אין דעם שרייבער — ניט איך, ניט מענדל זענען געווען רעליגיעז. דבורהלע האָט זיך שטאַרק געקרימט ווען זי האָט אונדז געזען שבת רויכערן אַ פּאַפּיראָס, אָבער זי האָט זיך מיט דער צייט צוגעוואוינט.

יאָסל דער פריקאַזטשיק האָט איר איינמאָל שבת אָנגעבאָטן אַ פּאַפּיראָס, האָט זי פאַרטראַפּאַטשעט מיט הענט און פיס... זי האָט געקוקט אויף דעם ברענענדיקן פּאַפּיראָס און אויפן בלווילעכן רויכל וואָס האָט זיך פון אים שטיל געשלענגלט, און אירע גרויסע, וואַרצע אויגן זענען געווען שוואַרצער און פינצטערער ווי אַלעמאָל.

„מיר זענען אָבער געוואַקסן אין יידישע היימען און געמוזט דאַוונען, זיך וואַשן פאַרן עסן און בענטשן נאָכדעם, ווי מען זאָגט, מיט אַ האַלב מויל, און דערביי הערן ווי דער פרומער טאַטע בענטשט אויף אַ קול און עס קומט ביי אים פון כעס אויס אַזוי בייז ברומענדיק. ער וואָלט מיך געגומען אויף דער קני, אָבער איך בין געווען גרעסער פון אים און דערצו אַ פאַרדינער...

„טאַקע אַ צעירי ציוניסט, איינער וואָס וויל פאַרווירקלעכן דעם חלום פון זיין אויסגעוויינט און אויסגעבענקט פאָלק, אָבער דעם קיסר ניקאָליי האָבן איך און מיינע חברים, ווי שוין געזאָגט, געהאַסט און בלב ונפש געווען מיט די וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין קאַמף קעגן צאַריזם.

„דאָס וואָס איך דערצייל איז געשיכטע, און איבערקייען זאַכן און געשעענישן וויל איך ניט. די ערשטע וועלט־מלחמה, די רעוואָליוציע, די פּאָגראָמען. דאָס גאַנצע אַרומיקע לעבן האָט זיך ווי געדרייט אַרום מיר, און איך בין שטעקן געבליבן אין דער מיט, אָפּגעטיילט פון דעם שטורעם אַרום מיר, מיט אַ געפיל וואָס האָט מיך געהאַלטן געשפּאַנט טאָג און נאַכט.

„עפּעס אין מיר האָט געטענהט און זיך אויסגעטענהט מיט דער וועלט, און באַזונדער מיט די געליטענע יידן פון מיין אוקריינער שטעטל און פון אַלע שטעטלעך אַרום: „וואָס בין איך דאָ שולדיק? איך האָב קיינעם ניט ווי געטאָן, קיינעם ניט באַליידיקט... איך בין נאָך געווען צו יונג צו גיין אין קריג... איך בין געווען אָפּגעזונדערט פון דער וועלט מיט אַ צאַם פון ליבע. אויף מיר האָב איך טאָג און נאַכט געפילט דעם בליק פון

די שיינע, שוואַרצע אויגן דבורהלעס, און ווען מיר האָבן אין צייט פון אַ פּאָגראָם זיך אויסבאַהאַלטן ביים גלח אויפן בוידעם, האָב איך געהאַלטן דער מיידלס האַנט אין מיינער. דאָ זענען געווען נאָך יידן, יידענעס און קינדער. עס איז געווען שטיל און טונקל און מיטן אָנקום פון דעם אָוונט איז דאָ פינצטער געוואָרן. איך האָב זיך צוגעבויגן צו דבורהלען, און מורא האָבנדיק, אַז זי וועט מיך ניט לאָזן זי קושן, האָב איך אויף גיך צוגעטוליעט מיינע ליפּן צו איר באַק. זי האָט מיך געטאָן אַ שטויס אָפּ, זיך אויסגעגליטשט און פאַרשוואונדן צווישן די מענטשן.

— ווי קומט איר בעסאַראַבער צו דער אוקריינע? — האָט בוים פאַר־טשעפּעט דעם דערציילער.

— מיינע עלטערן האָבן זיך אַהין אַריבערגעקליבן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד.

בוים האָט אַ לאַך געטאָן.

מאַטאַנאָף האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן דעם סיפּור העמשה.

— אָט זיץ איך דאָ מיט אײַך אויף דער פרײַ — האָט ער געזאָגט — און אָט זע איך זיך דאָרטן אויפן בוידעם... אַ פינצטערע צייט איז דאָס געווען! ניט איינעם פון די וואָס האָבן זיך מיט מיר אויסבאַהאַלטן, האָט מען שפּעטער געטויט. עס איז אויך אומגעקומען דער שוחט. דבורהלע איז איצט געווען אַ יתומה. דערפון איז זי מיר נאָך ליבער, נאָך אייגענער געוואָרן. מענדל האָט אָבער ניט געשוויגן. איצט איז פאַר אונדז ביידן געווען אַ גוטער אויסרייד צו באַזוכן דבורהלען און איר משפחה מנחם אָבל צו זיין.

„איך האָב נאָכגעקוקט מענדלען און געזען ווי ער שלינגט דאָס מיידל מיט זיינע שטרענגע אויגן. דערביי האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דבורהלען טוט הנאה זיין פאַרבענקטער בליק.

„איך בין געווען צעמישט, איך האָב געליטן, זיך געקליבן דורכרעדן מיטן מיידל, און ניט געוואָגט... „אפשר האָט שוין מענדל מיט איר אָפּ־גערעדט?" האָב איך איינמאָל אַ טראַכט געטאָן און איך האָב דערפילט, אַז איך פאַל... ניין, ניין! איך בין געגאַנגען אַהיים. היינטער מיר איז פאַרבליבן דבורהלע מיט איר משפחה. איך קער זיך שוין אום! איך האָב זיך געטאָן אַ דריי אום אויף צוריק און דערזען מענדלען.

„מיר האָבן זיך באַגעגנט. „האָסט עפּעס פאַרגעסן?" — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן. „איך האָב גאָרניט פאַרגעסן!" האָב איך אויסגערופן מיט אַ בייז קול.

„וואָס־זשע גייסטו צוריק? — האָט ער מיך געפרעגט און זיין קול האָט מיר געקלונגען ווי ער וואָלט אַן געלעכטער חוזק געמאַכט פון מיר. ער איז געווען העכער פון מיר, און איך האָב געדאַרפט צו אים אַרויפקוקן.

„גוט וואָס איך האָב דיך אָנגעיאָגט — האָט ער צופרידן און עפּעס אַזוי גלייכגילטיק גערעדט — מיר דאַרפן אַרומרעדן די פראַגראַם פאַרן העברעאישן אָוונט. איך האָב אַ בריוו פון ליניץ, פון שליאָמע בארים. ער קומט צו אונדז.

„מיין בייזקייט האָט מיר נאָכגעלאָזט, אָבער רואיק בין איך ניט געוואָרן. געזאָלט האָב איך רעדן פון תכלית מיט דבורהלען, איצט דאַרף איך גאָר רעדן מיט מענדלען... וואָס זאָגט מען אים? ווי אַזוי ברענגט מען

אַרויס מיין געדאַנק? און אפשר איז גאָר גלייכער איצט גאָר־ניט זאָגן, זיך מאַכן ניט וויסנדיק און אויסנוצן די ערשטע בעסטע געלעגנהייט דערציילן דער מיידל וואָס איך קלער וועגן איר, און זאָל זי מיר געבן דעם ריכטיקן ענטפער.

---

## קאַפּיטל פינף

מאטאַנאָף האָט אַ קוק געטאָן אויף דער זון און געזאָגט:

— איך האָב מורא, יענער חבר (מיינענדיק בוימען) איז גערעכט. מע דאַרף עס מאַכן בקיצור, אלא ניט וועלן מיר פאַרשפּעטיקן די וועטשערע... און זאָגן וועל איך איך, אַז מענדל האָט געטאָן ווי נאָר אידעאַליסטן קאָנען. די באַנדעס זענען געוואָרן שרעקלעך. אפילו די פרידלעכע פּויערים האָבן דערשמעקט די הפקרות. עס איז צייט געווען צו אַנטלויפן כל זמן עס איז נאָך דאָ אַ מעגלעכקייט. מיינע עלטערן האָבן ניט געוואָלט „צעברעכן די היים" און זיי זיינען פאַרבליבן אין דער פאַרבלוטיקער אוקריינע. בין איך אַליין געפאָרן, אָבער ניט אַזוי גיך...

„איידער איך האָב זיך אויפגעזעצט אויף דער פור, האָט מיך מיט איינמאָל באַהערשט אַ געוואַגטקייט וואָס איך האָב קיינמאָל ביז יענעם ווינטער־ טאָג ניט געהאַט. איך האָב געהייסן דעם פּויער וואַרטן, בין אַריבער־ געלאָפן צו דבורהלען, אפילו אין איר טיר ניט אָנגעקלאַפּט ווי איך וואָלט מורא געהאַט, אַז איך וועל מיט איינמאָל אָנווערן דעם מוט.

„דבורהלע איז געזעסן איבער אַ בוך. זי האָט מיך באַטראַכט מיט אַ בליק וואָס מיר איז שווער איבערצוגעבן. דערויף דאַרף מען זיין אַ שרייבער. פון אירע ברייט צעעפנטע שוואַרצע אויגן האָט אַרויסגעקוקט שרעק. איך האָב אויף גיך אַ זאָג געטאָן: „דאַרעטשקע, קום!"

"— וואוהין? וואָס רעדסטו?! — האָט זי בעטנדיק געפרעגט.

„איך האָב איר דערציילט, אַז די פור וואַרט שוין אין דרויסן.

„— משוגע? חסר דעה? — האָט זי איבערגעפרעגט. אָבער איך האָב זי מער ניט געהערט. מיטאַמאָל האָב איך באַקומען לשון און איר דערציילט פון מיין ליבע און פון מיין חלום צו זיין מיט איר אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן. „איצט האָב איך מיין רעפּליק פאַרענדיקט — טו ווי דו פאַרשטייסט". דער אויסדרוק אין אירע אויגן האָט זיך געביטן. זיי האָבן געשמייכלט צו מיר. מיר האָט יענער מאָמענט צוגעשפּליט. זי איז געווען איינע אַליין. די מוטער האָט געהאַנדלט אין קרעמל אויפן מאַרק. די קלענערע קינדער זענען געווען אין חדר. איך האָב געטאָן אַ שפּאַן צו דער מיידל און זי אָנגעכאַפּט ביי ביידע הענט.

נו, און די מאַמע? און די קינדער? האָט זי געזאָגט — אָן זיי ריר איך זיך ניט!

„הכלל, איך האָב געמוזט באַצאָלן דעם פּויער פאַר ניט פאָרן און האָב אים באַשטעלט אויף שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן, ביז דבורהלעס משפּחה וועלן זיין גרייט צו אונטערנעמען די ווייטע נסיעה.

„מיט איין מאָל האָט די נייס וועגן מיין אָפּפאָרן און מיין פּלוצעמדיקן

וויזיט דורכגעבליצט דאָס שטעטל. מענדל איז געקומען צו מיר. ער איז געווען בלייך. זיינע שטרענגע אויגן, שטענדיק קילע און זיכערע, האָבן געקוקט אויף מיר פאַרשעמט און פאַרלאָרן.

„ער איז צוגעקומען צו מיר בשעת איך האָב געהאַלטן אין פּאַקעווען מיינע זאַכן. ער האָט מיר געדריקט די האַנט און מיר געוואונטשן גליק. איך האָב זייער געוואָלט אויסזען אומגליקלעך, פול מיט חרטה, אָבער איך האָב ניט געקענט באַהערשן מיין שמייכל, וואָס האָט מענדלען אוודאי וויי געטאָן. דער גליקלעכער נאָר אין מיר האָט מיך דערצו נאָך אַ שטופּ געטאָן און איך האָב וואויליונגעריש געזאָגט: „פּאָר מיט אונדז״.

„מענדל האָט מיך באַטראַכט, פאַרשוויגן. ער האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג און שוין ביי דער טיר געזאָגט מיט אַ טאָן ווי מע גיט אַ שבועה: „אונדזער אידעאַל וועט ניט און זאָל ניט ליידן דערפון״! איך האָב געוואָלט צולויפן צו אים און אים דריקן די האַנט, אָבער ער האָט האַסטיק געעפנט די טיר און איז אַרויס.

„געטראָפן האָבן מיר זיך אין אמעריקע. איך בין שוין געווען פאַרהייראַט צו דער שיינער, יחוסדיקער דבורהלען, און ער איז נאָך אַלץ געווען אַליין. עס האָט לאַנג ניט גענומען און אויך ער האָט זיך געפונען זיין לעבנס באַג־לייטערין, אַ העברעאישע לערערין.

„מיר האָבן געהאַלטן וואָרט און זיין שבועה ניט פאַרשוועכט. דאָ האָבן מיר געטראָפן אַ היפּשע באַוועגונג פון צעירי ציון און קיין אַרבעט אין דער פּאַרטיי האָט אונדז ניט געפעלט.

„יאָרן זענען אַזוי אַריבער. מיר האָבן שוין געהאַט חתונה געמאַכט אונדזערע קינדער. מיר זענען געוואָרן זיידעס און באָבעס... די קינדער און די אייניקלעך זענען אין אונדזערע וועגן ניט געגאַנגען, אָבער איך — און דבורהלע צוליב מיר — ווי אויך מענדל און זיין בתיה, זענען פאַרבליבן די זעלבע איבערגעגעבענע חברים צווישן זיך און, דער עיקר, פאַר דער באַוועגונג. מענדל האָט דאָ זייער אויסגענומען מיט זיין כוח הדיבור. איין זאַך האָט אים געפעלט, דאָ, ווי אין דער אַלטער היים, האָט ער קיין מאַטעריעלע גליקן ניט געמאַכט, כאָטש בתיה האָט אים אַרויסגעהאָלפן. איך בין דאָ געוואָרן אַן אייגנטימער פון אַ דרוקעריי און האָב פאַרדינט ניט שלעכט. איז טאָמער האָט מען געדאַרפט זאַמלען געלט פאַר מדינת ישראל, איז מענדל געקומען צו מיר. איך האָב אים קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט. איך בין אים גאָר געווען דאַנקבאַר, וואָס ער האָט מיך אין זינען, ווייל איך בין געווען זייער פאַרנומען און איך האָב דעריבער פאַרפעלט מער ווי איין זיצונג פון מיין צווייג.

„בויטן אין אונדזער באַנייטער מדינה זענען פאַראַן שווערע, אָבער די שווערסטע פון זיי איז דער צושטאַנד פון אַריבערגעבראַכטע, אינוואַלידן און קינדער יתומים. זיי קענען ניט וואַרטן לאַנג אויף אונדזער הילף. האָט מען אָט דער פּראָבלעם אַ נאָמען געגעבן „ד'ער געפאַר פאָנד״, און גוטע מענטשן געבן. טוט אַ בליק אין די יידישע צייטונגען, און איר וועט דערזען ממש מאָסן געבער.

„איז מיין גוטער און געטרייער חבר מענדל געווען דער גוטער שליח און גערופן, און געמאָנט.

„עס איז אַזוי אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. מענדל האָט זיך געעלטערט, געוואָרן שוואַך, זיך באַקלאָגט אויפֿן האַרץ, אויף ווייטאָגן אין ברוסטקאַסטן, שוואַכקייט אין די פֿיס... אין דער הינזיכט זענען מיר געווען ניט נאָר חברים פֿון איין אידעאַל, נאָר ווי די רוסן זאָגן „טאָוואַרישטש פּאָ ניעסטשסטיו" (אַ חבר אין אומגליק) אָח לצרה...

„איך האָב אָנגעהויבן צו פֿאַרפֿעלן מיטינגען ניט נאָר איבער מיינע געשעפֿטן, נאָר מיין האַרץ האָט מיך שוין דערצו ניט דערלאָזט. מענדל האָט ניט אויפֿגעגעבן. דבורהלע און איך האָבן אים באַוואונדערט, מחמת ער האָט אויסגעזען מונטער און יוגנטלעך. זיינע שטרענגע אויגן האָבן געלויכטן ווי ביי באַנומענע און באַהערשטע פֿון אַ גרויסן געדאַנק. ער האָט מיר אויסגעזען ווי די פֿאַרקערפּערונג פֿון אַ באַלאַדע. קערפּערלעך לחלוטין זיך געענדערט, נאָר די אויגן זענען פֿאַרבליבן ווי אין אונדזער יוגנט אין היימישן שטעטל.

„בתיה פֿלעגט גיין מיטן מאַן צו די פֿאַרזאַמלונגען. מיר האָבן זיך פֿאַרהאַלטן פֿריינטלעך. איינמאָל האָב איך בתיהן ביים מיטינג ניט געטראָפֿן. איך בין געוואָרן אומרואיק: איר ווייסט דאָך — די עלטער... האָב איך געפֿרעגט מענדלען אויף איר. „זי האָט געדאַרפֿט ערגעץ צוגיין", האָט ער זי פֿאַרענטפֿערט. „אַבי געזונט" האָב איך געזאָגט.

„הלוואַי וואָלט זי געווען געזונט"! האָט מענדל צוריקגעזאָגט. דערמיט האָט זיך אונדזער געשפּרעך געענדיקט.

„איך האָב אַן אויטאָמאָביל, און אַז מען קומט מיט אַ מאַשין צו אַ מיטינג, האָט מען פּאַסזשירן. האָט מיר שפּעטער מיט אַ פּאָר פֿאַרזאַמלונגען אַ חבר געזאָגט, אַז בתיה פֿאַרפֿעלט וואָס ווייטער, אַלץ מער צו קומען. נאָכדעם ווי ער האָט עס מיר דערציילט, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ ניגון: „אוי, סע געפֿעלט מיר ניט די מעשה"...

„רעדט ניט קיין נאַרישקייטן!" האָב איך אים געמוסרט.

---

קאַפּיטל זעקס

מאַטאַנאַף וואָס האָט די גאַנצע צייט גערעדט ווי אַ פּראָפֿעסיאָנאַל אין זיין פֿאַך, איז מיט איין מאָל שטיל געבליבן. זיין גרויס, גוטמוטיק פּנים האָט זיך אויסגעבלייכט און באַלד זענען זיינע באַקן פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ מין ראַזעווודיקייט. די גרויע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפֿנט און מיט אַ נערוועזער האַנט האָט ער געזוכט עפּעס אין דער קעשענע פֿון די זומערדיקע הויזן. האַרט הינטער מיר האָבן זיך דערהערט אייליקע טריט וואָס האָבן אין הויכן גראָז שטיל געשורפּעט. אַ קליין־געוואוקסיקע פֿרוי איז צוגעלאָפֿן צום דערציילער און צוגעלייגט איר האַנט צו זיין שטערן. זי איז איצט געשטאַנען מיטן פּנים צו מיר, און איך האָב דערזען אַן עטוואָס פֿאַרעלטערט פּנים מיט גרויסע שוואַרצע אויגן. זי האָט דעם מאַן געהאָלפֿן געפֿינען די פּיל. ער האָט געעפֿנט דאָס מויל און זי האָט מוטערלעך אַריינגעטאָן די פּיל אין דעם.

—האָט זיך צערעדט, מיין בעל דרשן — האָט זי געזאָגט מיט פֿאַרוואורף. איך האָב זי די גאַנצע צייט פֿון דער דערציילונג געזען אין מיין

געדעכעניש ווי אַ יונגע, שיינע שוואַרצאויגיקע מיידל... „אוי!“ האָט עס אין מיר אויסגעשריגן. איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט אויסצורופן איר נאָמען. דער שרייבער האָט מיר פאַרשפּאַרט די אַרבעט. „און דאָס איז דבורהלע?“ האָט ער געפרעגט.

— יאָ — האָט מאַטאַנאַף געענטפערט, האַלטניק איר קליינע האַנט אין זיינער. זי האָט אונדז אַלעמען באַטראַכט און אַ וואַרעמער שמייכל האָט באַלויכטן איר צוגעברענט, קוים געקניישט פּנים.

דער שרייבער האָט געזאָגט:

—נאָך מיינער אַ פאַרלעזונג קומען כמעט קיינמאָל ניט קיין פראַגן, אָבער היינט, כאָטש מע האָט מיך אויך דאָ ניט געפרעגט, בין איך — און איר אַלע — באַלוינט געוואָרן מיט אַ דערציילונג. עס זעט אויס ווי מיין דערציילונג האָט געבוירן אַ צווייטע. איך האָף נאָר, אַז דאָ איז ניט פאַרוויקלט קיין פּאָליטיק.

מאַטאַנאַף האָט בייזלעך אויסגערופן:

— וואָס האָט איר, קינסטלער, אַזוי מורא פאַר פּאָליטיק?

— מורא? — האָט דער שרייבער איבערגעפרעגט. — ניין, מיין ליבער פריינט. ניט מורא נאָר שרעק, מע זאָל מיך ניט אָנשליסן אין אַ פּאַרטיי.

מאַטאַנאַף האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר דבורהלע האָט אים מיט איר קליינער האַנט פאַרשטעלט דאָס מויל און שטרענג באַפוילן: „מער רעדסטו ניט היינט!“

ער האָט פאַרקוקט צו דער ווייב מיט געבעט. אירע שוואַרצע אויגן האָבן אים און אונדז אַלעמען דורכגענומען. מאַטאַנאַף האָט צענומען זיינע שווערע אָרעמס און אויף שטום־לשון אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער מוז זיך אונטערגעבן. ער האָט נאָר דערלאַנגט אַ בייזן בליק דעם שרייבער און זיך שווער אויפגעהויבן פון זיין אָרט.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט און ניט פאַרענדיקט. מאַטאַנאַפּס פּנים האָט צוריק באַקומען דעם נאַטירלעכן קאָליר און ער האָט אונדז שעלמיש צוגעוואונקען, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איך וועל נאָך דערציילן און דער־ציילן...“

די זון האָט, ווי אַ רונדע פייערדיקע זעג, זיך איינגעשניטן אין דער ערד ביי דעם מערבדיקן האָריזאָנט. איך האָב אַ קוק געטאָן איבער זיך און געזוכט די קליינע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן פריער אויסגעזען אויפן לויטערן הימל ווי שלאָפנדיקע שאָף אויף אַ בלויער לעוואַדע. זיי זענען זיך איבער דער בלויקייט צונויפגעקומען און זיך פאַרוואַנדלט אין איין לאַנגן, ווייסן פּאַס מיט אויסגעשטשירבעטע זוימען דאָ און דאָרט, ווי ווייסע פראַנדזן פון פאַרשיידענער לענג.

די פאַרגייענדיקע זון איז איצט געווען אין די שויבן פון דעם שפּייז־צימער. זיי האָבן ראַשיק געגלאַנצט און געבלענדט מיין בליק. דער מזרחדיקער האָריזאָנט האָט זיך געמינעט פון בלוי אויף גרינלעך. אין די געדיכט־באַבלע־טערטע צווייגן פון די גרויסע, אַלטעביימער האָבן פייגעלעך געטשיריקעט. עס האָט מיר דערמאָנט די אַלטע היים, די אַלטע נאַטור־קאָלירן און די אַלטע קלאַנגען וואָס גייען מיר — און אפשר אויך אייך — נאָך, מעגט איר זיין ערגעץ אין די ווייטסטע ווייטן און אויסלעבן זיך דאָרטן די יאָרן ביז דער

טיפסטער עלטער, ערגעץ אין אַ רוישיקער שטאָט. קוים אָבער באַטרעט איַיער פוס די דאָרפישע ערד, דערוואַכט אין אַיך די יוגנט מיטן גאַנצן אַרום און מיט אַלע איבערלעבונגען.

אַלץ וואָס מאַטאַנאָף האָט דערציילט, איז געווען שיר־ניט די געשיכטע פון אונדז אַלעמען. איך האָב די מעשה אויך געקאָנט דערציילן. פונדעסטוועגן האָב איך געוואָלט הערן נאָך און נאָך. און איך האָב זיך ניט גענאַרט...

נאָך וועטשערע איז געוואָרן שטיקעדיק הייס. האָט אונדז דער גאַסט־פריינטלעכער דירעקטאָר פאַרבעטן אין אַ גרויסן צימער מיט געקילטער לופט, און דאָרט האָבן מיר געהערט דעם סוף פון דער מעשה, אַ מעשה שהיה פון דעם יאָר 1967.

מאַטאַנאָף האָט זיך גלייך געווענדט צום שרייבער:

— זייט מוחל, שרייבער, וואָס איך וועל אייך שטעלן אַ פראַגע: צו וואָס פאַר אַ פאַרטיי וועט איר אָנשליסן די מאַקאַבייער?

— איך זע — האָט דער מחבר געענטפערט — איר ווילט זיך מיט מיר קריגן... זאָג איך אַיך פריער, אַז איך בין מיט אַיך, אַז סיי די מאַקאַבייער, סיי אויך אונדזערע העלדן פון ישראל זענען מיר אַזוי נאָענט און אייגן, ווי אמתע ברידער און ווי אונדזערע העלדן. גאָט זאָל מיר נאָר געבן כוח אַרויס־צוברייינגען די פאַקטן און זיי פאַרוואַנדלען אין קונסט לדור דורות; די שיינקייט און גרויסקייט פון מיין פאָלק, ניט נאָר אין ישראל, נאָר אומעטום וואו מיין פאָלק לעבט. די אומגעקומענע זענען מיר הייליק. איך בויג מיין קאָפּ פאַר זיי. איך פיל זיך קליין קעגן זייערע ליידן און אוממענטשלעכע יסורים און איך באַוואונדער די מוטיקע קינדער אונדזערע פון ישראל... וואָס זאָג איך „די קינדער?" די עלטערן, די זיידעס און די באָבעס וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט צעטראָטן ווערן פון דעם מוראדיקן שונא. איך זע, חבר, אַז איר קומט צו צום יאָר 1967. וואַרט איך. איך וועל אפשר ניט שרייבן וועגן דעם היינט, צי היינטיקס יאָר, נאָר שרייבן וועל איך!

דער רעדנער האָט אין מיר אויך דערוואַכט. איך האָב זיך מער ניט באַהערשט און בין אַרויס מיט לשון:

— שמיד דאָס אייזן כל זמן עס איז הייס — האָב איך טריאומפאַל געזאָגט.

דער שרייבער האָט מיך באַטראַכט ווי איך וואָלט געווען ייִנגער פון אים און ווינציק פאַרשטאַנען. „לאָמיר בעסער הערן" האָט ער געזאָגט און זיך געווענדט צו מאַטאַנאָפן, ער זאָל אָנגיין מיטן דערציילן.

מאַטאַנאָף האָט געשוויגן. פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן געלעכטערס פון פאַרבייגייענדיקע געסט. ניט ווייט האָבן צוויי ראַדיאָס זיך געלאָזט הערן. איין ראַדיאָ האָט געבראַכט נייעס, און די אַנדערע האָט געשפּילט ביליקע מויזק. דורך די דינע ווענט פון דעם צימער האָט זיך קוים־קוים געהערט ווי פייגל מאָסטן זיך איין אין די נעסטן אויף ביינאַכט. אַ ווינט האָט זיך פּלוצים אויפגעריסן, און מיר האָבן אין צימער געקאָנט הערן דאָס שאָרכען פון בלעטער אויף די צווייגן. מאַטאַנאָף האָט געזאָגט:

— עס וועט זיין אַ רעגן... יאָ... וואו־זשע האַלט איך?

## קאַפּיטל זיבן

און דאָ האָבן מיר דערהערט דבורהלעס מוטערלעך באַזאָרגט קול:

— דו האַלטסט דאָרט וואו דו דאַרפסט אויפהערן. גענוג גערעדט, מיין מאַן! — איר שיין פּנים האָט זיך געראַנגלט מיט דער עלטער. קנייטשלעך אַרום די אויגן, גרעסערע קנייטשן אַרום איר קליינעם קין, אָבער די פולע ליפּן אירע קינסטלעך צוגערויטלט, די געדיכטע טונקעלע קרוילן אויף איר היפּשן קאָפּ, די געטרייע אויגן מיט אַ בהאַלטענעם כאָטש שטרענגן שמייכל אין זיי, און, דער עיקר, איר שטים — דאָס אַלץ איז געווען אַ וואונדערלעכע קאָמבינאַציע פון אַ יוגנט וואָס גיט זיך ניט אונטער, אָדער גאָר פון אַ בליענדיקן עלטער, וואָס האָט אוודאי ניט דעם מיידלשן רייץ, דערפאַר אָבער האָט דבורהלעס פּנים געהאַט דעם חן און דעם צויבער פון אַ שיינקייט וואָס פאַרבייט די יוגנט מיט אַ ליבלעכער וואַרעמקייט.

איך האָב באַטראַכט די פּאָר. וועט מאַטאַנאָף פאָלגן זיין ווייב? ער האָט פאַרקוקט צו איר ווי א צעפּעסטעטע קינד וואָס ווייסט, אַז ער וועט אויספירן און ער האָט געזאָגט:

— וואָס ווילסטו, איך זאָל בלייבן שטיין אין מיטן פון דער מעשה? ווען איך זאָל פילן אַז איך קען ניט, וואָלט איך געשוויגן. דאָ איז קיל, אַ מחיה, אַדאַנק אונדזער ליבן חבר דירעקטאָר... איז הערט, מיינע פריינט: איך האָב דאָס געפיל, אַז איך דערצייל אײַך אַ מעשה ניט פון אַמאָל, אפילו ניט פון נעכטן, נאָר שיר־ניט פון היינט. האָבן מיר דאָך דאָס יאָר 1967, און היינטיקס יאָר איז דאָס געשען. מיין גוטער, מיין געטרייער חבר מענדל ווערעטאַ...

מאַטאַנאָף איז מיט איין מאָל שטיל געבליבן, ווי עס וואָלט אים געפעלט אָטעם. מיר האָבן זיך איבערגעשראָקן. דבורהלע איז שוין געשטאַנען לעבן מאַן. — עס איז גאָרניט — האָט ער מיט אָנשטרענגונג אַרויסגעבראַכט די ווערטער — עס איז גאָרניט מיט ניט. איך בין בלויז נערוועז און מאַך אײַך נערוועז... יאָ, מענדל האָט דורכגעפירט זיין שליחות בשלימות: ער האָט געמאָנט פאַר „דער געפאַר קאָמפּאַמיע", און איך, און איר מסתמא אויך, האָב געגעבן.

„איצטער דערשיינט פאַר מיר מענדלס פּנים פאַרדעכטיק. ערשט איצט זע איך אַ פאַרענדערונג אין זיין בליק און איך הער אַ פרעמדלעכן קלאַנג אין זיין שטימע. יאָ, איצט בין איך אַ חכם... אָבער דאַמאָלט, ביז יענעם בריוו פון דער „פּראָגרעסיווער" צייטונג האָב איך לחלוטין גאָרניט באַמערקט אויף מענדלען.

„יאָ, דער בריוו... ס'ערשטע האָב איך דערזען דעם קאָנווערט און אַ טראַכט געטאָן, אַז אַ פרעמדער אַדרעס האָט פאַרבלאָנדזשעט צו מיר. איך האָב געלייענט דעם אַדרעס איין מאָל און נאָך אַ מאָל... יאָ, עס איז צו מיר. אויפגעריסן דעם קאָנווערט, געלייענט דעם בריוו און דערזען, אַז מע דאַנקט מיר... פאַרוואָס דאַנקען מיר יענע מענטשן? וואָס האָב איך דען געטאָן פאַר זיי? איך האָב זיך מיט זיי ניט געקריגט, איך האָב מיט זיי ניט געהאַט צו טאָן. יאָ, זיי האָבן זיך אַנטשולדיקט וואָס זיי האָבן מיך ביז איצט ניט באַדאַנקט פאַר מיינעביישטייערונגען, אָבער איצט, אַזוי ווי עס איז אַ

יובילײ פון זײער צײטונג, אַ יום טוב, דאַנקען זײ מיר און לויבן מיך, און פאַרבעטן מיך צו דער פײערונג...

„איך געדענקט ניט אַקוראַט, ווען מײן האַרץ האָט אָנגעהויבן פּראַווען שטיק, אָבער זיכער בין איך, אַז יענער בריוו האָט מײן קראַנקהײט שווער געמאַכט, אַזוי שווער, אַז איך האָב זיך געשראָקן גײן צום דאָקטער, און איך האָב אים אַרויסגערופן.

„אוי — האָב איך זיך געבעטן בײ דער ביטערער ווירקלעכקײט — געוואַלד געשריגן! ביטערער, פינצטערער אמת, ווער פאַרוואַנדלט אין אַ חלום! איך זאָל זיך אויפכאַפּן און דרײ מאָל אויסשפּײען... אנטשולדיקט פאַרן אויסדרוק. ווען איך בין אַ שרײבער און קאָן איבערגעבן וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין יענעם מאָמענט, וואָלטן מענטשלעכע הערצער זיך אַ צאַפּל געטאָן פון ווײטאָג, פון זײן געגנאַרט... און פון וועמען? פון אַ חבר, ער און איך, באַהערשטע פון אײן געדאַנק און פון אײן געפיל... אַלע ווערטער מײנע קענען ניט, זענען ניט מסוגל דערצײלן מײן צושטאַנד אין יענעם מאָמענט...

„אָבער צו צרות געוואוינט מען זיך צו. מענדל ווערעטע איז ניט דער ערשטער און מסתמא ניט דער לעצטער צו פאַרראַטן אַן אידעאַל. מען קען ניט זאָגן, אַז איך האָב זיך באַרואיקט, אָבער איך האָב געפּועלט בײ זיך, אויב ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, איז זיך מאַכן ניט ווײסנדיק... און דאָ האָב איך זיך געשראָקן, טאָמער קומט דער נפש נאָך אַ בײשטײערונג... ווי וועל איך אים אויפנעמען? איך קאָן נאָך אַרויס פון די כלים און אָפּטאָן ווער ווײסט וואָס... אָבער מענדל האָט זיך מער ניט געוויזן, ניט ער און ניט זײן ווײב. נאָך יענעם בריוו האָב איך זיך ערשט דערוואוסט, אַז דאָס האָט זי אים פאַרשלעפּט צו די „פּראָגרעסיווע". איך האָב זיך אויך דערוואוסט, אַז מײן חבר איז מיט יענע מענטשן שוין עטלעכע יאָר געווען פאַרבונדן. זײן אינטעלעקט האָט זײ אימפּאָנירט, און ער איז אַרײן אין דער עקזעקוטיווע, אַן אמתער פירער בײ זײ געוואָרן...

„פאַראַן זאַכן אין דעם אינצידענט וואָס איך וועל קײנמאָל ניט קענען דערקלערן: ווי קומען מיר יענע מענטשן שיקן אַ דאַנק־בריוו און פאַרוואָס האָט מענדל זיך מער ניט געוויזן? אוודאי בין איך געווען צופרידן וואָס איך קוק אים מער ניט אָן: איך האָב פּשוט מורא געהאַט פאַר אַ האַרץ אטאַקע. נו, חברים, איבערגעלעבט אַזאַ קלאַפּ, און איך לעב נאָך, אָבער מענדל, מענדל... — מאַטאַנאַף האָט איבערגעריסן זײן דערצײלן. מיר האָבן געוואַרט. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז די צײטונגען האָבן געשריבן וועגן דעם.

איך האָב איבערגעלײענט די נײס וואָס מאַטאַנאַף דערצײלט און געלײענט ווײטער... אָבער איצט, קוקנדיק אויף דעם גרויסן, גוטמוטיקן פּנים פונעם דערצײלער און הערנדיק זײן שטים, וואָס אָט־אָט רײסט זי זיך איבער און אָט ווערט זי אינגאַנצן שטום, איז יענע האַלב פאַרגעסענע נײס אויפגעשוואומען אין מײן זכרון און איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט אויסצושרײען: „ער איך דאָך געשטאָרבן!!!" איך האָב דאָס ניט געטאָן, צוזעענדיק ווי מאַטאַנאַף לײדט (חוץ דעם, האָט מאַטאַנאַף שוין דאָס געזאָגט). איך וועל וואַרטן. לאָמיך הערן ווײטער. וועט ער אָנגײן? יאָ, מאַטאַנאַף האָט דערצײלט:

— אונדזערע שוועסטער און ברידער אין ישראל האָבן מנצח געווען. דאָס איז געווען אומגלויבלעך. אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי פּלוצעם ווי אין אַ וואונדער מעשה. דאַרף איך אייך איבערדערציילן וואָס מיר אַלע האָבן איבער־געלעבט? ווי אַ ווינט האָט זיך דער גרויסער חידוש דורכגעטראָגן, ניט ווי אַ ווינט וואָס ברענגט וואָלקנס און שטורעם, נאָר ווי אַ ווינט וואָס צערייסט און צעטרייבט שווער אָנגעזאָמלטע כמאַרעס און עס לויכט אויף אַ זון, אַ שטראַלנדיקע, אַ לאַכנדיקע... עט, וואָס טויגן אַלע מיינע רייד? ווי קאָנען מיר איבערגעבן די פרייד? עס איז ניט נאָר דער זיג איבערן שונא, נאָר די געראַטעוועטע לעבנס פון אַלע יידן אין דער מדינה... נו, גענוג וועגן דעם... איך בין ווייט פון פּאָליטיק. אפילו צו מיין אָרגאַניזאַציע גיי איך זעלטן. צו זייער אסיפה וואו מיין חבר מענדל איז געוואָרן אַ פירער, בין איך אוודאי ניט געגאַנגען און איך ווייס דעריבער ניט וואָס דאָרט איז געווען פאָרגעקומען. אַז ער איז ביי דער פאַרזאַמלונג געשטאָרבן, ווייס איך. אָבער ווי אַזוי? וואָס זאָל איך אייך דערציילן זאַכן וואָס איר ווייסט אפשר בעסער פון מיר? די צייטונגען האָבן אַלץ באַשריבן וועגן יענער פאַרזאַמלונג. זי איז געווען הייס און שטורעמדיק. מאָסקווע האָט אָפיציעל פאַרדאַמט ישראל פאַר אטאַקירן די אַראַבער. ווער האָט עס געהאַט דעם מוט צו שטעלן זיך קעגן? יאָ, עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, און איינער פון זיי איז געווען מיין גוטער חבר מענדל. ווען די רעזאָלוציע צו פאַרדאַמען ישראל איז אָנגענומען געוואָרן פון אַ מערהייט, האָט ער אויסגעשריגן: „חברים! וואָס טוט איר?! וואָס טוט איר?״! און ער איז געפאַלן.

אַ שווייס איז אַרויסגעטראָטן אויף מאַטאַנאָפס הויכן שטערן. ער האָט מיט אַ טיכעלע געווישט דאָס פּנים און לאַנג געשוויגן.

---

עפּילאָג

כאָטש דער גאַנצער עפּיזאָד איז מיר געווען באַקאַנט פון דער פּרעסע, האָב איך געזען, אַז ניט נאָ איך, נאָר די מערסטע דאָ אין קילן צימער, זענען געווען דורכגענומען פון דער געשעעניש.

— מערקווירדיק! — האָט זיסקינד אויסגערופן און אין זיין שטים האָט זיך דערהערט אַ טאָן פון קנאה. — זעט־זעט ווי איר זענט אַלע געבליבן זיצן, און איך מיט אייך. חבר מאַטאַנאָפס דערציילן האָט באַלד אַזוי געווירקט ווי מיין זאַך... כמ... יאָ, אָבער הערט: חוץ דעם אויפטרייסלענדיקן מאָמענט ביים סוף, האָט איר אונדז דאָך געשילדערט אַ ראָמאַן, שיר־ניט אַן עפּאָכע. פאַרוואָס־זשע זענט איר שטיין געבליבן און ניט צוגעגעבן נאָך עפּעס, וואָס האָט אייך פערזענלעך באַרירט?

מאַטאַנאָף האָט מיט פאַריבל באַטראַכט דעם שרייבער.

—סאַררי — האָט ער אַרויסגעקייקלט זיינע בעסאַראַבער ריש, — טוט מיר לייד...

— ניט — איז ניט — האָט זיסקינד זיך גערוגזט — אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך: זענט איר בלויז באַקאַנט מיט די פאַקטן וואָס אַלע דאָ ווייסן, צי האָט איר נאָך עפּעס צו דערציילן? לאָמיר זאָגן, די פאַרזאַמלונג...

מאטאנאף האט זיך ביסלעכוויז אונטערגעגעבן. ער האט געזאגט:

— ביי מיר איז דער אמת וויכטיקער פון אלץ. ווי קאן איך אייך דערציילן פון דער זארזאמלונג, אז איך בין דארט ניט געווען? מוז איך זיך סומך זיין אויף אנדערע, וואס האבן געשטימט קעגן דער רעזאלוציע צו פארדאמען ישראל. זיי האבן איבערגעריסן מיט יענע מענטשן און זיי זענען געקומען צו מיר און מיר איבערגעגעבן... אבער ניט אלץ שטימט ביי זיי: איינער האט דערציילט, אז נאר יידן האבן פראטעסטירט, און אן אנדערער — אז אויך ניט־יידן זענען צוגעשטאנען צו די פראטעסטירער. איין בילד ווערט פון אלעמען גלייך געמאלן: דאס אריינקומען אין זאל צו דער פארזאמלונג. נאר נאכן זיג איבער די נאציס האט ער, און אלע — אדער כמעט אלע — האט ער געזען אזא פרייד. אפילו די אנגעכמורעטע האבן באקומען ליכטיקע פנימער. נאר איין מענטש — אזוי האט מען מיר דערציילט — דער מיטן לאנגן פנים און מיטן טערפקע שמייכל אויף דעם, האט זיך געמאטערט. דורך די שווערע ברילן האט ער באטראכט די פארזאמלטע און ער האט זיך געגרייט אנצוזאגן די נייס פון מאסקווע. זיין טערפקע שמייכל האט זיך שטארק גע־ראנגלט מיט דער הערלעכער שטימונג אין זאל. אבער ער האט א גיי געטאן צום אויבנאן, א קלאפ געטאן אין טישל און מער באפעלן ווי געבעטן אלעמען זיצן. די מענטשן האבן אים באלד ניט געפאלגט, און דער גרעסטער „עזותניק" איז גראד געווען מענדל ווערעטע. עטלעכע מענטשן האבן אים ארומגערינגלט, ווי א פירנדיקן חבר, און ער האט ניט געקענט אויפהערן רעדן פונעם אומ־גלויבלעכן זיג איבער די אראבער.

— זעצן זיך!!! — האט דער אמתער פירער אויסגעשריגן העכער ווי געוויינלעך. ער האט שטרענג באטראכט די אלע מענטשן און פון זיין מויל האט א גיי געטאן א שטראם ווערטער... ער האט גערעדט קעגן ישראל! דאס איז געווען ניט צו גלויבן. יא, חבר זיסקינד. איר ווילט נאך און נאך, און נאך האב איך ניט. איר זענט א שרייבער און אייער פאנטאזיע וועט אייך שוין דערציילן דאס וואס איך האב ניט דערזאגט. ניט איך בין פייאיק און ניט איך האב כוח מער צו רעדן. ער, מענדל ווערעטע, שטייט מיר פאר די אויגן. ער גייט דורך פאר מיר פון אונדזער יוגנט אן, א הויכער, א שטאלצער, ממש א פרינצלעכער. זיין בליק אזא ריינער, אזא לויטערער. ער האט זיך פיזיש געעלטערט, אבער דער אידעאל פון שיבת ציון, די אידעע פונעם יידישן פאלק, האט אים דורכגעגליט און עס האט אויסגעזען, אז אזוי וועלן מיר שוין, ווי צוויי געטרייע חברים אויסלעבן אונדזערע יארן... נא, אט האסטו דיר... עט, איך בין אינגאנצן א צעבראכענער. גענוג... יא, חבר זיסקינד, איך זע, איר מאכט נאטיצן. זייט אזוי גוט און שרייבט אריין — זייט מוחל מיין עצה — אז אמונה אין גאט איז ניט דער שטארקסטער כוח וואס ווירקט אויף גלויביקע. דער אידעאל צו דערגרייכן גליק פאר א פאלק איז ניט ווייניקער משפיע.

---

מיר זענען שפעטער ארויס פון דעם געקילטן צימער. די הייסע שטי־קעניש אין דרויסן איז נאך געווארן געדיכטער און שווערער. בוים האט מער ניט געקיבעצט. נידעריק איבער אונדז איז דער הימל געהאנגען א טונקעלער,

אַ קאָלירלאָזער, און נאָר די עלעקטרישע לאָמפּן וואָס האָבן באַלויכטן דעם גאַנג־וועג, האָבן געשפּילט מיט זייער ליכט אויף די ביימער און די בלעטער. עס האָט אויסגעזען ווי דער קעמפּ שטייט אין דערוואַרטונג אויף אַ שטורעם. פון גאָר ווייט האָט זיך דערטראָגן צו אונדז אַ טויבלעכער קראַך פון אַ דונער. באַלד האָט אַ בליץ, אַ פייערדיק־צעצווייגטער, זיך געגעבן אַ צי אויס איבער אונדזערע קעפּ און אַ דונער האָט עקספּלאָדירט. „אַ שטורעם קומט" האָב איך געזאָגט צו בוימען. ער האָט מיינע ווערטער אונטערגעכאַפּט און מיט געבעט אויסגערופן: „זאָל קומען אַ שטורעם און אָפּוואַשן דאָס שלעכטע, דאָס מיאוסע און דאָס שעדלעכע!"

שוין יאָרן זינט איך קען מיין גוטן פריינט בוים, דעם פריילעכן קיבעצער. קיינמאָל איז ער אַזוי ערנסט ניט געווען, ווי אין דעם איצטיקן מאָמענט.

# כייקע

אין אַ רעגנדיקן זומערטאָג האָט מען ביים פריץ קוויאטקאָווסקי געשפּאַנט די שענסטע פיר פערד, אינעם שענסטן פאַיעטאָן. אויף דער קעלניע זיינען געזעסן דער רויטבערדיקער אַנטרייבער מאקאר, אין זיין לאַנגער בעקעשע, אויסגעפּאַלדעוועט אַרום גאַרטל און אַרומגעכאַפּט מיט אַ ברייטן גלאַנציקן פּאַס, און לעבן אים דער יונגער לאַקיי, קירילאַ, אין זיין פאַרביקער ליווריע מיט די גלאַנציקע קנעפּ. די צוויי זיינען געפאָרן צום וואָקזאַל באַגעגענען דעם פריצ׳ס יונגן סטודענט, פּיער, וואָס האָט געלערנט אַזש אין פאַריזש. דאָס וויטע לאַנד האָט אים אַזוי פאַליובעט, אַז ער איז פאַראַיאָרן אפילו אויף די קאַניקולעס אַהיים ניט געקומען.

די גאַנצע פינפוווערסטיקע שטרעקע האָט מאקאר פילאָזאָפירט וועגן וויטע לענדער, וועגן רייכע און אָרעמע, פּריצים, פּויערים און יידן. דער לאַקעי האָט אים יאָ געהערט, און ניט געהערט. ער האָט געדרייט זיינע שיינע שוואַרצע וואָנצעלעך און געקוקט אין דער ווייט. אַ פוילער וואַרעמער רעגן איז געפאַלן אויף די פעלדער אַרום. ער האָט זיך פון צייט צו צייט אָפּגערוט און ווייטער גענעצט די ערד, די פערד, דעם שיינעם פאַיעטאָן און די צוויי אויף דער קעלניע. דאָס קליינע דעכל איבער דער קעלניע האָט זיי קוים באַשיצט.

ערשט ווען זיי זיינען צוגעפאָרן צום וואָקזאַל, האָט דער רעגן אינגאַנצן אויפגעהערט. די טונקעלע וואָלקנס האָבן זיך געהויבן העכער און העכער. זיי זענען געוואָרן שיטערער און דורכזיכטיקער, ביז עס האָט זיך דערזען אַ שטיק טונקל־בלויער הימל. דער שוואַכער ווינט וואָס האָט די גאַנצע צייט פּיכט געאָטעמט אויף די צוויי אין די פּלייצעס, האָט איצט אַ צי געטאָן מיט אַ פרישן שטראָם פון דער פאַרקערטער זייט, פון מערב.

דערויף האָט מאקאר געזאָגט:

— אין דער נאַטורע איז ווי ביי אַ מענטשן: אַ מענטשן גייט פון שלעכט צו ערגער, און עס קומט אָן אַ נייער טאָג, פון גאָט געשענקט, און ברייגנט אים אַ ליכטיקע שיין אין די אויגן און אַ גערעטעניש אין פעלד. טאַק טאָ... (אַזוי אָט).

קירילאַ האָט געדרייט די טונקעלע וואָנצעלעך און געשוויגן. מאקאר האָט אים בייז אָפּגעמאָסטן. אים אַ שטורכע געטאָן אין דער זייט און אָנגעוויזן אויף אַ שיקסע, וואָס האָט געשלעפּט אַן עמער וואַסער פון אַ ברונעם. קירילאַ האָט אַ לאַך געטאָן, אַרויסרופנדיק געקוקט צו דער שיקסע און אָן מאקארן אינגאַנצן פאַרגעסן.

עס איז אָנגעקומען די באַן. מאקאר און קירילאַ זענען געשטאַנען אויפן פּעראָן.

דער ערשטער צו דער זען פּיערן איז געווען מאקאר. ער האָט אַ ברייטן שפּאַן געטאָן צום יונגן פריץ און צוגעפאַלן מיט זיין מויל צו יענעמס האַנט.

אים האָט נאָכגעטאָן קירילאָ. זיי האָבן פאַרנומען די דריי טשעמאָדאַנעס און זיי נאָכגעטראָגן דעם הערשער.

זיי האָבן אים באַזעצט אינעם פאַיעטאָן און אים געפרעגט ווי זיין „געזונטעלע" איז און צי האָט ער געבענקט נאָכן „היימעלע". פיער האָט גערן געענטפערט און געלויבט די שמעקעדיקע ריחות וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די פאַררעגנטע ביימער, די גראָזן און די ווילדע בלומען אין זיי.

— אויף אייער מזל, פאַני קוויאַטקאָווסקי האָט דער רעגן אויפגעהערט און זעט־זעט; דער מערבדיקער ווינט האָט אויסגעריסן אַ לאָך אין די וואָלקנס און באַלד וועט דאָס „זונעלע" אויפשיינען.

ווירקלעך, ווי נאָר זיי זענען אַרויסגעפאָרן אין פעלד, האָבן די וואָלקנס אָפּגעטראָטן פון דער מערבדיקער זייט און עס האָט זיך באַוויזן אַ נייע זון. דער פאַיעטאָן, די פערד, דעם לאַקעיס פאַרביקע ליווריע, די רעגנטראָפּנס אויף די פעלדער דערביי — אַלץ האָט אויפגעשיינט מיט אַ גרויס מעכטיק ליכט. די זון האָט קוים באַגילדט די ברעגן פון די אָפּגייענדיקע כמאַרעס.

פיער האָט געפרעגט אויף דעם פאָטער. קירילאָ האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער מאַקאַר איז אים פאַרלאָפן דעם וועג.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין דאָרף, האָט די זון זיך שוין געהאַלטן אין זעצן. זי איז, ווי געשטויסן פון אַן אומגעזעענער האַנט, געזונקען אין ווייטן האָריזאָנט, זיך געראַנגלט, געשאָסן מיט פייערדיקע שטראָמען אויפן הימל איבער זיך. זיי האָבן זיך ווי צעגליטע מעטאַלעמע ליילעכער געשפרייט אין דער פאָרם פון אַ פעכער, און אין דעם פעכער האָט די זון זיך אָנגעהאָנגען, ניט צו פאַלן.

אין דאָרף האָבן זיך געוויזן פויערים, פויערטעס, יונג און אַלט. די פויערטעס האָבן זיך גענייגט פאַרן גרויסן גאַסט און די מענער האָבן אַראָפּ־גענומען די היטלען און אונטערטעניק פאַרקוקט. פיער האָט צו אַלעמען געשמייכלט מיט געזונטע ווייסע ציין און פון זיינע ליכטיק־בלויע אויגן האָט געשטראָמט אַזאַ ווארעמקייט, וואָס האָט דערפרייט.

יונגע פויערטעס און שיקסעס האָבן זיך גערויטלט, ניט אויסגעהאַלטן דעם יונגן פריצס בליק און געקוקט אַרונטער. מאַקאַר האָט ברייט געלאַכט און געפרעגט:

— נו, וואָס וועט דער פאַניטש זאָגן אויף אונדזערע דיוושאַטעס און מאַלאַדיציעס? (מיידלעך און יונג־פאַרהייראַטע).

— זאָגן איז דאָ ניטאָ וואָס — האָט פיער צווײדײטיק געענטפערט. די פויערים האָבן זיך געסטאַרעט איבערצושטייגן איינער דעם אַנדערן מיט זייער געלעכטער. דערצו האָט נאָך מאַקאַר געשטורכעט דעם לאַקעי אין דער זייט. קירילאָ איז זיך פאַרגאַנגען אין אַזאַ געלעכטער וואָס עס איז שווער אָפּ־צושטעלן.

די זון איז שוין געווען האַלב פאַרזונקען דאָרט אין דער ווייט. און דאָ אַרום האָבן זיך געמישט די ריחות פון פויערשע געקעכטסן, ברענענדיקער שטרוי און אָפּפאַל.

— ניט לאַכן מער! — האָט פיער באַפוילן, און קירילאָ האָט זיך

פאַרשטעלט דאָס מויל מיט דער האַנט, אַ טעמפּן ברום געטאָן, זיך איינגעביסן אין דער האַנטפלאַך און שטיל געשוויגן.

פון ווייטן איז זיי אַקעגנגעקומען, אַנגעטאָן אין דער יוניפאָרם פון אַ גימנאַזיסטין, אַ יונגע מיידל. זי האָט אין אירע, קאַלאַשן פאַרזיכטיק געטראָטן אין דער שיטערער בלאָטע. ווי שיין זי האָט געשטעלט די פיס! פון הינטער איר שטרויען היטעלע האָבן זיך געריסן ברוינע קרוילן. דאָס שיינע, פאַרביקע מויל איז געווען געשלאָסן, ווי עס וואָלט נאָר־וואָס אויפגעהערט צו שמייכלען. אַ שפּור דערפון האָט נאָך כישופדיק געגליט אין די ליכטיק־גרינלעכע אויגן.

מאקאר האָט דערפילט אַ שטורך אין דער זייט און אין שרעק אַ צי געטאָן די לייצעס. די פערד האָבן זיך האַסטיק אַ שטעל־אָפּ געטאָן.

— טרייב ווייטער, דער טייוול זאָל דיך נעמען! — האָט פּיער באַפוילן. מאקאר האָט, אַ צעטומלטער אַ טרייב געטאָן די פערד.

— אַ צאָ טאָ זאַ פּאַניענקאַ? — האָט פּיער געפרעגט.

קירילאָ האָט אויסגענוצט מאקארס צעטומלעניש און ער האָט גיך געענטפערט:

— און דאָס איז ניט קיין פריצהלע, נאָר אַ זשידיוואָטשקאַ (אַ יידיש מיידל).

— ניין! — האָט פּיער קאַפּריזנע פּראָטעסטירט — עס קען ניט זיין! וועמעס איז זי דאָ?

— משה דעם סאַדאָווניקס — האָט שוין מאקאר כוח געהאַט ווייטער צו רעדן.

— פאַרוואָס־זשע האָב איך זי קיינמאָל פריער ניט געזען? — האָט פּיער זיך געחידושט.

—— דאָס איז, פּאַני קוויאטקאָווסקי, דערפאַר, וואָס איר זענט צוויי יאָר אין דער היים ניט געווען, און אין די צוויי יאָר איז די זשידיוואָטשקאַ אויס־געוואַקסן. זי לערנט זיך אין אַ גימנאַזיע און זי רעדט רוסיש ווי אַן אונדזעריקע.

—טרייב פּאַמעלעכן — האָט פּיער באַפוילן. ער האָט געזען ווי די גימנאַזיסטין קומט צו נענטער און נענטער. אָט האָט זי זיך אויסגעגלייכט מיטן רייכן געשפּאַן, בייגעריק צעעפנט די אויגן, דערזען פּיערן אין אָפענעם פענצטערל פונעם פאַיעטאָן און זיך אַ נויג געטאָן. ער האָט איר קוים געשענקט אַ שמייכל און אויסגעמיטן איר נאָכצוקוקן. נאָר ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם פּריצישן הויף און די דינער האָבן זיך גענומען צו די טשעמאָדאַנעס, האָט פּיער געזאָגט צו קירילאָן: „דו טראָג אַליין, און איך דאַרף עפּעס איבער־רעדן מיט מאקארן.

קירילאָ האָט אַ כאַפּ געטאָן אַלע דריי רענצלעך מיט איין מאָל, און מיט דער זאַמדיקער סטעזשקע אַוועק צום הויף. צוויי גרויסע, אויסגעכאַליעטע הינט זיינען אים אקעגנגעלאָפן, געשפּרונגען אויף אים און אים געלעקט די באַקן.

און אָט איז דער איבעררעד צווישן פּיערן און מאקארן:

פּיער: ווי הייסט זי די ידישקע?

מאקאר: כייקע הייסט זי, זשידיוואָטשקאַ כייקאַ.

פּיער: אייערע קינדער זינגען נאָך די יידן אַ לידל... ווי גייט עס

דאָרטן? „זשידיוואַטשקא כייקא פּראַדאַוואַלאַ יאַיקאַ...״ אַ לאַך. (פאַרקויפט אייער).

מאַקאַר: טאַקע אַזוי, פּאַניטשו. אַזוי זינגען אונדזערע קינדער.

פּיער: קריג זי מיר. — ער לאָזט זיך גיין צום הויף. די הינט האָבן אים ניט דערקענט, און מאַקאַר מוז זיי איינגעמען. צום דינער: האָסט מיך פאַרשטאַנען?

מאַקאַר: פאַרשטאַנען, אינגאַנצן פאַרשטאַנען, פּאַניטשו, אָבער...

פּיער: (דרייט זיך האַסטיק אום, באַטראַכט מאַקאַרן) אָבער?...

מאַקאַר: איך ווייס ניט ווי מע הויבט אָן, ווי מע טרעט צו...

פּיער: דו אַלטער נאַר! דו גענאַרניק. דו ווייסט ניט??? כאַ כאַ! ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן. האָסט דאָך מיר געקראָגן די שענסטע און די ייִנגסטע אין דאָרף.

מאַקאַר: יאָ, פּאַני, אָבער... (מיט טרערן אין קול)

פּיער: פּאַשאָל וואָן! (אַוועק פון דאַנען) שוין זאַלסטו מיר גיין צום סאַדאָווניק און מיר קריגן די זשידיוואַטשקע!

דער פּאַניטש איז אַוועק מיט ברייטע שפּאַן און מאַקאַר האָט זיך געלאָזט גיין צום ייִדן. די פערד אויסשפּאַנען און באַזאָרגן דעם פּאַיעטאָן — דאָס וועלן שוין אַנדערע טאָן. ער, מאַקאַר, דאַרף אויספאָלגן דעם ווילן פון זיין הערשער! גיי מאַקאַר, גיי!...

מאַקאַר האָט, ווי אַ זעלנער אויפן באַפעל פון זיין עלטסטן, זיך געלאָזט גיך שפּאַנען, ווי ער וואָלט מאַרשירט. „איינס צוויי, איינס צוויי״ האָט ער זיך אַליין אונטערגעטריבן. עס איז אים געוואָרן הייס. די בלאָטע האָט אים געשטערט, אָבער דאָס איז געווען אַ מעלה צו זיין איצטיקער לאַגע: אין אַ שיין און טרוקן וועטער האָבן סיטני׳ר לייט ליב צו עסן אין דרויסן. איצט זיינען אַלע געווען אין די הייזער, און ער האָט זעלטן באַגעגנט אַ מענטשן.

פון וווייטן האָט ער שוין געזען די ייִדישע קרעטשמע אונטערן שטרוי־ענעם דאַך, מיט די צוויי רויטע קוימענעס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און, ווי אַלעמאָל אין אַ פאַרלעגנהייט, זיך געוווענדט צו גאָט: „אויב דו, אַלמעכטיקער וועסט מיר ניט העלפן, בין איך אַ פאַרלוירענער״. ער האָט געוווענדט זיין פאַרווירטן בליק צום טונקעלן, לייכט־פאַרוואָלקנטן הימל. די ווייסע שמאָלע וואָלקן־פּאַסן זיינען ווי פאַרגליווערטע, געהאָנגען און זיך ניט גערירט, אָט ווי די שווערע געדאַנקען אין מאַקאַרס מוח. די בלויקייט אַרום די וואָלקנס האָט זיך געטונקלט. „ווי לאַנג גיי איך שוין אַזוי?״ האָט זיך מאַקאַר געפרעגט. ער האָט זיך מיט געוואָלד אַ ריס אָפּ געטאָן פון דער ווייכער, צעוואַרעמטער ערד און ווייטער געשפּאַנט און וואָס ווייטער, אַלץ פּאַמעלעכדיקער.

אָבער אָט איז ער שוין געשטאַנען ביי דער שווערער, אָנגעשפּאַלטענער טיר פון דער קרעטשמע. ער איז אַריין, ווי אין סיטני האָט זיך געפירט, ניט אָנקלאַפּנדיק און דערזען די צוויי בחורים, כייקעס ברידער, זיצן ביים טיש עסן. דער פאָטער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו דער וואַנט און שטיל געפּליס־טערט זיינע ייִדישע תּפילות צום ייִדישן גאָט. פון דער קיך איז אַריינגעקומען די מוטער מינדליא (מינדל) מיט אַ שיסל פאַרעדיקע קאַרטאָפל אין אירע הענט.

מאַקאַר האָט זיך אויף אַ קול געגריסט. מינדל האָט אים געענטפערט.

איך די זין האָבן אַ בורטשע געטאָן אַ באַגריסונג. און איינער פון זיי האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל און דערביי אָנגעוויזן אויפן פאָטער. מאַקאַר האָט געשמייכלט אין דער ברייט, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איך בין ניט אַזאַ נאַר און איך פאַרשטיי אַן עסק...״

מינדל האָט אים שטיל געבעטן זיצן. צו די זין האָט זי געזאָגט:

— און בייקעלען האָט זיך איצט פאַרגלוסט שפּאַצירן.

— ניט שפּאַצירן — האָט דער זון געענטפערט, נאָר פאַרדינען...

— ער האָט אַ לאַך געטאָן — די גרויסע פאַרדינערין.

דאָס איבעררײדן פון דער מאַמען מיט די זין איז פאָרגעקומען אויף יידיש, און מאַקאַר האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען.

— מיר בעטן עסן וועטשערע — האָט מינדל שטיל אַ זאָג געטאָן. מאַקאַר האָט געדאַנקט, געווינטשעוועט עסן געזונטינקערהייט און געבליבן וואַרטן ביז בערקאַ (בערל) וועט אָפּגיין פון דער וואַנט. דערווייל האָט מינדל צו־געטראָגן מאַקאַרן צוויי גרויסע קאַרטאָפליעס. ער האָט זיך געהנדלט, זיך אָפּגעזאָגט, זיך געשוואוירן, אַז ער איז ניט הונגעריק, און דאָך זיך צוגעכאַפּט צו די קאַרטאָפל, דאָ וואו ער איז געזעסן, אויף דער לאַנגער באַנק ביי דער וואַנט. צום טיש האָט מען אים ניט פאַרבעטן, און עס האָט אויסגעזען, אַז ער קלערט גאָרניט דערפון.

דערווייל איז בערקאַ אויסגעשטאַנען די שמונה עשרה, פאַרענדיקט דאָס דאַווענען און זיך געגאַנגען וואַשן. מאַקאַר האָט מיט איבּיקן חידוש נאָכגעקוקט דעם יידן... צו וואָס דאָס וואַשן זיך?... זיינע הענט זיינען נישט פאַרשמירט... בערקאַ איז געגאַנגען צום טיש און ווידער עפּעס שטיל געפּליסטערט... „זיי דאַווענען, די יידעלעך, זיי הערן ניט אויף צו מאַליען זיך...״

נאָך די ערשטע פּאָר ביסן האָט בערקאַ געפרעגט דעם פויער „וואָס וועט ער עפּעס זאָגן גוטס״. מאַקאַר האָט פון שרעק אַ שלונג געטאָן אַ הייס שטיק קאַרטאָפל, זיך אָפּגעבריט דעם שלונג און אויסגערופן פון ווייטאָג: „אָט פעטשע!״ (אָט ברענט עס).

— האָסט געוואָלט זאָגן אַ ליגן? — האָט בערקאַ אים געקיבעצט. די זין האָבן געלאַכט. און דאָ האָט זיך געעפנט די טיר, און בייקע, וואָס האָט געגעבן אַ פּאָר פריוואַטע לעקציעס אין דאָרף, האָט זיך באַוויזן.

— גוטן אָוונט — האָט זי אַלעמען געזאָגט און באַזונדער זיך געגריסט מיטן פויער.

— גוטן אָוונט איך, מאַקאַר.

— גיב גאָט געזונטוניו — האָט ער געענטפערט מיט אַ פאַרענדערט קול פון ווייטיק אין שלונג. פון די יידן אַרום אים און דער עיקר, פון אָט דעם זוניקן פּנים וואָס האָט פון דער גימנאַזיסטין געשטראַלט אויף אים מיט אַזאַ ליכט, אַז ער האָט צוגעמאַכט די אויגן אויף אַ ווייל.

בערל האָט געקוקט אויפן פויער און געוואַרט. דער פויער האָט געפילט דעם יידנס בליק אויף זיך. ער האָט שוין געוואוסט, אַז זאָגן דאָס וואָס פיער האָט אים געהייסן, וועט ער שוין ניט. האָט ער דאָך עפּעס געדאַרפט צוקלערן אַ תּירוץ. וואָס טוט מען???

און אַזוי קלערנדיק אַהין און אַהער און צוריקגערעדט, און פֿאַרוואָס טאַקע ניט? און וואָס איז דאָ מורא צו האָבן און מיט וואָס דאַרף מען זיך דאָ שעמען? די זאַך איז דאָך פּשוט און קלאָר: דעם פּריצס ווילן דאַרף מען נאָכגעבן, מוז מען נאָכגעבן. טוען עס דאָך אונדזעריקע... און איז דען בערקאָ ניט קיין היגער? דאָ געבוירן, דאָ אויסגעוואַקסן, חתונה געהאַט און קינדער אויף דער וועלט געבראַכט, און פֿון אונדז לעבט ער...

אָבער עס איז ניט געווען אַזוי פּשוט. אַט וויל ער איבערגעבן דעם פּאַניטשעס פֿאַרלאַנג, און די צונג ווערט אים שווער אין מויל, שווער ווי קיינמאָל פֿריער. און בערקאָ וואַרט אויף זיין ענטפֿער; עס וואַרט די בערטשעכע, די צוויי בחורים און די גימנאַזיסטין... זאָגן וועט שוין מאַקאַר זאָגן, אָבער וואָס דערפֿון וועט אַרויסקומען, ווייסט ער ניט. איין זאַך איז דעם בערדיקן פּויער קלאָר. ער וועט מוזן „די זאַך" אַרומרעדן אַזוי אַז מע זאָל זיך נאָר אָנשטויסן, וואָס ער מיינט. די יידן מיט זייערע קלוגע קעפּעלעך וועלן זיכער פֿאַרשטיין.

— נו, אַט, בערקאָ, געבראַכט היינט פֿאַן פּיערן פֿונעם וואָקזאַל. איז ער הויך און שיין, אין דער צורה ניט אַריינצוקוקן, ממש ווי די זון וואָלט געקוקט אויף איך. נו, זיצט ער אַזוי אין פֿאַיעטאָן און דערזעט אייער פֿאַנינקע (ער האָט ניט געזאָגט „זשידיוואַטשקאַ). רייסט אים כייקע איבער די רייד און רופֿט אויס:

— איך האָב אים געזען! אַ קראַסאַוועץ!

— האַ! — דערפֿרייט זיך מאַקאַר און פֿרעגט:

— וואָלסטו זיך געוואָלט באַקענען מיטן פּאַניטש?

כייקע האָט ניט געענטפֿערט. מיט איין מאָל איז געוואָרן שטיל, אַזוי שטיל, אַז עס האָט דעם אָטעם פֿאַרכאַפּט. אַט דאָס אַרומגיין אַרום „דער זאַך", דאָס דרייען מיט דער שווערער פּויערשער צונג און דער אויסדרוק פֿון מאַקאַרס קליינע גרויע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט דאָס וואָס מויל האָט ניט געוואָגט זאָגן, האָט דעם גאַנצן „ענין" קלאָר געמאַכט. בערל האָט זיך איבערגעקוקט מיט דער ווייב און מיט די זין. און כייקעס פּנים וואָס האָט אַלעמאָל געהאַט אַ מין אינעווייניקסטע ראַזעווקייט, האָט זיך איצט דורכגעשלאָגן דורך איר שיינער צאַרטער הויט און זי האָט אין אַ קלינגענדיקן רוסיש געענטפֿערט: „ס'אודאַוואַלסטוויעם!" (מיט פֿאַרגעניגן).

— נו, איז גוט! — האָט מאַקאַר אויסגערופֿן. אויף אַזאַ „גוטן סוף" האָט ער זיך ניט געריכט. „אַט דאָס איז עס! — האָט עס אין אים ווי געזונגען אַ פֿריילעכן ניגון — אַט דאָס איז עס! זי וואַקסט צווישן אונדז, ווערט זי אַן אונדזעריקע". ער האָט זיך דערמאָנט אין כייקעס אויסרוף „ס'אודאַוואָלסטוויעם" און די צוויי ווערטער אונטערגעברומט, אונטערגעזונגען גייענדיק מיט אַ גרינגן שפּאַן, ווי איינער וואָס טראָגט עמעצן אַ גוטע בשורה.

געדאַרפֿט האָט ער גיין אַהיים: דאָרט האָט מען שוין לאַנג געוואַרט אויף אים, אָבער דער פּאַניטש איז געווען בילכער. און חוץ דעם האָט ער טאַקע דערוואַרט אַ שיינע מתנה, געלט און אַ פֿולע טיי־גלאָז בראָנפֿן...

ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי דרייסט ניט אָנגעקלונגען אין דעם גלעקל

פון דער פאַראַדנער טיר. עס איז אַרויסגעקומען קירילאַ און אומצופרידן געפרעגט, צו וועמען ער דאַרף.

— ביסט אַ פערד מיט אַן אָקסענעם קאָפּ — האָט אים מאקאר מכבד געווען. — גיי און זאָג פאַן פיערן, אַז איך בין דאָ.

צו ווייזן, אַז ער פאַרשטייט אויך אַן עסק, האָט קירילאַ צוגעוואונקען מיט ביידע אויגן און שעלמיש אַ דריי געטאָן זיינע שיינע וואָנצעלעך.

ער איז אַריין אין די „פּאָקאָיעס", און באַלד האָט זיך באַוויזן פיער, אין אַ ווייסער זיידענער בלוזע איבערגעבונדן מיט אַ בלוילעכן קוטאַס. מאקאר האָט אים געקושט די האַנט.

פיער האָט אים שטרענג באַטראַכט און געוואַרט.

— געווען, פאַניטשן, געווען... ניט געגאַנגען אַהיים עסן וועטשערע, נאָר גלייך צו די יידעלעך. און איר ווייסט, פאַני, וואָס די זשידיוואָטשקא האָט געזאָגט וועגן אייך?

פון גרויס פרייד און אומגעדולדיקער דערוואַרטונג, האָט מאקאר צעעפנט דאָס מויל און כיטרע צוגעמאַכט איין אויג, ווי ער וואָלט פאַרגעבן אַ רעטעניש זיך יונגן באַלעבאָס.

— ווען קומט זי? — האָט פיער קאַלט און שטרענג געפרעגט.

מאקאר האָט שווער אַראָפּגעשלונגען און אָנגעהויבן דערקלערן פיערן „טאַקטיקעס"...

— צום אַלעם ערשטן, פאַניטשו, דאַרף זי זיין צופרידן זיך באַקענען מיט אייך. און דערנאָך... — מאקאר האָט אַ וואונק געטאָן... איך האָב געמאַכט דעם ערשטן שריט, פּאַמעלעכן, פּאַוואָלינקע... — מאקאר האָט געזען ווי פיערס אויגן ברענען שוין פון כעס און אומגעדולד און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן: — „ס'אודאַוואָלסטוויעם!" האָט כייקע געזאָגט.

— פויערשע קאָפּ! — האָט פיער אויסגערופן — ווי קומט זי זאָגן „ס'אודאַוואָלסטוויעם"?

— אַז איר שרעקט מיך איבער מיט אייער קוקן אויף מיר, פאַן פיער. לאָזט מיך אייך דערציילן. נו, אָט טו איך זי אַ פרעג, צי וואָלט זי איך געוואָלט באַגעגענען, אַזוי צו זאָגן, זיך פאַזנאַקאָמען מיט אייך. ווערט איר שיין פנים ראָזעווע ווי אַ פריש וואַרעם אייעלע און זי זאָגט: „ס'אודאַוואָלסטוויעם!" האָט איר געהערט, פאַני? „ס'אודאַוואָלסטוויעם!!!"

פיער האָט אומצופרידן אַ דריי געטאָן מיטן שיינעם קאָפּ אויף ניין און געזאָגט:

— און דו, מאקארו, פיר נאָר דורך די זאַך. אויב ניט...

— אויף מיר, פאַן פיער, קאָנט איר זיך פאַרלאָזן, ביי גאָט, איר קאָנט!

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן וועגן דער שיינער יידישער מיידל, אָבער פיער האָט אים געלאָזט שטיין אין מיטן וואָרט. ער איז אַריין אין די צימערן, און מאקאר איז אַוועק אַהיים.

ביי בערלען דעם סאַדאָווניק איז דערווייל פאָרגעקומען אַן ערנסטער איבעררייד. די מוטער איז אָנגעפאַלן אויף דער שיינער טאָכטער און מיט עקל איבערגעקרימט איר „ס'אודאַוואָלסטוויעם!" דער פאָטער האָט געלויבט די טאָכטער און געזאָגט, אַז דער „ס'אודאַוואָלסטוויעם" איז איר אונטערגעזאָגט

געוואָרן פון אַ גוטן מלאך. די ברידער האָבן ביז געשמאַרעט מיט די נעז, גרייט עמעצן אַנבראָכן די ביינער, אפילו פּירן.

מינדל האָט ניט פאַרשטאַנען דעם מאַן און אים געזאָגט, אַז ער איז אַזוי משוגע ווי די טאַכטער.

— פאַרוואָס זיך ניט באַקענען מיט אַ שיינעם בחור? — האָט כייקע געלאַכט, געקוקט אויף די בייזע ברידער, אויף דער שרייענדיקער מוטער און דעם טאַטן אויף רוסיש מיט ליבע גערופן „פּאַפּאַשאַ".

בערל האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין געגרייטן טיש און אויסגערופן: „מזומן בענטשן".

ערשט נאָכן בענטשן האָט ער דערקלערט מינדלען, וואָס ער מיינט מיט דער גוטסקייט פונעם „קנידס" זאָג. זאָגן „ניין" וואָלט ניט געטויגט. מע הויבט זיך אָן מיט רשעים. אַזוי איז דער „וואָלף זאַט און דאָס ציגעלע גאַנץ..."

מינדל האָט געקרעכצט: „סע געפעלט מיר ניט די מעשה" בערל האָט גענומען די קאָווינקע אין דער האַנט און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— איך גיי צו כאַריטאָנען — האָט ער שטרענג געזאָגט.

מער האָט ער ניט געדאַרפט זאָגן. כאַריטאָן איז געווען דער וואָס פלעגט די דאָרפסיידן פירן אויף די יאַרידן. כייקע האָט פּראָטעסטירט. זי האָט ניט מורא פאַרן שליאַכטיש. קיינער קאָן זי ניט צווינגען, קיינער אין דער וועלט!...

נאָר דער פאָטער האָט זיך געטאָן זיינס.

מאַקאַר האָט געהאַט אַ גוטע נאַכט שלאָף. עס האָט זיך אים געחלומט בראַנפן און ווייסע יידישע חלה מיט איי באַשמירט... ער האָט געהאַלטן ביידע הענט איניינעם און צעעפנט, און פּיער האָט געהאַלטן אין איין וואַרפן אין זיי זילבערנע רובלס, דערביי האָט ער געזונגען „ס'אודאַוואַלסטוויעם".

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געאַרבעט אויף זיין פעלד. אין אָוונט געוואויר געווען צו די פּריצישע פערד. איבערן טאָג האָט די זומערדיקע זון שיטערע בלאָטע גוט אויסגעטרוקנט. פויערשע פערד האָבן די וועגענער געשלעפּט אויף הרודעס און די רעדער האָבן אַרויסגעגעבן אַ שווערן, טעמפּן קלאַנג. דערפון אָהט זיך געדאַכט, אַז די ווענט אין די קליינע פויערשע הייזלעך ציטערן און די שויבן אין די פענצטער האָבן געקלונגען.

דעם פּאַניטש האָט מאַקאַר אויסגעמיטן. שלאָפן איז ער געגאַנגען פרי, אָבער אויפגעכאַפּט האָט ער זיך, ווען אין דרויסן איז געווען אַ געדיכטע פינצטערניש, די לעצטע פינצטערניש פון דער נאַכט, אידער דער טאָג גייט אויף.

ער איז אויפגעשטאַנען און לאַנג געזאָגט זיין פרימאַרגנדיקע תפילה. די שויבן אין די קליינע פענצטער זיינען געוואָרן פון שוואַרץ בלוי און באַלד זיך אויסגעבלייכט.

אַ נייער טאָג איז פון גאָט אויף דער וועלט געקומען.

ער האָט דערהערט דעם שכן שווער שפּאַנען צום שטאַל. הינט האָבן געהאַווקעט אין דער נאָנט און אין דער ווייט. דאָ האָט מאַקאַר דערהערט דאָס קלאַפּן פון וואָגן־רעדער אויף די האַרטע הרודעס. „ווער קאָן עס אַזוי פרי פאָרן און וואוהין??? צו שניט איז נאָך דאָ אַ דריי וואָכן". דאָס קלאַפּן האָט זיך דערנענטערט. מאַקאַר איז אַרויס אין דרויסן, זיך אָנגעשפּאַרט אין געפּ־

לאַכטענעם פלויט און געוואַרט. די פאַרטאַגיקע גרויקייט האָט זיך געראַנגלט מיט דער פינצטערניש און פון אַט דער ניט־קלאָרקייט האָט זיך אַרויסגעשיילט כאַריטאָנס געשפּאַן... מאַקאַר האָט זיך איינגעקוקט און דערזען עמעצן היבטן אין וואָגן.

מאַקאַר האָט זיך געגריסט מיט כאַריטאָנען און געפרעגט: „און ווער זיצט עס ביי דיר אין וואָגן״.

— זשידיוואַטשקאַ כייקאַ — האָט יענער פריילעך געענטפערט.

— אוי! האָט מאַקאַר אויסגערופן און אַריינגעלאָפן אין שטיבל. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם בייזן פּיער און אין די אויערן האָט מיט חוזק געקלונגען „ס׳אודאַוואַלסטוויעם״!

## קאַפּיטל צוויי

דער יונגער פּריצישער זון איז אויף מאָרגן אויפגעשטאַנען פריער ווי געוויינלעך. מאַקאַרס נעכטיקער גרוס האָט אים ניט געלאָזט שלאָפן רואיק. אָפּגעריסענע שטיקלעך פון אומזיניקע חלומות האָבן אים געריצט. ער האָט געוואָלט אין זיי געפינען אַ פאַרבינדונג מיט דער ווירקלעכקייט, אָבער זיי האָבן זיך געריצט מיט אים. אין חלום האָט ער געגאַרט זען די שיינע מיידל, אָבער זי האָט זיך ניט געוויזן. ער האָט איצט בייז געדרייט מיט זיין שיינעם קאָפּ האָר אויף בייך און זיך גענומען חלומען אויף דער וואָר. דאָס יונגע יידישע מיידל, האָט זיך אים געדאַכט, איז היינט אויך אויפגעשטאַנען פריער ווי געוויינלעך און אוודאי געטרוימט דאָרט פון אים... האָט זי דאָך געזאָגט „ס׳אודאַוואַלסטוויעם!״

וואָס וועט ער איר זאָגן? וואָס זאָל איך איר זאָגן? ער וועט מיט איר רעדן אָפענע דיבורים. זי איז אַ מויד באַגלייך מיט אַלע מיידן אין דאָרף, און צערעמאָניען זיך מיט איר וועט ער ניט. טאָמער וועט זי פאַרלאַנגען מער געלט, וועט ער זיך ניט דינגען, אָבי זי אַריינקריגן.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הויך און דערהערט די יונגע ביינער קנאַקן. ער האָט זיך געוואָלט אַרומוואַשן, אָבער דער לאָקעי האָט זיך ניט געוויזן. איז ער אַרויף אויפן באַלקאָן און באַפעלעריש גערופן: „קירילאָ, קירילאָ!״ אַנשטאָט דעם לאָקעי זענען געקומען צולויפן די פּריצישע הינט. זיי האָבן זיך געיאָגט און איבערגעיאָגט איינער דעם צווייטן. זיי זענען אַרויף מיט די עטלעכע טרעפּ אויפן באַלקאָן, זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט ווי זיי וואָלטן אים ניט דערקענט. דער גרויסער יאַגד־הונט מיט דער רויטער, גלאַנציקער פעל האָט אַ צעעפן געטאָן זיין לאַנגע שפּיציקע מאָרדע און אַ ביל געטאָן. די אַנדערע דריי האָבן נאָכגעהאַווקעט. פּיער האָט זיך אַראָפּגעזעצט, אויסגעצויגן זיין אָרעם מיט דער האַנט אַרונטער און אײַנגענומען די הינט: „ציכאָ, ציכאָ״. זיי האָבן זיך ווי איבערגעבעטן און אים געלעקט די האַנט.

די פרימאָרגנדיקע זון האָט זיך געהויבן איבער די קאַרשן ביימער. עס האָט זיך געשטעלט אַ הייסער טאָג. פון דערווייטן האָט זיך געהערט געלעכטער פון שקצים און כיכיקן מיט קוויטשען פון שיקסעס. עמעצער האָט דאָרט פאַרצויגן אַ ליד, און באַלד האָט דאָס גאַנצע דאָרף זיך אָפּגערופן מיט קולות און ווידערקולות. דאָס געזאַנג האָט זיך אויסגעמישט מיטן קרייען פון

די הענער און מיט בילן פון הינט אין דער נאָענט און אין דער ווייט. פון די פריצישע שטאַלן האָט זיך דערהערט דאָס רעווען פון קי און דאָס הירזשען פון פערד. מע האָט דאָרט געגרייט די טשערעדע אין פעלד אַריין און מסתמא שוין געשפּאַנט די פערד. פּיער האָט דערהערט דאָס איבערגעטרוקנטע סקריפּען פון דער טעליגע אויף וועלכער עס פאָרט געווײנלעך דער שטומער דינער צו דער קרענעצע נאָך וואַסער.

דאָס דאָרף האָט זיך געגרייט צו דער אַרבעט, און פּיער איז דאָ געשטאַנען און געוואַרט אויף קירילאָן. דער כעס אין אים האָט זיך געזאַמלט, אָנגעוואַקסן, געשפּאַרט צום ברוסט־קאַסטן און געיאָגט דאָס האַרץ. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין דער ווײַט צום וועג פון וואַנען עס דאָרף זיך ווײַזן קירילאָ און אים באַלד דערזען. ער איז ניט געווען אַליין. מאַקאַר איז מיטגעגאַנגען. עפּעס איז דאָרט פאַרגעקומען, ווײַל בײדע דינער האָבן געשפּאַנט ווי שיכורע... אײנער האָט דעם צווייטן געשטופּט פאָרויס און אײנער דעם אַנדערן האָט געשטורכעט, ווי יעדער פון זיי וואָלט געזאָגט: „גיי דו פון פּריער...״

— אַ כאַדז טוטיי! — האָט פּיער בײז אויף אַ קול אויסגערופן.

די דינער האָבן זיך אָפּגעשטעלט. מאַקאַר האָט אַ שפּאַן געטאָן און מיט וואַקלדיקע טריט זיך דערנענטערט צו זײַן הערשער. זײַן פּנים וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין דער גרויסער באָרד איז געווען אויסגעבלייכט, די קלײנע אונטערטעניקע אויגן שטום, ווי פאַרגליווערט.

ער האָט אויסגעטאָן דעם צעקנייטשטן קאַשקעט, זיך טיף פאַרנויגט, געפּרוּווט עפּעס זאָגן און בלויז געשטאַמלט:

קירילאָ איז געשטאַנען הינטער מאַקאַרן, געטײַטלט אויף אים מיט אַ פינגער און געוואונקען צו פּיערן. פּיער האָט דעם לאַקעי שטרענג באַפוילן אַרײַנצוברײנגען וואַסער. יענער האָט געטאָן אַ לויף. די הינט זענען אים נאָכגעלאָפן. מאַקאַר איז געבליבן אַליין מיטן פּריץ.

— האָסט זיך אָנגעשיכורט, האַ? — האָט פּיער געפּאָרשט.

— ניין, פּריץ, ניט שיכור. זאָל מיך דער טויט דאָ אויפן אָרט דערשלאָגן, ניט געטרונקען, אפילו ניט פאַרזוכט קיין טראָפּעלע. — מאַקאַר האָט זיך באַלעקט — דאָס איז נאָך ערגער הונדערט מאָל ערגער ווי שיכורן.

— וואָס דאָס?

— זשידיוואָטקשקא כייקא...

— זשידיוואָטשקא כייקא וואָס?

— אין ש־ש־ש־ש־טאָ־־טאָ־ט אַוועקגעפאָרן.

— גיי צום טײַוול! — האָט פּיער אויסגעשריגן און אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט מאַקאַרן אין פּנים.

פּיער איז אַרײַן אין די צימערן, און פון דאָרט האָט זיך דערהערט זײַן געשריי. ער האָט עפּעס דאָרט צעבראָכן. אַ טרישטש פון אַן אומפאַלנדיק שטיק מעבל האָט מאַקאַרן איבערגעשראָקן. ער האָט זיך איבערגעצלמט און דערהערט די שטים פונעם אַלטן פּריץ. מאַקאַר האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט געווישט די געשוואָלענע באַק און שווער אַוועקגעשפּאַנט אין שטאַל צו די פערד.

## קאפיטל דריי

דער אַלטער פּריץ, שוין יאָרנלאַנג אַן אַלמן, האָט זיך לאַנג געבעטן ביים בן יחיד, ער זאָל איינגעמען זיין כעס און דערציילן דעם פאָטער וואָס און ווען. פּיער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זיין צעשטערונג, איינגעגראָבן אַלע צען פינגער אין די שיינע קרוילן פון זיין שטאָלצן קאָפּ און געקוקט אויפן פאָטער מיט אויסגערונדיקטע, ניט־פינטלענדיקע אויגן.

קירילאָ איז דערווייל אַריין מיט אַ גרויסער שיסל ריין וואַסער.

— אררררויס!!! — האָט פּיער געברעוועט און מיט ביידע פויסטן זיך געלאָזט צום דינער. קירילאָ האָט זיך געטאָן אַ שאַר אַרויס און דערביי געכאַפּט אַ קוק צום אַלטן פּריץ, ווי ער וואָלט אים זאָגן: „איך ווייס אַלץ...״

דער פאָטער איז צוגעקומען צום זון, אַרויפגעלייגט זיינע הענט פּיערן אויף די אַקסלען און אים באַזעצט.

— לאָמיר הערן — האָט ער זיך ביים זון געבעטן — וואָס איז דאָרט געשען?

— ס׳איז גאָרניט געשען — האָט דער סטודענט אַ בורטשע געטאָן. — די פאַרשאָלטענע כייקע.

דעם פאָטערס געקנייטשט פּנים איז אינגאַנצן דורכגענומען געוואָרן פון אַ שמייכל.

— ווילסט זי קריגן?...

— ניין, ניין, פּאַפּאַ! — האָט פּיער ווי אַ צעבאַלעוועט ייִנגל זיך געוואָרפן זיצנדיק אין דער ווייכער שטול — צוגעזאָגט זיך טרעפן מיט מיר, „מיט פאַרגעניגן״ האָט זי געזאָגט מאַקאַרן, און אַנטלאָפן אין שטאָט... זיך דערשראָקן... פאַרשאָלטענע ייִדישקע! פאַרשאָלטענע זשידעס! זיצן אויף אונדזער ערד, עסן אונדזער ברויט און די פּרוכט פון די ביימער, און נאַרן אונדז.

— איך פאַרשטיי. איך פאַרשטיי דיך זייער גוט, זון. טו אַ שפּיי אויף איר און קום עסן.

דער טיש אין שפּייזצימער איז געווען אָנגעשטעלט מיט טייערע מאכלים וואָס האָבן פאַרשמעקט אַלע צימערן און איבער אַלע גוטע ריחות האָט זיך געטראָגן דער אַראָמאַט פון פריש פאַרבריטער קאַפע. אין דער אָפענער טיר איז געשטאַנען קירילאָ, גרייט צו דינען. דער אַלטער פּריץ האָט אים מיט אַ וואונק משלח געווען.

— דו, מיין זון — האָט דער פאָטער שטיל און איינשטילנדיק גערעדט — דו ביסט יונג און דו האָסט ערשט אַנטדעקט די ייִדעלעך. איך קען זיי שוין לאַנג־לאַנג. דיין זיידע האָט מיט זיי געהאַנדלט און איך טו דאָס זעלבע. איך גיב זיי איבער דעם פּרוכט־גאָרטן און זיי היטן אים אָפּ ווי אַ הייליקייט. כייקעס טאַטע מיט די זין שלאָפן דאָרט פון פרילינג ביז אין טיפן האַרבסט אַריין. אפילו ווינטער געבן זיי אַכטונג אויף די ביימער, פויערים זאָלן זיי ניט צעשלעפּן.. זיי זענען געטריי, איבערגעגעבן און זיי היטן מיר מיין גוטס. זיי קושן מיר די הענט, און דאָס געלט זייערס איז קאָראַנט. איך ווייס ניט וואָס איך וואָלט אָן זיי געטאָן.

— פאַרדינג צו אַ פויער.

— שוין געפּרואווט. סע גייט ניט. צוויי שותפים געווען, האָט איינער ביים צווייטן געגנבעט. און אַז עס איז געקומען צום צאָלן, האָט געפעלט געלט און ביימער האָבן געפעלט.

דער זון האָט אָוועקגעלייגט דאָס לעפעלע אין דער שאָל און געפרעגט:

— האַלטסטו, הייסט עס, מיט די זשידקעס?

— איך האָב זיי פיינט, אָדער איך האָב זיי ליב ווי געטרייע הינט. — דער פאָטער האָט אַ לאַך געטאָן. אויף פיערס פאַרכמורעט פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. „גוט געזאָגט, האָט ער געטראַכט — איך האָב זיי ליב ווי געטרייע הינט, כא כא כא!"

— מיין עצה, זון, פאַרגעס אין דער ידישקע. האָט דער אַלטער געזאָגט.

— ווען דאָך פויערים לאָכן פון מיר דאָס גרעסטע געלכעטער! — האָט פיער אויסגערופן.

— די יונגע — אפשר, ניט די אַלטע...

— וואָס מיינסטו? וואָס רעדסטו?...

— ווייל די אַלטע געדענקען מיין אַפּשניט. — דער פאָטער האָט גע־שמייכלט מיטן פאַרשטאַנד פון אַ באַיאָרטן, דערפאַרענעם מאַן. פיער האָט שוין ניט געקענט עסן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין פאָטער, אין דעם גע־קנייטשטן פּנים, אין די עטלעכע שיטערע האָר אויפן קליינעם קאָפּ, אויפן שפּיציקן, אויסגעגאָלטן קין און די איינגעפאַלענע באַקן. דעם טאַטנס שמייכל האָט ווי דערגאַנצט די עלטער, וואָס האָט דעם יונגן זון אויף אַ ווײַלע אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק, אַז אויך ער, פיער, אויב ער וועט לעבן אַזוי לאַנג ווי זיין פאָטער, וועט מסתמא אויך אַזוי אויסזען. אין זיין יוגנט איז ער אויך מסתמא געווען אַזוי ווי איך...

— וואָס שמייכלסטו און רעדסט מער ניט, פּאַפּא? — האָט פיער גע־פרעגט און דער פאָטער האָט זיך געחידושט אויף דער ענדערונג אינעם זונס קול. פאַר אים איז איצט געזעסן, האָט עס אים אויסגעזען, ניט זיין זון, וואָס, דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג צוריק איז ער געווען אַ צאַרט יינגעלע מיט באַלאַנדע קרוילן אויף זיין קינדיש קעפּל, און איז אויסגעוואַקסן צו דער עלטער פון אַ רייפן מאַן. דעם טאַטנס שמייכל און דעם זונס דורכגעטראַכטער בליק האָבן זיך באַגעגנט, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט, און דער פאָטער האָט געזאָגט:

— דו האָסט געזען כייקעס מאַמע, מיטן האַלבן טוץ לאַנגע פאַרשטויבטע קליידלעך וואָס שלעפּן זיך איר נאָך? יאָ, מיין זון, האָסט זי געמעגט געווען אַנקוקן ווען דער מאַן וואָס איז געבוירן געוואָרן און געוואַקסן דאָ, האָט זי געבראַכט פון שטאָט. איך האָב זי דערזען און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז זי קריגן...

—פּאַפּא! — האָט פיער אויסגערופן.

— וואָס פּאַפּעסטו? איך בין ניט געווען קיין סך עלטער פון דיר. מיין קאָפּ באַוואַקסן מיט געדיכטע בלאָנדע קרוילן, פאַר מיינע אויגן האָבן פויערטעס זיך געלייגט. מיין בליק האָט פאַרמאָגט אַ ווילדן כוח. קיין פרויען האָבן מיר ניט געפעלט, אָבער ברײַנע, די ידישקע איז מיר שטאַרק געפעלן. דו האָסט

קירילען, איך האָב געהאַט אַ דאַנילע, און איך האָב אים געשיקט צו ברײנען מיטן שטרענגן אָנזאָג, אַז אין געלט וועט קיין מניעה ניט זײַן...

דער פֿאָטער האָט זיך אָפּגעשטעלט. פּיער האָט געוואַרט.

— איך זע, זון, דו ווילסט וויסן דעם סוף... נו: פֿינקטלעך ווי בײַ דיר. וואָס פֿאַר אַ מוטער — אַזאַ טאָכטער. כײַקע רעדט רוסיש בעסער פֿון אַ קריסט. ברײנע איז שוין אַלט, און זי האָט זיך נאָך אַלץ ניט אויסגעלערנט רעדן מיט די פּויערים. עס זעט אויס, אַז דאָס גייט איר ניט אָן. זי האָט מיר אַלע יאָרן געקושט די האַנט; דער מאַן אויך. די זינדלעך דרייען זיך אויס פֿון באַגעגענען זיך מיט מיר. זיי זענען שוין מאָדערנע, באַלעזן אַנטוויקלט, אָבער סײַ זיי, סײַ דער פֿאָטער, פֿיי די מוטער האַלטן זיך אָן אין דעם פֿאַרעלטערטן ייִדישן גלויבן מיט אַזאַ עקשנות, וואָס איך קען ניט פֿאַרשטיין.

— און דו, פּאַפּאַ, האָסט דעם ייִדן ניט אַרויסגעטריבן?

— ניין, פּיער. איך האָב דאָך דיר געזאָגט: איך דאַרף אים.

— עפּעס, פּאַפּאַ, מוז געטאָן ווערן וועגן די ייִדן. עס מוז. אויב ניט...

דער פֿאָטער האָט שוין ווײַטער געשמייכלט מיט זײַן אַלטן קלוגן, דערפֿאַרענעם שמייכל.

פּיער האָט זיך געלאָזט וואוילגיין מיט יונג־פֿאַרהייראַטע פּויערטעס, מיט „סאָלדאַקטעס״, וועמעס מענער זענען געווען אין דער אַרמיי, מיט „אַמעריקאַנקעס״ וועמעס מענער עס זענען געווען אין דער ווײַטער אַמעריקע...

דער פֿאָטער האָט אים נאָכגעקוקט און עס האָט אויסגעזען, אַז דער זון האָט זיך באַרואיקט. פּיער אַליין האָט אויך אַזוי געטראַכט, אָבער דער פֿאַר־דראָס וואָס האָט זיך אין אים אײַנגעשטילט, האָט ווי אַ ניט־פֿאַרהיילטע וואונד דערוואַכט ערגעץ טיף אין אים. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט ער געשאָלטן די שיינע מיידל, אירע עלטערן, אַלע דאָרפֿיידן, די ייִדן פֿון דעם נעענטסטן שטעטל זשיוויטיוו און אַפֿילו די ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט...

ניט צו פֿאַרגעסן דעם אויפֿגענומענעם קורס וואָס ער האָט שטודירט, האָט ער אָן חשק אַרײַנגעקוקט אין די לערנ־ביכער. ער האָט געלייענט די ווערק פֿון פֿראַנצויזישע, רוסישע און פּוילישע שרײַבער. ער האָט באַזוכט יונגע פּריצישע זין פֿון די שכנישע דערפֿער. ער האָט זייער זעלטן געגוצט דעם פּריצישן שפּאַן, נאָר געריטן אויף זײַן באַליבטן שפּאַק, וואָס האָט, ווי דער יונגער רײַטער, אויסגעזען פּריציש: דער שיינער לענגעכדיקער קאָפּ מיט דער קורץ־געשוירענער גריווע, הויך אין דער לופֿטן; דער גאַנצער מאַסיווער קערפּער אויסגעכאַליעט, אויסגעגלעט, נאָר דין, עלאַסטיש בויגעוודיק און די גרויסע, ברוינע אויגן שטרענג, מיט אַ הייסן גלאַנץ, גרייט צו פֿאָלגן זײַן הערשער. פּיערס באַפֿעל „גיכער״ האָט פֿאַרן געניטן שפּאַק ניט געמיינט שפּרינגען אויפֿן ניט ברוקירטן וועג און אויפֿרײַסן אַ שטויב מיט די קאָפּעטעס, נאָר גיך און גרינג זיך צעלויפֿן, ניט טרייסלען דעם קערפּער וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך.

אין געוויסע יאַריד־טעג פֿלעגט פֿאַן קוויאַטקאָווסקי שיקן מאַקאַרן מיטן לאַקעי קייך זשיוויטיוו אײַנקויפֿן נויטיקע זאַכן פֿאַרן הויף. מאַקאַר פֿלעגט שפּאַנען פֿראָסטערע פֿערד אין אַ פֿראָסטן שאַראַבאַן און פֿאָרן אין שטאָט אַרײַן.

איין דינסטאָג האָט פּיער געזאָגט, אַז ער פֿאָרט מיט, און „צום טײַוול מיטן שאַראַבאַן", דעם פּאַיעטאָן וויל ער. האָט מען אים געפֿאָלגט.

מע איז אַרויסגעפֿאָרן פֿונעם דאָרף אַ שעה נאָך זון־אויפֿגאַנג. דער מזרח־דיקער האָריזאָנט איז געווען פֿאַרדעקט מיט דינע, ווײַסע וואָלקנדלעך וואָס האָבן אויסגעזען אונבאַוועגלעך און ניט געשטערט דעם טאָג־ליכט. די רײַפֿע ווייץ און קאָרן־זאַנגען בײַ בײדע זײַטן פֿונעם שמאָלן, שטויביקן וועג זענען געווען טרוקן. און מאָקאָר האָט פֿאַרגעזאָגט אַ רעגן. ערגעץ אין דער הויך האָבן פֿייגעלעך זיך שטיפֿעריש איבערגערופֿן. די זאַנגען ביים וועג האָבן אַ ציטער געטאָן. עס האָט זיך באַוויזן אַ גרוילעך שפּיצעדיק קעפּל פֿון אַ האָז. דער האָז האָט זיך תיכף באַהאַלטן און, לויט דער באַוועגונג פֿון די זאַנגען, האָט מען געקאָנט זען, ווי דער האָז טראָגט זיך אָפּ.

מיטן שמאָלן וועג איז מען דורכגעפֿאָרן די צוויי דערפֿער ווערביוווקע און פּופּיווקע. און מע איז אַרויף אויפֿן טראַקט וואָס איז געווען ברייט, אָבער ניט ברוקירט. דער שטויב האָט זיך געריסן אַרויף און געפֿאָלן צוריק צו דער גרויער, איבערגעטרוקנטער ערד.

מע האָט זיך געהויבן באַרג אַרויף און פֿון ווײַטן, פֿון עטלעכע זײַטן, האָבן זיך געצויגן פֿויערשע וועגענער, אַלע געווענדט צום זעלבן טראַקטאָווע וועג.

פּיער האָט געהייסן פֿאָרן גיכער. דער פּאַיעטאָן האָט אָנגעיאָגט פֿויערשע פֿורען, געדיכט באַזעצטע מיט מענער און פֿרויען. אויף אייניקע וועגענער האָבן זיך, חוץ די מענטשן, געזען שאָף, חזירים און קעלבלעך. אויף אַנדערע וועגענער זענען געזעסן שקצים אין ווײַסע העמדער פֿון גראָבער לײַוונט מיט אויסגענייטע פֿיליקעס אויף דער ברוסט, די מאַנקעטן און די קורצע קאָלנערס; שיקסעס מיט לאַכנדיקע פּנימער, די מערסטע אין רויט־קאָלירטע קליידער און העלע ליענטעס אין די האָר אויף זייערע קעפּ, האָבן זיך איבער־געקוקט מיט די פּאַרובקעס און שעלמיש צוגעשמייכלט.

„אַט דאָס אַלץ וועט זיך צונויפֿפֿאָרן אין איין אָרט, האָט פּיער געטראַכט, וועט עס שוין זײַן אַ קאַרטינע!..."

פֿאָרן גיך האָט ניט געהאָלפֿן אויסצומײַדן די פֿויערשע פֿוהרן געשלעפּטע פֿון קליינע, מאָגערע און אויסגעמאַטערטע פֿערד. זיי זענען געווען פֿאָרויס פֿון דעם פּאַיעטאָן, זיך נאָכגעשלעפּט פֿון הינטן און זיך געצויגן פֿון אַלע זײַטיקע וועגן אַהער. מע האָט קוקנדיק אויף זיי פֿון דער ווײַטן, ניט געקענט באַשטימען צי זיי באַוועגן זיך, צי ניט...

מיטאַמאָל האָט פּיער דערפֿילט אַ פּלוצימדיק ליכט איבערן פּנים. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, און ווען ער האָט זיי אין אַ ווײַלע אַרום געעפֿנט, האָט ער דערזען ווי די זון האָט דורכגעריסן די דינע, זומערדיקע וואָלקנדלעך און, אַ באַפֿרײַטע, פֿאַרפֿלייצט מיט ליכט און געשטאַרקטער וואַרעמקייט דעם גאַנצן אָרום.

אויף דער בריק, ביים אריינפארן אין שטאט, זענען געשטאנען יידן און יידענעס. זיי האבן געטאפּט די פויערשע וועגענער און געפרעגט, וואס די דארפסלייט האבן צו פארקויפן. די מאנסבלען האבן פיערן דערמאנט אן בייקעס פאטער און עס האט זיך אים געדאכט, אז יעדער פון זיי האט א זשידיוואטשקע בייקע וואס שרעקט זיך פאר אן אדעליקן און לויפט זיך באהאלטן צו די זשידעס...

די קארטינע וואס דער יונגער פריץ האט זיך פארגעשטעלט אויפן וועג צו דער שטאט, איז נאך געווען גרעסער און פארביקער. ער איז זעלטן געפארן אהער, אבער אלעמאל ווען ער האט דערזען דעם „נאראד", (פאלק) אין זיין גאנצער גרויס, מיט ווייבער און קינדער, דערוואקסענע זין און טעכטער, די יונגווארג אין זייערע העלע, פארביקע קליידער, די מערסטע פון רויטן קאליר, האט דאס אלץ אים געבלענדט די שטאלצע פריצישע אויגן. און ער האט געהאט דאס געפיל ווי א ים רינגלט אים ארום, א ים א גאנצער פון היימישע מענטשן וואס זענען אים דאך פרעמד. גוט און היימיש האבן זיך דא געפילט די צוויי דינער — קירילא און באזונדער — דאקאר. יענער איז ממש געשוואומען, מיט זיין רויטער בארד אין דער לופטן און מיט גרויסע שטארקע ציין געשמייכלט צו אלעמען. צו יונגע פויערטעס האט ער צוגעוואונקען און מיט פויערים גרייט געווען אויסצוטרינקען...

קירילא האט, איבער זיין שיינענדיקער ליווריע, זיך געפילט, ווי מע זאגט, אויף א פרעמדער פּהר... ער איז געווען זיכער, אז ער „שטייט" העכער פון די אלע מוזשיקעס, נאר צו פיערן „קומט" ער ניט...

אלע קראמען זענען געווען אפן. חוץ דעם זענען סחורות געווען אנ־געשטעלט און אנגעלייגט אויף לאנגע טישן. די יידן האבן, לויט זייערע צורות, קליידער און באוועגונגען, אויסגעזען ווי פרעמדע. ווען זיי האבן גערעדט צווישן זיך, האט זיי דא קיינער ניט פארשטאנען און ווען זיי האבן זיך געווענדט צו א פויער, איז זייער לשון געווען אזוי שלאבעריק און פרעמד, ווי זיי וואלטן ניט לאנג צוריק געקומען פון אן אנדער לאנד...

אויף דער ערד זענען דא און דארטן געזעסן בעטלער־קאליקעס און בלינדע. זיי האבן געשפילט אויף לירעס און געפרעפלט תפילות.

פיער האט אפגערעדט מיט זיינע דינער זיך טרעפן פארנאכט לעבן דעם יידישן איינפאר־הויז. מאקאר וועט איינקויפן און קירילא וועט האלטן אן אויג אויפן שפאן.

פון אומגעדולד איז ער מער ווי איין מאל צוגעגאנגען צו קירילאן און געפרעגט אויף מאקארן. ערשט ארום דריי אזייגער נאך מיטאג האט ער גייענדיק צום אייגענעם געשפאן דערזען מאקארן שפאנען שמיידיק אקעגן אים. מאקארס קליינע אויגן האבן געלויכטן מיט שטיפערישע, פינקלדיקע פלעמלעך. וואס האבן פארוואנדלט זיין גרויס בערדיק פנים אין דעם אויסזען פון א קינד...

„זיך אנגעשיכורט" האט פיער אים באטראכט פון דער ווייטנס און אפגעמאסטן דעם אנטרייבער מיט שטרענגע און בייזע בליקן.

— אַ טי טשיעוואַ? — (און דו וואָס), האָט ער אים אויף רוסיש געפרעגט.

— אַ יאַ טאַוואַ (און איך אַט) האָט מאקאר, ווי ער וואָלט זיך געשפּילט מיטן פּאַניטש, דרייסט געענטפערט און שוין אפילו געוואַגט צואווינקען מיט אַן אויג. פּיער איז געשטאַנען קעגן מאקארן, אַ שטייפער, אַ שווייגנדיקער און געוואַרט. מאקאר האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, גערעדט אַהין און אַהער און ענדלעך צוגעקומען צום עיקר:

— און דאָרט, פּאַניטשו — האָט ער מיט חדווה אָנגעוויזן אויף אַ קראָם פון דער וויטן און דאָרט שטייט כייקע און האַנדלט.

— וואו דאָרט? האָט פּיער געפרעגט און גלייך באַפוילן — גיי, און איך וועל דיר נאָכגיין.

זיי זענען צוגעקומען צו דער אָפענער טיר פון אַ שניט־קראָם און פּיער האָט דערזען פויערטעס, אַן עלטערע פרוי אין אַ גרויסן פּאַריק און אַ מיידל אָנגעטאָן אין אַ וואָלוול קליידל, מיט אַ קאָסינקע אויפן קאָפּ. זי האָט מיט אַן אַרשין געמאָסטן צויך פון אַ קלעצל. זי איז געשטאַנען מיט דער פלייצע צו דער טיר, און ער האָט זי ניט דערקענט, נאָר ווען ער האָט מיט זיין גאַנצער גרויס זיך אַוועקגעשטעלט און שטיין געבליבן אין דער עפענונג פון דער טיר, איז אין דער קראָם טונקל געוואָרן. די עלטערע פרוי, די עטלעכע קונים האָבן זיך אומגעקוקט אויפן פּריץ. כייקע האָט אים דערזען און אויסגערופן „אוי!“ די פרוי אינעם פּאַריק איז צוגעקומען צום יונגן פּריץ און געפרעגט, וואָס ער וויל קויפן.

ער האָט ניט אָנגענעם אַ לאַך געטאָן און געזאָגט: „איך וויל זען די באַרישנע“

— וואָס פאַר אַ באַרישניע מיינט איר? — האָט די פרוי געפרעגט.

— כייקע — האָט ער געזאָגט, און זיך קוים באַהערשט ניט צו זאָגן „זשידיוואַטשקאַ כייקאַ“.

ווער איז דאָס? — האָט זיך די פרוי געווענדט צום מיידל.

— מיר זענען ביידע פון איין דאָרף — האָט כייקע געזאָגט. אין איר שטים איז קיין שרעק ניט געווען און איר רוסיש האָט געקלונגען ווי זי וואָלט געווען איינע פון דעם „באַראַד“ וואָס פאַרפּלייצט דעם ריזיקן מאַרק־פּלאַץ. נאָר לויטן ביליקן קליידל און דער בלויער קאָסינקע איז זי געווען ענלעך צו די יידישקעס.

— וואָס זענט איר געבליבן שטיין ביי דער טיר? קומט אַריין — האָט כייקע פאַרבעטן.

זי האָט געקוקט צו אים און אירע ליכטיקע גרינלעך־בלויע אויגן האָבן אין דער טונקלקייט געלויכטן אומרואיק און דאָך זיכער.

„זי טאָר פאַר מיר ניט מורא האָבן“ האָט פּיער באַשלאָסן. ער איז שמייכלענדיק אַרויס פון דער טיר־עפענונג, זיך געלאָזט גיין צו דער מיידל

און אויסגעשטרעקט זיין לאַנגן, שטאַרקן אָרעם מיט דער שיינער, איידעלער האַנט. ער האָט דערוואַרט זי זאָל צובויגן איר שיין פּנים צו זיין האַנט און אַ קוש טאָן, אָבער כייקע האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צו זיינער און ער האָט זי קוים אַ דריק געטאָן. „זי שטעלט זיך אויף איין מדרגה מיט אַן אדעליקן?" האָט ער געטראַכט. „דאָס פּאַלק קושט מיר די האַנט, און זשידי־וואַטשקא כייקא — ניט..."

— איך וויל מיט איך רעדן — האָט ער געזאָגט און געפילט, אַז זיין קול וויברירט פון כעס און באַליידיקונג.

— ס'אודאָוואָלסטווי־יעם — האָט זי געזאָגט, און ער האָט דערשפּירט אין איר שטים דעם ציטער פון מורא. איר „ס'אודאָוואָלסטווי־יעם" האָט אים דערמאָנט אין יענעם אָוונט, ווען ער האָט זי דערזען אין איר גימנאַזיע־יוניפאָרמע וואָס איז געווען ביז וואונדער אויסגעפילט פון איר יונגן מיידלשן קערפּער. פּונקט אַזוי שיין, מיט אַ בלענדיקער פּראַכט איז זי איצט געשטאַנען לעבן אים.

— נו, לאָמיר אַרויס אין דרויסן — האָט זי געזאָגט און זיך די ערשטע געלאָזט צום אַרויסגאַנג. ער איז געבליבן הינטער איר און איז נאָכגעגאַנגען.

אין מאַרק, אַ פאַרפּלייצטן פון קולות, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און זי האָט געזאָגט: „רעדט..."

— איך — האָט ער אָנגעהויבן און ניט געקענט אָנגיין. ער האָט געקוקט אויף איר און געזען, ווי זי באַהערשט זיך פון דער פריערדיקער שרעק, ווי אירע אויגן שמייכלען וואַרעם און די שיינע, פאַרביקע ליפּן, און דער גאַנצער שטאַלט אירער איז איין אויסדריק — דערוואַרטונג.

ער האָט זיך מאָמענטאַל באַהערשט און גדלותדיק פיינטלעך אַ זאָג געטאָן:

— אייער ס'אודאָוואָלסווי־יעם איז אַן עכט יידיש גענגעלע.

זי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און געפרעגט:

— דערצו האָט איר מיך גערופן? און פאַרוואָס באַליידיקט איר מיך?

— איך זאָג בלויז דעם אמת — האָט ער עקשנותדיק געענטפערט.

זי האָט אים באַטראַכט מיט פאַראַכטונג און געזאָגט.

— איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען.

— איך א י י ך???! — האָט ער איבערגעפרעגט, ווי דאָס וואָלט געווען אוממעגלעך...

— יאָ — האָט זי געזאָגט. — מיין אויסדריק ס'אודאָוואָלסטווי?יעם" האָט באַטייט פיינקטלעך וואָס איך האָב געזאָגט.

— איר מיינט, איר האָט זיך מיט פאַרגעניגן געוואָלט טרעפן מיט מיר?

— פאַרוואָס ניט? — האָט זי אים אין טאָן גלייך אָפּגעענטפערט.

— פאַרוואָס־זשע זענט איר אַנטלאָפן? — האָט ער געפרעגט און איז נאָך אַלץ געווען זיכער, אַז ער איז גערעכט...

— הערט — האָט כייקע שטרענג, ווי אַן עלטערע פון אים דערקלערט — אַז אַ קאַוואַליער וויל זיך טרעפן מיט אַ מיידל, שיקט ער ניט זיין נאַרעשן דינער, מיט אומריינע צוועקן, נאָר ער קומט אַליין און שטעלט זיך פאַר...

— הייסט עס, אַז איר לערנט מיט מיר אָנשטענדיקייט? — האָט פּיער בייז געפרעגט.

— אַנטשולדיקט! — האָט זי זיך געבעטן און ער האָט דערזען צוויי קליינע טרערן ווי פונקען האָבן אויפגעגליט אין אירע אויגן. — אַנטשולדיקט, פאַניטשו! — האָט זי ווידער געבעטן, זיך דורכגעשאַרט לעבן אים און מיט גיכע טריט אַוועק צוריק אין קראָם.

— דו מיאוסע יידישקע! — האָט ער איר נאָכגעזאָגט. צי האָט זי געהערט זיינע פיינטלעכע רייד, האָט ער ניט געוואוסט, אָבער שפּעט ביינאַכט, ווען ער האָט ניט געקענט איינשלאָפן, האָט ער געטראַכט, אַז די זשידיוואָטשקא כייקא האָט אים אויסגעלערנט עפּעס וואָס ער וועט געדענקען אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן. ער האָט פאַרגעסן אַז עס איז געווען נאָך דעם יאָר 1905...

# דער טעלעפאָן קלינגט

ניט איין מאָל קלער איך וועגן זיך: ווי קומט איך ווערן אַ שרייבער? מיר דאַכט זיך, עס איז דערפאַר וואָס איך בין שטענדיק נייגעריק געווען צו וויסן וואָס ביי יענעם טוט זיך. שפּעטער, ווען איך בין אַריין אין מיין ראָל און מער ניט געקענט אויפהערן צו שרייבן, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איך אַליין בין דער געגנשטאַנד פון אָבסערוואַציע און איך זוך, און געפין זאַכן, טואונגען און געדאַנקען וואָס איך האָב קיינמאָל ניט חושד געווען, אַז איך בין דער „אייגנטימער״ פון אַ רייכן אוצר.

און נאָך אַן אַנטדעקונג האָב איך געמאַכט — אַז וועגן וועמען און וועגן וואָס איך זאָל ניט שרייבן, לעב איך זיך אַריין אין מיינע באַאָבאַכטונגען, איך ווער מיט זאַכן און מענטשן וואָס איך שילדער, איינס. איך און זיי „חד הוא״.

חוץ דעם וואָס איך בין אַ שרייבער, בין איך אויך אַ לערער. דאַרף איך אויך קאָנען האַלטן אַ דרשה, אָדער לכל הפחות, פאַרלייענען...

קיין פּרנסה פון שרייבן האָב איך ניט, בין איך, ווי געזאָגט, אַ לערער וואָס „נעמט אַ וואָרט״ און איך לייען פאָר פון דער יידישער ליטעראַטור.

איינמאָל. נאָך מיינער אַ פאַרלעזונג. זענען צוגעקומען צו מיר אַ פּאָרפאָלק, ביידע אין מיטעלע יאָרן, ער אַ קליין־געוואוקסיקער. אַ ברייט־פּלייציקער. מיט אַ קאָפּ גרוילעכע געקרויזלטע האָר און מיט שטילע, כשרע אויגן ווי ביי אַ שאָף; זי וואָס האָט אויסגעזען עטוואָס העכער פון אים פון דער ווייטן, האָט זיך אויסגעגלייכט מיט איר מאַן ווען זיי זענען צוגע־קומען צו מיר. איר בליק. אַ קילער. אַ שטרענגער. אירע האָר טונקל ברוין אַפּנים צוגעפאַרבט. אירע ליפּן פולע, צעבליטע, מיידלישע.

זיין האַנט האָט אָנגענומען מיינע ווייך און אָפּגעהיט. איר קליינע האַנט האָט מיין האַנט מענלעך אַ דריק געטאָן. ער איז געבליבן שטיין גלייך: זי האָט זיך ליכט אַ בויג געטאָן און געזאָגט: „איך לייען אייך״. זיין פּנים איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיינענדיקן שמייכל און ער האָט שטיל מער נאָכגעזאָגט ווי געזאָגט: „מיר לייענען אַלע אייערע זאַכן״.

— וואו האָט איר גענומען מיינע ביכער? — האָב איך געפרעגט.

— אין לייבררי — האָט ער געענטפערט.

איך האָב חושד געווען, אַז דאָס פּאָרל שרייבט אונטער. אומזיסט מיין חשד. זיי האָבן מיך גאָר פאַרבעטן אויף נאַכטמאָל. זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז איך. דער נייער לערער, בין פון דער אוקריינע און זי האָט צוליב מיר צוגעגרייט אַ היימישע וועטשערע.

דער פאַרזאַמלטער עולם האָט פאַרקוקט צו מיר מיט וואַרעמע בליקן. אייניקע האָבן זיך געערגעזט אויפן פּאָרפאָלק וואָס האָט מיך „קאָנפיסקירט״.

איך האָב באַדאַנקט דאָס פּאָרפאָלק און געוואָלט אָפּלייגן דעם וויזיט אויף אַן אַנדער מאָל, אָבער זיי האָבן מיך ניט אויפגעהערט צו בעטן.

— מיין פרוי וועט זיך זאָרגן — האָב איך געהאַט אַ תירוץ.
— איר האָט אַ פרוי? — האָט זיך די גאַסטגעבערן געחידושט.
— יאָ, איך האָב אַ פרוי, זאָל מיר געזונט זיין.
— מאַן און ווייב האָבן זיך איבערגעקוקט. זי האָט אויסגערופן: „איך האָב אַ פּלאַן — מיר וועלן צופאָרן צו איך און זי אויך נעמען צו אונדז".
איך בין אַוועק טעלעפאָנירן מיין אידאַן. זי האָט אפילו הערן ניט געוואָלט. „פאַר געזונטערהייט — האָט זי מיר געווינטשעוועט מיט אַ טאָן פון אַ מאַמע וואָס גיט נאָך דעם פאַרלאַנג פון איר קינד. — פאַרגעס נאָר ניט קומען אַהיים — האָט אידאַ מיט אַ לאַכעלע צוגעגעבן.
איך האָב זיך געזעגנט מיטן קליינעם עולם, און איך מיט פאַרפאַלק אַרויס אין גאַס.
עס איז געווען אַ וואַרעמער ווינטיקער זומער־אָוונט. דורך די אָפענע פענצטער פון די הייזער האָט זיך אין דער שטילער גאַס אַריינגעריסן אַ געמיש פון ראַדיאָ אָדער טעלעוויזיע־שטימען.
דאָס פּאָרל האָט מיך צוגעפירט צו אַ מאַשין וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעלאָשענער לאָמפּ. הער מאַן האָט געעפנט דאָס טירל און דער איינעווייניק פון דעם אויטאָ איז מיט איין מאָל ליכטיק געוואָרן. ער האָט נאָכן אַריינזעצן זיך צוגעמאַכט דאָס טירל, איז אין דער מאַשין געוואָרן פינצטער, דערפאַר אָבער האָט ער אַ צינד אַן געטאָן די דרויסנדיקע צוויי לאָמפּן, און אַ שטיק גאַס האָט מיט איין מאָל אויפגעטויכט.
די קאַר האָט זיך גערירט. די פרוי האָט געזאָגט:
— לאָמיר איך זאָגן אונדזערע נעמען: ער הייסט ברוך רויזענפעלד און מיין ערשטער נאָמען איז פרידע, פון פריידעלע.
— און מיין נאָמען איז — האָב איך אָנגעהויבן. ברוך און פרידע האָבן זיך צעלאַכט.
זי האָט זיך באַהערשט גיכער ווי ברוך און געזאָגט:
— אייער נאָמען איז אונדז זייער און זייער באַקאַנט. פרידע איז געזעסן לעבן מיר. איך האָב איר פּנים ניט געזען, אָבער איך האָב געפילט, אַז עס איז דורכגענומען פון אַ שמייכל. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס דערזאָגט זי ניט... צי איז זי אַ שטיפערקע וואָס האָט ליב צו לאַכן? ווער ווייסט?... אָט וועל איך זי דערזען אין באַלויכטענעם צימער פון איר היים און איך וועל שטודירן איר שיין פּנים.
ווען מיר זענען אַריין אין דער היים פון דעם פאַרפאַלק, איז פרידע באַלד אַוועק אין קיך. דערביי האָב איך געזען ווי זי האָט זיך געטאָן אַ קוק איבער מיט איר מאַן.
— קומט — האָט ער מיך פאַרבעטן אין אַ זייטיקן צימער. ער האָט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע ליכט און איך האָב דערזען אַ וואַנט אַ גאַנצע, אַ וואַנט מיט ביכער.
— „איין ביבליאָטעק" — האָט ער שטיל אונטערגעזונגען איין מאָל און נאָך אַמאָל.
איך האָב מיט איין מאָל דערזען אונדזער גאַנצן יידישן פאַרמעגן — קלאַסיקער, שפּעטערדיקע שרייבער, ווי: אברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג,

איטשע מאיר ווייסנבערג, די „יונגע" פון אַמעריקע און די ביי־אויפגעקומענע אין וואַרשע, ווילנע ווי אויך אין סאָוועטן־לאַנד.

ברוך האָט גיך געפונען מיינע עטלעכע ביכער און זיי מיר אונטער־געטראָגן ווי דאָס וואָלט געווען מיינע פּאַרדינטע אויסצייכענונג.

— האַ? — האָט ברוך געפרעגט — ווי געפעלט איך די ביבליאָטעק?

מיר זענען געווען באַקאַנט די אַמעריקאַנער יידישע היימען וואָס די עלטערן האָבן שוין לאַנג ניט געלייענט, און זייערע קינדער האָבן ניט געוואוסט „מיט וואָס מע עסט עס...".

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, און ניט געוואוסט וואָס. איך האָב געבלעטערט מיין ערשט בוך וואָס איז אַרויס מיט דרייסיק יאָר פריער; איך בין תיכף אַריבער צו מיין ניי בוך וואָס איז ערשט מיט פינף יאָר צוריק אַרויס פון דרוק. איך האָב קוים באַהערשט מיינע הענט זיי זאָלן ניט ציטערן.

איך האָב אַ לייען געטאָן דאָ און דאָרט און דערביי געפילט ברוכס שטילן און דאַך ווי זיגערישן בליק אויף מיין פּנים.

עס האָט פאַרשמעקט מיט היימיש־געקאָכטן באָרשט און עס האָט זיך דערהערט פרידעס פריילעך קול: „קאַם ענד געט אים!" (קומט און נעמט עס).

— די באַלעבאָסטע רופט, דאַרף מען פאָלגן — האָט ברוך ערנסט געזאָגט. פרידע האָט זיך באַוויזן, מיט אַ צעפלאַמט, פאַרביק פּנים און געזאָגט יידישלעך: „גייט, וואַשט זיך, וועלן מיר עסן".

איך האָב איבערגעגעבן ברוכן מיינע ביכער. ער האָט זיי אַוועק־געשטעלט אויף דער פּאָלעצע, און איך בין אים נאָכגעגאַנגען אין וואַש־צימער.

דער מאָלצייט איז געווען פריש, געשמאַק און היימיש. ברוך האָט געגעסן, ווי מע זאָגט, „אויף ביידע באַקן". פרידע האָט מיר איבערדערציילט מיינע אַ פּאָר מעשיות. זי האָט געזען ווי אויפגערעגט איך בין. בעסער וואָלט זי געשוויגן, ווייל דאָס גייט מיר ניט איין. האָט זי אָבער געפילט ווי זי נעמט אויס און איר צעפלאַמט פּנים האָט אויפגעשפּילט מיט נייע קאָלירן. איך בין געווען שטאַרקער פון שטאָל ניט צופאַלן צו אירע באַקן מיט מיינע הייסע ליפּן.

— לאָמיר רעדן פון פריילעכערע זאַכן — האָב איך געמאַכט אַ פאַרזוך איבערצוררייסן מיין שטימונג. — אייער באָרשט איז אָפּגעקאָכט מיט גרויס טאַלאַנט. יאָ, ווי קומט איר טאַקע קאָכן אַזאַ היימישן מאַכל? מיין אידאַ איז אַ פּוילישע. עס האָט מיר גענומען אַ פּאָר יאָר ביז איך האָב זיך צוגעוואוינט צו אירע געקעכטסן.

— און מיין מאַן איז, ניט פאַר איך געדאַכט, אַ ליטוואַק — האָט פרידע מיר איבערגעשלאָגן די רייד — האָסטו אַמאָל אַנערקענט מיין טאַלאַנט?... איך בין אַ כאַכלאַטשקע, אייערע אַ קרובה, אַ זעמליאַטשקע, און צוליב אייך טאַקע האָב איך געמאַכט די „פּערעוואָרעס".

— פּרעוואַרעס! — האָב איך אויסגערופן — אוי, ס'אַראַ טייער היימיש וואָרט!

איך האָב געפילט ווי מיין אויפרעגונג שטילט זיך איין. די מענטשן זאָלן מיך ניט חושד זיין, אַז איך וויל מע זאָל רעדן נאָר פון מיינע נאָוועלן, האָב איך אָנגעהויבן פון מענדעלען און געגאַנגען ווייטער, ביז איך בין צוגעקומען צו די אינזיכיסטן און צו די יינגסטע וואָס זענען אויפגעקומען שפּעטער.

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. פרידעס פּאַרביק פּנים האָט זיך מיט איין מאָל אויסגעבלייכט. ברוך האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט געלאָזט פאַלן דעם לעפל אין האַלב-פולן טעלער און מיט צעשראָקענע אויגן זיך שטום געבעטן ביים ווייב זי זאָל ענטפערן. דער טעלעפאָן האָט אָנגעהאַלטן דאָס קלינגען. פרידע איז אַוועק אין אַן אַנדער צימער און באַלד צוריקגעקומען.

— ס'איז מיסטער פרידמאַן. ער וויל וויסן, צי האָסטו די טראַפּנס פאַר דיינע אויגן. גיי, וועסטו אים ענטפערן. ברוך האָט זיך געטאָן אַ הויב אויף און גיך אַוועק צום טעלעפאָן. ער איז באַלד צוריקגעקומען.

— וואָס ווילן זיי פון מיר? וואָס ציטערן זיי אַזוי איבער זיך? זעקס און אַ האַלב טאָג בין איך אַ דראַגיסט. זונטיק נאָכמיטאָג וויל איך רוען.

באַרואיק זיך, ברוך — האָט אים פרידע איינגעטונעמען. זי אַליין האָט מיר אויסגעזען אויפגעטראָגן. ער האָט שוין מער ניט געקייט „אויף ביידע באַקן". ער האָט באַלד אָפּגערוקט דעם ניט-דערעסענעם באָרשט מיט פלייש. פון דרך ארץ וועגן האָב איך אויך באַדאַרפט אויפהערן עסן, האָב איך באַמערקט ווי פרידע קוקט מיר נאָך און וואַרט... איך האָב פאַרענדיקט דאָס געקעכטס ביזן דנאָ און דערהערט פרידעס מוטערלעך קול: „אפשר נאָך אַ ביסל?". —

— אַ קראַנקן פרעגט מען — האָב איך געשפּאַסט אויפצומונטערן דאָס פּאָרפאָלק. איך האָב געזען אַז דער טעלעפאָן-קלאַנג האָט זיי צערודערט. ניט פון דעם מענטשן וואָס הייסט פרידמאַן. פון וועמען האָבן זיי דערוואַרט אַ רוף?

פרידע האָט, ווייזט אויס, באַשלאָסן, אַז דער היימישער מאכל איז ניט גענוג. האָט זי מיך מכבד געווען מיט אַן אוקריינער ליד. ברוך האָט זי באַטראַכט מיט זיין צוריקגעהאַלטענעם שמייכל און געקיבעצט: „זע נאָר ווי זי קוויקט זיך מיט גוייש...".

— מיר'ן זיך ביידע נעמען אויף דיר. ליטוואַקל מיינער... לאָמיך הערן, חבר זעלינס.

איך האָב זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן... איך האָב געזונגען. פרידע האָט אונטערגעכאַפּט. ברוך האָט אונדז ביידן באַטראַכט און ווידער אַ זאָג געטאָן: „זע נאָר די כאַכלעס...".

עס האָט אָנגעהויבן ווערן שפּעט.

— מע דאַרף אַהיים פאָרן — האָב איך געזאָגט און צוגעגעבן: — איך וואוין זייער ווייט.

— וועלן מיר איך צופירן אין אונדזער מאַשין — האָט ברוך מיר אָנגעבאָטן.

איך האָב אים באַדאַנקט און געפּועלט אים צוליב טאָן, מיך צופירן ביז צו דער באַן-סטאַנציע. פרידע איז ניט מיטגעפאָרן. איך האָב געלויבט

איר קאָכן. איר זינגען און דער עיקר. געדענקען און איבערדערציילן מיינע נאָוועלעטן. איך האָב געהאַלטן איר האַנט אין מיינער. איך האָב זיך פאַר־נויגט פאַר דער פרוי.

— גוטע נאַכט, מיסעס...

—רויזנפעלד — האָט זי מיר אַרויסגעהאָלפן.

— רויזנפעלד! — האָב איך אויסגערופן.

ברוך האָט אַ לאַך געטאָן און געזאָגט: „ס'איז איר קעפּעלע דערבײַ...".

ברוך איז געזעסן לעבן מיר אין דער מאַשין און געשוויגן מיט אַ שווייגן וואָס האָט אַ סך צו זאָגן. איך האָב געוואַרט ער זאָל אָנהויבן רעדן. דערצו איז ניט געקומען.

האָב איך שוין אָנגעהויבן:

— איר האָט אַ טייערע פרוי. האָט איר קינדער?

— אַ זון — האָט ער אַ כאַפּ אָפּ געטאָן, און דאָ האָב איך דערפילט, אַז דער טעלעפאָן האָט אַ שייכות מיטן זון. איך האָב געוואָלט פרעגן ווי אַלט דער זון איז און וואו געפינט ער זיך, אָבער ברוכס שווייגן האָט מיר געגעבן צו פילן, אַז איך וועל טאָן בעסער און קליגער ווען איך וועל מער ניט פרעגן. און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן ביז מיר זענען צוגעקומען צו דער שטאָטישער באַן־סטאַנציע.

* * *

איך בין געווען אַ לערער אין אַ יידיש־וועלטלעכער שול, אַ בייער דאָ אין שטאָט. איך האָב דאָ געקענט מיינע פּאַרוואַלטער און איניקע עלטערן פון מיינע שילער. גוט איז געווען וואָס איך האָב אָנגעטראָפן די רויזנפעלדס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ברוך איז געווען דער „גייסטיקער פירער" פון דער אָרגאַניזאַציע וואו איך האָב אויפגעטראָטן. איך האָב אויסגעפונען, אַז די רויזנ־פעלדס באַלאַנגען צו עטלעכע געזעלשאַפטן. און אומעטום זענען זיי אָנגעזען. קיין גרויסער פאַרדינער בין איך ניט געווען, זענען מיר די קסטרא־פאַרדינסטן צונוצגעקומען. מיין אידאַ האָט אויסגעמיטן פאַרזאַמלונגען. אָבער צוליב מיר און צוליב די רויזנפעלדס פלעגט זי גיין אויף לעקציעס און אַפילו צו די רויזנ־פעלדס פאַרברענגען מיט זיי. אונדזערע צוויי טעכטער האָבן זיך שוין געלערנט אין קאָלעדזש און זיי האָבן זיך ניט געניוטיקט אין אונדזער אויפזיכט.

אַלץ איז געווען, ווי מע זאָגט „אין אָרדענונג". נאָר דאָס קלינגען פונעם טעלעפאָן האָט פאַרשטערט אונדזערע צונויפקומעניש[ן] ביי די רויזנפעלד. פרידעס פאַרביק פנים פלעגט זיך מיט איין מאָל אויסבלייכן און באַלד פאַרגאָסן ווערן מיט אַן אומגעזונטער רויטקייט. זי פלעגט שטענדיק גיין די ערשטע צום טעלעפאָן. ווען זי האָט זיך דאָרט פאַרזאַמט, איז געווען אַ שלעכטער סימן פאַר ברוכן. ער האָט אויסגעמיטן אונדזערע בליקן און ניט געפרעגט ווער עס האָט געקלונגען.

איינמאָל בין איך געווען אַן אידאַן ביי די גוטע פריינט. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. ברוך איז אַוועק ענטפערן. איך בין געבליבן מיט פרידען אַליין. איך האָב געקוקט אויף איר. זי האָט שווער אָפּגעזיפצט.

נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָב איך געזאָגט:

— טייערע פרידע. זענען מיר דאָך פריינט. איך קען ניט צוזען ווי איר, אַזעלכע ליב־האַרציקע מענטשן, זאָלט לײַדן. וואָס קומט דאָ פאָר? ווער רופט עס און ווער פאַרשאַפט אײַך עגמת נפש? פאַרוואָס טוט עס אײַך יענער מענטש? ווער איז ער, צי זי?

— ווער ער איז ווייס איך. דאָס איז אונדזער פאַרהייראַטער זון, דער היפּי, מיטשעל. פאַרוואָס ער וויל ניט רעדן מיטן פאָטער, ווייס איך ניט.

אויף אַזאַ ענטפער האָב איך זיך ניט געריכט. איך האָב אַ פרעג געטאָן, און מײַן פראַגע האָט געקלונגען שטרענג און נאַריש: „וואָס מיינט איר, איר ווייסט ניט?".

— דאָס וואָס איך ווייס ניט, איז טרויעריק גענוג, מײַן ברוך ווייסט אויך ניט.

— שוועך, אוממעגלעך צו פאַרשטיין! — האָב איך אויסגערופן. דער מאַן איז צוריקגעקומען און כלומרשט זיך באַקלאָגט, אָבער איך האָב געזען אַז ער איז צופרידין.

— אַ געזעלשאַפט מיט באַאַמטע, קאַכלעפל. קהלישע קליאַמקעס, גאַנצע קנאַקערס, נאָר אַז סע קומט צו אַראַנזשירן אַ לעקציע, אָדער אַן אַנדער אויפ־טריט, שרייט מען „געוואַלד, ברוך! . . ."

איך האָב אים באַטראַכט. זײַן אײדל, מאָגער געזיכט האָט אויסגעזען פאַרנומען, פאַרטראַגן. אין זײַנע שטילע אויגן האָט זיך געזען אַ צופרידענער גלאַנץ פון אַ מענטשן וואָס איז זיכער אַז מע קען זיך אָן אים ניט באַגיין.

אײן אָוונט ווען דער לעקטאָר איז גאָר געווען אַן אַנדערער, האָב איך געמוזט צוליב טאָן ברוכן און פאָרן מיט אים און מיט פרידען „כאַפּן אַ בייס". מיך אָפּפירן צו דער באַן האָט זי ניט געוואָלט מיטפאָרן.

— קומט — האָב איך זי געבעטן — דער הימל איז נאָך די אַלע ווינטן, אַזוי ריין אויסגעצירט מיט שטערן און די לופט אין גאַס איז ריין.

זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבן און מיר זענען געפאָרן אָן איר.

— זעט נאָר די שטערן! — האָט ברוך אויסגערופן. — זיי זעען אויס פאַרטאָפּלט, פאַרדרייפאַכט. וואָס וועט איר זאָגן? איר זענט דאָך דער פּאָעט.

— עס איז ניט נאָר די שטערן. — האָב איך געזאָגט — זעט־זעט: דער שטאָטישער געל־און־ברוינלעכער הימל האָט צוריקגעקראָגן זײַן נאַטירלעכן גאָלובאָי קאָליר.

— גאָלובאָי? — האָט ברוך געפרעגט — וואָס איז דאָס?

— דער קאָליר פון אַ גאָלוב. פון אַ טויב.

— ווי וועט איר שרײַבן? — האָט ברוך געפרעגט.

— ווי איך וועל שרײַבן, ווייס איך ניט אין דעם מאָמענט, אָבער איצט האָב איך קיין אַנדערס ניט געקענט צוקלערן.

איך האָב ניט געוואָלט צעשטערן די גוטע שטימונג און פרעגן ברוכן אויף זײַן זון. בייגער און ווילן צו העלפן האָבן מיך געמאַטערט. דער אומגעוויינלעך־ רײַנער הימל האָט מיר מיט איין מאָל זיך פאַרגעשטעלט ווי אַ שיין־אויסגע־ צירטע מאַסקע איבער אַ געל און ברוינער בלײַענער שווערקייט. אָט וועל איך אים אַ פרעג טאָן. וועט ער מער ניט קוקן אויף דער גרויסער שיינקייט. ער וועט אַרײַנקוקן אין זיך און דערפילן דעם ווייטיק פון אַ וואונד.

איך האָב זיך געראַנגלט מיט זיך אַליין. וועל איך זיך קענען באַהערשן? וועט מיר מעגלעך זיין אויסלעשן אין זיך דעם פאַרלאַנג צו וויסן און דערוויסן זיך וואָס איך דאַרף עס גאָרניט און עס איז אַוודאי ניט כדאַי ווי צו טאָן אַ ליבן מענטשן. האָט דאָך פרידע געזאָגט אַז ער. ברוך. ווייסט ניט. נו און ווי איז טאַקע אַז עס איז אַזוי? אפשר אַ בלבול? אַזעלכע זאַכן פּאַסירן אין לעבן. אַן אַ פאַרוואָס און אַן אַ פאַרווען פאַלט עמעצען איין אַ ווילדער געדאַנק וועגן אַן אומשולדיקן מענטשן... דער בלבול טוט אַ גיי פון איינעם צו אַ צווייטן. צו אַ דריטן... עס איז שרעקלעך! מיינע צערודערטע געדאַנקען האָבן זיך געיאָגט אין מיר. איך האָב געפילט דאָס אַפּטע שלאָגן פון מיין האַרץ. ווי עס וואָלט זיך וועלן דורכברייסן דעם ברוסטקאַסטן. און אַלץ דערפאַר, האָב איך זיך געמוסרט, וואָס איך בין אַ שרייבער. מעג איך שרייבן אַן פניות. מעג איך אין זינען האָבן בלויז דאָס שעפערישע אין מיר און אויסמיידן וואָס איך האָב געהערט און געזען אין דער ווירקלעכקייט. בין איך חוץ אַ שרייבער — באַשרייבער. צי ווייסט ברוך יאָ פאַרוואָס זיין זון וויל צו אים ניט רעדן, צי ווייסט ער ניט. אָבער זיין ניט וויסן איז דאָך אפשר אינטערעסאַנטער פון זיין וויסן?...

פון אויפרעגונג האָב איך זיך אַ הויב געטאָן פון מיין אָרט און מיטן קאָפּ דערלאַנגט די נידריקע סטעליע. ברוך האָט אַ דריי אויס געטאָן זיין פנים צו מיר און געפרעגט:

— האָט איך עפּעס אַ ביס געטאָן?

— ניין, האָב איך געענטפערט און דערביי אויף מיין שרייבערשן שטייגער געדאַנקט ברוכן פאַרן פאַסיקן וואָרט צו מיין צושטאַנד, געדאַנקט אין זיך, ער זאָל ניט לאַכן פון מיר. איך האָב שוין אַליין געלאַכט פון זיך... שוין מער ניט אין זיך, נאָר אַזוי אַז מיין פריינט, האָב איך געפילט, באַטראַכט מיך שוין ווידער. ער האָט געפרעגט:

— איר האָט זיך דערמאָנט אַ לעכעריקער זאַך?

— יאָ, — האָב איך געזאָגט און מורא געהאַט, אַז אָט־אָט דערנענטערן מיר זיך צו דער סטאַנציע און מיין גאַנצע אויפרעגונג וועט זיין צו נישט.

זיך אַליין נאַרן, האָב איך זאַכלעך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס פאַר אַ דאַטע איז מאָרגן?

— דער צוועלפטער יוני — האָט ברוך געענטפערט, און געפרעגט: — וואָס איז דען?

— איך דאַרף אויספּילן די באַריכט־קאַרטלעך פאַר מיינע שולקינדער.

— אַ? — האָט ער געפרעגט.

איך האָב דערהערט דאָס טויבלעכע רוישן פון דער באַן. באַלד זענען מיר געווען ביי דער סטאַנציע. איך האָב באַדאַנקט ברוכן און לאַנג געהאַלטן זיין האַנט אין מיינער. איך האָב געפילט אַז ער וואונדערט זיך. ווען איך האָב אָפּגעלאָזט זיין האַנט, האָט ער באַזאָרגט אַ פרעג געטאָן: „איר זענט אַלרייט?״.

— אַלרייט — האָב איך איבערטריבן הויך געענטפערט און זיך געזעגנט: — „גוד ביי!״.

* * *

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, ווען איך בין געבליבן מיט ברוכן אַליין, בין איך גלייך צוגעטראָטן צום ענין.

— הערט. מיין פריינט — האָב איך אָנגעהויבן. מיין קול האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אָבער איך בין „אַוועק אַ גאַנג״ — איך זע, איר ליידט. אויך פרידע ליידנט. אָבער איך האָב באַמערקט, אַז איר ליידט מער. האָב איך זיך דערלויבט און זי איינמאָל אַ פרעג געטאָן וועגן דעם טעלעפאָן. זי האָט מיר געענטפערט, אַז זי ווייסט ניט. דערצו האָט זי געזאָגט, אַז אויך איר ווייסט ניט... עס איז אַביסל אַ חילוק פון איר ליידן ביז אייערן: מיט איר רעדט דער זון. ווען פרידע האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווייסט נישט, האָב איך איר געקוקט גלייך אין די אויגן און איך האָב איר געגלויבט. איצט איז אַזוי: איך וויל אייך פאַרגרינגערן אייערע יסורים. קיין דאָקטער בין איך ניט. אָבער איך גלויב, אַז אויב איר ווייסט וואָס דער זון האָט צו אייך, רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. געגנוג געשוויגן און גענוג געליטן.

פון וואַנען האָבן זיך צו מיר דערנומען די כוחות צו עפענען יענעמס אַ וואונד? איך האָב געוואַרט. ברוך האָט געשוויגן. איך האָב דערזען ווי ער קוקט אַרויס דורכן פענצטער פון דער מאַשין. וואָס זוכט ער? ער האָט געפונען אַ שטיקל אָרט ביים טראָטואַר אָפּצושטעלן דעם אויטאָ. איך האָב געוואַרט. ער האָט געשוויגן.

— זייט מוחל! — האָב איך געבעטן.

— איר זענט דאָך אַ שרייבער, — האָט איר באַמערקט, אַז חוץ אייך האָבן מיר קיינעם ניט פאַרבעטן מע זאָל קומען צו אונדז. איך האָב פשוט מורא געהאַט עס זאָל זיך ניט צעטראָגן אַ סלוך וועגן דעם טעלעפאָן. פאַר אייך האָבן מיר געמאַכט אַן אויסנאַם: אַ נייער מענטש און אַ בכבודיקער שרייבער וועט ניט פאַרשפּרייטן קיין רכילות. — ער האָט אויסגעלאָשן די עלעקטרישע ליכט אין דרויסן פון דעם אויטאָ און דעם ברענענדיקן מאָטאָר. אַרום אונדז האָבן געררוישט מאַשינען פון כלערליי גרויס. אויטאָבוסן האָבן זיך שטיל פאַרבייגעגליטשט ביי אונדזער אויטאָ. די אויסגעלאָשענע מאַשין און איך האָבן געוואַרט, אָבער זיך ניט דערוואַרט... ברוך האָט נאָך אַ ווײַלע געשוויגן. איך האָב געהערט ווי ער שלינגט אַראָפּ זיין סלינע. ער האָט פאַר־געזעצט: — מוחל. זיך אָפּגעשטעלט אַביסל וויטער. מיין האַרץ קלינגט אין מיר. דער טעלעפאָן הערט ניט אויף צו קלינגען... אַן אַנדער מאָל... זייט מוחל.

איך האָב אים געוואונטשן אַ גוטע נאַכט.

* * *

אָט וואָס ברוך האָט מיר ביי אַן אַנדער געלעגנהייט דערציילט:

יאָסעלע און איך זענען דאָך געווען ניט ווי אַ שטרענגער פאָטער מיט אַ זון, נאָר שיר־ניט ווי צוויי ברידער. די מאַמע איז געווען ווי אַ שוועסטער אונדזערע. דאָס שטילע און פרידלעכע לעבן איז געפלאָסן ווי אַ טייכעלע וואָס מע הערט קוים זיין כליוף.

„ביי יאָסעלען בין איך געווען מיט אַלע מעלות. קיין גלייכן צו מיר איז ביי אים אין דער וועלט ניט געווען. דאָס האָט געדויערט ביז ער איז אַריין אין אוניווערסיטעט. זיינע חברים האָבן אים פאַרפירט. ער האָט זיך אויפגעהערט שערן און גאָלן. זיינע קליידער זענען געהאַנגען אויף אים ווי ברודנע, צעריסענע שמאַטעס. ער האָט זיך געביטן צום ערגערן, אָבער

פאַרקוקט צו מיר האָט ער נאָך אַלץ ווי אין זיינע קינדערישע יאָרן. ער האָט קיין הויך וואָרט אין דער היים ניט געהערט.

„איינמאָל האָט ער מיך געפרעגט: „דעד. ווי קאָנסטו ליב האָבן אין פרוי אַזוי פיל יאָרן?" איך האָב געוואוסט ווי אויסגעלאָסן ער איז. וואָס האָב איך אים געקענט ענטפערן? האָב איך אַ לאַך געטאָן „מיט יאַשטשערקעס" און געענטפערט: „אמתע ליבע איז אייביק".

„— מיינסטו, אַז דו וועסט ליב האָבן די מאַמע דיין גאַנץ לעבן?".

„— פאַרוואָס ניט? — האָב איך געענטפערט.

„— און די מאַמע דיך אויך?.

„— אין דעם בין איך זיכער. — ער האָט געשמייכלט מיט אַ פול מויל פאַררויכערטע ציין און מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן: „און פאַר דער חתונה האָסטו קיין מיידל ניט געהאַט?".

„— אוודאי האָב איך געהאַט. אָבער יאָסעלע האָט דאָס ניט געדאַרפט וויסן. איך האָב ניט געטאָרט אַראָפּפאַלן פונעם פעדעסטאַל וואו ער האָט מיך אַוועקגעשטעלט.

„— אויב עס איז אמת. דעד. ביסטו אײנער פון אַ מיליאָן.

„— עס קומט מיר ניט קיין דאַנק דערפאַר — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

„— ווער איך קראַנק, ליג אַפּ עטלעכע וואָכן אין בעט און ביז אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז איך הויב זיך אָן צו לערנען — — — גיין... אויסגעגאַנגען די כוחות. דער דאָקטער עצהט רו און, דער עיקר פרישע לופט. עס איז אָנהויב זומער. יאָסעלע האָט וואַקאַציע. און כאָטש ער וואוינט אין אַן אַנדער שטאָט מיט זיין ווייבל... ווייבל, זאָג איך... ניט קיין קנס־מאָל. ניט קיין חופה און אַפילו ניט קיין לייסענס... הפקר אַ וועלט. אָבער דער דעד איז ביי אים ניט הפקר. ער קומט אַהיים און פירט מיך אַוועק אין די בערג. געקומען צו אונדז איז ער אַליין. אָבער דאָרט אין די בערג האָב איך אים דערזען מיט איר ביי אַן אַנדער טיש.

„ער האָט זי איינמאָל צוגעפירט צו מיר און זי פאָרגעשטעלט. ער האָט געשוויגן. ניט געוואָגט אַ וואָרט צו זאָגן.

„— דער טיש איז אַזוי פאַרנומען — האָט זי געזאָגט — האָבן מיר זיך געזעצט דאָרט.

„זי האָט אָנגעוויזן אויף יענעם טיש. זיי זענען אַוועק. איך האָב אָפּגעאָטעמט.

„די פרישע לופט. די געשמאַקע מאכלים און די רו. אַלע טאָג רו און דערצו פרידעס באַזאָרגטע שטימע אויפן טעלעפאָן און איר פרייד וואָס איך בעסער זיך, האָט מיך געשטאַרקט.

„אַכט פערזאָן זענען מיר געזעסן אַרום טיש — דריי אַלטע אלמנות. אַ מיטליעריק פאָרפאָלק, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער מיטליעריקער זון פון אַ יידישן דיריגענט, ביים יידישן טעאַטער, אַ יידישע לערערין און איך.

„דעם דיריגענטס זון, מייקל, האָט אויסגעזונגען אַ סך לידער און לידלעך פון יידישן טעאַטער. ער האָט מיך פראָוואָצירט און איך האָב אים מיטגעהאָלפן. די לערערין האָט מיך, ווי אַ קאָלעגע, צוגעזען און מיר ניט אויפגעהערט צו צושאַרן דעם בעסטן ביסן. וואו זי איז דאָרט ערגעץ. זאָל

זי זיך געזוגט. איר גוטסקייט איז מיר בייגעשטאַנען אין מיין נעבעכדיקן צושטאַנד. עד היום טוט מיר באַנג וואָס איך האָב ניט גענומען איר אַדרעס. און פאַרוואָס האָב איך עס ניט געטאָן? איבער יאָסעלען. ער האָט מיר נאָכגעקוקט... איך האָב זיך איינמאָל באַגעגנט מיט זיין בליק. פון זיין געדיכטער, פאַרפּלאָנטערטער באָרד און פונעם פאַרוואָקסענעם קאָפּ האָבן אויף מיר געקוקט בייזע, פיינטלעכע אויגן.

אין פאַרנאַכט איז דער שיינער, לויטערער הימל פאַרוואָלקנט געוואָרן. קיין רעגן איז ניט געגאַנגען. האָב איך דאָך מיטגענומען מיין שירעם. ביים עסן וועטשערע האָט אַ פּלייץ געטאָן אַ שטאַרקער רעגן. נאָכן עסן זענען די וואָס האָבן געהאַט שירעמס, געגאַנגען אין אין זייערע צימערן. אַלע אַנדערע זענען געבליבן זיצן אויפן ברייטן באַלקאָן. דער רעגן האָט געהאַלטן ביי אויסגיין. די טראָפּנס זענען געפאַלן מיט אַ באַזונדער לייכטקייט. די לערערין איז געווען אומרואיק: זי איז ניט געווען זיכער צי זי האָט פאַרמאַכט דאָס פענצטער אין איר צימער. האָב איך געלאַכט און געזאָגט אַ ווערטל וואָס פרידע האָט מיך אויסגעלערנט „ווען מע האָט צוגעגנבעט די פערד, האָט מען פאַרשלאָסן די שטאַל".

„דערויף האָט מיין גוטע שכנה מיר געענטפערט: „זייט אַ קאַוואַליער און באַגלייט מיך אַהיים מיט אייער שירעם.

„איך האָב זי גענומען ביים אָרעם. דאָס גראָז אונטער די פיס איז געווען נאַס און גליטשיק. זי האָט מיר געדאַנקט. ביים אַריינגאַנג אין האָטעל האָב איך זיך געזעגנט מיט דער לערערין און בין אַוועק אין מיין צימער רוען. יאָסל איז צו מיר ניט געקומען.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָב איך אים געזען ביים טיש און צו מיטאָג־עסן איז ער שוין ניט געווען. הערט אַ מעשה! ער האָט מיך חושד געווען".

איך האָב אויסגעהערט די מעשה ביזן סוף און איך האָב זיך געפרייט, וואָס דער נאַרישער, אויסגעלאַסענער זון האָט פון זיין „דעה" געפּאָדערט אַסקעטישקייט.

די איראָניע פון לעבן.

ברוך האָט מיך באַטראַכט און געפרעגט: „גלויבט איר מיר?".

— יאָ, — האָב איך געזאָגט — נאָר איין טעות האָט איר געמאַכט.

— וואָס מיינט איר?

— איר האָט די גאַנצע מעשה באַדאַרפט געווען דערציילן פרידען, און ניט מיר.

ברוך האָט אויסגעוואָלעט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע קוקערס.

* * *

מיר האָבן ביידע לאַנג געשוויגן. און יעדער פון אונדז האָט געוואַרט דער צווייטער זאָל אָנהויבן רעדן. איך בין געווען דער שרייבער און איך האָב געדאַרפט וויסן ווי אַרויסצופּלאָנטערן אים פון דער בעץ וואָס האָט אים אַרומגעוויקלט און לאָזט אים ניט רוען. בשעת איך האָב געשוויגן, האָט אַן איינגעגעסענער געדאַנק מיך אײַנגאַנצן דורכגענומען: אפשר איז אָט דער אומשולדיקער ניט ריין פון זינד?... ווי האָב איך עס אים געקאָנט פרעגן, ווען איך האָב אַ קוק אַריין געטאָן אין זײַן כשרן בליק? פרעגן טאַקע ניט, אָבער אַזוי אומדירעקט אַ זאָג טאָן, עס זאָל הייסן אַז איך האַלט אים ווירקלעך אומשולדיק. נאָר...

און ווען דאָס שווייגעניש איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, האָב איך געפּסקנט:

— אויב איר זענט אומשולדיק, האָט איר ניט געטאָרט באַהאַלטן אײַער זונס אומזיסטן חשד פון פרידען.

— וואָס מיינט איר „אויב"? — האָט ער אויסגעשריפן מיט אַ פרעמד קול. — זאָגן פרידען? איך האָב מורא געהאַט. זי וועט מיר אפשר ניט גלויבן. האָב איך געוואַרט, אפשר, וועט דער זון זיך איבערקלערן. געוואַרט און געוואַרט און עס איז שוין איבער צוויי יאָר זינט דאָס קלינגעניש אין טעלעפאָן עסט זיך אײַן אין מײַן האַרץ.

— פרידע — האָב איך שטרענג געזאָגט — האָט געדאַרפט געווען נעמען די זאַך אין אירע הענט: ווילסט ניט רעדן צום טאַטן, רעד צו מיר אויך ניט!

ברוך האָט מיך באַטראַכט, אַ בלייכן שמייכל געטאָן און מיך קלאָר געמאַכט:

פרידע האָט עס שוין געטאָן...

אַן אומרו האָט מיך באַהערשט. איך האָב געוואָלט העלפן, איך האָב געמוזט!

— פילט איר, אַז פרידע געוואוינט זיך צו צו דער לאַגע?

— יאָ, זי זאָגט, אַז דעם זון איז אַריין אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ.

— איז צוליב פרידען, צוליב אײַער געזונט, — געוואוינט איר זיך אויך צו. וואָס ווײַטער וועט איר זיך פילן בעסער, פרייער, ווײַל אין דער אמתן — האָב איך שוין טריאומפירט — האָט איר געזיגט איבער מיטשלען. וואָס פאַר אַ פּנים האָט ער און וואָס פאַר אַ לעבן פירט ער? נאָר דערפאַר וואָס ער איז דאָס וואָס ער איז, קען ער אײַך וחושד זײַן!

איך האָב זיך דורכגענומען פון מיינע אייגענע רייד. דערוואַרט האָב איך, אַז ברוך וועט ווערן פריילעך און מיר דריקן מײַן האַנט. ער האָט געהאַלטן אין קוקן אויף מיר, אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט מיך ניט. מיטאַמאָל האָב איך דערזען ווי זײַנע שטילע אויגן גייען איבער פון טרערן.

# דער גאָלדענער צלם

זינט מיין חבר בערנאַרד, אַ צופעליק געראַטעוועטער פון נאַצי מערדער האַנט, האָט מיר דערציילט פון די ווײַסרוסן, ליטווינער, לאַטוויער און אוקראַיִנער. איך לאָז די אוקראַיִנער צום סוף, ווײַל זיי האָבן געהאַט די געלעגנהײַט אויסצומאָרדן די גרעסטע צאָל יידן, האָב איך קײַן מנוחה ניט. דער עיקר, מאַטערט מיך דער געדאַנק, וואָס די אוקראַיִנער גייען דאָ אין אַמעריקע אַרום און פירן דאָ אַ נאָרמאַל לעבן, לויט די געזעצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן... איך האָב זיך געשראָקן, טאָמער וועל איך זיי אָנטרעפן, קוקן אויף זייערע פּרצופים און דערהערן זייער לשון וואָס איז מיר אייגן, מחמת איך קום פון יענעם לאַנד.

בערנאַרד האָט מיר דערציילט מיט וויפל פרייד די אוקראַיִנער האָבן אויפגענומען דעם אָקופּאַנט און ווי זיי האָבן זיך פרײַוויליק אָנגעבאָטן צו דינען די נאַציס. יענע האָבן אָנגענומען די פרײַוויליקע מערדער. מע האָט זיי דערקלערט פאַר געהילפן צו דער געשטאַפּאָ, און אַז עס זאָל צוגיין געזעצלעך האָט מען זיי אויסגעברענט נומערן אונטער די פאַכוועס.

די אוקראַיִנער האָבן זיך געלאָזט קרוינען און זיי האָבן דורכגעפירט זייער שליחות בשלימות.

אויב איך וועל אָנטרעפן עמעצן פון זיי, וועל איך זייער קין־צייכן ניט זען, אָבער רעדן זיי וועל איך הערן. ווי אַזוי וועט דער מאַסן־מערדער קוקן מיר אין די אויגן? זאָל איך זיך אפשר פאַרשטעלן ווי אַ גוי? דערפאַר האָב איך זיך געשראָקן, ווײַל דאָ וועט דער בעל דבר רעדן אָפענע דיבורים און נאָך אפשר מיט אַ געלעכטערל און מיט אַ וואונק דערציילן אַזעלכע זאַכן וואָס וועלן מײַן שוואַך האַרץ דערשטיקן.

דאָ בין איך געקומען צו אַ צאַם, וואָס איך האָב ניט געקענט אַריבער: ניט בערנאַרד, ניט זיין חבר, דער יידישער דאָקטאָר וואָס איז געוועזן אין לאַגער, האָט ניט געוואָלט צוגעבן, אַז ער האָט געזען די אויסגעברענטע נומערן אונטער די פאַכוועס פון די אוקראַיִנער.

דעם דאָקטערס פאַרשווײַגן האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. אונדזער שמועס איז געוועזן אויפן טעלעפאָן. איך האָב זיך קוים באַהערשט און שיר אים ניט מכבד געווען מיט אַ בייז וואָרט.

„און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל זיך אויף זיכער דערוויסן, צי אפילו דערזען דעם נומער? וועט מיר דערפון גרינגער ווערן?"

האָב איך באַשלאָסן צו וואַרטן און דערווײַל הערן אַן אוקראַיִנער דערציילן, לאָמיר זאָגן, ווי לאַנג אין אַמעריקע, פון וואָס פאַר אַ געגנט קומט ער און מיט וואָס באַשעפטיקט ער זיך. און אַזוי רעדנדיק וועגן דעם און וועגן יענעם, וועלן אפשר אַרויפשווימען אויבן זײַנע מעשים תעתועים?

איך האָב געוואַרט. עס האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב אים דערזען זיצנדיק אויף אַ באַנק בײַ איינעם פון די ווערבע־ביימער, זומערדיק באַוואָקסן מיט זייערע לאַנגע און שמאָל בלעטער. ער איז געוועזן איינער פון די נייע שכנים אויף אונדזער גאַס. איך האָב דעם נײַעם שכן באַטראַכט און געפּרואווט טרעפן צו וואָס

פּאַר אַ פּאַלק ער געהערט. די פיגור אַ פּעטלעכע, אַן אויסגערונדיקטע, געקליידט גראָיסשטאָטיש, אַמעריקאַניש. אַן אַ היטל, געדיכטע טונקל־ברוינע האָר אויף זײַן היפּשן קאָפּ, מיט אַ ליסענע וואָס האָט זיך געהאַלטן אין צעשפּרייטן. אין די שלעכט געשוירענע פּיאות האָבן זיך געזען זעלטענע גרויע האָר.

איך האָב אַזוי אויף גיך אַ באַטראַכט געטאָן און זיך אַליין געפרעגט: „וואָס איז דער סימן? אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. איך בין אַרויס ניט וויסנדיק.

עס איז געווען פאַרנאַכט. מענטשן זענען אָנגעקומען פון דער אַרבעט, צופוס אין אויטאָס און זעלטן ווער אויף אַ מאָטאָרציקל.

יאָ געטראָפן, ניט געטראָפן, איך האָב שוין דעם מאַן ניט אָפּגעלאָזט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך דערזען דעם מאַן רעדנדיק נאָך מיט איינעם אוקראַיִניש. איך האָב געוואָלט דורכגיין, אָבער איך האָב זיך ניט באַהערשט, זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ און געזאָגט: „דאָברי וועטשער". די מענער האָבן איבערגעריסן זייער שמועס און צוויי פּאָר אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין מיר. דער קורצער און דער אויסגערונדיקטער האָט אַ שמייכל געטאָן און איך האָב דערזען צוויי גילדענע ציין אין זײַן ברייט מויל. זיין מיטשמועסער, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַן אַרויסשטאַרטשנדיקן גאָרגל אין זײַן לאַנגן האַלדז, האָט מיך באַטראַכט און געענטפערט „וועטשיר דאָברי" (ווי מע וואָלט זאָגן, להבדיל אויף יידיש: „שלום עליכם, עליכם שלום").

„וואָס ביסטו שטיין געבליבן?" האָב איך זיך געפרעגט און זיך שטרענג באַפוילן: „גיי אַוועק פון די מחבלים זענען זיי יענע וואָס איך זוך און בעט גאָט, איך זאָל זיי קיינמאָל ניט געפינען?" זיי האָבן אויסגעזען פרידלעך און די עטלעכע ווערטער וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט האָבן בײַ מיר ניט אַרויסגערופן קיין חשד. אויפן אַמעריקאַנער שטייגער, האָב איך אַ הויב געטאָן מײַן האַנט ווי איז אַ באַגריסונג און אַוועק מײַן וועג.

אויף די אַנדערע בענק בײַם טראָטואַר זענען געזעסן געציילטע עלטערע מענער און פרויען. זיי האָבן אויסגעזען מיד. איך האָב זיך געגריסט מיט זיי. זיי האָבן מיר געענטפערט מיט שלאַבעריקע שמייכלען.

איך בין אַרײַן אין מײַן צימער און צוגעשלאָסן די טיר גיכער ווי געוויינלעך.

דער אָוונט האָט זיך דערנענטערט. די שטילקייט איז אָנגעוואַקסן אַזוי אַז מע האָט געקאָנט הערן דאָס קאַטשען זיך פון גומענע אַטאָמאָביל־רעדער.

אין גאַס האָבן זיך דערהערט נײַע קלאַנגען פון זאַטע קינדער וואָס לאַכן און ליאַרעמען, קלאַנגען וואָס דערפרייען מײַן האַרץ, און אָפּטמאָל ווערט די פרייד פאַרשטערט פון שווידער־דערמאָנונגען וואָס זענען געשען מיט אונדזערע קינדער אין מזרח אייראָפּע. און אפילו די אַלטע וואָס זיצן מידע אויף די בענק, לעבן דאָך אויך נאָר דערפאַר וואָס זיי זענען דאָרט ניט געווען. איך אַליין, וואָס טו איך דאָ אין דעם פרײַען און ליכטיקן לאַנד אַמעריקע? ווי קום איך אַהער? איך אָטעם פריי, רעד און שרײַב פריי. די געפאַר קומט דאָ נאָר פון פאַרברעכער. יענע צוויי אוקראַיִנער... זענען זייווירקלעך די מערדער פון יידן? זיי זעען אויס רואיק און זיי שמועסן זיך דורך געמיטלעך. ווי אַלט זענען זיי? דאַכט זיך אין די פופציקער. אין די יאָרן 1942־1944 זענען זיי געווען צוואַנציקיעריקע... עס שטימט. יאָ, און נײַן. וואָס טוען זיי דאָ? מאָרגן וועל איך אַ קוק טאָן אויף זייערע הענט. אַרבעטן יענע הענט? מאָרגן האָט געערגנט. אין דרײַ טעג אַרום האָב איך אויף דער באַנק דערזען די צוויי. לעבן זיי איז געזעסן אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן. זי איז געווען אָנגעטאָן גרויס שטאָטיש,

און רעדנדיק אין דער הויך, האָט זי געקוקט דאָ צו איינעם, דאָ צום אַנדערן פון די צוויי. „אַ וואַנא דאָ מענע, עוורי דעי!" און „זי צו מיר יעדן טאָג", האָט זי זיך געקלאָגט. מײַן צוקומען האָט איבערגעשלאָגן אירע רייד. איך האָב זיך געגריסט.

כ'האָב זיך געגעבן אַ רוק אָפּ פון די דרײַ, אַזוי ראַפּטאָם ווי איך האָב זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געוואָלט אַ שמייכל טאָן און איך האָב דערפילט ווי מײַן פּנים קרימט זיך. זייער לשון, וואָס איז אויך געווען שיר־ניט מײַנס, האָט מיך געפּאַנגען, אָדער דאָס און וואָס איך האָב זיי פאַרדעכטיקט, האָט מיך געטריבן פון זיי וואָס גיכער. אין יענעם ערנסטן מאָמענט האָב איך יאָ דערפילט אַ שמייכל אין זיך: די אוקרײַנער גויה האָט זיך שוין „אַמעריקאַניזירט" און זי רעדט שוין האַלב אוקרײַניש און האַלב ענגליש...

„וואָס וועט זיין פון מײַן אויסמײַדן זיי? איך וועל דאַרפן זיך אָפּשטעלן לעם זיי און פאַרפירן אַ באַלאַטשקע". דערווײַל האָב איך בלויז געגריסט מיט די אוקרײַנער און איך האָב זיך שמײַדיק געטראָגן ווײַטער, ווי איך וואָלט געווען שטאַרק פאַרנומען.

ניט אַלע פאַרנאַכט זענען די פּויערים געזעסן אויף דער באַנק און ניט אַלע פאַרנאַכט איז דאָס וועטער געווען שיין. אָבער עס איז געקומען דערצו אויף וואָס איך דערוואַרט.

— היינט — האָב איך געזאָגט — בין איך ניט אַזוי שטאַרק פאַרנומען, ווען מיר אַביסל באַלאַקען. ביידע מענער האָבן באַטראַכט מײַן זומערדיקן אַנצוג, די היפּשע טעקע אונטער מײַן אָרעם און די גלעזער איבער מײַנע אויגן.

— ווי רופט מען אײַך? — האָב איך געפרעגט און אַ קוק געטאָן דאָ אויפן אויסגערונדיקטן און באַלד אויפן דאַרן. דער ערשטער האָט זיך אָנגערופן דער מאָגערער:

— מיך רופט מען ניקיפאָר דזיונדזיא, און ער — האָט ער אָנגעוויזן אויפן אַנדערן — איז מיקאָלאָ קוציבא.

— און איך — האָב איך אָפּגעטאָקט אַ ליגן — איך בין דאָקטאָר אָרעמאַנאָוו. איך האָב באַלד דערפילט ווי איך בין אַ וואַקס אויס געטאָן בײַ די צוויי. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט.

— וועט איר זיך זעצן מיט פּראָסטע מוזשיקעס? — האָט ניקיפאָר געפרעגט.

— ווער זאָגט עס: „סוויט וועליקי, נעמא דע דיטעס?" די וועלט איז גרויס און עס איז ניטאָ וואו אַהינטאָן זיך. מײַן אוקרײַניש, האָב איך דערפילט, האָט אויסגענומען.

— פון וואָס פאַר אַ געגנט קומען זעמליאַקעס? — האָב איך געפרעגט. ניקיפאָר האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער דער אַנדערער איז אים פאַרלאָפן דעם וועג:

— איך בין פון וויניצע, און ער פון ווערמיאַנקע, לעם ליפּעוויץ.

— איך בין פון אַראַטיוקע. געלערנט אין ליפּיוועץ — האָב איך זיך פאָרגעשטעלט. און דאָקטער — האָב איך צוגעגעבן — בין איך געוואָרן אין אַמעריקע.

צו וואָס האָב איך זיך געמאַכט פאַר אַ דאָקטער, ווייס איך ניט. אפשר דערפאַר די צוויי זאָלן האָבן דרך ארץ פאַר מיר. אין דער אמתן בין איך דאָך ניט מער ווי אַ שרײַבער. פאַר אַ שרײַבער האָט דער עולם ווינציקער אָפּשיי ווי פאַר אַ דאָקטער. אַ סימן האָט איר, געוויסע שרײַבער וואַרטן לאַנג אויף דעם דערמאָנטן כבוד. אייניקע

פון זיי רופן זיך שוין אפילו פראָפעסאָר. מײַן ליגן האָט אויפגעטאָן איין גוטע זאַך פאַר מיר: מײַן שווערע שטימונג האָט זיך עטוואָס פאַרגרינגערט. די צוויי האָבן געקוקט אויף מײַן סאָלידער טעקע און אויף מײַנע וואַגיקע ברילן איך האָב געזען ווי זיי ווילן מיך עפּעס פרעגן, האָב איך זיך געמאַכט ניט ווייסנדיק און זיי געלאָזט וואַרטן.

מיקאָלע האָט אַ קוק געטאָן צו די פענצטער אין דער געביידע הינטער אים און אומצופרידן אַ דריי געטאָן מיט זײַן שווערן קאָפּ אויף ניין.

דער אָוונט האָט זיך דערנענטערט. די רווישיקע גאַס איז געוואָרן שטילער. די שפּילנדיקע קינדער האָבן זיך צעשאָטן איבער די דערבײַאיקע היימען. די בלעטער אויף די ביימער האָבן זיך ניט אַ ריר געטאָן. אין דער לופט האָט זיך געפילט דאָס אָנקומען פון אַ הייסער נאַכט.

ניקיפאָר און מיקאָלע האָבן געוואַרט איך זאָל עפּעס זאָגן. דאָס שווײַגן איז מיר געוואָרן שווער. האָב איך אַ זאָג געטאָן: „און אָט האָבן מיר זיך באַקענט...״

אַ באַקאַנטע שטימע פון אַ פרוי האָט ברייט און וואַרעם גערופן: „קומט עסן וועטשערע. שוין אָנגעשאָטן״. די אָנטשטילטע גאַס און דער היימישער אָנזאָג צו דער משפּחה אין דרויסן, אַמאָל־אַמאָל אין מײַן דאָרף, און פּלוצעם דאָ, האָט מיך מיט איין מאָל פון אַ קלאָגענדיקן אַלטן ייִד, פאַרוואַנדלט אין אַ קינד וואָס שפּילט זיך מיט פויערשע קינדער און שטימען, מאַמעס שטימען, קלינגען איבערן גאַנצן דאָרף: „קינדער, קומט עסן. שוין אָנגעשאָטן!״ גרויסער גאָט! וואָס האָסטו געטאָן מיט דײַן אויסדערוויילטן פאָלק און נאָך וואָס, און נאָך ווען האָסטו צעשטערט יענע געבענטשטע רו? די פויערשע קינדער זענען זיך צעלאָפן אין זייערע היימען, און איך בין געלאָפן אין מײַן ייִדישע היים... און ווען מיקאָלע האָט מיך פאַרבעטן מיטגיין מיט אים און מיטעסן מיט אים, האָב איך אים באַדאַנקט און אַוועקגעגאַנגען צו מײַן ייִדישער היים.

די מוזשיקעס האָבן זיך איבערגעקוקט און מיך אָנגעקוקט מיט פאַרדאַכט.

## קאַפּיטל צוויי

לויט מײַן אוקראַיִניש, האָב איך געקאָנט געווען פיגורירן ווי אַ גוי. איך האָב עס אָבער ניט געטאָן, מחמת טאָמער דערשנאַפּט דער גוי מײַן אָפּשטאַם, וועט אויסקומען, אַז איך באַהאַלט זיך. ניין, דאָס וועט ניט געשען. צוליב וואָס דאַרף איך די גוים? זענען זיי אומשולדיק, איז אומזיסט מײַן מי; זענען זיי שולדיק, וויל איך הערן פון זיי וועגן דעם שרעקלעכן פאַרברעכן וואָס זיי זענען באַגאַנגען. איך האָב געוואָלט בלײַבן מיט מיקאָלען אַליין: ער שווײַגט צופיל.

איך האָב געוואַרט. די זומער־טעג זענען געוואָרן קלענער. פון די ביימער זענען געפאַלן פאַרענדערטע בלעטער. דער קלענסטער ווינט האָט זיי געטריבן איבער די טראָטואַרן און דעם געפלאַסטערטן וועג. ניט אַלע פאַרנאַכט בין איך דורכגעגאַנגען לעם דער באַנק.

איין אָוונט, ווען איך האָב זיך אײַנגעהערט אויף דער ראַדיאָ צו די נײַעס, האָב איך דערהערט דאָס גלעקל בײַ מײַן טיר קלינגען.

— ווער איז? — האָב איך געפרעגט.

— מיקאָלאַ — האָט מען געענטפערט.

— מיקאָלאַ?! — האָב איך אויסגערופן פאַרחידושט.

— עפנט — האָט ער געבעטן.

איך האָב אים אַרײַנגעלאָזט און געפרעגט ווי אַזוי האָט ער געטראָפן צו מיר.

— אַז מע פרעגט, דערפרעגט מען זיך... העלפט מיר, דאָקטער. נאַטאַלקע איז קראַנק.

— סוסידו — (שכן) האָב איך געזאָגט. איך בין ניט דער דאָקטער וואָס איר מיינט.

מיקאָלא האָט באַטראַכט די שראַנקען מיט ביכער און די זשורנאַלן מיט צײַטונגען אויפן טיש. ער האָט אַ דריי געטאָן מיט זײַן ליסע קאָפּ אויף ניין און געזאָגט:

— דאָס קען שוין מײַן מוזשיצקי קאָפּ ניט באַנעמען. וואָס הייסט, אַ דאָקטער קען ניט העלפן ??

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין דאָקטער פון דער יידישער ליטעראַטור.

— פון אַזאַ זאַכעניש האָב איך ניט געהערט. וועל איך רופן אַן אמתן דאָקטער.

— טוט מיר זייער באַנג וואָס איך קען אײַך ניט העלפן.

— זײַט געזונט — האָט ער מיר געווינטשעוועט.

— גייט געזונט — האָב איך יוצא געווען..

איך האָב אים באַגלייט ביז צום עלעווייטאָר.

איך בין געגאַנגען לעם אים און באַמערקט, אַז גייענדיק און שטייענדיק ווערט זײַן אויסגערונדיקטער בויך אײַנגעלאָפן. שווײַגנדיק איז ער אַרײַן אין דעם עלעווייטאָר און איך האָב געזען ווי ער זינקט און פאַשווינדט. בין איך צוריקגעגאנגען צו מײַן טיר, און כאָטש איך האָב ניט געוואוסט צי מיקאָלע איז אַ מערדער, האָב איך דערווײַל אויסגעלאָזט מײַן האַרץ צום שכן, אָדער יענע אוקרײַנער וואָס האָבן מיט אייפער געהאָלפן די נאַציס, האָב איך געוואונטשן זיי זאָלן אַזוי גייענדיק און שטייענדיק אויף דער ערד, אײַנגעזונקען ווערן און פאַרשווינדן.

נאַטאַלקע איז געזונט געוואָרן, אָבער איר שטימע האָט זיך ווי אויסגעבלייכט. ווען זי איז אין די פאַרנאַכטן געזעסן מיט מיקאָלען און ניקיפאָרן, האָב איך נאָך פון ווײַטן געהערט איר געענדערט קול. ווי נאָר זי פלעגט מיך דערזען, פלעגט זי זיך, מיט אַ קבלת פנים אויפהויבן און אַוועק אין איר היים.

איך האָב געוואַרט אויף אַ געלעגנהײַט זיך דורכרעדן מיט מיקאָלען. איך האָב אים פאַרבעטן צו מיר. דאָס האָב איך געטאָן, ווען ער איז געווען אַליין אויף דער באַנק. דער אינטעליגענט אין מיר האָט ניט דערלאָזט באַליידיקן דזיונדזיען...

ער האָט אויסגעהערט מיין פאַרבעטונג, אַ שמייכל געטאָן מיט די צוויי גילדערנע ציין און געזאָגט: „ווי קומען מיר, כלאָפּעס, צו דאָקטוירים?"

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך געלאָזט גיין מיט מיר. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און אים געזאָגט, ער זאָל לאָזן וויסן זײַן ווײַב, אַז ער גייט אַוועק.

— מיין ווײַב — האָט קוציובא געזאָגט — איז ניט פון די זאָרגערקעס. אָבי איך זאָל קומען אַהיים שלאָפן. ער האָט געפינקלט מיט חוזק אויף זײַן ווײַב און אויף מיר וואָס איך זאָרג זיך וועגן איר.

דער אָוונט האָט זיך דערנענטערט און אָנגעהויבן צו פאַרשלײַערן אַלץ אַרום. צום אַלעם ערשטן האָט ער פאַרשפּרייט דעם גרוילעכן אַספאַלט פון דער גאַס מיט אַ שוואַרצלעכן טוך. באַלד נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשלייערן פון אונטן אַרויפצו די ווענט פון די הייזער און דיביימער. מײַנע יידישע שכנים, די וואָס זענען

נאָך פאַרבליבן אויף די בענק, האָבן מיך באַטראַכט, מיט וועמען איך גיי דאָ און מיט וועמען איך בין פאַני בראַט.

איך האָב אַלעמען געוואונטשן אַ גוטן אָוונט. מע האָט מיר געענטפערט שטיל און, מיט חשד און רוגז.

## קאַפּיטל דריי

איך האָב אים מכבד געווען מיט קאַווע און לעקאַך. ער האָט געדאַנקט און חוזקדיק געשמייכלט. „נאָך דער ווײַבס וועטשערע דאַרף מען מאַכן אַ טרונק״, האָט ער מיך געלערנט.

— דאָס וועט אויך זײַן — האָב איך אים פאַרזיכערט.

בײַ זײַן קומענדיקן באַזוך האָב איך געזען ווי קוציובא קוקט זיך אַרום. לויט זײַן אומצופרידן קנייטש מיט די דינע ליפּן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מײַן פאַרשפּרייטער טיש האָט אים אויסגעזען ווי אַ „נאַקעטער...״ מײַן שמועס מיטן אוקרײַנער האָט זיך ניט געקייטלט. איך האָב אויסגעפונען, אַז קוציובא איז אין אַמעריקע זינט דעם יאָר 1946. אַ פויער פון דער היים, האָט ער קײַן מלאכה ניט געהאַט. איז ער געוואָרן אַ פאַרבער. פאַרבט ער, שמירט ער „אי זשזיז ראַבליו״ (און אַ לעבן מאַך איך).

— ווער האָט אײַך געבראַכט קײַן אַמעריקע? — האָב איך געפרעגט. מײַן שטים האָט אַ ציטער געטאָן, מחמת איך האָב גוט געוואוסט דעם ענטפער.

—די אַמעריקאַנצעס — האָט ער געזאָגט און איך האָב דערפילט, אַז איך ווער קראַנק. אין מײַן זכרון איז שוין צום וויפלט מאָל, אויפגעשוואומען די שיף מיט די ייִדישע פּליטים, וואָס מײַן באַליבטער פּרעזידענט רוזוועלט האָט ניט אַרײַנגעלאָזט. קיין לאַנד האָט מײַנע שוועסטער און ברידער ניט געוואָלט ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט. איך האָב „געזען״ די שיף זיך וויגן אויף די כוואַליעס פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, יאָ, געזען די מענטשן אין איר, געהערט זייערע אַנגעבראַכענע שטימען, קרעכצן פון קראַנקע און אַ געוויין פון קליינע קינדער... די שיף האָט זיך דערנענטערט צום אַמעריקאַנער ברעג, נאָר אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען זענען געפלויגן איבער די ייִדן און זיי געוואָרנט ניט צוקומען צום „לאַנד פון די געפּײַניקטע, געראַטעוועטע״.

אַקעגן מיר איז געזעסן אַ געראַטעוועטער מערדער פון ייִדן, אַן אויסגעפּאַשעטער, אַן אויסגערוטער, וואָס קוקט מיט פאַרליבטע אויגן אויף דער פלאַש בראַנפן מיטן אויפשריפט „נײַנציק״.

מײַן גאַנצע אונטערנעמונג האָט מיר אויסגעזען איבעריק, ווילד און אומגעלומפּערט... צו וואָס האָב איך מיקאָלען באַדאַרפט? איך האָב דאָך געקאָנט פּטור ווערן פון אים, מיט אַ תירוץ, אַז איך בין קראַנק, אים אַוועקשענקען דעם ספּירט. זאָל ער גיין און איך זאָל אים מער קיינמאָל ניט זען. מיקאָלע האָט שוין געהאַלטן די פלאַש צוגעטוליעט צו זײַן ברוסטקאַסטן... ער האָט געזאָגט: „אַמעריקע... אַן אײַנפּיר... אין דער היים פלעג איך געבן אַ זעץ מיט דער פלאַש אין דער האַנט, פלעגט דאָס פאַרשטעקל אַ שפּרונג טאָן ביז אין דער סטעליע, און איך... כאַ, כאַ, כאַ און גול גול גול! און דאָ איז אַנדערש.

מיקאָלע האָט געעפנט די פלאַש און וואַרטנדיק געקוקט אויף מיר.

— איר טרינקט ניט? איר זענט אפשר אַ ראַבין?...

ער האָט אַ לאַך געטאָן און איך האָב דערזען דאָס גאָלד צווישן זײַנע ציין.
— איך בין געזונט — האָב איך געזאָגט — אָבער אַ טרונק טאָן וועל איך.
ער האָט אַ הויב אויף געטאָן זײַן פול גלעזל ספּירט און געוואונטשן: „גיב, גאָט געזונט". איך האָב געענטפערט „היר איז טו יו" (דאָס איז צו אייך) וואָס איך האָב אים געוואונטשן, דאַרף איך ניט זאָגן... מיקאָלאַ האָט פלינק צוגעטראָגן דאָס פולע גלעזל בראָנפן, עס געטאָן אַ קער איבער מיט דער זוים צום מויל און מיטן דעק פון דעם גלעזל צו דער סטעליע... ער האָט געטאָן אַזוי גיך, אַז איך האָב געמיינט דאָס גלעזל וועט אינגאַנצן אַרײַן אין זײַן ברייט מויל.
איך האָב קוים אַ שלוק געטאָן, דערפילט אַ ברי אין מײַן שלונג און מער ניט געטרונקען?
איך האָב זיך אַלץ געראַנגלט מיט זיך: יאָ פּאַרפירן אַ שמועס, צי ניט?... מײַן שרײַבערשע נײַגעריקײַט האָט מיך מיט אַן אַנדער מין שייכות באַהערשט. די „אַמעריקאַנצעס" האָבן אים געבראַכט אַהער?? ווי אַזוי און פון וואַנען? און טאַקע פאַרוואָס?
און אַזוי ווי איך האָב געטראַכט, האָב איך געזען, ווי דער גוי האָט שוין אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל בראָנפן. ער האָט געבעטן עפּעס צובײַסן. איך האָב דערלאַנגט ברויט און אָנגעשניטן שטיקלעך. מיקאָלע האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גלעזל, זיך איבערגעצלמט און געבענטשט „דאָס הייליקע ברויט". אין דאַרף, אַז מע האָט באַדאַרפט פאָרן אויפן יאַריד, האָט מען נאָכגעקוקט דעם אָנטרײַבער, צי צלמט ער זיך ווען ער פאָרט פאַרבײַ אַ קלויסטער. טאָמער ניט, האָט מען אים אויסגעמיטן: אויב ער איז ניט קײַן גלויביקער, איז אַ סכנה מיט אים צו בלײַבן אין פעלד... און מיקאָלע האָט זיך דאָך איבערגעצלמט... זײַן פּנים איז ראָזעווע געוואָרן, די אויגן שמעלערן זיך. ער לאַכט, טופּעט צו מיט אַ פוס אינעם אויסגעפּוצטן אַמעריקאַנער שוך און ער קוקט אויף מיר פאַרליבט...אָט אָט און ער וועט מיך אַ קוש טאָן. „דאָברי שנאַפּס" וואַרפט ער אַרײַן אַ יידיש וואָרט. ער הערט ניט אויף צוטופּען מיטן פוס און זינגט:

פאָלקאַ, פאָלק געט, גיט
כאָדיט פאָלקא ביז טשאָביט.
אאק בי פאָלקא ראַבילא,
טאָ־בי וו עזבאָטיאך כאָדילא...

דער שרײַבער און פאַרשרײַבער האָט שוין דערוואַכט אין מיר.
— דאָס לידעלע — זאָג איך — האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט.
מיקאָלע זינגט עס איבער און איך פאַשרײַב.
— דאָס — זאָגט מיקאָלע — האָט אונדזערער אַ כלאָפּעץ געמאַכט. ער האָט פײַנט געהאַט דאָס דאָרף, אַוועק קײַן וויניצע און זיך געלערנט שוסטערײַ בײַ אַ ייִדן.
— ער האָט געמאַכט נאָך לידלעך?
אַ גויעשע קאָפּ. איך ווייס אפילו ניט ווי קומט דאָס לידעלע צו אים.
— ווי קומט איר עס זינגען? — האָב איך געפרעגט.
— וועגן דעם איז דאָ אַ גאַנצע מעשה.
— מיקאָלע האָט אָנגעגאָסן דאָס דריטע גלעזל.
איך האָב נאָכגעקוקט מײַן גאַסט. די ראָזעווודיקײַט אויף זײַן פּנים איז געוואָרן געדיכטער און זיך גערוקט אַרונטער צום האַלדז. דער אויסדרוק אין זײַנע אויגן האָט זיך געביטן. דאָ איז ער געווען בייז און דראָענדיק, און באַלד פול מיט געבעט

און גרייט זיך צעוויינען. ער האָט געוואָלט רעדן און זײַן צונג האָט זיך פאַרטשעפּעט צווישן די ציין.

איך האָב אויסגעשטרעקט מײַן האַנט צו דער פלאַש. מיקאָלע האָט מיר געוואָלט פאַרשטעלן דעם וועג, אָבער איך האָב דעם בראַנפן אַ כאַפּ געטאָן, און די פלאַש פאַרשטעלט אין קילער. איך האָב זיך צוריקגעזעצט אויף מײַן אָרט. מיקאָלע האָט מיך דורכגענומען מיט זײַנע שיכורע אויגען וואָס האָבן ווי געשוואומען אין ספּירט. איך בין שוין אויך געווען בייז און איך האָב אויסגערופן מעשה באַלעבאָס: „גענוג !"

מיקאָלא האָט אַ כאַפּ געטאָן מײַן גלעזל, עס אויסגעליידיקט מיט איין שלינג און צו להכעיסדיק געוואונקען צו מיר ווי אַ צעלאָזן יינגל.

— אַהאַ — האָט ער מיט זײַן שווער־געוואָרענער צונג גערעדט — אונדזערס נעמט איין !...

אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן זײַן אָרעם אויסגעשטרעקט איבערן טיש, האָט ער אויף אים אָוועקגעלייגט זײַן ליסע קאָפּ, מיר „געשענקט" נאָך איין בליק און איך האָב דערהערט אַ הילכיקן כראָפּע. איך האָב אים אַ טאָרע געטאָן. ער האָט זיך ניט גערירט.

איך האָב אָפּגעוואַרט אַ היפּשע ווײַלע, אים קוים אויפגעוועקט.

— ווער ביסטו דאָס און וואָס וועקסטו מיך — האָט ער מיך שוין געדוצט.

— איך בין דאָקטער אָרעמאַנאָוו — האָב איך אים אַריינגערעדט אין אויער.

— דאָקטער ! טײַבעלע ! האָסט מיך אויפגענומען ווי אַ טײַערן גאַסט און מיך דערקוויקט מיט אַ טרונק באָנפן. דיאַקויו, דיאַקויו, שטשיראָ דיאַקויו (אַ דאַנק).

עס איז מיר אַנגעקומען שווער אים אויפצוהויבן און אים פירן צו דער הויב־מאַשין. ווי צוויי שיכורים האָבן מיר זיך געשאָקלט גייענדיק מיטן לאַנגן קאָרידאָר. איך האָב אים באַגלייט ביז אַרונטער. איך האָב אים נאָכגעקוקט. פאַרבײַגייער האָבן אים אָפּגעטראָטן דעם וועג ווען ער האָט זיך געוואָקלט, אָבער ניט געפאַלן. ער האָט הייזעריק געזונגען:

פּאָלקאָ, פּאָלקאָ, גיט גיט,
כאָדיט פּאָלקא בעז טשאָביט.

פּאָלקאָ, פּאָלקאָ, גיט גיט,
נאָר קיין שטיוול טראָגט זי ניט
ווען זי אַרבעט, קאָן מען זאָגן,
וואָלט זי שטיוועלעך געטראָגן.

**דער האַרבסט איז געקומען מיט קאַלטע, פייכטע ווינטן וואָס האָבן עקשנותדיק געפּליקט די בלעטער פון די ווערבעס. די דורכגעטרוקנטע בלעטער האָבן זיך הפקרדיק געוואַלגערט אויף די טראָטוארן און אויפן גע־פלאַסטערטער גאַס. זיי זענען געטראָטן געוואָרן פון פוסגייער און פון אויטאָס. די ווינטן האָבן זיי אויך פאַרטראָגן צווישן די גראָזן ביי די ווערבעס. ווי לעבעדיקע אָרגאַניזמען האָבן זיי זיך אָנגעהאַלטן אין די גראָזן צו פאַרהיטן זיך פון פאַרניכטונג. איך בין, ווי געוויינלעך, דורכגעגאַנגען פאַרביי די בענק. קיינער איז אויף זיי ניט געזעסן.**

איך האָב זיך געפילט ווי אַן אָפּגעגאַרטעטער נאָך יענעם וויזיט פון קוציובאַן. איך האָב געהאַפּט, אַז שיכרות וועט ברענגען צו אָפּענע רייד. איך האָב ניט אויפגעגעבן די האָפענונג. איך האָב פאַרקוקט צום פענצטער, פון וואַנען איך האָב זומער דערהערט די שטימע פון דער קוציובעכע רופן עסן וועטשערע. איינמאָל האָב איך דערזען מיקאָלען. אויפן אַמעריקאַנער שטייגער האָט ער מיך באַגריסט מיט זיין האַנט אין דער הויך. ער האָט געשמייכלט מיט אַלע ציין און די אויגן זיינע האָבן זיך געבעטן ביי מיר. איך האָב אים פאַרשטאַנען . . .

עס איז שוין געווען אַ וואָך אין אָקטאָבער און דאָס וועטער האָט זיך מיט איין מאָל געענדערט. דער גאַנצער אין־דרויסן האָט זיך מיט איין מאָל געענדערט און באַקומען שיר־ניט אַ זומערדיקן אויסזען. די ווינטן האָבן זיך איינגעשטילט און דער הימל האָט, אַ לויטערער, זיך פּרעכטיק אַ שפּרייט אויס געטאָן איבער דער שטאָט. געשטערט דעם זומערדיקן אויסזען האָבן נאָר די אָפּגעפּליקטע געל געוואָרענע בלעטער און דאָס גראָז.

איך בין, גייענדיק פון דער אַרבעט, אַרויף אויף מיין גאַס און נאָך פון וויטן דערזען דזיונדזיען מיט קוציובאַן. מיקאָלע האָט געקוקט אויף מיר מיט פאַרליבטע אויגן. ניקיפאָר האָט מיך דורכגענומען מיט זיינע קליינע, שוואַרצלעכע אויגן.

— קאַמו ווסע, א קאַמו ניטשאָהאָ (וועמען אינגאַנצן, און וועמען גאָר־ניט) — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב דאָך אייך ניט געקענט אויפנעמען, ווען איר זענט ניט געווען. — האָב איך זיך פאַרענטפערט.

— ביי גאָט איז נאָך דאָ גענוג צייט — האָט קוציובא געטרייסט זיין פריינט.

— „וועלן מיר זען״ זאָגט דער בלינדער — האָט זיך בייז געחכמה׳עט דער באַוואָלטער.

פאַר מיר איז איינער פון זיי געווען גענוג.

די שיינע וועטערן, וואָס מע רופט דאָ „אידיאַנער זומער״ האָבן ווי גערופן די מענטשן אַרויסקומען פון די היימען. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט, און ווען איך האָב דערזען מיקאָלען אַליין אויף דער באַנק, האָב איך אים פאַרבעטן צו מיר.

די יידישע שכנים האָבן מיך ווי יענעם מאָל, באַטראַכט מיט חשד. איך האָב איינגעהערט ווי איינער פון די אַלטע האָט אַ זאָג געטאָן: „אַ שרייבער בלייבט אַ שרייבער . . .״

„דער פסק דין איז אַ גערעכטער״ האָב איך געקלערט און בין מיט מיקאָלאַן געגאַנגען אין מיין וואוינונג. מיקאָלעס ערשטער וויזיט איז געווען אַ טאָטאַלער דורכפאַל. באַדאַרפט האָט געווען זיין „כטוב לב הגוי ביין״ און גוט אים אָנשיכורן, אַז ער זאָל ניט וויסן וואו ער איז אין דער וועלט. האָב איך אין דער פלאַש געלאָזט אַ טיי־גלאָז ספּירט. איך האָב אָנגעגאָסן איינס מיקאָלאַן און דאָס צווייטע מיר.

איך האָב אַ לייכטן זופּ געטאָן. מיקאָלע האָט זיך אַ שפּיגל געטאָן אין

זיין ספירט ווי אַ דימענט ליבהאָבער אין אַ טייערן דימענט. „גיב, גאָט, געזונט" האָט ער אַ גיכן זאָג געטאָן און מיט איין זופּ אויסגעליידיקט זיין גלעזל.

— עס איז נאָך די זעלבע פלאַש? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ — האָב איך געענטפערט און פאַרשוויגן, אַז דאָס איבעריקע ביסל בראָנפן איז באַהאַלטן אין אַן אַנדער פלאַש.

— הערט, סוסידו — האָב איך געזאָגט. איך בין זיכער, אַז איר האָט מיר אַסאַך צו דערציילן.

איך האָב געהאַט אָנגעשניטן שטיקלעך ברויט. מיקאָלא האָט עס ווי ניט געזען.

— יאָ, דאָקטאָר — האָט ער געענטפערט ווי איינער וואָס האָט נאָך זיין דורשט ניט געשטילט.

— וואָס איז דאָ צו דערציילן. איר זענט אַ שרייבער; דערצו האָט איר חוץ גאַזעטעס און ביכער, אויך ראַדיאָ און טעלעוויזיע. אפשר ווייסט איר מער פון מיר.

— איך בין אָבער דאָרט ניט געווען, און איר — יאָ. מע זאָגט, אַז אוקריינער האָבן געהאָלפן די דייטשן אומברענגען די יידן.

מיקאָלא האָט באַלד ניט געענטפערט. איך האָב אים אָנגעפילט זיין גלעזל. ער האָט עס אויף זיין שטייגער אויסגעליידיקט. ער האָט געזען ווי איך וואַרט און געזאָגט:

— אוקריינער, זאָגט איר . . . אַלע געטויפטע האָבן געטאָן. עס איז אויף די יידן געקומען זייער סוף, האָט היטלער געזאָגט, און מע דאַרף אונדז העלפן זיי אויסראַמען פון דער וועלט. און ניט נאָר געזאָגט, נאָר באַפוילן. דייטשן מוז מען פאָלגן. פאַר באַהאַלטן אַ יידן האָט מען דערשאָסן און זיין שטוב מיט דער קליניע און שטאַלן פאַרברענט. די פערד, די קי, די שאָף און די חזירים צוגענומען, אַז די משפחה זאָל אויסגיין פון הונגער. און מע איז אויסגעגאַנגען, אוי, איז מען אויסגעגאַנגען!

— וועגן גוטע קריסטן רעד איך ניט — האָב איך געזאָגט. איך מיין פרייוויליקע וואָס האָבן זיך געמאָלדן צו דינסט און געוואָרן מערדער אינאיינעם מיט די דייטשן.

ער האָט געשוויגן. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן און דערווייל אויך געשוויגן.

אין אַ ווילע אַרום האָט קוציובאַ ביי אַ כורטשע געטאָן: „אַזאַ צייט געווען, אַט טשאַ (אָט וואָס) . . ."

ער האָט געקוקט אויפן ביסל ספירט אין דער פלאַש. איך האָב אים אָנגעגאָסן דאָס דריטע גלעזל. די פלאַש איז שוין געווען ליידיק. מיקאָלא האָט זיך אויף אַ קול געקוויקט, מיטן אַרבל פון זיין רעקל אַ וויש געטאָן די ליפּן און געזאָגט:

— מיך האָט אַריינגעצויגן אוראַם שקראַבאַק. ער האָט נאָך צו זעכצן יאָר געהרגעט יידן. דאָס איז געווען ווען די אַרבעט פון די געטויפטע האָט

זיך אַנגעהויבן. און אַז ס׳איז געקומען די יידישע מלוכה, האָבן זיי געראַטעוועט די יידעלעך און זיי האָבן אַריינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד אין זייערע הענט. פאַר טויטן אַ יידן האָט מען באַשטראָפט מיט טויט.

איך האָב געהערט די רייד פון אַ באַנומענעם. איך האָב אים געוואָלט אָפּשטעלן און אים פרעגן די גרויסע, די שווערע פראַגע, די פראַגע וואָס האָט מיך ניט געלאָזט רוען: „ווי אַזוי האָסטו, עיפּושדיקער, וואָס צלמט דאָס הייליקע ברויט, ווי אַזוי האָסטו געקאָנט טויטן קליינע קינדער, זויג־קינדער, קליינוואַרג, ברויזעלעך?... האָט דיין מערדער־האַנט קיין ציטער ניט געטאָן? קומען די קינדער ניט צו חלום?

מיקאָלא האָט זיך נאָכן גלעזל בראָנפן ווי אויפגעכאַפּט פון זיינע שטילע, גיפטיקע רייד. די שיכרות האָט זיך אין אים צעשפּילט. דאָס פּנים איז געוואָרן ראַזעווע, אָבער ער האָט מיט חשק אָנגעהויבן צו דערציילן אַ מעשה וואָס האָט מיטן בלוטיקן ענין ניט געהאַט צו טאָן:

— און געוועזן איז עס, פּאַן דאָקטער, שניסציים, ווען די ניעמצעס האָבן פאַרפלייצט אונדזער אוקריינע, פון עק ביז עק.

— ניין, סוסידו, האָב איך אים שטרענג איבערגעשלאָגן די רייד — ניין! איר זאָגט מיר, ווי אַזוי האָט איר, אַ גלויביקער, וואָס צלמט זיך און גייט נאָך אפשר אין קלויסטער תּפילה טאָן צו גאָט, ווי אַזוי האָט איר געקאָנט טויטן קליינע קינדער?

מיקאָלא האָט מיר דערקלערט אַזוי רואיק און געלאַסן, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן קוילען אַן עוף... ער איז נאָך געגאַנגען ווייטער...

גאָט ווייסט דעם אמת — האָט ער אויסגערופן — אַז איך האָב זיי ליב געהאַט די קליינע יידעלעך, ליב געהאַט ווי מע האָט ליב טייבעלעך, די שטילסטע פייגעלעך אין דער וועלט. קוילעס מען דען ניט טייבעלעך?

— הערט אויף, הערט אויף! — האָב איך אויסגעשריגן און דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין ברוסטקאַסטן. מיקאָלא האָט מיך אָנגעקוקט מיט חשד און אַ פרעג געטאָן:

— פּאַן דאָקטער. איר האָט אפשר אַ רעוואָלווערטשיק אין קעשענע, האַ?

— איך בין ניט קיין מערדער — האָב איך אים אַריינגעזאָגט.

זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעשטאָלט. צוויי שאַרפן האָבן זיך איינגעשניטן אין מיר. איך האָב שוין חרטה געהאַט אויף מיין אונטערנעמונג. מיט וועמען זיץ איך דאָ ביי מיין טיש און פיר אַ שמועס? יאָ, און פאַרוואָס זיץ איך דאָ מיט פאַרלייגטע הענט? און פאַרוואָס טו איך ניט אַ כאַפּ די פלאַש און פּלעט דעם קאָפּ פון דעם מערדער? אָ, ווי איך האָב זיך באַהערשט אין יענעם מאָמענט! איך האָב זיך שוין אפילו פאַרגעשטעלט ווי מע משפּט מיך און איך ווער באַפרייט... מענטשן גראַטולירן מיך און מיין בילד איז אויף די ערשטע זייטן פון די צייטונגען...

— אויב איר האָט אַ רעוואָלווער — האָט מיקאָלאַ זיך גערייצט מיט מיר — האָב איך אַ מעסער.

ער האָט אַרויסגענומען אַן אויסגעקרומט מעסער צו שניידן לנאַלאום, און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש. איך בין געווען אין אַ היסטערישן צושטאַנד און איך האָב זיך צעלאַכט.

— באַהאַלט די דראַן (מיט אַ ווייכן גון) און הערט אויף. איך וועל זיך מיט אייך ניט אָפּרעכענען. ניט נאָר ניט טויטן וועל איך אייך, איך וועל אייך אַפילו ניט מוסרן . . . איר זענט שוין מסתמא אַ בירגער וואָס פירט זיך אויף געזעצלעך . . . אַ לייטישער מענטש . . .

— איך זע, פּאַן דאָקטער, אַז איך האָב אייך אַנגעדערציילט שווערע זאַכן. נו, וויל איך אייך דערציילן אַן אַנדער מעשה פון יענע צייטן.

— „אַוועק פון מיין שטוב, הונט מיאוסער!!!" האָט עס אין מיר אויסגעשריגן. אָבער איך בין געבליבן שטום און געוואָרט . . . דער שרייבער האָט אין מיר אַ רעד געטאָן . . .

## קאַפּיטל פינף.

— יאָ, פּאַן דאָכטער. אַזוי ווי איך האָב אָנגעהויבן: די ניעמצעס האָבן אַנגעלאָפן, און אונדזערע האָבן אָפּגעטראָטן. „בום בום" האָט זיך געהערט פון דאָרט ווי זון פאַרגייט, און „בום בום" האָט זיך אָנגערופן פון דער זייט, וואו די זון גייט אויף, פון אונדזער זייט. מיר, פּויערים, האָבן געהאַסט די קאָמוניסטן, אָבער דער „בום בום" פון מזרח האָט געמיינט, אַז אונדזערע פאַרטיידיקן זיך. אויף וואָס האָבן מיר באַדאַרפט די ניעמצעס? זיי זאָלן אונדז אומקערן אונדזערע פעלדער, וואָס די קאָמוניסטן האָבן ביי אונז צוגענומען.

דער הימל האָט זיך געצונדן דאָ און דער הימל האָט געוואָרפן פלאַמען דאָרט.

„עס איז געווען כמאַרנע און עס האָט אַפילו אָנגעהויבן צו טריפן אַ רעגנדל, אָבער מיר, דאָרפישע, האָבן זיך פאַרן רעגן ניט געשראָקן. פריער פון אַלץ בין איך אַריין אין קאַמער, אויפן דנאָ פון אַ ליידיק קריגל האָב איך געפונען מיין צלמל און זיך געלאָזט גיין צו מיין פעלד. איך האָב זיך געאיילט. איך בין געווען זיכער, אויב איך וועל ניט זיין אין פעלד דער איינציקער, וועל איך דאָרט זיין דער ערשטער.

מיקאָלאַ האָט געאָטעמט אויף מיר און זיין שיכורער אָטעם האָט מיך געשטיקט. זיין שטים איז געוואָרן שטילער, פאַרגנבעטער. איך האָב אים געבעטן זיך אָפּרוען, אָדער אפשר אַהיימגיין און מאָרגן מיר דערציילן די מעשה. ער האָט צוגעוואונקען מיט אַן אויג און געזאָגט:

— פּאַן דאָכטער, איר שרייבט ביכער, ניין אפשר? אָט האָט איר אַ לעבעדיקע מעשה.

— אַ לעבעדיקע מעשה — האָב איך געזאָגט און געפילט אַז מיין שטים

פלייצט מיט האַס און פאַראַכטונג — אַ לעבעדיקע מעשה מיט דערשטיקטע קינדער אין די גאַז־קאַמערן.

— פאַן דאָקטער — האָט דער מערדער זיך געבעטן — עס איז ניט סתם אַ מעשה, נאָר עס איז אַזוי געשען. און עס איז גאָרניט קיין מעשה, נאָר דער ריינער אמת. ווילט איר הערן, איז גוט, ווילט איר ניט, גיי איך אַוועק און טראָג מיט זיך דעם אמת אַוועק.

ער האָט געוואַרט, אפשר וועט דער מערדער דערציילן עפּעס וואָס עס איז כדאי צו פאַרשרייבן.

— אַך, גאָט! — האָט מיקאָלא אויסגערופן. איך האָב זיך דערמאָנט! יאָ, יאָ, איך געדענק זי, די מומע מינדיא. אייערע יידן און אונדזערע מענטשן האָבן די יידישע פרוי גערופן מומע, איר אויף אייער לשון, און מיר פּאָ כאַכלאַצקי: „ציאָציו". ציאָציא מינדיא. ווען עס זענען געווען די פּאָגראָמען אין 1918, אַז אונדזערע יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָבן מיר זיי געהאָלפן. אַפילו אַווראַם שקראַבאַק האָט אונדזערן אַ יידן ניט געטשעפּעט, אָבער איבער דער מומע מינדיא האָבן מיר זיך שיר צעקריגט. אַלע האָבן מיר זי געוואָלט. דער מאַן איז איר געשטאָרבן, די קינדער אין אַמעריקע, איז מינדיא געווען איינינקע אַליינינקע. זי האָט געהאַט אַ קלייטל און דערפון זיך געשפּייזט. זי האָט געוואוסט די סודות פון קרייטעכער אויף אַ רפואה און זי האָט אַלעמען געהאָלפן. ווען די צווייטע מלחמה איז געקומען, איז שוין מינדיא געווען שוואַך. אויף וואָס זי האָט געליטן ווייס איך ניט, נאָר זי האָט געשלוקעכצט זי האָט זיך געשעמט דערמיט. מיר האָבן זי געטרייסט: „מענטשן דערמאָנען איך צו גוטן, „ציאָציו", זי האָט געשמייכלט און איר טונקל פּנים האָט גע־לויכטן. זי האָט אונדז געטרייסט: „מיט גאָטס הילף וועט דאָס איבערגיין". איך קאָן אונדזערע מענטשן, און איר קענט זיי אויך . . . (צוגעוואונקען) קיין יידן האָבן מיר ניט ליב געהאַט, אָבער ציאָציא מינדיא, פרעגט גאָרניט. אַ הייליקע איז זי געווען. וועגן אַלע מענטשן האָט זי געהאַט אַ גוט וואָרט. אַ הייליקע איז זי געווען. זי האָט אָפּגעהיט איר גלויבן און מיט כבוד געקוקט אויף אונדז. איך געדענק אירן אַ זאָג: „אַלע גלויבנס זענען גוט, נאָר די מענטשן דאַרפן ווערן גוט". האָט זי אַמאָל אַ רעכטגלויביקער געפרעגט: „ציאָציו, אויב אונדזער גלויבן איז גוט, פאַרוואָס נעמט איר עס ניט אָן?" דערויף האָט מינדיא געענטפערט: „קיין מענטש טאָר ניט בייטן זיין גלויבן".

„און געווען איז ביי אונדז די געשטשיפּלטע וואָסקאָ, אויך אַן אלמנה און אַן אָרעמע דערצו. פלעגט זי צוהעלפן דער יידישקע. ברענגען איר וואַסער, גרעט וואַשן, אויסקאַלכן דאָס שטיבל אויף יום טוב: מינדיא האָט געצאָלט וואַסקען. זי פלעגט ברענגען מיט זיך איר מיידעלע, פאַלקאַ (מיט אַ ווייכן ל) אַ שיין קינד, מיט אַ פּריצישן אויסזען, אַ ממזרת. מינדיא פלעגט פאַלקען געבן אַ שטיקל חלה, ווען עס איז געווען שבת, אָדער יום טוב. אין אַ וואָכעדיקן טאָג פלעגט פאַלקא באַקומען אַ רעפטל ברויט באַשמירט מיט פּאַווידלע. פאַלקא פלעגט מיט דער נאַשעריי אַנטלויפן אין דרויסן און זיך קוויקן. וואַסקעס שכן, מיכאַלקע שקראַבאַק, האָט געהאַט אַ זונדל אין פאַלקעס יאָרן, אויב ער האָט דערזען פאַלקען נאַשן, פלעגט ער זי שלאָגן און די נאַשעריי אויסרייסן

ביי איר. איך בין אויך געווען אַ ניט ווייטער שכן. ווען איך פלעג דערהערן דעם מיידלס געוויין, האָב איך שוין געוואוסט ווער דער שולדיקער איז. איך האָב זיך איינמאָל אָנגענומען פאַלקעס קריוודע, האָט מיר אווראם דערלאַנגט אַזעלכע קלעפּ, אַז איך געדענק זיי נאָך . . .

„— היינט גיי וויס, אַז די קינדער וועלן אַ וואַקס אויס טאָן, ער אַ גבור, און זי, די שענסטע אין דאָרף. מיר כלאַפּציעס, האָבן אַלע געוואָלט פאַלקען, כאָטש זי איז געווען אָרעם. ווער וואָלט געוואַגט אַפילו צוגיין רעדן מיט איר?

„און דאָ איז אָנגעקומען די איבערקערעניש, די רעוואָלוציע. דער עולם איז אַראָפּ פונעם גלייכן וועג. אווראם האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ באַנדע, געהרגעט עטלעכע יידן און געקומען אין דאָרף מיט אָנגעראַבעוועטע קליידער און אַביסל גאָלד, מיט צירונג.

„ער איז באַלד אַוועק צו פאַלקען און איר געזאָגט, אַז ער וויל חתונה האָבן מיט איר.

„זי האָט ניט געזאָגט יאָ, אָדער ניין. איז ער אַוועק צו וואַסקען און איר געראָטן זי זאָל צוגרייטן איר שטיבל פאַר די בכבודיקע שדכנים, מיט די אויסגעצייטע האָנטעכער, און עס וועט זיין אַ סוואַנטאַניע (קנס מאָל).

„די קערענטשיקעס האָבן די באָלשעוויקעס צעטריבן. זיי האָבן זיך צע־שפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, און אַ גרופּע איז געקומען זוכן אווראַמען. עמעצער האָט אים, ווייזט אויס, פאַר׳מסרט.

„אווראם האָט זיך באַהאַלטן אין וואַלד. דער רויטער קאָמאַנדיר, איז געקומען צו וואַסקען. ער האָט געטראָפן די כלה אַליין אין שטיבל. דער קאָ־מאַנדיר האָט מער אווראַמען ניט געזוכט. לייט האָבן זיך געשושקעט, אָבער קיינער האָט גאָרניט געקענט זאָגן אויף זיכער . . .

קאַפּיטל זעקס.

נו — האָט מיקאָלאַ שולדיק געזאָגט — איך האָב זיך פאַררעדט. אַ סך מוזשיקעס האָבן זיך פאַרקוקט אויף דער הויך־געוואַקסענער ווינטער־תבואה גרייט צום שניט. יעדן מוזשיק איז צוגעקומען אַ שטיק פעלד צו זיין פעלד. איצט וועלן די קאָמוניסטן מער ניט צונעמען ביי אונדז דעם ביסן פונעם מויל. די יונגע פויערים זענען אַלע געקומען מיט די צלמלעך אויף זייערע העלדזער, און איך אויך. אווראם איז ניט געווען קיין באַרעדעוודיקער. איצט האָט ער געשאָלטן די קאָמוניסטן. די אַלטע פויערים האָבן זייערע צלמלעך ניט באַ־האַלטן ווי מיר. דער פרומסטער פון זיי איז געווען וואַסיל קוצאַק. ער האָט שוין געהאַט אַריינגעשפּאַנט אין זיבעטן צענדליק. זיין באָרד איז געווען ווייס ווי שניי, אָבער דאָס פּנים האָט געהאַט אויף זיך אַזאַ רויטלעכן קאָליר. ער האָט שטענדיק געהאַט גאָטס וואָרט אין מויל. אַלע מאַליטוועס האָט ער געקאָנט אויף אויסנווייניק. ער האָט ניט געשיכורט, ניט געזידלט און אַפילו וועגן אייערע געהאַט אַ גוט וואָרט.

„ווייסט איר, ווי אַזוי ער האָט איינגעשטילט אווראַמען און אַנדערע וואָס האָבן געשאָלטן מיט קללות? „גאָט, האָט קוצאַק געזאָגט, איז אויבן, אָבער

ער זעט אַלץ וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד און ער הערט אייערע בייזע רייד. וויסטו, אווראם, וואָס גאָט קאָן טאָן? ער קאָן דיינע קללות פאַרוואַנדלען אין ברכות . . .״

„אָט אַזאַ מענטש איז וואסיל קוצאַק געווען. אין 1918, ווען די דאָרפס ייִדן זענען אַנטלאָפן צו זייערע אין שטאָט, האָבן מיר זיך אַלע אַרויפגעוואָרפן אויף די ייִדישע מעבל, געשיר און קליידער. איין משפּחה האָט געוואוינט אין דער פּריצישער גרויסער כאַטע אונטער שטרוי. אין איינע פּאָר שעה זענען די ווענט מיטן דאַך צעטראָגן געוואָרן. נאָר די צוויי קוימענס זענען, ווי אויס־געטאָנענע מענטשן, געבליבן נאַקעטע.

מיקאָלא האָט דערציילט פּאַמעלעך וועגן מענטשן און זאַכן וואָס איך האָב געדענקט. זיין שיכורער אָטעם, דאָס ווינקען מיט איין אויג, און דער עיקר זיין רואיקער טאָן האָט מיך דענערווירט.

„— דאָס אַלץ וואָס איר דערציילט, האָב איך אליין איבערגעלעבט — האָב איך געזאָגט — דערציילט בעסער פון די דייטשע מערדער, וועמען איר האָט אַרויסגעהאָלפן.

— וואָס קען איך אייך דערציילן, פּאַן דאָקטער? די ניעמצעס האָבן געמאַכט זייער הויפּט־קוואַרטיר אין וויניצע. זיי האָבן געפרעסן אונדזער ברויט. מיר האָבן דערפילט דעם הונגער.

איז אַרויס אַ סלוך, אַז זיי שטעלן אָן אַרבעטער. זענען מיר געגאַנגען זיך פאַרשרייבן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי וועלן צונויפטרייבן אַלע ייִדן און זיי אָפּצאַמען פון אונדז. ווער עס וויל זיך פאַרשרייבן פּרייוויליק, וועט קריגן פּריוויליעגיעס . . . די עלטערע פּויערים האָבן געקווייִנקלט. מיר, מיטליעריקע האָבן זיך פאַרשריבן און געוואָרן מיטגלידער פון דער געשטאַפּאָ. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען היימישע פּנימער אין דייטשע יוני־פאָרמס. אונדזערער אַ מענטש, מעג ער זיך אָנטאָן ווי אַ פרעמדער, וועלן מיר אים דערקענען. איך האָב זיך איינגעקוקט אין איינעם, אין אַ צוויטן, מיט מיינע אויגן האָב איך געפרעגט „סוואָי?״ ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו מיר. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם וואָס אונדזערע גאַזעטן האָבן געשריבן וועגן דעם גענעראַל וולאַסאָוו . . . דאָס שמייכלט צו מיר אַ וולאַסאָוועץ.

„מיטאַמאָל, אין מיטן פאַרשרייבן האָב איך דערהערט אַ שטאַרק גע־לעכטער. עס האָבן געלאַכט די דייטשן און עס האָבן מיטגעלאַכט די וולאַסאָוו־צעס. אווראם איז געשטאַנען לעבן דעם שרייבטיש. ער האָט נאָך אַזאַ רויט פּנים קיינמאָל ניט געהאַט . . . דאָס געלעכטער האָט זיך געטראָגן פון איינעם צום אַנדערן. איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט צעלאַכן זיך. דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערזען קליינע טרערן אויפשפּרינגען און שטיין בלייבן אין אווראמס שטרענגע אויגן.

— יודע? — האָט דער פאַרשרייבער געפרעגט.

אווראם האָט, ווייזט אויס, זיך אָנגעשטויסן וואָס די פראַגע מיינט. האָט ער אָנגעוויזן אויפן צלמל און דערצו זיך נאָך איבערגעצלמט.

— „גוט — האָט דער דייטש געזאָגט און אַ וולאַסאָוועץ האָט איבער־

געזעצט — ביסטו ניט אַ ייִד, אָבער דאָס צלמל וואו האָסטו גענומען? . . . ניט ביי אַ זשיד געקויפט?

„אווראם האָט ניט געענטפערט. דער וולאַסאָווער האָט איבערגעזעצט:

„צו דיר רעדט אַ דייטשער אָפיצער. ענטפער: ביי אַ זשיד געקויפט דאָס שטיקל בלעך?

„אווראם האָט זיך מודה געווען אין זיין „זינד".

„מיר האָבן געאַרבעט אויף דער צאָם פאַר די צונויפגעטריבענע ייִדן. מע האָט געצוואונגען יונגע ייִדן אַרבעטן. וולאַסאָווצעס האָבן אָנגעפירט מיט אונדז. זיי האָבן אונדז דערציילט וואָס די דייטשן וועלן טאָן מיט די ייִדן . . . "בלויז קאָמוניסטן?" האָב איך געפרעגט. „ניין, אַלע". „אַלע", האָב איך זיך ניט געוואָלט גלויבן. „אַלע" האָט דער וולאַסאָווער אַ האַווקע געטאָן און מיך געפרעגט: „ווילסט העלפן די זשידעס?" „גאָט באַהיט!" האָב איך אויסגערופן און זיך איבערגעצלמט. דער וולאַסאָוועץ, אַ ריז מיט אַ רוסיאַווע באָרד און קאַלטע בלויע אויגן, האָט אַ וואונק געטאָן צו מיר און מיט זיין לאַנגן פינגער, ווי מיט אַ מעסער, אַ פיר געטאָן איבער זיין פאַרוואַקסענעם גאָרגל.

קאַפּיטל זיבן.

איך האָב דעם מערדער איבערגעשלאָגן די רייד מער ווי איין מאָל. ער האָט געקוקט אויף דער ליידיקער פלאַש מיט אַ רחמנותדיקן בליק, ווי ער וואָלט זיך געבעטן ביי איר זי זאָל זיך אָנפילן מיט ספירט. מיטאַמאָל האָט ער זיך צעשמייכלט אין דער גאַנצער ברייט און געזאָגט:

— אָט אַזוי האָבן אייערע ייִדעלעך אויסגעזעצן אין דער אָפּצאָמונג — אויסגעליידיקט אָן אַביסל כוח. איך האָב זיי געזען אַסאַך מאָל. אייניקע ייִדן האָב איך געקענט. אוי, גאַטעניו! — האָט ער אויסגערופן אויף ייִדיש — וואָס פון מענטשן קאָן ווערן!

זיין איבערקרימען דאָס הייליקסטע ייִדישע וואָרט האָט מיך אַ טראַג אויף געטאָן פון מיין בענקל . . . איך האָב זיך געמוזט באַרואיקן. איך בין אַריין אין מיין קליין קעכל און מיט איין מאָל אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַסער.

— וואָס איז אייך, פאַן דאָקטער? — האָט קוציובא געפרעגט? האָב איך אים אויפן אָרט געענטפערט: „ווען איך דערצייל אייך וועגן אייערע מענטשן, וואָס איר רעדט אַזוי וועגן מיינע, אַלט און יונג, און ברעקעלעך קינדער, וואָלט איר פאַרשטאַנען וואָס איך לעב איבער.

— גויעשער קאָפּ מיינער — האָט קוציובא זיך מכבד געווען — איך רעד און רעד, און מאַך אַ מענטשן קראַנק.

— איך קען מער ניט איבערטראָגן — האָב איך זיך ניט געשעמט צו זאָגן. —רעדט בעסער פון די מענטשן וואָס איר האָט דערמאָנט.

— וועמען מיינט איר?

— נו, וואסיל קוצאַק און אווראם שקראַבאַק מיט זיין שיינער פאַלקאַ.

— וואַ! — האָט מיקאָלאַ אויסגערופן — עס איז דאָ נאָך איינער, אַ ניעמעץ, האַנס. מיר האָבן שווער געאַרבעט און אונדזערע ווייבער האָבן אונדז געבראַכט אביסל עסן.

„ווען האנס האָט דערזען פאַלקען, האָט ער זי אַ רוף געטאָן און באַפוילן: „קום צו מיר אַרבעטן. וועסט פרעגן אויף האנס געטאָ וועט מען דיר אָנווייזן.

„מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און געזען ווי אווראם האָט אָוועקגעדרייט זיין פּנים פון אונדז. אַ וולאסאָוועץ האָט איבערגעזעצט פאַר פאַלקען דעם ניעמצעס פאַרלאַנג, און איך האָב דערהערט ווי זי זאָגט: „פּרעידו, פּאַני, פּרעידו" (איכל קומען, פּריץ).

פאַלקא האָט זיך אומגעקערט צום מאַן. איך האָב זי באַטראַכט. זי איז שוין געווען איבער פערציק יאָר, אָבער פּריצישע פּיסעלעך האָט זי געשטעלט ווי פאַר איר חתונה און איר ליכטיק פּנים האָט גערופן צו זיך די גאַנצע וועלט . . .

„מערדער! — האָב איך געטראַכט, קוקנדיק אין מיקאַלאס שיכורלעכע אויגן — מערדער, הער ווי דו דערציילסט!" ווען איך זאָל ניט אין זינען האָבן מיינע לייענער וואָס ווילן אפשר הערן דעם מערדער אַליין, וואָלט איך געזאָגט: „האַדי, כאַמולע". און איך האָב מיקאַלאַן מער ניט אָפּגעשטעלט. חוץ דעם האָט ער דאָך גערעדט וועגן יענעם שוידער וואָס ער און אווראם האָבן זיך באַטייליקט. האָב איך אַ פּראָבלעם — זען אָנהאַלטן דעם טאָן פון אַ פּויער וואָס דערציילט און דערביי קירצן די מעשה אַזוי, אַז דאָס וויכטיקסטע זאָל ניט פעלן.

מיקאַלע האָט אויף זיין שטייגער אַ וואונק געטאָן און מיך געפרעגט:

— איז פאַלקא געקומען צום דייטש?

ווי האָט זי געוואָגט ניט צו פאָלגן?

— וואָרט, פּאַן דאָקטער, וועט איר הערן . . . זי האָט טאַקע ניט געוואָגט. זי איז פאַרשוואונדן. באַלד נאָך דער לסיאַהאָרע איז דאָ דער שטאַרצער וואַלד. דאָרטן האָבן זיך באַהאַלטן אונדזערע און אַפילו אייערע. עס האָט זיך אַביסל אויסגעלייטערט. האַנס האָט זיך באַוויזן אויפן גאַנעק פון שטאַבהויז, הויך אויסגערופן: „אווראם שקראַבאַק, קומען זי היר" און אויף צו מאַכן זיכער דער פּויער זאָל אים פאַרשטיין, האָט האַנס מיט אַ פינגער געוויזן צו זיך.

„מיר האָבן ניט געטאָרט איבעררייסן די אַרבעט. איך האָב געכאַפּט אַ פאַרגנבעטן בליק, זען ווי אווראם גייט צום אָפּיצער. יענער האָט עפּעס געזאָגט אווראמען און איך האָב דערזען אווראם ווערט געפּאַטשט. ער איז צוגעקומען צו אונדז. איין באַק איז אים אויפגעשוואָלן און די אויגן זענען איבערגעגאָסן פון שווערע טרערן. „גיב, גאָט, האָט ער געזאָגט, זיך טרעפן מיט דייטשן ייִד, איך און ער, אַליין אין פעלד . . ."

„ווי קומט ער רופן די דייטשן „דייטשע ייִדן?" ער האָט אַלס ייִנגל געאַרבעט אין וויניצע באַ אַ ייִדישן שוסטער און זיך אויסגעלערנט אַביסל ייִדיש. דאָ האָט ער דערהערט די דייטשן רעדן שיר־ניט ווי ייִדן . . .

„זינט דער רעגיסטראַטאָר אין שטאַב האָט ביים פאַרשרייבן אווראמען

חוזק געמאַכט פון זיין יידישן נאָמען און פונעם בלעכענעם צלמל אויף זיין האַלדז. האָט אוורעם אויפגעהערט צו קוקן מענטשן אין די אויגן. ער האָט מערסטנס געשוויגן, און ווען ער האָט שוין עפּעס אַ זאָג געטאָן, האָט ער געקוקט צו דער ערד. נאָר איין מאָל, ווען ער האָט ערגעץ געכאַפּט אַ טרונק בראַנפן, האָט ער מיר געזאָגט: „אַלע יידן וועל איך אויסהרגענען, צונעמען זייער גאָלד, און זיך אויסגיסן אין אַ גרויסן צלם, געמאַכט פון ריינעם גאָלד, גרויס און שווער ווי מיין פויסט". איבער צוויי יאָר האָט אוורעם געוואַרט ביז די ניעמצעס האָבן זיך גענומען טויטן די וויניצער יידן. אוורעם האָט זיך אויסגעצייכנט ביי די גראָב־מאַשינען און ער האָט פון די טויטע יידן געזוכט גאָלד און צירונג. און ער האָט געפונען גענוג גאָלד.

„אין וויניצע איז דאָ אַ גאַס מיט אַ יידישן נאָמען „יערוסאלימקא". דאָרט האָבן געוואוינט יידישע בעדניאַקעס, קליינע קרעמערלעך און סעדעכעס מיט שטעלעכלעך אין גאַס. דאָרט איז געווען אַ זייגערמאַכער, בערטשאַק, אַ קליינינקער מיט אַ גרויסן האָרב. שוין אַלט און קראַנק. אָבער אַלע טעג, חוץ שבת, האָט מען אים געקאָנט זען אויף זיין הויכן בענקל אַריינקוקן אין זייגערס און אויף צירונג . . . די יונגע יידן האָבן די ניעמצעס צוגענומען צו דער אַרבעט. די יונגע פרויען און מיידלעך האָבן זיי פאַרגוואַלדיקט און זיי גע־צוואונגען אַרבעטן. די אַלטע מענער און פרויען האָבן די ניעמצעס צוביסלעך אויסגעראָמט פון דער יערוסאַלימקע און זיי זענען פאַרשוואונדן . . . איר ווייסט וואו . . . בערטשעקן האָט מען דערוויל געלאָזט צו רו. ווען מיר האָבן אין 1945 געמוזט אָפּטרעטן, האָט מען מיר דערציילט, אַז בערטשעק איז נאָך פאַר־בליבן. ער האָט צורעכט געמאַכט זייגערלעך און פון גאָלד געמאַכט צירונג פאַר די אָקופּאַנטן. פאַר אוורעמען האָט בערטשעק אויסגעאַרבעט אַ צלם, אַ גרויסן און שווערן. אוורעם איז געקומען צו דער אַרבעט אין זיין נייער שטיק צירונג . . . די ניעמצעס האָבן אים באַלוינט פאַר זיין אַרבעט, ווייל ער האָט מער געזוכט און געפונען באַהאַלטענע יידן.

„מיר האָבן אַלע געוואוסט, אַז דער אַלטער וואסיל קוצאַק באַהאַלט ערגעץ ביי זיך די יידישקע מינדיא און מיר וואָלטן זי קיינמאָל ניט אַרויס־געגעבן. אָבער שקראַבאַק האָט געבראַכט אַ פאַר דייטשן צו קוצאַקן. מינדיא איז געלעגן אויפן בוידעם אין דער פאַלאָווע. די ניעמצעס האָבן אונדז צו־גענומען פון דער אַרבעט און אונדז געזאָגט, אַז מיר זען עטוואָס שיינס... זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט די הייליקע אַלטע פרוי. אירע קליידער און דער ווייס־גראָער קאָפּ זענען געווען ווי אַרומגעקלעפּט מיט דער שאָלעכץ פון תבואה־קערנער.

„— ווער וועט העלפן? — האָט דער אָפיצער אונדז געפרעגט. מיר זענען געשטאַנען אין אַ גרויסער, פינצטערער מורא. עס האָבן זיך תיכף געפונען בעלנים. אוורעם האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. די ניעמצעס האָבן באַפוילן אונדזערע פויערים צופירן קוצאַקן צום געפלאַכטענעם פּלויט און אים צובינדן. איידער מע האָט אים פאַרבונדן די הענט אויף זיין רוקן, האָט ער זיך ניט אויפגעהערט צו צלמען. זיינע אויגן, האָט זיך מיר געדאַכט, וועלן פון

שרעק אַרויספאַלן פון אונטער זיין הויכן שטערן. נאָכדעם האָבן די ניעמצעס באַפוילן צוצושלעפּן מינדיאַן צו וואַסילן. מינדיאַ איז געווען אַ קליינע. זי איז געווען איינגעשרומפּן און עס האָט אויסגעזען ווי מע פירט זי אַ זיצנדיקע. מע האָט זי אויפגעהויבן מיט איר פּנים צו וואַסילן. קוצאַק האָט תּפילה געטאָן. מינדיאַ האָט קיין קרעכץ ניט געטאָן. דער דייטש האָט געהייסן דריי זעלנער זיי זאָלן שיסן.

„דאָ איז געשען עפּעס אויף וואָס ניט נאָר די דייטשן, מיר אַליין האָבן שוין ניט געוואוסט וואָס מיר טוען . . . עטלעכע פון אונדז, איך מיט זיי, זענען געפאַלן מיט די פּנימער צו דער ערד און איך האָב מיין קול ניט דער־קענט. איך האָב גערעוועט ווי אַן אָקס. דער אָפיצער האָט מאָמענטאַל געהייסן די זעלנער אָנשטעלן די ביקסן אויף אונדז. אויף אַלע פיר זענען מיר אַוועק־געקראָכן אין אַ זייט. איך האָב דערפילט מיינע ציין קלינגען מיר אין מיין מויל.

„איך האָב באַלד דערהערט אַ שיסעריי פון עטלעכע ביקסן. די וואָס האָבן געזען די דערשאָסענע, האָבן דערציילט, אַז די קוילן האָבן געטראָפן וואַסילן אין נאַקן און זיי האָבן דערגרייכט מינדיאַס פּנים.

בין איך דאָך אַ שרייבער און אַלע סודות פון מענטשלעכע איבער־לעבונגען זענען אָפן פאַר מיר. ווי קאָן איך איבערגעבן מיינע איבערלעבונגען? וואָס איך בין געווען איבערראַשט, איז — איך האָב אין יענעם מאָמענט מיקאָלען ניט דערקענט. זיין פאַרגרעבט פּנים האָט אויסגעזען אינגאַנצן באַפרייט פון שיכרות. איך האָב שוין שיר־ניט געפּונען אַ זכות אויף מיקאָלען. איך האָב באַלד אַ קלער געטאָן: „יאָ, האָט זיך אין דעם פּרייוויליקן, געדונגענעם מערדער אין אַ געוויסן מאָמענט דערוועקט דער מענטש, אָבער דער זעלבער קוציובאַ, האָט דאָך געטויט פריער און נאָכדעם. און עס זאָל זיך אים מאַכן אַ געזעגענהייט, ווי זאָגט ער, „אויסראַמען יידן", וועט ער עס ווידער טאָן. הרגענען איז שוין ביי אים געוואָרן אַ רגילות.

און אַזוי, שווייגנדיק און קלערנדיק, האָב איך אַ פרעג געטאָן מיקאָלאַן, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ דערציילטער מעשה:

—זאָגט־סשע מיר, סאַסידו, וואָס איז געוואָרן פון אווראַמען?

— קעפּסקאָ (שלעכט) — האָט מיקאָלאַ געענטפערט און איבערגעזאָגט: „דוזשע קעפּסקאַ!" (זייער שלעכט).

„ער האָט צוגעשטעלט, ווי ער האָט עס גערופן, סחורה פאַר די ניעמצעס, אַז זיי האָבן אים אַפילו געמאַכט פאַר אַן אויפזעער איבער דער אַרטעל. ווי גרויס איז ער ביי זיך געווען, ווען ער האָט זיך געשאָפן מיט אונדז! זומער איז ער געקומען צו דער אַרבעט אין אַ פאַרצענטער לייווענטענער העמד און ווינטער אין אַ יידיש פיזן פוטערל, זומער און ווינטער מיטן צלם, גרויס ווי זיין פויסט. איר קענט דאָך אונדזערע מענטשן . . . מע האָט אים ניט פאַרגונען דאָס גאָלד אויף זיין בורסטקאַסטן און די דערהויבונג זיינע צו ווערן אַ פירער איבער אונדז. ער האָט פליסיק סאַלוטירט „הייל היטלער" און גענוצט דאָס ביסל יידיש וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט ביים שוסטער אויף דער יערוסאַלימקע.

האַנס געטאָ האָט אָפּגעשאַצט אווראמס געטריישאַפט און אים געלאָזט צורו, כאָטש ער האָט געוואוסט וואו זיין שיין ווייב באַהאַלט זיך. געווען ביי אונדז אסך שיינע פרויען . . .

נאָך דער אַרבעט פלעגט אווראם גיין אויפן דאָרף צו זיין כאַטע, ליגן אויף דער שטרוי ביז שפּעט אין דער נאַכט, און שטילערהייט אַוועק צו פּאַלקען.

איין ווינטער־טאָג איז אווראם ניט געקומען צו דער אַרבעט. מע האָט מיך און נאָך צוויי פון אונדזער ארטעל, געשיקט זוכן אווראמען. אין זיין כאַטע האָבן מיר אים ניט געפונען. האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צום וואַלד. מיר זענען שיער־ניט פאַרבלאָנדזעט געוואָרן. מיר האָבן אים געפונען הענגען אויף אַן אַלטן דעמב, אָן זיין פּיזענעם פוטערל און אָן דעם צלם, און אָן דעם שטריק, מיט וועלכן ער פלעגט פירן די געפונענע יידן צום טויט.

„מיר, די דריי, האָבן זיך איבערגעקוקט. מיר האָבן דערקענט דעם שטריק . . .

„מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק אין שטאָט און ראַפּאָרטירט צו האַנס געטאָ.

מיקאָלע איז שטיל געבליבן. איך האָב געוואַרט — וואָס וועט ער זאָגן?

— אָט אַזוי איז עס, פּאַן דאָקטער, ווען מע נעמט אַ מענטשן און מע מאַכט חוזק פון זיין נאָמען און פון גלויבן. געוואָלט האָט דער באַליידיקטער צודעקן מיט גאָלד זיין שאַנד, און פאַרלאָרן דאָס לעבן.

איך האָב געהערט מיקאָלען רעדן. דער כעס און דער פאַרדרוס וואָס האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט, האָט מיך ווידער דורכגענומען: קיין איינציק וואָרט פון באַדויערן, קיין סימן פון רחמנות, אָדער חרטה אויף די מענטשן וואָס ער און זיינע שוועסטער און ברידער האָבן אומגעבראַכט.

זאָל איך בענטשן אָדער שילטן דעם טאָג ווען איך בין געוואָרן אַ שרייבער? מיין וואוינונג, מיט די ביכער און ספרים איז מיר ענג געוואָרן. איך האָב געפילט, איך ווער דערשטיקט! עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערן! וואָס גיכער אַרויס פון דאַנען און מער ניט דאַרפן זען דעם מערדער, הערן זיינע רעדן און אָטעמען איין לופט מיט אים.

איך בין אַוועק אויפן אָדרעס פון אַן אַנאָנסירטער וואוינונג צו פאַר־דינגען. עס איז געווען ווייט פון דאַנען, ווייט פון מיין אַרבעט־אָרט. אָבער וואָס ווייטער, אַלץ בעסער. איז דען ניט געווען פאַר מיר גענוג דאָס וואָס איך האָב שוין ביז איצט געוואוסט? דאָס איז ניט געווען מיין אינטערעס. שולדיק איז געווען דער שרייבער אין מיר, וואָס זוכט אַ טעמע אויף אַ דערציילונג. איצט בין איך אַנטוישט, געוואָרט אין זיך און אין מיין דערציילונג. זאָלן מיינע לייענער מיר מוחל זיין.

(דערמאָנונג פון יאָר 1951)

# זעקס ליכט

איך בין אַ פּסיכיאַטאָר. מיינע פּאַציענטן רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן, ליגנדיק אויפן טונקל־־ברוינעם דיוואַן אין מיין אויפנאַם־צימער. ווען דער דיוואַן זאָל קאָנען רעדן, ווען ער זאָל קאָנען הערן, וויפל, וויפל געשעענישן און איבערלעבונגען ער וואָלט געקאָנט איבערגעבן! און איך, דער דאָקטער אַליין קאָן אויך דערציילן און דערציילן. ניט אַלץ וואָס איך הער פון מיינע פּאַציענטן, פאַרצייכן איך. נאָר אָט איז איין מאָנאָלאָג וואָס איך האָב אַריינגעשריבן אין מיין העפט:

מיין טעלעפאָן האָט געקלונגען. איך האָב געהערט די באַרמהאַרציקע שוועסטער פרעגן און אויספרעגן. עס האָט געדויערט לאַנג. איך האָב די שוועסטער מער ניט געהערט. איך האָב געפילט, אַז דער מענטש דאָרטן, אויף יענער זייט טעלעפאָן, קאָן ניט אויפהערן. אין אַ פּופצן מינוט אַרום האָב איך דערהערט דער שוועסטערס אומגעדולדיקע שטים: „איך בין זייער פאַרנומען. דער דאָקטער וועט אייך אויסהערן".

אויפן דיוואַן איז געלעגן אַן עלטערע פרוי, מיט געבעט פאַרקוקט צו מיר, איך זאָל איר העלפן. איך האָב זי געטרייסט און דערביי געזאָגט: „דער וויזיט איז געענדיקט. איך זע אייך, אַז עס איז אייך גרינגער. קומט אין דריי וואָכן אַרום".

איך האָב געזען ווי די פרוי זעצט זיך אויף. איך האָב געעפנט די טיר צום אַרויסגאַנג. די שוועסטער האָט מיר אָקעגנגעטראָגן אַ בייגעלע פּאַפּיר. זי האָט געשמייכלט און אויסגעזען מיד. איך האָב גענומען דאָס פּאַפּירל פון איר האַנט און געלייענט: „גבריאל גרינבלאַט, 26 יאָר אַלט, פאַרזיכערונג־אַגענט, פאַרהייראַט. קיין קינדער".

— גבריאל האָט אייך מיד געמאַכט? — האָב איך געפרעגט די יונגע שוועסטער.

— פרעגט ניט — האָט זי געענפערט און צוגעגעבן — אוי, סאַראַ לאַנגע פּופצן מינוט!

די עלטערע פרוי איז דורכגעגאַן לעבן מיר. זי האָט אַ גלעט געטאָן מיין האַנט.

— אַ דאַנק, דאָקטער, אַ דאַנק. זי האָט אויך געדאַנקט דער שוועסטער. זי האָט זיך צערעכנט מיט איר. לויט דער ריי, איז אַריין אַן אַלטער פּאַציענט און מאָמענטאַל זיך אויסגעצויגן אויפן דיוואַן.

אין צוויי וואָכן אַרום איז געקומען גבריאל גרינבלאַט. הויך געוואַקסן, אין אַ טונקל־בלויען שעוויאָט קאָסטיום, אָן אַ הוט, אַ ביסל געקרויזלטע ברוינע האָר אויפן היפּשן קאָפּ. דורך דער שויב פון מיין טיר האָב איך דעם מאַן אַ באַטראַכט געטאָן.

עס איז געווען אַ לויטערער זומערדיקער פאַרנאַכט. קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאַס און זי פאַרהילכט מיט זייערע געשרייען, ווי קינדער טוען געוויינטלעך. מיין אָפיס איז געווען טונקל און שטיל. די שוועסטער איז געזעסן. איך האָב געזען ווי זי וויזט גרינבלאַטן אַן אויף אַ שטול.

ער איז געבליבן שטיין. זיין פּנים איז געווען פאַרברוינט. ווען ער האָט געשמייכלט, האָבן זיינע געזונטע ציין געבלאַנקעט פון ווייסקייט. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיין שמייכל און באַמערקט ווי ער האָט זיך געטאָפּלט. דאָ האָט ער באַלויכטן דאָס טונקעלע פּנים, און מיט אַמאָל איז דאָס טונקעלע פּנים נאָך טונקעלער געוואָרן און זיך אַ ביסל אויסגעקרימט.

ווען עס איז געקומען גרינבלאַטס ריי, האָב איך געעפנט מיין טיר פאַר אים און געדריקט זיין שטאַרקע האַנט. ער האָט מיר געשענקט אַ זוניקן שמייכל, אָבער דער בליק זיינער האָט מיך דורכגענומען מיט חשד, ווי ער וואָלט זיך און מיך געפרעגט: „קאָן איך זיך אויף דיר פאַרלאָזן?"

נאָר איין שטריך אין זיין פּנים און אין דער גאַנצער פיגור איז מיר געווען פאַרדעכטיק: דער נאָמען — יידיש, און דער אויסזען האָט געקאָנט זיין דייטש, בריטיש, יענקי...

ווען ער איז שוין געווען אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג אויפן דיוואַן און איך האָב זיך גוט איינגעהערט אין זיין שטים, האָב איך קיין שפּור פון אַ יידן ניט דערהערט. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? אים פרעגן צי איז ער מאחינו בני ישראל?

אָבער דאָ, נאָך עטלעכע זאַצן אין אָנהייב פון זיין מאָנאָלאָג, האָט ער מיט כעס אויסגערופן: „איך בין ניט קיין ייד. איך בין אַ מענטש. אַ מענטש בין איך! ווען יידן האָבן מיך ליב, זאָגן זיי מיר, אַז איך בין אַ וואַרעמער ייד! ווען איך געפעל ניט עמעצן אין שלייער, בין איך „אַ קאַלטער ייד", וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיר און ביז וואַנען וועלן זיי מיך מוטשען? איך קען ניט רעדן קיין יידיש און איך פאַרשטיי אַפילו ניט, ווען מע רעדט אויס צו מיר אַ יידיש וואָרט. וואוהין אַנטלויפט מען פון זיי? וואו טוט מען זיך אַהין? נעם איך די ענגלישע צייטונג, וואָס זע איך? צרות, פּיין און ליידן; אַנטלויף איך פון דער צייטונג צו דער ראַדיאָ, דערהער איך שטימען פון גרויל און פּראָטעסט קעגן פּייניקונגען אויף יידן, און דאַרף איך אייך דערציילן וואָס סע טוט זיך אָפּ אויף דער טעלעוויזיע?; מע קאָן דאָך משוגע ווערן! אין אַמעריקע בין איך געבוירן געוואָרן, בין איך אַן אַמעריקאַנער. יאָ, צי ניין, דאָקטער? מיינע עלטערן זענען דאָ געבוירן געוואָרן. איך האָב פון זיי קיין יידיש וואָרט ניט געהערט. אין קיין סינאַגאָגע זענען זיי ניט געגאַנגען. זיי האָבן זיך זייער גוט איינגעלעבט מיט קריסטלעכע פריינד און באַלאַנגט מיט זיי אין איין קלוב. מיין עלטער זיידן געדענק איך ניט. מיין פאָטער האָט מיר דערציילט, אַז זיין פאָטער איז אַהער געקומען מיט זיינע עלטערן, ווען ער איז אַלט געווען ניין יאָר. ער האָט דורכגעמאַכט אַ פאָלקשול, הויכשול, קאָלעדזש, געוואָרן אַ דאָקטער און מיין טאַטן געמאַכט פאַר אַן אינזשעניר. איך בין דער ערשטער אין מיין משפחה, וואָס איז ניט געגאַן אין קאָלעדזש. צו פופצן יאָר האָב איך שוין געברענט אַ וועלט מיט מיידלעך. איך בין גראָד געוואַקסן קליין ביז דרייצן יאָר. מיט איין מאָל האָב איך זיך געטאָן אַ יאָג אַרויף, איבערגעיאָגט אין דער הויך מיינע חברים און צו פופצן יאָר אַזוי הויך ווי איצט. מיידלעך האָבן געקלעפּט צו מיר. איך האָב מיר אויסגעקליבן די וואָס איך האָב געוואָלט. און האָט זי מיר דערעסן, האָב איך זי אַוועקגעוואָרפן און גענומען אַ צווייטע, אַ דריטע, אַ פערטע...

ווער געדענקט זיי . . . צו אַכצן יאָר בין איך געוואָרן אַ פאַרזיכערונג־אַגענט. איך האָב אויסגענומען ביי דער קאָמפּאַניע מיט צוגעקומענע פאַרזיכערטע. די מערסטע בעלנים זענען געווען פּרויען. זיי האָבן מיך געשלונגען מיט הונגעריקע אויגן. זיי האָבן פאַרזיכערט זייערע מענער און קינדער און זיי האָבן מיך רעקאָמענדירט צו זייערע באַקאַנטע און פריינד . . . מיין פאָטער האָט פון מיר ניט געהאַלטן. ער און די מאַמע האָבן געהאַט צוויי צילן פאַר מיר: אַ דאָקטער, אָדער אַ ראַביי . . . מילא אַ דאָקטער פאַרשטיי איך נאָך, אָבער אַ ראַביי? . . . מיינע עלטערן זענען קיין מאָל אין קיין סינאַגאָגע ניט געגאַנגען. זייערע פריינד זענען געווען קריסטן, אָדער יידן וואָס חברן זיך מיט קריסטן. איך פאַרשטיי עס ניט. קאָנט איר, דאָקטער, מיר דערקלערן?

ער האָט געוואַרט אויף מיין ענטפער. ער האָט זיך אויפגעזעצט און מיך באַטראַכט.

די קלאַנגען אין גאַס האָבן זיך ביסלעכוויז איינגעשטילט. די פענצטער אין צימער צו מערב האָבן זיך אָנגעצונדן מיט די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. אַ לאַסט־אויטאָ איז דורכגעפאָרן מיט אַ פאַרטויבנדיקן גערויש און אין די הויכן איבער אונדז האָט געראַשט אַ פליענדיקער עראָפּלאַן.

מיר האָבן זיך אָנגעקוקט, ווי מיר וואָלטן געווען קעגנער. מיר האָט זיך געדאַכט, ער איז זיכער, איך האָב פאַר אים קיין ענטפער ניט און אַז אומזיסט איז ער געקומען צו מיר נאָך הילף. איך האָב גובר געווען דעם פאַרדראָס אין זיך און איך האָב פאָטערלעך אים געבעטן: „ליגט רואיק, מיין יונגער פריינד. מאַכט זיך באַקוועם".

ער האָט מיך געפאָלגט. איך האָב אים גלייך פאַר־ענטפערט זיין פראַגע.

— מיסטער גרינבלאַט. קיינער קען זיך ניט לחלוטין דערווייטערן פון זיין פאָלק. פון זיין פאָלקס גלויבן — אפשר; פון זיין פאָלק — קיין מאָל.

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט מיך אַוועקגעמאַכט . . . אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. איך האָב געוואַרט. זיין ערנסט, שיין, מענלעך פּנים איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ שמייכל. ער האָט ערנסט דערקלערט: „איך בין אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, אַלע פעלקער גלייך. דאָס איז געווען און איז דער טרוים פון דער מענטשהייט פון די עלטסטע צייטן ביז היינט. איך בין אַ טייל פון דער מענטשהייט און איך בין ניט צוגעבונדן צו קיין פאָלק".

מיין פּאַציענט איז געווען געפאַנגען פון דעם געדאַנק, אַזוי ווי ער וואָלט אים אַנטדעקט. איך האָב אים ניט געשטערט. די געדאַנקען וואָס ער האָט אַנטוויקלט זענען געווען מאַנאָטאָן, אָבער מיט זיין רייכן ענגליש און וואָרעמער שטים האָט ער מיך ניט געלאָזט זיך לאַנגווײַליקן. ווען ער האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן זיין מאָנאָלאָג, האָב איך אים געלויבט פאַר זיין שיין רעדן. איך האָב זייער ניט געוואָלט, ער זאָל זיך ווידער אַ נעם טאָן צו זיין טעמע. האָב איך געזאָגט:

— מיר'ן פאַרענדיקן דעם היינטיקן וויזיט מיט אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג. דערווייל, דערציילט מיר עפּעס וועגן אייער קינדהייט, אייער וואַקסן, לערנען, אייער באַציונג צו מענטשן, און דער עיקר, וועגן אייער געזונט־צושטאַנד. האָט איר געקרענקט אַלס קינד, אַלס דערוואַקסענער?

זענט איר אַמאָל געפאַלן, זיך צעהרגט, וואָס פאַר אַ טייל פון קערפּער איז באַשעדיקט געוואָרן?

גרינבלאַט האָט מיך געהערט און ניט אויפגעהערט צו שמייכלען מיטן שמייכל פון אַ שיינעם מאַן, וועמען פרויען לויפן נאָך און „שטאַרבן נאָך זיינע טריט".

דאָס פאַרצייכענען די געשיכטעס פון מיינע פּאַציענטן האָט פון מיר שיעור־ניט געמאַכט אַ שרייבער, וואָס זוכט דאָס אינטערעסאַנטע און וויכטיקע אין לעבן. אַ סך מאָל האָב איך זיך אָפּגענאַרט. מיינסטע מענטשן האָבן ניט וואָס צו דערציילן, און דאָס וואָס זיי האָבן, קאָנען זיי ניט איבערגעבן.

וועגן זיין געזונט און וועגן זיין לערנען האָט ער דערציילט בקיצור. ווען ער איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר, האָט ער שוין געהאַט צו טאָן מיט די מיידלעך אין זיין קלאַס און מיט די יונגע פאַרהייראַטע שכנות. שפּעטער האָט ער שוין געגנאַסן פון די פרויען וואָס האָבן זיך ביי אים פאַרזיכערט.

ער האָט דערציילט און זיין שיין מענלעך פּנים איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צינישער שמייכלענדיקער מאַסקע. ווען עס איז געקומען צו אָפּענע, גראָבע רייד, האָט ער זיך אַנטשולדיקט, אָבער ניט אויפגעהערט.

— צוואַנציק יאָר בין איך אַלט געווען, ווען איך האָב זיך אין פּאַרק באַקענט מיט פרענסין. עס איז געווען זומער. די ביימער זענען געווען גרין און די בלומען אויף די בייטן האָבן זיך צעשפּילט מיט אַלע זייערע קאָלירן.

איך האָב אָפּגעזיפצט. ער האָט געזען ווי זיינע פאַרענדערטע רייד האָבן אויף מיר געווירקט. ווען ער האָט דערמאָנט די קאָלירן פון די בלומען, האָט אויך זיין פּנים אַ בלי געטאָן.

— איך בין געזעסן איינער אַליין אין מיין שיפל און געזוכט אַ קרבן. ביים ברעג איז געשטאַנען פרענסין, מיט איר קליינער האַנט איבער די אויגן ווי אַ דעכל.

— אויב איר זוכט עמעצן, בין איך דאָ — האָב איך אויף מיין שטייגער אַ זאָג געטאָן. איך האָב דערוואַרט דעם געוויינלעכן אָפּרוף אויף מיין ווענדונג, אָבער דאָ האָב איך דערזען אַ פּאָר ברייט־צעעפנטע בלויע אויגן דערשטוינט און שיעור־ניט באַליידיקט.

„דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס אַ מיידל האָט אויף מיר געקוקט מיט אַזוי פיל ביטול. „זי וועט זיין מיינע" האָב איך געזאָגט, אָבער זיכער בין איך ניט געווען. דערציילן אייך ווי אַזוי איך האָב זיך באַקענט מיט פרענסין, וועט נעמען צו לאַנג. בקיצור וועל איך זאָגן, אַז פרענסין איז געווען אַ כלה און אַרויסגעקוקט האָט זי אויף איר חתן וואָס איז געזעסן אין אַ שיפל און זיך דערנענטערט צום ברעג.

„איך האָב די כלה נאָכגעפאָרשט. ס'האָט לאַנג גענומען, אָבער איך האָב מיינס אויסגעפירט . . . וואָס זאָג איך „אויסגעפירט"? ביז זי האָט זיך מיר אָפּגעזוכט. ווי אַ פאַרזיכערונג־אַגענט, זענען פאַר מיר געווען אָפן אַלע טירן פון דער שטאָט. איך האָב די כלה נאָך געשפּירט, ביז איך האָב אויסגעפונען וואו זי וואוינט. אין אַ מיטן בייטאָג האָב איך אָנגעקלונגען אין איר טיר. אַ הונט האָט אין הויז געהאַוועקעט. אַ פרויען־שטים האָט אים איינגעשטילט. איך האָב דערהערט איר שטים אין רערל פונעם בריווקאַסטן. אויף איר

פראַגע ווער איז, האָב איך געענטפערט „אינשורענס". „מיר דאַרפן ניט" האָט די פרוי אָפּגעשניטן. איך בין אַוועק. פונעם טראָטואַר האָב איך אַרויפגעקוקט צו די אָפענע פענצטער און דערזען אַ פּנים פון אַ פרוי, געראָטן אין פרענסין ווי זי וואָלט געווען יענערס אַ שוועסטער, אָדער אפשר גאָר די מוטער. אויך אירע אויגן זענען געווען בלוי, נאָר מיט אַ גרינלעכקייט באַצויגן.

„דאָקטער, איר גלויבט אין כּישוף? נאַרישקייטן, וועט איר אפשר זאָגן אָבער אַ פּאָר אויגן זאָלן אייך באַוועלטיקן און איר זאָלט שטיין ווי אַ גולם, דאָס מעגט איר מיר גלויבן. איך האָב זיך פאַרנויגט, זיך אויסגעגלייכט און מיט דער האַנט געגעבן אַ צייכן, אַז איך וויל אַרויפקומען. זי האָט מיט איר שיינעם קאָפּ געשאָקלט אויף ניין און אָפּגעטראָטן פונעם פענצטער. איך האָב יענעם טאָג ניט פאַרזיכערט מער ווי צוויי מענטשן.

„איר ווילט וויסן, צי האָב איך געטראָפן פרענסין? איין מאָל האָב איך זי באַגעגנט מיט איר חתן, אַ צווייטן מאָל — אַליין. אויפן ראָג פון דער גאַס, וואו איך בין געשטאַנען ווער ווייסט וויפל מאָל, האָב איך דערזען פרענסין אויסשטייגן פון אויטאָבוס. איך האָב געוואָלט אַוועקגיין, אָבער די זיכערקייט מיינע האָט מיך ניט געלאָזט. „כאָטש רעדן מיט איר אַ וואָרט" האָב איך געטראַכט. פרענסין איז געגאַנגען צו מיר. איך בין געשטאַנען און געשמייכלט, איר פּנים האָט מיר קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט . . . „איך בין דער פאַרזיכערונג־אַגענט" האָב איך געזאָגט און מיין שטים ניט דערקענט. אירע שיינע אויגן זענען נאָך קיין מאָל אַזוי שיין ניט געווען. אַ קאַלט געלעכטער האָט געשטראָמט פון זיי. זי האָט אַ זאָג געטאָן „מזל טוב" און מיט ברייטע, אייליקע טריט אַוועק צו איר היים.

„זי מוז מיך ניט ליב האָבן" האָב איך געטראַכט, אָבער פאַרוואָס האָט זי מיך פיינט? סיידן זי לייענט מיינע געדאַנקען? איך האָב זיך דערמאָנט אין דער פרויס שמייכל דאָרט אין אָפענעם פענצטער . . . „ניין", האָב איך באַשלאָסן. איך ווער אויס ווייבער־יעגער. מיין פאַרלאַנג וועל איך פאַרבאַרגן טיף אין זיך. איך וועל ווערן געשעפטמעסיק. איך רעפּרעזענטיר אַ גרויסע, חשובע געזעלשאַפט. איך בין ניט אַבי־ווער!

„איך זע, דאָקטער, איר שמייכלט, מיר שמייכלט זיך ניט. די דערמאָנונג אַליין קרענקט מיך. איך האָב באַשלאָסן זי איגנאָרירן. וואו־נאָר איך וועל זי באַגעגענען, וועל איך זיך מאַכן אַז איך זע זי ניט.

„דער זומער איז געווען גרויס און שיין. דער שטילער טייך איז אין די שבתים און זונטיקס געווען פאַרפּלייצט פון שיפלעך, די עלטערע מענטשן זענען געזעסן אויף די בענק, און מיר, יונגוואַרג, האָבן געלאַכט, געזונגען און זיך געקושט. מער ווי איין מאָל האָב איך זי געזען מיט איר חתן. אים האָב איך פיינט געהאַט! ער איז געווען הויך געוואַקסן, עלעגאַנט געקליידט, ניט קיין מיאוסער. איבער דער פּולער, רויטלעכער ליפּ זענען, ווי צוגעקלעפּט, געווען שוואַרצע וואָנצעלעך, די עקלעך אַראָפּגעבויגן. אָט די וואָנצעלעך האָבן אַ תל געמאַכט פון זיין פּנים ווי האָט זי עס געקאָנט פאַרטראָגן? אַ סימן, זי האָט ניט קיין געשמאַק. איך האָב זיך דערפרייט מיט מיין אַנטדעקונג. מיט איר איז געווען בלענטש, אַ מיידל אין שידוכים. איר פאָטער איז געווען אַ האָלענדער, די מוטער אַ דייטשע. בלענטש האָט מיך אַזוי ליב

געהאַט. זי האָט געקוקט צו מיר אַזוי אונטערטעניק! פון מיין נייער אַנדעקונג וועגן פרענסין האָב איך זיך אַזוי דערפרייט, אַז איך בין צוגעפאַלן צו בלענטשעס פון זון צוגעברוינט פנים און זי לאַנג געקושט. זי האָט געוואָרט איך זאָל איר מאַכן אַ חתונה־אַנבאָט . . . אָרעמע בלענטש זי איז ניט געווען די איינציייקע . . . אַ פאָטער פון איין מיידל האָט מיר געשטעלט די פראַגע פאַפערערק: „דו האָסט אין זינען תכלית צי דו שלעפּסט זיך נאָר אַרום"? איך בין געווען אַזוי זיכער אין זיך, אַז איך האָב קאַלט אָפּגעענטפערט: „איכ'ל אייך לאָזן וויסן באַצייטנס".

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. זיידע־באָבע, מיינע עלטערן, קרובים און באַקאַנטע, אַפילו שכנים — עס האָט אויסגעזען ווי אַלע וואָס האָבן מיר געקענט — האָבן זיך אָרגאַניזירט קעגן מיר. איך האָב אַלעמען אויסגעהערט און צוגעשמייכלט . . . אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איך בין אַריינגעפאַלן. און מיינט איר איבער וואָס? איבער געלט.

אין אַ רייכער יידישער געגנט, וואו איך האָב אין גאַס דערזען יידישע יינגעלעך מיט לאַנגע פיאות, האָב איך אויף איינעם פון די באַלקאָנען דערזען אַ קליין־וויקסיקן מאַן מיט צוויי גרויסע, קאַרע אויגן און גראָבע וואָנצעס, אַן עכטער איטעליענער; איך האָב אָפּגעשטעלט מיין קאַר און באַגריסט דעם מאַן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן אין דער גאַנצער ברייט און אויפגעהויבן אַ שווערע האַנט אין דער הויך.

— באָן דזשאָרנאָ! — האָב איך אויסגערופן אין מיין אָרעם ביסל איטאַליעניש.

פון מיינע פאָר ווערטער האָט זיך זיין שמייכל צעוואָקסן. ער האָט מיך געפרעגט עפּעס. איך האָב ניט פאַרשטאַנען.

— נאָ איטאַליאַן? — האָט ער געפרעגט. — אַמעריקאַן? גוד! איר זוכט עמעצן?

— איך זוך קלוגע, פאַרשטענדלעכע מענטשן וואָס ווילן פאַרזיכערן זייער צוקונפט און זייער לעבן.

אין אַ שלעכטן, כאָטש פליסיקן ענגליש האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט פאַרזיכערט זיך (ער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף זיך), דאָס ווייב די פיר יינגלעך און דאָס מיידל. — ער האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט: „אַפילו דעם הונט בילי. כאַ כאַ כאַ"!

— ווי אַלט זענען אייערע קינדער; האָב איך געפרעגט.

— די עלטסטע איז אַנאַ מאַריאַ. זי ווערט קריסטמעס ניינצן יאָר. נאָך איר גייט פּיטער — 17, דשאַני — 15, דזאָרדזש — 12 און פאָל — 10 יאָר.

— אַ שיינע משפּחה! — האָב איך אויסגערופן און צוגעגעבן — גאָט זאָל אייך בענטשן, ווי קומט איר וואוינען צווישן יידן?

— אָ, גוטע מענטשן, די אַלע הייזער האָבן זיי דאָ געבויט. טייערע מענטשן!

„איך מאַכן די מעשה בקיצור, מיסטער . . . האָב איך זיך פאַרהאַקט און ער האָט מיר אַרויסגעהאָלפן „אַנדזשעלאַ. ווי, האָב איך געזאָגט הייסט

איר״? — גרעגאָרי, מיין טאַטנס נאָמען שענזאָן האָב איך שוין לאַנג געענדערט.

„אונדזער שמועס האָט זיך געענדיקט מיט אַ גוטן ריווח. עס איז געווען אַרום פיר נאָכמיטיק. ניט נאָר די קלענערע קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאַס, אויך עלטערע יונגען האָבן פאַרהילכט דעם אינדרויסן מיט זייערע הויכע קולות. איך האָב געוואָלט זען אַנאַ מאַריאַן. זי האָט געאַרבעט אין אַ באַנק. „בייסע יאַנג לײדי״ האָט זי דער פאָטער רעקאָמענדירט.

„דאָקטער, איך האָב זיך מיט איר באַקאַנט. זי איז ניט געווען אַזוי שיין ווי פּרענסין. זי איז אַפילו ניט געווען אַזוי שיין ווי בלענטש. דערפאַר האָט זי פאַרמאָגט אַ פּאָר קאַרע אויגן וואָס האָבן געלויכטן מיט קינדערשער פרייד און מיט דער וואַרעמקייט פון אַ פאַרליבטער געטרייער פרוי. איר איינדרוק אויף מיר איז געווען אַזוי קאָלאָסאַל, אַז איך האָב ביי דער צווייטער צי ביי דער דריטער באַגעגעניש ערנסט אַ טראַכט געטאָן וועגן פאַרבינדן מיין לעבן מיט איר. דער גוטער איינדרוק האָט זיך נאָך פאַרבעסערט, ווען איך האָב צוליבן מיידל אַריינגעטראָגן אַביסל געלט אין דער באַנק. איין מאָל האָט אַן אַלטער איטאַליענער גערעדט צו אַנאַ מאַריאַ, און זי האָט ניט געענטפערט. ווען איך בין צוגעקומען צום פענצטערל און געפרעגט דאָס מיידל, פאַרוואָס זי האָט ניט געענטפערט איר לאַנדסמאַן, איר „פּייזאַן״?

— טויט מיר לייד — האָט זי געזאָגט — איך האָב קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. „ווי קומט עס״? האָב איך געפרעגט. „קיינער האָט צו מיר די שפּראַך ניט גערעדט. פון וואַנען זאָל איך וויסן״? „זענען מיר דאָך אַ גלייכע פּאָר. מיר׳ן זיך פאַרשטיין. אַנדשעלאָס רייך־געבויטע היים האָט עדות געזאָגט, אַז קיין אָרימער איז ער ניט. ווי קומט די טאָכטער אַרבעטן? איך האָב אין אַ שמועס מיט אַנאַ מאַריאַן זי אַ פרעג געטאָן. „ניט נאָר איך אַרבעט. מיינע גרעסערע ברידער אַרבעטן שוין אונטער, ווען זיי קומען אַהיים פון סקול. דער פאָטער מיינער האָט אָנגעקליבן אַ פאַרמעגן, אָבער אַרבעטן הערט ער ניט אויף״.

— דו ווייסט שוין, באַלד די גאַנצע געשיכטע פון מיין לעבן — האָט אַנאַ מאַריאַ מיר איין מאָל אַ זאָג געטאָן. — איך קוק אויף דיר ווי אויף אַ רעטעניש.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „איך אַליין געפעל דיר״?

„זי האָט אַרויפגעקוקט צו מיר מיט ברייט־אָפענע אויגן און אַרומגעכאַפּט מיין אָרעם מיט איר האַנט.

„לאָמיר אָפּמאַכן ביי זיך, טייערע, ניט פרעגן וועגן יחוס. איך אַרבעט פאַר אַ גרויסער פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט און איך האָב וויכטיקע רעקאָמענדאַציעס. מיין נאָמען האָסטו דאָך געזען — גרינבלאַט. עס זענען צוויי דייטשע ווערטער.

— ביסטו אַ דייטש? האָט זי געפרעגט. איך האָב אַרויפגעלייגט מיין פינגער אויף איר שיין מויל און זי געוואָרנט: „אָפּמאַך״?

„מיינע עלטערן האָבן באַמערקט, אַז איך שלעף זיך מער ניט אַרום דורך די נעכט אין געיעג נאָך פּרויען. נאָך אַ טאָג אַרבעט בין איך געזעסן ביי מיין טייערער ראַדיאָ און געהערט קלאַסישע מוזיק. נייעס האָב איך אויסגעמיטן. די ראַדיאָ האָט געשפּילט שטיל און אָנגענעם. מיינע ברידער מיט די שוועסטער האָבן מיט זייערע פּראָגראַמען פאַרהילכט די שטוב. מיינע עלטערן האָבן ניט געשטערט. די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין דרויסן.

„מיינע עלטערן — האָט גרינבלאַט אַ זאָג געטאָן . . . — איך האָב אים איבערגעשלאָגן די רייד.

— איר רעדט אַוודאי זייער שיין, אָבער צו גיך איז אַ מיידל אַזוי הויך אויסגעוואַקסן אין אייערע אויגן, אַז איר האָט באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיך מיט איר אויפן גאַנצן לעבן. מיט אַ מאָל זענט איר מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ ווילדן פרויען־יעגער אין אַן ערנסטן בעל־תכלית.

גרינבלאַט האָט מיך געלאָזט רעדן. קיין סך האָב איך אים ניט געזאָגט. זיין ריין אויסגעגאָלט, פון זון צעזעגעברוינט פּנים האָט געשמייכלט מיט אַ וואונק אין די שיינע, ברוינע אויגן. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיי. איך בין געווען זיכער, אַז אָט־אָט וועט איין אויג זיך אַ מאַך־צו טאָן . . .

ער האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט און שולדיק געפרעגט: „איך רעד צו פיל״?

— ניין, איר לאָזט אויס, פיל איך, געוויסע זאַכן.

— וואָס מיינט איר?

— נאָך וואָס פרעגט איר איבער? איך האָב שוין אָנגעמערקט.

ער האָט זיך צוריקגעלייגט. דער דיוואַן האָט אונטער אים שוואַך געקרעכצט. די פאַרנאַכטיקע זון האָט איר לעצטן בלענד געטאָן. די צעפלאַמטע שויבן אין די צוויי גרויסע פענצטער און די גלעזער אויף די בילדער האָבן אויך זיך אויסגעבלייכט.

— זאָל איך מאַכן ליכטיק? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, אַ דאַנק, האָט גרינבלאַט געבעטן. — אַזוי איז אָנגענעם. מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט אַנטדעקט אין זיך אַ גרויסע מעלה, האָט ער ווי אַ זיגער, קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן, געזאָגט: — דאָס וואָס איך לאָז אויס וועגן זיך און אַנאַ מאַריאַ, איז אַ סימן, אַז איך, אַן אומפאַרשעמטער פאַר מענטשן און אָפט מאָל פאַר זיך אַליין, בין געוואָרן אַ סטאַטעק.

— איך וויל וויסן — האָב איך געפרעגט — וואָס איז געשען צווישן אייך און אַנאַ מאַריאַ, ווען איר זענט צום ערשטן מאָל געבליבן אַליין?

גרינבלאַטס אויגן האָבן זיך פאַרשמעלערט, ער האָט מיט חשד געקוקט אויף מיר.

— דאָקטער; איר זענט אַ געפערלעכער מענטש. קיינער האָט מיר נאָך אַזוי טיף ניט דערלאַנגט ווי איר. צווישן מיר און מאַריאַן איז גאָרניט געשען, אָבער טאַקע גאָרניט. עס איז געווען ווינטער. אַנאַ מאַריאַ איז געזעסן מיט מיר אין קאַר. איך האָב זי אַ כאַפּ געטאָן אַרום נאַקן און צוגעצויגן איר פּנים צו מיינעם, און צוגעפּאַלן מיט מיין מויל צו איר

וואַרעמער באַק. זי האָט מיר ניט געשטערט, נאָר ווען מיין אָרעם האָט אָפּגעלאָזט איר נאַקן און צוגעצויגן איר קערפּער צו מיינעם, האָט זי מיר צוגעלייגט אַ פינגער צו מיין מויל און צניעותדיק געפליטערט אין מיין אויער: „מיר זענען אַפילו ניט חתן־כלה". אַט די שטילע מיידל, מיט די וואַרעמע, גלעטנדיקע אויגן, האָט מיט איר זאָג דערוועקט אין מיר אַ ניי געפיל, אַ פאַרשטענדעניש, וואָס איך האָב ביז יענעם מאָמענט אין זיך ניט געפילט. ווי אַזוי די ענדערונג איז אין מיר געשען, קען איך ניט דערקלערן, אָבער עס איז געשען. הערט, דאָקטער: נאָך איר זאָג „מיר זענען נאָך אַפילו ניט חתן־כלה" האָב איך אַליין נאָך ניט חושד געווען אַנאַ מאַריאַס ווירקונג אויף מיר. איך האָב איר געקויפט אַ טייער פינגערל און ווידער געפּראַוווט מיין „מזל".

„זי האָט מיך געקושט צוגעטוליעט אירע צוויי פינגער צו מיינע הייסע ליפּן און געזאָגט: „געדולד, מיין שיינער חתן. אומגעדולד שוואַכט אָפּ".

„האָב איך אייך פאַרענטפערט אייער פראַגע, דאָקטער?

יאָ אַ דאַנק.

די פינצטערניש אין צימער איז געדיכטער געוואָרן. דער גערויש פון לויפנדיקע אויטאָס איז געוואָרן שטילער, נאָר קינדער האָבן נאָך אַלץ געשריגן און איבערגעשריגן איינס ס'אַנדערע, שפּילנדיק אין דרויסן. מיט אַ מאָל האָט זיך אָנגעצונדן דער לאָמפּ אין גאַס אַנטקעגן די פענצטער פון מיין צימער. אַלע זאַכן אין צימער וואָס האָבן ערשט אויסגעזען ווי סילועטן, האָבן צוריקגעקראָגן זייער נאַטירלעכן אויסזען. איך האָב מער ניט צוליב געטאָן מיין פּאַציענט און אָנגעצונדן דעם עלעקטרישן לאָמפּ.

גרינבלאַט האָט צוגעמאַכט די אויגן און בייז אַ בורטשע געטאָן.

איך האָב אים איבערגעבעטן און געזאָגט: „איך נעם ניט אויף פּאַציענטן אין דער פינצטער". ער האָט זיך אַ דריי אום געטאָן, מיטן פּנים צו דער וואַנט און שטיל געבליבן. איך האָב געמיינט, ער וועט שוין מער ניט רעדן, אָבער ער האָט מיר דערציילט פון זיינע שוועריקייטן מיט דער כלהס עלטערן. זיי זענען באַשטאַנען אויף אַ רעליגיעזער צווי'עמאַניע. דער מחותן האָט געטענהט: „אַ פּריסט, אַ ראַביי, אַבי, אַבי אַ חתונה ווי ביי לייטן"!

און ווייסט איר ווער ס'איז מיר געקומען צו הילף? טאַקע זי, מיין כלה. זי האָט געפּועלט ביי דער משפחה, מיר זאָלן זיך פאַררעגיסטרירן אין דער שטאַט־ביוראָ ווי מאַן און ווייב, און אַזוי איז טאַקע געשען. מיר האָבן זיך פאַרשריבן, דער אָנגעשטעלטער האָט אונדז גראַטולירט. מיר זענען געגאַנגען פון דער ביוראָ אין מיין קאַר און זיך ניט אויפגעהערט צו קושן. אין קאַר האָב איך אַנאַ מאַריאַן ניט אַרומגעכאַפּט ווי אַ ווילדער. מיר האָבן געזאָלט נאָך דעם זעלבן טאָג פאָרן צום ניאַגאַראַ וואַסערפאַל. אָבער די עלטערן זענען באַשטאַנען מיר זאָלן ביי זיי איבערנעכטיקן, מיך האָט דער שווער אַ פרעג געטאָן: „זענען דיינע עלטערן געווען מיט אייך אין דער ביוראָ"? „ניין" האָב איך געענטפערט. — איך האָב זיי אָנגעזאָגט די גוטע נייעס, נאָך איידער איך בין געגאַנגען אין דער ביוראָ. דער שווער האָט אויף מיר געקוקט ווי ער וואָלט מיך געפאַרשט. צוליב אים האָב איך

געזאָגט: „אַזאַ שריט מאַכן אָן די עלטערענס וויסן, וואָלט ביי מיר ניט געשען".

די שוויגער האָט צוגעגרייט אַ גרויסן מאָלצייט; טרינקען האָט אויך ניט געפעלט. איך האָב זיך געוואָלט אָנטרינקען, נאָר אַנאַ מאַריאַס גלעטנדיקע אויגן האָבן מיך געוואָרנט . . . „ווייך וואָס ווינציקער" האָט זי געזאָגט. איך בין ניט קיין לעמעשקע. מיינע לערערס האָבן פון מיר קיין נחת ניט געהאַט; טאַטע־מאַמע ניט געפאָלגט. נאָר אַנאַ מאַריאַס בליק, אַ גלעטנדיקער, פון אַן עלטערער שוועסטערלעכער, האָב איך זיך אונטערגעגעבן.

„נאָכן מאָלצייט זענען די עלטערן און די קינדער געבליבן קוקן אויף דער טעלעוויזיע און איך מיט אַנאַ מאַריאַן זענען אַרויף אויפן צווייטן שטאָק און געטראָפן אַ געגרייט געלעגער. וואָס מיט מיר איז געשען יענעם אָוונט, קען איך ניט דערקלערן.

אַנאַ מאַריאַ האָט מיר געהייסן קוקן אין אַ זייט ביז זי וועט זיך אויסטאָן. איך האָב זי בעטראַכט, געמיינט אַז זי שפּאַסט. זי האָט אויסגעזען שטרענג. אירע אויגן האָבן מער ניט געגלעט, אָבער אַ שמייכל האָט זי מיר געשענקט . . . איי, דאָקטאָר, הלוואי וואָלט איך אייך דעם שמייכל אירן געקענט ווייזן?

איך בין געשטאַנען מיטן רוקן צום בעט און געוואַרט. אין עטלעכע סעקונדן אַרום האָב איך דערהערט אַנאַס פליסטערן „אָלרעדי" (שוין), איך האָב זיך געטאָן אַ דריי אויס צום געלעגער און דערזען מיין ווייבל אָן איינגעדעקטע ביזן קין.

טו זיך אויס — האָט זי שטיל געזאָגט, מיט אַזאַ טאָן ווי זי וואָלט דאָס מיר דערלויבט. איר טאָן האָט מיך פאַרדראָסן. „איך נויטיק זיך ניט אין דערלויבענישן", אָבער איך האָב די ווערטער ניט אַרויסגערעדט. איך האָב געריסן פון זיך די קליידער. ווען איך האָב זיך געלייגט לעבן איר, האָב איך דערפילט אירע פינגער פון איין האַנט, אויף מיין שטערן, אויף מיין האַרץ און אויף די אַקסלען. „זי צלמט מיך" האָב איך ציטערנדיק פון ליידנשאַפט, געקלערט. וואָס איך האָב געפילט דערביי קען איך אייך ניט זאָגן.

„מיר זענען אַריינגעשלאָפן אין טיפן טאָג אַריין. מיר האָבן גערעדט פון ליבע, פון אייביקער ליבע. „יאָ יאָ" האָט זי פרום געפליסטערט, און איך האָב, ווי אין היץ אירע ווערטער נאָכגעזאָגט.

— זעסט? — האָט אַנאַ מאַריאַ מיר אָנגעוויזן אויף דער וואַנט. איך האָב דערזען אַ קליין בילד פון דער פאַרהייליקטער מוטער מיט איר קינד.

— די הייליקע מאַריאַ וועט באַשיצן אונדז און אונדזערע קינדער; — האָט אַנאַ פרום געזאָגט.

איך בין אַן אַמעריקאַנער און פרומקייט גייט מיר ניט אָן.

* * *

דאָקטער, איר לאָזט מיך רעדן, וועל איך עס מאַכן בקיצור. באַלד נאָך דער חתונה, האָט אַנאַ מאַריאַ אויסגעפונען, אַז איך בין אַ געמלטער. כ'האָב זיך געשראָקן, זי וועט מיך פיינט באַקומען. אָבער זי האָט זיך צו מיר געלאַשטשעט ווי פריער.

מיר האָבן שוין געוואוינט אין אונדזער נייער היים. אַנאַ האָט מיר, מיט אַן אויסדרוק אין אירע אויגן, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט ניט געזען, אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז זי איז פאַרגאַן אין טראָגן. עס האָט זיך מיר ניט געגלויבט, אַז זי האָט מיך ווירקלעך ליב. עפּעס גנביש און ניט שיינס איז געווען אין מיין בליק. צי ווייסט זי טאַקע אַז איך בין אַ ייד? אָבער זי האָט זיך צו מיר געלאַשטשעט ווי פריעד. „מיי באַי?" (מיין בחור) האָט זי מיך גערופן און מיך באַהאַלטן אין אירע אָרעמס.

איך האָב זיך אומגעקערט צו מיינע געשעפטן, און אַנאַ — צו איר באַנק. אין איר צושטאַנד האָט זי ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן. מיר זענען אַריין אין דער וואָכעדיקייט, אָבער דאָס האָט ניט געקענט פאַרשטערן אונדזער יום טוב. יעדן פרימאָרגן ביים געזעגענען זיך און יעדן אָוונט ביים צוריקקומען פון דער אַרבעט איז געווען אַ וואונדערלעכע דערהויבונג.

אין אָוונט נאָכן מאַלצייט האָב איך געהאָלפן מיין ווייבל וואַשן דאָס געשיר. פאַרענדיקט די אַרבעט, האָבן מיר זיך געזעצט אַריינקוקן אין דער טעלעוויזיע. אַנאַ האָט שוין געוואוסט, אַז איך מייד אויס נייעס, האָט זי מיר צוליב געטאָן און אָנגעשטעלט אַ ביליקע מאַכערייקע. איך האָב געלאַכט, אָבער מיינע פאַרזיכערטע יידן האָבן מיך נישט געלאָזט רוען. האָבן זיי געוואוסט, אַז איך בין אַ ייד? זיי האָבן מיר באַצאָלט וואָס מיר איז געקומען און געזיפצט. יידישע פרויען האָבן אַפילו אַ וויין געטאָן. „וואָס איז געשען?" האָב איך געפרעגט. די פרוי האָט מיך אָנגעקוקט מיט קליינע, פאַרווייִנטע אויגן און געפרעגט: „איר לייענט די ציַיטונג? נעמט די „ניו־יאָרק טיימז", וועט איר שוין זען, וואָס די טעלעוויזיע גייט אונדז דאָ אָפּשפּילן".

די פּרעסע, די ראַדיאָ האָבן זיך צעשפּילט וואָס אַמאָל העכער און פאַרצווייפלטער. עס זענען מאָמענטאַל אַרויס פון דרוק קורצע און בייכיקע ביכלעך, וואָס איך האָב אין די הענט ניט געוואָלט נעמען, אָבער אַנאַ מאַריאַ האָט זיי געשלונגען. איר פּנים האָט זיך אויסגעבלייכט, די אויגן גרעסער געוואָרן. איך האָב באַמערקט אַ נייעם אויסדרוק אין אירע אויגן, ווי זי וואָלט רחמנות געהאַט אויף מיר און מיך ניט געקענט פאַרשטיין. איך דערצייל איך, דאָקטער, זאַכן וואָס איר ווייסט, איך קען זיך ניט העלפן איך מוז שוין רעדן און רעדן. אינעם אָוונט ווען מע האָט באַדאַרפט ווייזן דעם „האָלאָקאָסט", האָב איך אָפּגענאַרט אַנאַ מאַריען, אַז איך מוז זיין ביי אַ ספּעציעלן מיטינג.

איך האָב געשפּאַנט אין דער העל באַלויכטענער גאַס און פאַרדראָסיק געטראַכט און איבערגעטראַכט, מענטשן זענען געגאַן צום סאַבוויי. איך בין אַראָפּ די טרעפּ, אַריין אין ליכטיקן וואַגאָן און זיך געזעצט אויף דער האַרטער באַנק. אַקעגן מיר האָט אַ יונג פּאָרל זיך געקושט. איך האָב זיך דערמאָנט אין אַנאַ מאַריאַן און אין געדאַנק זי געזען, אַ קליינינקע, אַ שטשופּלע, מיט אירע בעטנדיקע אויגן, און זי פרעגט מיך שטיל, צי מוז איך גיין . . . איך האָב זיך פּלוצעם אויפגעכאַפּט פון אַ געדאַנק וואָס האָט מיך איין מאָל דורכגענומען: אַנאַ מאַריאַ איז דאָך געבליבן צוליב מיר! אָפּגעריסענער נאַר וואָס איך בין! באַדאַרפט געווען אַרויס פון דער באַן און צוריקפאָרן. האָב איך עס ניט געטאָן.

אַהיים בין איך געקומען שפּעט. איך האָב געמיינט אַז מיין ווייבל שלאָפט שוין. אָבער די פענצטער זענען געווען העל באַלויכטן. שמיידיק בין איך דורכגעגאַן דעם לאַנגן קאָרידאָר, אַריין אין עלעווייטאָר, וואָס האָט מיר אויסגעזען, אַז ער שלעפּט זיך צו לאַנג . . .

„איך בין צו צו מיין טיר, געשטאַנען אַ ווײַלע, זיך איינגעהערט צי די טעלעוויזיע אַרבעט. עס איז געווען שטיל.

„ווען איך בין אַריין אין צימער, האָב איך דערזען מיין ווייבל זיצן איינגעקאָרטשעט אין דער גרויסער, ווייכער שטול, וואָס אַקעגן דער טעלעוויזיע. אויפן לאַנגען שמאָלן טיש זענען געשטאַנען האַלב אויסגעברענטע זעקס ליכט; אַנאַ מאַריאַ האָט געקוקט אויף מיר שטיל און שטום. די זעקס ברענענדיקע ליכט האָבן מיך אַ טראַג געטאָן.

— וואָס איז דאָס ?! — האָב איך אַ געשריי געטאָן און מיין קול ניט דערקענט. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס וואָס איך האָב שטענדיק, און באַזונדער היינט, אויסגעמיטן, איז מיר אַנטקעגן געקומען ?

„אַנאַ מאַריאַ האָט געזען ווי איך לאָז זיך גיין צו די ליכט. איך האָב קוים דערהערט איר קול: „דאָנט! דאָנט!! (ניטע, ניטע) סע וועט זיין אַ שלעכטער סימן !”.

„איך האָב שטענדיק געוואוסט וואָס איך דאַרף טאָן. איך האָב אַלץ פון פריער אויסגערעכנט און עס איז שטענדיק געווען ווי איך האָב אויסגע־פּלאַנעוועט. איצט בין איך געשטאַנען צווישן די ליכט און אַנאַ מאַריאַן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. זי, די איטאַליענערקע, האָט שוין געזאָגט.

— האָסט ניט געטאָרט אַוועקגיין. ניט געטאָרט. איך האָב געזען אַזעלכע זאַכן, איך האָב געזען ווי מע פירט מענטשן צום טויט, מע שלאָגט זיי מיט בייטשן און מיט די הענטלעך פון די ביקסן. מע שלאָגט מענער, פרויען, קליינע קינדער. מע איילט די געיאָגטע. ווער עס קען ניט מיטגיין, ווערט דערשאָסן. זיי פאַלן און די טרעטנדיקע שפּאַנען איבער די דערשאָסענע. מע טרייבט מאַמעס אָן קינדער און מאַמעס מיט קינדער, אַזוינע קליינינקע. זיי ווײנען, שרייען. פּלוצעם האָב איך דערזען דיך, דיך, מיין מאַן, אַזוי הויך ווי דו, שיין ווי דו. דער זעלנער שלאָגט דיך איבערן קאָפּ, איבערן פּנים. עס ווערט פאַרגאָסן דיין בלוט! אוי אוי אוי! — קרעכצט אויס אַנאַ מאַריאַ און כאַפּט זיך מיטביידע הענט ביים האַרצן.

אין שרעק האָב איך געקוקט אויף איר. איר פּנים האָט זיך פאַרענדערט. אַ יידיש פּנים האָב איך דערזען פאַר זיך.

— אַנאַ מאַריאַ! — האָב איך אויסגערופן — וואָס רעדסטו ?!

— וואָס איך רעד? — האָט זי געפרעגט און זיך צעוויינט. און וויינענדיק זיך איינגעקוקט אין מיר: „דו דו האָסט דאָך געקענט געווען זיין דאָרטן, מיט אַלע יידן. און דו ביסט מיט מיר, מיט מיר, מיין מאַן, מיי באָי! (מיין בחור) און דיין קינד וואָלט אויך געקענט זיין צווישן די געהרגעטע יידישע קינדער”.

„איך האָב געכאַפּט אַ קוק אויף אַנאַ מאַריאַס אויפגעוויירענעם בויך. „מיי גאָד! מיי גאָד!!” האָט זי אויסגערופן.

„איך בין געשטאַנען צווישן די ליכט און אַנאַ מאַריאַן. די ליכט האָבן מיך געררייצט. אַנאַ מאַריאַ האָט באַמערקט מיין בליק אויף די ליכט און מיך געבעטן און געוואָרנט: „לעש ניט אויס די ליכט. עס וועט זיין אַ שלעכטער סימן״.

„אוף״!״ האָט מיין פּאַציענט אויסגעזיפּצט און שטיל געבליבן. איך בין אויך געווען מיד. שטיל איז געווען אין צימער, שטילער איז די גאַס געוואָרן. איך האָב מער ניט געטאָרט שוויגן. וואָס זאָגט מען גרינבלאַטן? ווי טרייסט מען אים?

צו ערשט האָב איך באַשלאָסן אים צו עקזאַמענירן פיזיש. ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ קינד. „אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן״ האָב איך אים קאָמפּלימענטירט. שטרענג און ברוגזדיק האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר. ער האָט געוואַרט. איך האָב געזאָגט:

— הערט, מר. גרינבלאַט: איר האָט געזוכט ווייבלעך, מיידלעך און איר זענט מיד געוואָרן פון זיי. אין אייער געיעג זענט איר אַריין אין דער באַנק נאָך אַ נייעם קרבן זאָגט מיר ווי, פון דער העלער הויט, זענט איר צוגעטראָטן צו איר?

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען בעסער פון מיר. ער האָט אַ וואונק געטאָן מיט איין אויג, אַ לאַכעלע געגעבן און געזאָגט: „אַ גרוס פון אייער פאָטער . . .״ זי האָט ברייט צעעפענט איר גלעטנדיקע אויגן און צעטומלט געפרעגט: „ווי קומט איר צו מיין טאַטן?״

— מיין פּראָפעסיע לערנט מיך אַ סך זאַכן . . .

— איך בין פאַרזיכערט ביז איבערן קאָפּ. טוט מיר לייד.

אָפּגעזאָגט, ווי איינער רעדט, און גיי פון וואַנען דו ביסט געקומען. איך בין טאַקע אַוועק, אָבער געקומען בין איך איין מאָל און ווידער אַמאָל. וואָס ווייטער איז זי מיר מער געפעלן געוואָרן. איך האָב איך שוין דערציילט! האָט ער 3 מאָל אויסגערופן.

— איך בין אַ ייד און איך האַלט ניט פון געמישטע חתונות — האָב איך געזאָגט. — אָבער היינטיקע צייטן ווערן וואָס אָפטער געפּראַוועט געמישטע חתונות. מע מאַכט שוין מער קיין וועזן ניט דערפון.

— וואָס זאָל איך טאָן מיטן קינד? — האָט ער געפרעגט פאַרקוקנדיק צו מיר נאָך הילף.

— זעט איר? איר האָט שוין אַ פּראָבלעם.

— טאָמער אַ יינגל, זאָל איך אים מל זיין? — גרינבלאַט האָט צו להכעיסדיק מיך באַטראַכט.

— איך קען אייך קיין עצה ניט געבן. פאַרשטענדיקט זיך מיט אייער פרוי.

ער האָט זיך אָנגעהויבן אָנטאָן און זיך געהויבן איבער מיר ווי אַ לעבעדיקע סטאַטוע. איך האָב אים געפרעגט ווי ער פילט זיך. ער האָט מיר געדאַנקט, מיר באַצאָלט וויפל איך האָב געבעטן. איך האָב אים געלויבט פאַר זיין שיין רעדן. ער האָט זיך פאַרנייגט. — „אפשר וואָלט איר דאָס אַלץ אָנגעשריבן?"

— ניין, האָט ער געענטפערט און אויסגעשטרעקט זיין לאַפּע צו מיר. מיין האַנט האָט זיך באַהאַלטן אין זיינער.

— איר האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ ווירדיקער פרוי אויפן גאַנצן לעבן. זאָל זיין מיט גליק. קומט צו־זיך און גייט אָן מיט אייער אַרבעט.

ער האָט אַ שפּאַן געטאָן צו דער טיר, זי געעפנט און אַרויס אין דרויסן.

גרינבלאַטס איבערלעבונג האָט מיך צערודערט.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און פאַרשריבן די געשיכטע.

# ברודער מיינער

אונטערן „ליטעראַרישן בוים" אינעם ידישלעכן קעמפּ האָב איך געלייענט מיינע אַ דערציילונג פאַר אַ גרופּע מענטשן. ווען איך האָב פאַרענדיקט, האָט דער פאָרזיצער געבעטן ביי די צוהערער פראַגן, אָדער קאָמענטאַרן. עס זיינען געקומען געציילטע באַמערקונגען. איך האָב געוואַרט אויף נאָך. איך האָב באַטראַכט דעם קליינעם עולם, מעררסטנס עלטערע מענטשן.

ווער נאָך? — האָט דער פאָרזיצער געפרעגט. שטיל. קיינער האָט זיך מער ניט אָנגערופן. איך האָב זיך צוגעבויגן צו מיינע כתבים. דאָ האָב איך דערהערט מיין פאָרזיצער פרעגן: „יעס?" איך האָב אַ קוק געטאָן פאַר זיך און דערזען אַ ריין־אויסגעגאָלט מענלעך פּנים. אויף מיר האָבן געקוקט אַ פּאָר שוואַכע אויגן הינטער שווערע ברילן. ער האָט נאָך געהאַלטן די האַנט אין דער הויך אויף צו בעטן אַ וואָרט. אַלע האָבן שוין געקוקט אויף אים. דאָ האָט ער אַראָפּגעלאָזט די האַנט און געזאָגט ברוגזלעך „נעווער מיינד", ווי ער וואָלט ניט דערזאָגט: „מ'עט זיך שוין באַגיין אָן מיין פראַגע . . . "

די פאָרלעזונג איז געווען געשלאָסן, דער פאָרלעזער — באַדאַנקט פאַרן לייענען און דעם עולם — פאַרן קומען. מיינע צוהערער זיינען זיך צעגאַנגען, יעדער זיין וועג. איך האָב זיך געלאָזט גיין צו מיין באַנגאַלאָ.

עס איז געווען באַלד צוועלף אַזייגער. די זון האָט שטאַרק געוואָרעמט. זי האָט געטרוקנט און צוגעברוינט די שפּיצן פון די הויכע גראָזן ביי מיינע פיס און די זוימען פון די בלעטער אויף די ביימער. אָבער אין די פאַרשאָטנטע ערטער אונטער די ביימער האָט זיך נאָך אַלץ געפילט די קילקייט און די פרישקייט פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט.

איך האָב דערהערט טריט הינטער זיך און אַ הייזעריקלעכע שטים האָט מיך געבעטן אַנטשולדיקונג. איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען דעם פרעגער, וואָס האָט געוואָלט פרעגן, און ניט געפרעגט. איך האָב געשמייכלט צו אים און אים דערמוטיקט.

— וואָס'ט איר זאָגן גוטס? האָב איך געפרעגט.

— איך ווייס ניט, צי גוטס — האָט ער ביזלעך אַ בורטשע געטאָן — נאָר דאָס וואָס איך וויל אייך פרעגן, האָב איך דאַרט ניט געקאָנט טאָן.

— פאַרוואָס נישט?

— ווייל עס האָט ניט צו טאָן מיט אייער דערציילונג.

— אַ? — האָב איך זיך געחידושט.

— איך האָב זיך ניט גוט אויסגעדריקט — האָט ער שולדיק פאַרגעזעצט.

— וואָס מיינט איר?

— איך וויל אייך פרעגן: ווי אַזוי מאַכט איר אַ דערציילונג?

— פאַרוואָס זאָלט איר זאָגן „מאַכן?" — האָב איך אַ פרעג געטאָן און גרייט געווען אים לאָזן דאָ שטיין מיט זיין אומגעלומפּערטער שאלה.

— ווי וועט איר עס רופן? — האָט ער מיך איבערגעפרעגט מיט אַן אַרויסרוף.

זיין עזות האָט מיר אָנגעהויבן געפעלן צו ווערן. דערקלערן אַזאַ איינעם,

ווי אַזוי ליטעראַטור ווערט געשאַפן, בין איך ניט געווען גרייט און קיין חשק דערצו ניט געהאַט. איך בין גאַר געוואָרן פאַראינטערעסירט מיט זיין געוואַגטקייט און איך האָב געזאָגט:

— איך זע, אַז דער שוך קוועטשט אייך . . . קומט אַרויס מיט אָפענע דיבורים און זייט ניט אַזוי ערנסט.

— ס'עט נעמען לענגער, ווי אייער מעשה — האָט ער זיך ווי געררייצט מיט מיר.

— וואָס וועט נעמען לענגער?

— מיין מעשה — האָט ער געזאָגט, און דורך דעם טונקעלען, פאַרטרויערטן פּנים האָט דורכגעלויכטן אַ בלייכער אָפּשיין פון אַ שמייכל. די שוואַכע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן מיט אַ צולהכעיסדיק קוקעלע און ער האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: — ביזן עסן איז נאָך דאָ אַ גאַנצע שעה. קומט אַריין אין מיין „באַנק" . . . — ער האָט אויסגעפּרואווט . . . ער האָט זיך פאַרהאַקט און צוגעגעבן: — פּליז!

אויף מיר האָט געוואָרט „אַ לאַנגע מעשה". איך האָב זיך אונטערגעגעבן.

אין זיין קעמפּ־שטיבל האָט דער מענטש זיך מיט איין מאָל פאַרענדערט. ער איז מיר געוואָרן אַן אמתער מכניס אורח. ער האָט באַלד געשטעלט אויפן קליינעם טישל בראָנפן און אַ פּאָר קיכעלעך צום פאַרבייסן. ער האָט געפאָדקעוועט אַרום מיר מיט אַזאַ פּנים, ווי ער וואָלט לעבנלאַנג אויף מיר אַרויסגעקוקט.

איך בין ניט קיין טרינקער, אָבער איך האָב אים ניט געקענט באַליידיקן און איך האָב געמאַכט אַ לחיים. אויף זיין דערציילונג האָב איך לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. הגם עס איז אַ מעשה, ווי מע זאָגט, „פונעם אמתן לעבן", וועל איך זי איבערדערציילן אויף מיין שטייגער. איך וועל גאָרניט צוגעבן, און אַרונטערנעמען וועל איך נאָר איבערחזרונגען און סתם איבעריקע רייד, וואָס מע דערלויבט זיך אין אַ געשפּרעך און וואָס קענען אין אַ געשריבענער דערציילונג ניט געמאָלט זיין.

* * *

— גוט וואָס מיין פאַרטנער איז אַוועק שווימען — האָט ער אָנגעהויבן — וועל איך זיך קאָנען פילן פריי. — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער צוגעמאַכטער טיר און אויף די פאַררעשאָטקעוועטע פענצטער. זיין גרויס, האַרטלעך פּנים האָט אויסגעדריקט שוואַכקייט און פאַרלוירנקייט. די אַלטע אויגן הינטער דיברילן האָבן געקוקט אויף מיר שולדיק. מיין נייגעריקייט איז געשטיגן. איך האָב מיט אַ שמייכל געפרעגט: „וואָס איז מיט אייך?"

„— איך ווייס ניט ווי אָנצוהייבן – האָט ער זיך מודה געווען. — געקוקט אויף אייך עטלעכע טעג און זיך געקליבן אייך דערציילן, און איצט . . .

— פון וואַנען קומט אַ ייד? — האָב איך געפרעגט און געהאָפט, אַז מיין פראַגע וועט אים געבן דעם אמתן שטויס אָנצוהויבן רעדן. כ'האָב געטראָפן . . .

— פון זשיוועטעוו, טאַראשטשער אויעזד, קיעווער גובערניע — האָט ער מיט חשק אַן ענטפער אָפּ געטאָן, און אין דעם טאָן, ווי ער האָט די עטלעכע ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָב איך דערפילט אַ בענקשאַפט און עס

האָט מיר געקלונגען, ווי ער וואָלט איבערגעזונגען אַ ליד פון זיין יוגנט. ער האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געקווייקלט, זיך געדרייט אַרום דעם אָנהויב פון דער דערציילונג, און דאָ גאָר מיך געפרעגט — האָט איר געהערט פון זשיוועטעוו?

— ניין — האָב איך זיך מודה געווען. ער האָט זיך באַליידיקט, אַ מאָל אַפּ געטאָן זיין זשיוועטעוו מיט די שיינע יידן און מיט דער אינטעליגענץ... ער האָט אויך ניט פאַרגעסן די גרויסע אָזערע מיט די ווערבעס אַרום... די „גאָרקע״, דאָס בערגל, וואו די יונגוואַרג האָט אין די שבתים שפּאַצירט און אין געהיים געזונגען די מאַרסעליעזע... די צוויי רבנים, דעם דיין, די גרויסע שול... „איר האָט נאָך אַזאַ שול ניט געזען!...״

אַ קוואַל, טאַקע ווי עס שטייט געשריבן „כמעין המתגבר״ האָט זיך ביי מיין דערציילער געעפנט.

— אָבער די סליאָטעס, די אָרעמקייט? — האָב איך געפּרוּווט אָראָפּדינגען.

— איר זענט טאַקע גערעכט — האָט ער צוגעגעבן. — יאָ, די גרויסע אָרעמקייט, די מורא פאַר די גוים, באַזונדער נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, איז געווען גרויס. אָבער מיר האָבן געלעבט, געלעבט און געהאָפט. דער בטחון אויף ישועות ונחמות איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די אָרעמקייט און די מורא האָבן אונדז ניט פאַרשטערט די שבתים און די יאָנטויוויס. אוי, די שבתים! מיין גאָטזעליקער פאָטער איז קיין בעל מלאכה ניט געווען, אָבער מיט זעקס קינדער קען מען קיין מיוחס ניט זיין, פלעגט ער זונטיק זיך אָוועקלאָזן איבער די דערפער און פרייטיק קומען מיט אַ זאַק אָנגעלאָדן מיט כל טוב... ניט מיט איין זאַק, נאָר מיט צוויי, אַריבערגעהאָנגען איבערן אַקסל, איינער אויף דער געבויגענער פּלייצע, און דער אַנדערער — אויפן ברוסטקאַסטן. איין זאַק האָט געשמעקט מיט עסן, און דער אַנדערער, זאָלט איר מיר מוחל זיין, האָט שוין גאָרניט געשמעקט... דאָרט זיינען געלעגן פעלעכלעך פון טויטע האָזן, שטשעטינעס פון חזירים און אַמאָל אַ פעלעכל פון אַ טכויר... די קינדער דאָ, אין אַמעריקע קוקן ניט אַזוי אַרויס אויפן סאַנטאַ קלאָז, ווי מיר האָבן אַרויסגעקוקט אויפן טאַטן און אויף זיין פולן זאַק מיט שפּייז.

„איך בין געווען דער עלטסטער און מיך האָט דער טאַטע מיטגענומען אויף די דערפער, ווען איך בין נאָך קיין צוועלף יאָר ניט אַלט געווען. לכתחלה איז מיר מיין נייע ראָל אין לעבן שטאַרק געפעלן געווען: פּטור געוואָרן פונעם חדר, געהאָלפן דער משפחה מיט פּרנסה און — מיט איין מאָל געוואָרן אַ גאַנצער מאַנסביל. נאָר שפּעטער איז מיר דאָס וואַנדערן געוואָרן שווער. צום מערסטן האָב איך געליטן פון די הינט און פון די שענדלעכע לידלעך, וואָס גוישע קינדער האָבן אונדז נאָכגעזונגען... אין יעדן דאָרף דאָס אייגענע לידל.

„אין די דערפער, וואו עס זיינען געווען יידן, האָבן מיר אויסגעמיטן צו נעכטיקן ביי גוים, אָבער אין אין דאָרף זיינען קיין יידן ניט געווען. פלעגן אונדז די פּויערים באַלייגן, זומער אין די קלוניעס, און ווינטער — אויפן ערדענעם דיל, אין הויז אויף שטרוי.

„דאָס ווינטערדיקע גייעניש איז געווען אַן אָפּקומעניש. דערפאַר אָבער זומער־לעב — וואָס זאָל איך אייך זאָגן ? . . . די קילע פּאַרטאָגן, איך מיין, די לויטערע די זוניקע ! . . . אָ, ווען איך בין פון אייערע לייט ! וואָלט איך עס אַ מאָל געטאָן . . . נו, בין איך ניט מער, ווי אַ פּאַריער, וואָס קאָן בלויז לייענען . . .דאָס באַשרייבן און באַמאָלן וועל איך לאָזן פאַר אייך . . . עס איז ניט מיין פאַך . . .

„צום דאָרף אַניוּוקע פלעגן מיר דאַרפן צוקומען, פריער מיט אַ באַרג אַרויף און אין דאָרף אַריין — מיט אַ באַרג אַרונטער. מיר פלעגן זיך הויבן באַרג אַרויף, און וואָס העכער מיר זיינען געשטיגן, אַלץ גרעסער איז די וועלט פאַר אונדז געוואָרן, גרעסער און שענער. אינעם טאָל פאַר אונדז און ביי די זייטן האָבן מיר שוין געקאָנט זען מער ווי איין דאָרף, און יעדער דאָרף איז מיר באַקאַנט געווען. נאָר איין דאָרף, מיט אַ ווייס־געפאַרבטן פריצישן הויף, אַזאַ הויכן מיט טורעמלעך, איז מיר פאַרבליבן פרעמד: אַהין האָבן מיר זיך קיינמאָל ניט אַראָפּגעלאָזט. פאַרוואָס ? דאָס האָב איך זיך דערוואוסט ערשט, ווען מיין טאַטע איז פון אונדז אַוועק אויפן עולם האמת, און איך האָב איבערגענומען די גאַנצע פרנסה.

איך האָב, געדענק איך, אַמאָל אַ פרעג געטאָן דעם טאַטן, פאַרוואָס ער מיידט אויס דאָס דאָרף. האָט ער מיר גלייך ניט געענטפערט, מיך בייז אָפּגעמאָסטן מיט זיין שטרענגן בליק און אַ זאָג געטאָן: „אַלצדינג ווילסטו וויסן . . .” איך בין טאַקע געווען צו יונג, אַז איך זאָל אַלץ וויסן. האָב איך מער ניט געפרעגט, ניט געוואָגט. דאָס אויסמיידן דאָס דאָרף איז שפּעטער געוואָרן, ווי זאָל איך אייך זאָגן ? . . . אַ נאַטירלעכע זאַך.

„אַזוי זיינען אַריבער אַ פּאָר יאָר. איך האָב שוין געהאַט מיטגענומען מיינע תפילין אויפן וועג און איך האָב שוין געדאַווענט אין פעלד אויף אויסוויניק, ווי אַ דערוואַקסענער. איך האָב געפילט, אַז איך ברענג צו אַ היפשן חלק צו דער פרנסה. דער טאַטע, האָב איך געזען, איז שטאָלץ מיט מיר. האָב איך זיך איין מאָל איינגעשטעלט און אים אַ פרעג געטאָן, בשעת מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען דאָס פאַרזעענע דאָרף, — פאַרוואָס און פאַרוואָן . . .

„ — אַז דו ווילסט וויסן, זינו, וועל איך דיר זאָגן: אַ גוי דאָרט טראָגט אַ כראָפּ אויף מיר.

„ — אַ כראָפּ ?! — האָב איך איבערגעפרעגט מיט שרעק, מחמת אַ כראָפּ האָט געמיינט טויט־שנאה. עס איז מיר געווען שווער צו גלויבן: איך האָב געזען, ווי די פּויערים האָבן זיך באַצויגן צו מיין פאָטער. זיי האָבן אים גערופן „דער ערלעכער ייד”. קיין בעסערן אָטעסטאַט האָט זיך קיין ייד ניט געקענט ווינטשעווען. זיין גוטער נאָמען איז מיר בייגעשטאַנען נאָך זיין טויט. איך האָב נאָר געדאַרפט אַ זאָג טאָן, אַז איך בין שמעונס זון, און דאָס איז געווען גענוג, איך זאָל קריגן, וואָס איז מיר געווען נויטיק . . . — אָבער פאַרוואָס, טאַטע ???

— פרעג ניט קיין קשיות ! — האָט זיך דער טאַטע אַ בייזער געטאָן. איך האָב אים געפאָלגט.

פאַרשטייט איר דאָך, אַז ווען איך האָב אָנגעהויבן אומצוגיין איבער די דערפער, האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט אין יענעם מקום. איך האָב זיך

באַצייטנס באַזאָרגט מיט פאַרלייקענען מיין נאָמען, אַז יענער בייזער פויער זאָל ניט אויסלאָזן זיין כעס צו מיר.

„לאַנג אַזוי אַנגיין האָב איך ניט געקענט און ניט געטאָרט: פויערים זיינען פאַרדעכטיק אויף פרעמדע. דערצו איז שוין דאַמאָלט געווען מלחמה־צייט. דער דאָרפישער סטאַראָסטע האָט מיך שטרענג געפרעגט אויף מיין פּאַספּאָרט. פּאַספּאָרט? מיר איז גאָרניט איינגעפאַלן, אַז צו זיבעצן יאָר דאַרף איך שוין האָבן אַ צייגעניש. איך האָב זיך דערשראָקן און אַ זאָג געטאָן: „און איך בין, פּאַני סטאַראָסטע, ניט קיין פרעמדער. איך בין שמעונס זון". „שמעונס זון?" האָט ער איבערגעפרעגט און איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך דערפרייט און אָנגעהויבן לויבן מיין פאָטער.

„ — וואָס מאַכט עפּעס דיין באַטקאָ? — האָט ער געפרעגט.

„איך האָב זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן צוגעוואוינען צום בראָך, וואָס האָט אונדז געטראָפן. נאָר ווען איך האָב דערהערט די לויב־געזאַנגען און דאָס נאָכ־פרעגן זיך אויף מיין גאָטזעליקן פאָטער, האָב איך דערפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז און — טרערן אין מיינע אויגן. איך האָב געוואָלט רעדן, און ניט געקענט.

„ — דו וויינסט גאָר, יונג איינער? — האָט מיך דער בערדיקער סטאַראָסטע מיט אַנטייל געפרעגט. — וואָס־זשע, עפּעס שלעכטס מיט אים געשען?

„איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

„ — אפשר געשטאָרבן?

„ — יאָ — האָב איך קוים אַרויסגערעדט און איך האָב געזען, ווי דער סטאַראָסטע טוט אויס דאָס היטל, צלמט זיך. דאָס הימלשע קעניגרייך אים!" האָט ער שטרענג און פרום געזאָגט. ער האָט געשנייצט די היפּשע נאָז, זי געווישט מיטן קילעק און טרערן האָבן זיך געוויזן אין זיינע גרויע אויגן. מיט אַ געבראָכן קול האָט ער געפרעגט, ווען מיין טאַטע איז געשטאָרבן. ווען איך האָב אים געזאָגט, שוין באַלד אַ יאָר, האָט דער סטאַראָסטע זיך געחידושט.

„ —איך פאַרשטיי ניט — האָט ער ווי געצווייפלט. — דו זאָגסט אַ יאָר. און ער איז שוין ביי אונדז ניט געווען אַ יאָר פיר, פינף . . . כּמ . . . פאַרוואָס האָט ער אויפגעהערט קומען צו אונדז? — ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, מיך באַטראַכט ווי ער וואָלט מיר ניט געגלויבט און ווידער געפרעגט „פאַרוואָס?!" ער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער. וואָס האָב איך אים געקאָנט זאָגן? די זעלביקע פראַגע האָב איך זיך שוין לאַנג געשטעלט, און קיין תשובה ניט געהאַט. געבן דעם סטאַראָסטע מיין טאַטנס תירוץ, האָב איך זיך געשעמט. וואָלט איך געוואוסט, ווער דער טויטלעכער שונא איז געווען, וואָלט איך אפשר געווען געזאָגט, אַז דער און דער האָט זיך פאַרקריגט מיט מיין פאָטער. האָב איך זיך מודה געווען, אַז איך ווייס ניט. דער סטאַראָסטע, האָב איך געזען, האָט מיר יאָ געגלויבט, און ניט געגלויבט . . . „אפשר ווייסטו טאַקע ניט" האָט ער אַ זאָג געטאָן און מיך פאַרבעטן צו זיך.

די סטאַראָסטיכע האָט זיך דערפרייט מיט מיר. זי האָט אויף אַ קול באַוויינט מיין טאַטן און מיר געווינטשעוועט, איך זאָל זיין אַזאַ ערלעכער

ייד, ווי מיין „באַטקאַ” איז געווען. זי האָט מיך מכבד געווען מיט אַ געקאָכט איי און מיט מילך. זי האָט געקוקט אויף מיר, זיך גוט־גוט איינגעקוקט און געזאָגט צום מאַן:

„ — דו ווייסט אין וועמען דער זשידאָק איז געראָטן? . . . אַ־נו, לאָמיך זען צי דו ווייסט . . . — האָט זי פאַרהערט דעם מאַן.

„איצט האָבן שוין בײדע געקוקט אויף מיר. איך האָב די מילך ניט געקענט טרינקען. איך האָב אָפּגערוקט פון זיך די הויכע גלאָז און האָב פאַרלוירן געשמייכלט. די סטאַראָסטיכע האָט זיך דערפרייט. זי האָט אַ פּליעסק געטאָן מיט די גרויסע הענט און געזאָגט:

„ — האָסט געזען אַ שמייכל? . . . קאָלען זדער אָקסענטעכעס!

„ — טאָקע אַזוי! — האָט דער סטאַראָסטע צוגעשטימט און צוגעגעבן:

— ענלעך, ווי אַ שטיוול אויף אַ שטיוול.

„זיין געראָטן אין אַ שגץ, איז אַוודאי ניט קיין כבוד פאַר אַ יידן. האָב איך די אַנטדעקונג אָראָפּגעשלונגען, באַדאַנקט די גוטע מענטשן פאַר דער אויפנאַמע און זיך געלאָזט גיין איבערן דאָרף. אָבער דער סטאַראָסטע האָט מיך פאַרהאַלטן און מיר פאַרקויפט צוויי האָזענע פעלעכלעך פאַר אַ שיבוש. און די ווייב זיינע האָט אַריינגעלייגט אין מיין זאַק „עפּעס צום עסן פאַר דער אָרעמער אלמנה און פאַר די יתומימלעך.”

„דער סטאַראָסטע האָט מיך באַגלייט ביז צום טויער. איך האָב אים געדריקט די האַנט און, איינגאַנצן אַ דורכגענומענער מיט דער שטאַרקער איבערלעבונג און מיט דער „אַנטדעקונג” האָב איך געפרעגט: (איך האָב געפילט, אַז מיין קול ברעכט זיך, אָבער איך האָב זיך ניט אונטערגעגעבן)

„ — האָבן דאָ אַלע ליב געהאַט מיין טאַטן?

„ — איכל דיר, בלאַפּטשע, ווינטשן, אַז דיך זאָל מען אַזוי ליב האָבן.

„ — און מיט קיינעם האָט זיך מיין טאַטע דאָ ניט פאַרקריגט? האָב איך זיך געבעטן . . . דער סטאַראָסטע האָט געלאַכט . . .

„ — ווייסטו וואָס איכל דיר זאָגן? גיי איבערן דאָרף און זאָג, אַז דו ביסט שימקאָס זון, וועסטו שוין זען . . .

„נו, איך בין געגאַנגען און האָב געזען: איך האָב נאָך אַזאַ גוטן אַזאַ מזלדיקן טאָג ניט געהאַט. איך האָב שוין געקאָנט גיין אַהיים, אַזוי פול איז מיין זאַק געווען.

„וואָס שווערער די משא איז געוואָרן, אַלץ מער האָב איך זיך געפרייט. אָבער עס איז פאַרט שווער געווען, און די צוויי זעק טראָגן צופוס אַהיים איז געווען אוממעגלעך. די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען — דינגען אַ פורל אין שטאָט אַריין. לויט דער צאָל פעלעכלעך, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, האָב איך זיך געקאָנט פאַרגינען.

„און אַזוי האָב איך ביי זיך געפועלט: פאָרן אַהיים, זיך גוט אויסשלאָפן און מאָרגן, מאָנטיק, זיך ווידער לאָזן איבער די אַנדערע דערפער. אַזוי אַרום וועל איך „מאַכן” צוויי וואָכן אין איין וואָך . . .

די פויערים זיינען אין גרופּן געזעסן אויף די פריזבעס, ביי די הייזער. די וואָס האָבן מיך פריער געזען, האָבן מיך ווידער געגריסט. דערביי האָב איך געזען ווי זיי קוקן זיך איבער . . . און די וואָס האָבן מיך צום ערשטן

מאָל דערזען, האָבן אָפּן אַרויסגעוויזן זייער חידוש. אַ פּויערטע האָט זיך מיט בײדע הענט אַ פּאַטש געטאָן איבער די פּאַרביקע באַקן און אויסגערופן: „זעט נאָר, זעט, גוטע מענטשן! ווי קאַלעניקס אַ ברודער!" און אַ צווייטע האָט זי אונטערגעהאַלטן: „אַ ברודער, זאָגסטו? . . . אַ צווילינג!"

מיין דערציילער איז מיט איין מאָל שטיל געבליבן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין ניט־דערטרונקענעם בראָנפן און זיך פאַרענטפערט:

— און איכל נעמען נאָך אַביסל . . .

— געזונטערהייט — האָב איך אים צוגעוואונטשעוועט.

ער האָט אויסגעטרונקען דעם בראָנפן ביז אַרונטער, גענומען אַ קיכעלע אין דער האַנט, אָבער ניט פאַרביסן. מיין נייגעריקייט האָט מיך ניט געלאָזט רוען, אָבער איך האָב זיך ניט אַרויסגעגעבן. ער האָט געקוקט אויפן ליידיקן גלעזל אויפן רונדן, צוגעברוינטן קיכל, ווי ער וואָלט געזוכט אַ תרופה.

ערגעץ האָט געשפּילט אַ ראַדיאָ. פון דער קינדער־אָפּטיילונג אין קעמפּ האָט זיך אַהער דערטראָגן אַ געזאַנג. איך האָב געוואַרט. מיין מכניס אורח האָט געשוויגן. מיר האָט זיך געדאַכט, ער האָט חרטה אויף זיין אָפנהאַרציקייט, אַז ווייטער וועט עס ביי אים ניט גיין. אָבער דאָ האָט ער מיך געפרעגט:

— אייך גייט אָן די גאַנצע מעשה?

— פאַרוואָס פרעגט איר?

— דערפאַר וואָס איך פיל זיך שולדיק אין באַדערן אייך מיט מיינע ריזאַטעס. איר האָט מסתמא אייערע אייגענע.

— ניין, ניין, מיין פריינט! — האָב איך אויסגערופן — איך האָב אַ געפיל, ווי איך אַליין וואָלט דאָס אַלץ איבערגעלעבט.

— וואָס מיינט איר „איבערגעלעבט?" האָט ער בייזלעך אָנגעשריגן אויף מיר — איך האָב אייך נאָך גאָרניט דערציילט, און איר . . . — ער האָט ניט דערזאָגט. איר פאַרשטייט דאָך, אַז לענגער פאַרבלייבן אין יענעם דאָרף האָב איך ניט געקענט און אפילו פאַרזאַמען זיך דאָ אַזוי לאַנג, ווי עס נעמט דינגען אַ פורל, האָב איך שוין ניט געקענט. איך האָב אָנגעהויבן „שטעלן פיס" און אינעם צווייטן דאָרף געדונגען פערד־און־וואָגן קיין זשיוועטעוו.

„איך בין נאָך געווען זייער יונג, אָבער איך האָב שוין גענוג אָנגעהערט וועגן מענער און פרויען. די יידן האָבן „דאָס" אויסגעמיטן צו דערמאָנען, סיידן אַמאָל מיט אָן אָנצוהערעניש. די פּויערים אָבער האָבן זיך באַרימט מיט ניבול פה. שקצים און יונגע פאַרהייראַטע פויערים האָבן ניט דורכגעלאָזט קיין שיקסע צי סתם אַ יונגע פויערטע, זיי זאָלן זיי ניט באַרירן. איך בין געווען שעמעוודיק, און פויערטעס האָבן פון מיר געלאַכט. אייניקע האָבן זיך מיר אָפּן אָנגעבאָטן. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל מסתמא אַריינפאַלן. פון מיינע זינדיקע געדאַנקען האָב איך זיך געפילט שטאַרק געפאַלן און איך האָב זיך שוין באַצייטנס געמוסרט. „פאַרוואָס — האָב איך זיך געפרעגט — זאָל איך ניט זיין ווי מיין טאַטע?" איך האָב אים ניט נאָר ליב געהאַט, גרויס אָפּשיי האָב איך פאַר אים געהאַט! זיין דאַוונען, זיין לערנען, זיין גאַנצער אויפפיר איז געווען שיר ניט ווי פון אַ הייליקן. קיין גראָב וואָרט, קיין בייזס, קיין קללה . . . ער האָט בכלל ווינציק גערעדט. אַ בליק זיינער

איז געווען געגוג, מיר, קינדער, זאָלן אויפהערן שטיפן. די טישן, וואָס ער האָט געפּראָוועט אין די שבתים און די יאָנטויווים . . . זיין גיין אין שול, זיך קומען פון דאָרט מיט מיר און מיינע יינגערע ברידער אַהיים, זיין געזאַנג מיט אונדז אינאיינעם. אפילו די שוועסטער האָבן מיט־געזונגען, און די מאַמע האָט דערביי אויסגעזען, ווי די שכינה וואָלט אויף איר גערוט. איך, ווי איר ווייסט שוין, בין געווען דער עלסטער און צו דרייצן יאָר האָב איך שוין אָנגעהויבן איבערצונעמען דעם טאַטנס פאַסטעמקעס. עס איז ווירקלעך געווען פון וועמען זיך אָפּצולערנען.

„איר פאַרשטייט וואָס איך דערצייל אייך? — האָט ער געהויבן זיין שטים. איך האָב אים ניט געענטפערט, נאָר מיט מיין בליק אים געמונטערט אָנצוגיין ווייטער. — איך בין געזעסן אין פור און געטריבן דעם בייזן געדאַנק פון זיך, אָבער ער האָט מיך ניט געלאָזט רוען. איך בין געזעסן אין וואָגן און איך האָב געוויינט, אָן טרערן, אָן אַ קול, עפּעס אַזוי ווי אַ שטומער. מיין אָנטרייבער, אַ באַרעדעוודיקער פויער, האָט ניט אויפגעהערט נאָכצוזאָגן שבחים מיין טאַטן און ער האָט פאַריבל געהאַט אויף מיר, וואָס איך שווייג. „אמת, אמת" האָב איך אים פאַטאַקעוועט . . איך האָב ניט געקענט, ניט געוואָלט, ניט געטאָרט גלויבן, אַז מיין פאָטער זאָל אָפּטאָן אַזאַ גרויסע זינד. „ניט מעגלעך!!!" האָב איך געהאַלטן אין איבערחזרן און די גוטע רייד פונעם פויער האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן.

„איך האָב אָפּגעמאַכט ביי זיך צו זען דעם קאַלענען . . . איך האָב ניט געטאָרט פאַרלאָזן דאָס דאָרף! . . . געדאַרפט געווען אים אָנקוקן! מאַלע וואָס ער איז געראָטן אין מיר . . . דאָס מיינט נאָך גאָרניט, טאַקע גאָלע גאָרניט! . . . איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט אַראָפּצושפּרינגען פונעם וואָגן און לויפן צוריק.

מיין דערציילער האָט זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט. די שוואַכע אויגן הינטער די שווערע ברילן זענען פון אָנשטרענגונג געוואָרן רויט, ווי נאָך אַ לאַנגען וויינען. ער האָט פאַרשטייפט אַ גרויסן, שווערן פויסט, אַ זעץ געטאָן אין טישל און אויסגערופן:

— יאָ, איך האָב אים געזען, דעם „ברודער מיינעם! . . . ." איך האָב מער ניט געצווייפלט . . . זעקס קינדער זיינען מיר געווען, ניט אין אַלץ געראָטן איינס אין אַנדערן, נאָר די מיילער אונדזערע, אונדזער שמייכל — זעקס מיילער פון איין שניט און פון איין גוסט! און איצט איז צוגעקומען קאַלען, דער זיבעטער . . . ווי אַזוי איך האָב אים דערזען און וואָס איך האָב דערביי געפילט, קען איך אייך ניט איבערגעבן.

„עס איז געווען אַ זומערדיקער זונטיק. איך בין דורכגעגאַנגען דאָס גרין־באַוואָקסענע בערגל, ביים קלויסטער, אין יענעם דאָרף. צו דער אלמנה, אָקסענטעכע בין איך געגאַנגען, זען מיין „ברודער". עס האָט זיך מיר נאָך אַלץ ניט געגלויבט . . . אָבער „ער" האָט מיר פאַרשפּאָרט אַ גאַנג: דאָ איז ער געווען מיט עטלעכע יונגען. לכבוד זונטיק זיינען זיי געווען אָנגעטאָן אין ענג־געפּאַסטע פּאַרוסינענע גאַרניטערס, שווערע שטיוול און אין הויכע קאַשקעטן מיט גלאַנציקע דאַשעקעס. שויבערס האָר, מערסטנס רוסיאַווע,

האָבן זיך געריסן פון אונטער די זומערדיקע היטלען. די אויגן דרייסטע, עזותדיקע.

„זיי זיינען ניט איינגעשטאַנען. זיי האָבן זיך געשטויסן, געבאַרעט, זיך אומגעוואָרפן, אויפגעשפרונגען, געלאַכט מיט ווייסע ציין און די קליינע צלמים אויף זייערע העלדזער האָבן העל געפינקלט.

„אַזאַ חברה אָנטרעפן איז פאַר אַ יידן געווען אַ געפאַר. איך האָב מורא געהאַט, אָבער אויסמיידן זיי האָב איך ניט געקענט. האָב איך זיך געגריסט און זיי אויפן פויערשן שטייגער, גראַטולירט מיטן הייליקן זונטיק.

„ — גיב גאָט איך דאָס זעלבע — האָט מיר איינער און אַ צווייטער געענטפערט. זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין מיר מיט חשד, ווי מע קוקט אין אַ דאָרף אויף אַ פרעמדן. און איינער און אַ צווייטער האָט אַ קוק געטאָן אויף קאַלענען און אויף מיר. אויך קאַלען האָט זיך איינגעקוקט אין מיר — און איך אין אים — און איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך שטום געווענדט מיט זיינע פאַרוווירטע בליקן צו די חברים, ווי ער וואָלט זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן אים העלפן לייזן דאָס רעטעניש. ער האָט אויסגעזען עטוואָס יינגער פון מיר, געקליידט ווי די אַנדערע יונגען. איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ טונקל־גרויען פאַרוסיגענעם גאַרניטער, אַן אַלטן און אַן אויסגעריבענעם. דער גרויער קאַשקעט אויף מיין קאָפּ איז געווען אַ יידישער. דאָ, אין אַמעריקע, רופט מען אַזאַ קאַשקעט קעפּ אין דער אַלטער היים האָט עס געהייסן קוואַטשקע. נאָר יידן און פריצים האָבן געטראָגן קוואַטשקעס. פויערים — קיינמאָל ניט. מיינע יידישע קליידער, מיינע צוויי זעק, איבערגעלייגט אויפן אַקסל און אויף דער ברוסט, מיין געבויגענע פּלייצע אונטער דער שווערקייט זיינען געווען אַנדערש. פון אונטער מיין קוואַטשקע האָט זיך קיין ווילדער שויבער ניט געריסן, אָבער מיין ענלעכקייט צו קאַלענען איז געווען צו שטאַרק, אַז מע זאָל עס ניט באַמערקן.

„איך האָב חרטה געהאַט אויף מיין נייגעריקייט. נאָך וואָס בין איך געקומען אַהער? עס איז זיכער דערפאַר וואָס איך האָב זיך די עטלעכע וואָכן נאָך אַלץ ניט געגליובט. נו, אָט שטיי איך מיט אים פנים אל פנים און איך דערהער, ווי אַ שייגעץ פרעגט מיך: „און ווער ביסטו?” און אַ צווייטער ענטפערט אים און איך זע אין זיין פנים, אַז ער האָט שוין געהערט פון מיר . . .

„ — און דאָס איז שמעונס זון — זאָגט ער און ער דערציילט אויך, אַז מיין טאַטע איז געשטאָרבן און אַז איך קויף אויף זאַכן אין דאָרף.

„איך האָב מער ניט געקענט איינשטיין און רירן זיך פון אָרט איז מיר אויך געווען שווער. איך האָב געמאַכט אַ טראָט, פריער צוריק, באַלד — פאָראויס, ווי איך וואָלט געוואָלט זיין זיכער, אַז איך בין ניט צוגעשמידט צו דער ערד . . .

„ — זייט געזונט — האָב איך אַ מורמל געטאָן און זיך געלאָזט גיין ווייטער. איך האָב הינטער זיך באַלד דערהערט אַ געלעכטער און עמעצער פון דער חברה האָט אַ זאָג געטאָן: „און דו, קאַלען ביסט געראָטן אין אַ יידן” איך האָב דערהערט דעם ענטפער און איך האָב אַ ציטער געטאָן: מיט מיין קול, האָט עמעצער געזאָגט: „דאָס איז אַ כישוף!!!”

„איך האָב זיך געטאָן אַ ריס אין מײַן גאַנג ווי אויף צו אַנטלויפן. איך האָב פאַרגעסן אין מײַן מסחר. איך האָב געשפּאַנט אַזוי גיך, אַז איך האָב דערפילט אַ שטעכעניש אין די זײַטן. דער שווייס האָט מיר די אויגן פאַרגאָסן. הינט האָבן מיר נאָכגעבילן און קינדער האָבן מיר נאָכגעזונגען דאָס שענדלעכע לידל וועגן דעם „זשיד כּאַלאַמעי". וואָס פאַרקויפט זײַן ווײַב פאַר אַ קאָפּיקע און זײַן קינד — פאַר אַ קליין טײַוועלע. עלטערע פּויערים האָבן געשריגן אויף דער קליינוואַרג און מיך האָבן זיי גערופן זיך אָפּצושטעלן און קויפן בײַ זיי זאַכן. אָבער איך האָב זיך געמאַכט ניט הערנדיק.

„און ווען איך בין אַרויס פונעם דאָרף, בין איך געפאַלן אויפן וואַרעמען גראָז און זיך אויף אַ קול צעוויינט.

עפּילאָג

מײַן דערציילער האָט זיך אָפּגעשטעלט און שווער געאָטעמט. ער האָט פאַרדריקט אַ פּויסט און אַוועקגעדרייט דאָס פּנים פון מיר. איך האָב אַראָפּגעלאָזט מײַן בליק צום דיל און געוואַרט. זײַן שטימונג האָט זיך מיר אַזוי איבערגעגעבן, אַז אויך איך האָב פאַרקוועטשט מײַן פויסט אונטערן טישל. איך מוז זיך מודה זײַן אין מײַן נאַרישקייט, וואָס שטאַמט פון דער נײַגעריקייט: איך האָב זיך ניט באַהערשט און נאָך אַ לאַנגער ווײַלע שווײַגן, האָב איך געפרעגט פאַרגנבעט:

— און זי, די אָקסענטעכע האָט איר געזען?

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ קוק, ווי פון מיר האָט ער אַזאַ פראַגע ניט דערוואַרט. ער האָט פאַרקוקט צו מיר, ווי ער וואָלט זיך בײַ מיר געבעטן, איך זאָל אים פאַרענטפערן און לייזן דאָס גרויסע רעטעניש, וואָס האָט אים אַלע יאָרן געדריקט. ער האָט געוואַרט.

דאָס שײנע, דערהויבענע געשטאַלט פון זײַן פאָטער האָט געשוועבט דאָ, צווישן מיר און אים. איך וואָלט דעם פאַרזינדיקטן באַדאַרפט ריינוואַשן, זאָגן עפּעס, וואָס זאָל דעם זון טרייסטן. מײַן געדאַנק האָט האַסטיק געאַרבעט. איך האָב מער ניט געטאַרט וואַרטן, איך האָב מער ניט געקענט וואַרטן . . . אָבער וואָס האָב איך געקאָנט צוקלערן? סײַדן זאָגן, אַז די ענלעכקייט פונעם שייגעץ צו אים, איז געווען אַ צופעליקע, אַז ענלעכקייטן פּאַסירן אפילו צווישן מענטשן, וואָס לעבן אין פאַרשיידענע קאָנטינענטן.

איך האָב געקוקט אין די בעטנדיקע פרעגנדיקע אויגן פון מײַן דערציילער. איך האָב שוין אפילו געמאַכט אַ מינע אויף אָנצוהויבן רעדן, אָבער איך האָב געפילט, אַז קיינע פאַרענטפערונגען וועלן דאָ ניט העלפן, און איך האָב שווער געשוויגן.

# אין אַ ליכטיקער נאַכט

איך בין אַלט זעכצן יאָר און איך לערן לשון קודש און רוסיש אין דאָרף בוהיוּוקע. מיינע תלמידים פרייען זיך מיטן אָנקום פון פרייטאָג. דער נאָמען פאַסט טאַקע דעם טאָג: מע זאָגט דאָס דאָווענען פון קבלת שבת, מע מאַכט עטלעכע מאַטעמאַטישע חשבונות און פּטור אָן עסק. איך וואָלט זיך אויך באַדאַרפט פרייען מיט ערב שבת, האָב איך אָבער צוגעזאָגט מיין טאַטן, אַז איך וועל זיך צוגרייטן פאַר פיר קלאַסן גימנאַזיע. איך האַלט וואָרט און נעם לעקציעס ביים היגן גלחס זון ניקאָליי. איז דאָס וועטער שלעכט, לערן איך, נאָר ווען די זון טוט אַ שיין, גיי איך קיין טשערניאַווקע. וואָס גיי איך אַהין? אַז איר וועט קיינעם ניט אויסזאָגן, וועל איך איך דערציילן. איך בין זעכצן יאָר אַלט און מיין דאָרטיקע תלמידה — פערצן. ווי הייסט זי? חנה הייסט זי. וואָס גיי איך צו חנהן? גלויבט מיר, איך וויס ניט. אין טשערניאַווקע זענען דאָ מיידלעך, אין בוהיוּוקע זענען זיי דאָ. די גאַנצע וועלט איז פול מיט מיידלעך, נאָר איין חנה אינטערעסירט מיך. איר ערנסטער בליק, איר באַלעזנקייט אין רוסיש און אוקראַיניש, איר געזאַנג, איר איבערגיין פון ערנסט אויף שפּאַס און איר קלינגענדיק געלעכטער, האָט זי מיך געפאַנגען.

ניקאָליי האָט מיך פאַרהאַלטן ביז די זון איז שוין געהאַנגען איבערן מערב־ראַנד. עס איז געווען שניטצייט. פּויערים מיט זייערע ווייבער און גרעסערע קינדער, האָבן געשניטן די ליכטיקע זאַנגען און זיי געבונדן אין גאַרבן. איך האָב זיי געוואונטשן גאָטס הילף און זיי האָבן פריילעך געענטפערט אויף מיין באַגריסונג.

איך האָב געבענקט נאָך אַ פור, וואָס זאָל מיך פירן נאָענט צו טשערניאַווקע. ווי אויף להכעיס, זענען אָנגעפאָרן פּויערים אַקעגן מיר. זיי האָבן געשמייכלט צו מיר און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי לאַכן פון מיר. ערשט ווען די זון האָט שוין האַלב געזונקען, האָט זיך באַוויזן אַ פּויער. „ווילסט אונטערפאָרן?" האָט ער מיך געפרעגט.

יאָ — האָב איך מיט חשק געענטפערט.

דער פּויער האָט אָנגעצויגן די לייצעס און די פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איך בין אַריין אין וואָגן. דער פּויער האָט אַ צמאַקע געטאָן צו די פערד. זיי האָבן מאָמענטאַל געפאָלגט דעם באַלעבאָס און האָסטיק אַ שלעפּ געטאָן דעם וואָגן. אַ היפּשע ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן. איך האָב דערזען ווי דאָס זוניקע פעלד האָט זיך אויסגעבלייכט. עס האָט אָנגעהויבן טונקלען, ווי אָן אַנזאָג אויף אָוונט. איך האָב זיך איינגעקוקט אין דער ווייט און דערזען אַ סילועט פון אַ מענטשן. צי דערווייטערט ער זיך פון אונדז, צי גייט ער אונדז אַנטקעגן? איך האָב געפרעגט דעם פּויער:

— דאָרט ווייט זע איך אַ מענטשן גיין.

— און איך זע. קוק זיך איין — דוכט ער מיך שוין — וועסטו אויך זען.

ערשט אין עטלעכע מינוט אַרום דערזע איך דעם טונקעלן סילועט פון

אַ פוסגייער. מיר יאָגן אָן אַ הויכן, בלאָנדן סאָלדאַט אין אַ פאַרביקער מיליטערישער אוניפאָרם. מיט אַ שווערד.

— אַ סאָלדאַטקל! — רופט פריילעך אויס מיין פויער — און וואוהין גייט עס אַ סאָלדאַטיקל אין אַ פינצטערן אָוונט?

— קיין סאלאָדובעווקע — זאָגט דער זעלנער.

— וואוהין?! — שרייט אויס דער פויער. ער שטעלט אָפּ די פערד, שפּרינגט אַרונטער פונעם וואָגן און כאַפּט קושן דעם זעלנער. — אַנאַטאַשאַ! — שרייט ער אויסער זיך. — אין דער פינצטער האָב איך דיך נישט דערקענט. — דער פויער וויל אים ווידער קושן. דער זעלנער שטרעקט אויס די האַנט, דער פויער כאַפּט זי אָן, טרייסט זי און זאָגט „אַט וועסטו דערפרייען טאַטע־מאַמע!"

דער נייער פּאַסאַזשיר זעצט זיך אַריין אין וואָגן. צום אנטרייבער האָט ער גערעדט האַלב אוקראַיניש און האַלב רוסיש, צו מיר, ווי צו אַן אומבאַקאַנטן רעדט ער בלויז רוסיש. ער מאַכט טעותן, אָבער מיך אַרט נישט.

מיר פאָרן אַ טיפן באַרג אַראָפּ. דער פויער שטייגט אויס און האַלט די פערד. ווען דער באַרג אַרויף איז צו הויך, גייען מיר שוין אַלע דריי אַרונטער פון וואָגן און שטופּן אים אונטער.

און אָט זענען מיר ווידער אויף אַ גלייכן וועג. עס הערט זיך דאָס בילן פון הינט און עס פאַרשמעקט מיט געברענטער שטרוי.

— און וואוהין גייט עס אַ יונגער מענטש? פרעגט מיר דער זעלנער. אפשר צו אַ מיידעלע?

אַ גליק וואָס עס איז פינצטער. מ׳וואָלט געזען ווי מיין פּנים ברענט פון אַ הייסער רויטקייט.

— איר שוויגט? — זאָגט דער נייער פּאַסאַזשיר — אַ סימן איר שטימט צו . . . נו, איז וואָס? פאַרענטפערט ער מיך. — איך האָב אויך אַ זאַזוליע — ער ווענדט זיך צום פויער — און איר מאַכטיי?

— איך — מאַכט יענער — צו דער ווייב — עס זעט אויס ווי ער וואָלט זיך געקלאָגט אויף זיין מזל . . . — דו, אַנטאָשע צו אַ זאַזוליע, דער זשידאָק צו אַ זשידיוואָטשקע, און איך? . . .

— מאַכטיי, איר האָט אַ גוט ווייב און אַ גוטע אַרבעטאַרין.

מאַכטיי שוויגט. ער טוט אַ טרייב די פערד. זיי צעלויפן זיך. דער וואָגן וויגט זיך. די פערד רייסן אויף דעם שטויב מיט זייערע קאָפּעטעס. פון ערגעץ פאַר אונדז שווימט אויף אין דער פינצטער אַ שוואַך פלעמל און עס זעט אויס ווי עס שווימט צו אונדז.

אין אַ האַלבער שעה אַרום שטעלט זיך דער פויער אָפּ.

— דאָ — זאָגט ער מיר — דאָ דאַרפסטו אַראָפּגיין. איך פאָר גלייך, און דו — לינקס. ווו איז דיין גריוועצע?

זיין האַנט שטרעקט זיך צו מיר. זי איז שוואַרץ ווי מיר, די מענטשן. דער וואָגן, די פערד און אַלץ אַרום. חוץ דעם הימל איבער אונדז וואָס פינקלט מיט שטערן צווישן די כמאַרעלעך.

דער פויער טוט אַ קליין שפּיעלע אויפן געלט און לייגט עס אַריין אין דער קעשענע פון די ברייטע הויזן.

איך גיי אַראָפּ. ערשט דערזע איך ביי ביידע זייטן וועג בוימער. אַ שטילער ווינט טוט אַ קילן אָטעם אויף מיין פאַרשטויבט פּנים. איך שטיי אָנ־געשפּאַרט אין וואָגן און פיל, אַז דאָס האַלץ איז פייכט. „זאָל זיין, עס האָט דאָ גערעגנט?” — פרעג איך. מאַכטיי און אַנטאָשע צעלאַכן זיך.

— דאָס איז גאָטס געשאַנק צו דער ערד — זאָגט מאַכטיי. דאָס איז ראָסע, און ראָסע איז אַ ברכה פאַר דער ערד.

איך געזעגן זיך מיט די פריינטלעכע מענטשן און לאָז זיך גיין.

— און וואו איז אייער שטעקן? — פרעגט מיך אַנטאָשע.

— איך האָב נישט — בין איך זיך מודה.

— אַך, אַך, אַך! באַדויערט מיך דער סאָלדאַט. ער שפּרינגט פלינק אַרונטער פונעם וואָגן. גייט צו צום נאָענטסטן בוים, כאַפּט אָן אַ צווייג מיט זיין שטאַרקער האַנט. נעמט אַרויס די שווערד פון שייד, האַקט אָפּ די צווייג, רייניקט זי אָפּ פון די בלעטער, גיט מיר דאָס געווער אין מיין האַנט און ווינטשט מיר אַ גוטע נאַכט.

די ביימער ביים וועג זעען מיר אויס ווי שוואַרצע ווענט. דער שטעקן אין מיין האַנט איז פייכט. איין בלעטל אויפן שטעקן האָט די שווערד אויס־געלאָזט. עס איז נאַס. איך שמעק עס. עס האָט נישט קיין ריח.

איך פאַרקערעווע זיך צו טשערניאַווקע. די שוואַרצע ווענט וואָס די ביימער האָבן געשאַפן, סטייען נישט. עס ווערט מיר ליכטיק אין די אָנגע־שטרענגטע אויגן. אַזוי אַז איך דערזע דעם וועג אונטער מיינע פיס און דאָס טונקעלע גראָז ביי דער זייט פון וועג.

וואָס איז דאָ געשען? . . . איך קוק אויפן הימל און צווישן צוויי וואָלקנדלעך קוקט גלייך אויף מיר אַ האַלבע לבנה, אַ היפּש ליכטיקע, עס איז מיר גוט! איך זינג דעם אוקראַינישן ראָמאַנס „לבנה. אַ גאָט! / און לויטערע שטערן, / ליכטיק כאָטש נאָדלען גיי קלייב. / קום. מיין געליבטע. אַ מידע פון פראַצע. / כאָטש אויף אַ ווײַלינקע קום!

און אַזוי זינגענדיק בין איך אַריין קיין טשערניאַווקע. די לבנה איז ווידער אַריין צווישן די וואָלקנדלעך, אָבער מיר איז געוועזן ליכטיק.

מיין האַרץ, מיין האַרץ! פאַרוואָס פלאַטערסטו אין מיר? . . . אָט זע איך שוין דאָס הויז פון בערל טשערניאַווקער. אָט איז די ברייטע נידעריקע טיר. ווי אַזוי וועל איך וואַגן אָנקלאַפּן און אויפוועקן מענטשן פונעם שלאָף? איך בין געשטאַנען ביי דער טיר. אין מיטן פאַדוויר איז געלעגן די קו. זי האָט מיך באַטראַכט, און מיר האָט זיך געדאַכט אַז זי פרעגט מיך: „וואָס טוסטו דאָ אין מיטן דער נאַכט? . . . אַ הון האָט זיך אויפן בוידעם דורכגעוואָרפן פון שלאָף אַ סאַקאָטשע געטאָן און עס איז שטיל געוואָרן.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. קיינער האָט נישט געענטפערט. אפשר האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב געקלאַפּט? . . . איך האָב דאָך עס געטאָן מיט דער האַנט. האָב איך שוין דערלאַנגט עטלעכע קלעפּלעך מיט מיין שטעקן. איך האָב אַ קוק געטאָן צו די פענצטער, און אין איינעם פון זיי דערזען בערל טשערניאַווקערס בערדיק פּנים ווי צוגעקלעפּט צו דער טונקעלער שויב. דאָס פּנים האָט זיך אָפּגעריסן פונעם פענצטער. איך האָב דערהערט טריט. די טיר האָט זיך פאַר מיר געעפנט און בערל האָט בייזלעך געפרעגט

„אזוי שפעט ?" איך האָב נישט געקענט ענטפערן. איך האָב קוים צונויפגענומען דאָס ביסל מוט וואָס איז ערגעץ אין מיר פאַרבליבן און אָנשטאָט ענטפערן, האָב איך געוואונטשן בערלען „גוט אָוונט".

— גוט אָוונט, גוט יאָר — האָט בערל, כאָטש פאַרשלאָפן, דאָך געשפאָסט — ס'קאָצל קומט . . .

ער האָט געעפנט די טיר אין צימער אַריין און איך האָב דערזען חנהס מוטער בעטן פאַר מיר אַ געלעגער אויפן סאָפקעלע ביי דער וואַנט. אויף דעם סאָפקעלע בין איך געשלאָפן אַ גאַנצן זמן. דער צוקאָפּנס פונעם געלעגער שפּאַרט זיך אָן אין אַ גרויסער, פאַליטורטער שאַפע, וואָס צעטיילט דאָס היפשע צימער אויף צוויי. אויף יענער זייט שאַפע, ביי דער זעלבער וואַנט שלאָפט חנה מיט איר עלטערער שוועסטער רבקה. די שאַפע שטייט נישט צו צו דער וואַנט, און דורך דעם גאַנץ ברייטן שפּאַלט פלעג איך זיך איבערקוקן מיט חנהן איידער מען האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ פאַרן שלאָפן, אָדער אין די פאַרטאָגן.

— וועסט זיך אויסטאָן, וועסטו פאַרלעשן דעם לאָמפּ — זאָגט מיר חנהס מוטער און פאַרשווינדט אין צווייטן צימער צו איר געלעגער. „גוט, גוט" זאָג איך צו. איך טו זיך אויס, און איידער איך פאַרלעש דעם לאָמפּ, כאַפּ איך אַ קוק אין שפּאַלט ביי דער וואַנט . . . איז דאָס אַ חלום ?!! ניין . . . חנה קוקט אויף מיר. אירע אויגן שמייכלען . . . אויף גיך האָב איך אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און זיך אויסגעצויגן אויף מיין געלעגער.

אויף מאָרגן האָב איך געפרעגט חנהן, ווי קומט זי צו זיין וואַך אין מיטן נאַכט.

זי האָט עס מיר דערקלערט ווי מען גיט צו פאַרשטיין אַ פשוטע זאַך:

— ס'האָט זיך מיר געחלומט אַז דו ביסט געקומען, האָב איך געעפנט די אויגן . . . מיין חלום איז מיר מקוים געוואָרן — האָט זי פרום צוגעגעבן.
— גאָט איז געווען גוט צו מיר. אירע שיינע באַקן האָבן זיך נישט געררויטלט. די קאַרע אויגן זענען געווען טונקעלע ווי שטענדיק. נישט אָפּצושטיין פון איר דערגרייכונג און פון איר דערהויבונג, האָב איך אַ זאָג געטאָן מיט שעמעוודיקער שטאָלץ:

— מיין פאַרלאַנג איז מיר מקוים געוואָרן.

# א

# צום רבין

דער יידישער שמיד פונעם דאָרף פאַריווקע האָט שוין לאַנג געוואָלט זיין צווישן יידן. דאָס האָט אָבער געמיינט איבערלאָזן אַ זיסע פּרנסה און אין שטאָט ערשט אָנהייבן פון אַלעף. צום אַלעם ערשטן האָט ער זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַרן יינגסטן ברודער מרדכי. יענער האָט אים אויסגעהערט, ניט ווי אַ יינגערער נאָר גאָר ווי אַן עלטערער ברודער, אָפּגעפּסקנט: „ניט אויסצובייטן אַ לעבן פון זעט אויף אַ לעבן פון נויט".

ער איז אויך געפאָרן אין שטאָט אַריין און זיך דאָרט דורכגערעדט מיט די עלטערן, מיט שוועסטער־און־ברידער און מיט די שוואָגערס . . . און אַלע האָבן זיי זיך ווי צנויפגערעדט מיטן אייגענעם פּזמון: „וואָס ווילסטו דאָ טאָן, וואָס ? . . ."

וואָס מער זיי האָבן אים איינגערעדט צו פאַרבלייבן אין דאָרף, אַלץ מער האָט ער זיך פון דאָרט געריסן. די איינציקע וואָס האָבן געהאַלטן מיט אים, זענען געווען כייקל און די אַנדערע דאָרפס־יידן. אָבער אויך זיי האָבן זיך ניט געריקט. און ווען דער שמיד האָט זיי „צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט", האָבן זיי געענטפערט: „מסתמא איז אונדז אַזוי באַשערט".

די באָבע ברײנע האָט אים אַפילו ניט געוואָלט ענטפערן אויף זיין שאלה. זי האָט זיך גאָר אָנגעבייזערט אויף אים: „גאָט שפּייזט דיך מיט מיט ווייב און קינדער — וואָס בריקעסטו זיך, וואָס ?

ערשט דאַן האָט ער זיך געווענדט צו דער ווייב, ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען ווינציקער פון אַלעמען . . . „וואָס זאָגסטו ? — האָט ער אויסגעצויגן די לעצטע זילבע, אַזוי ווי ער וואָלט דערוואַרט פון דבורהשקען אַ נאַרישקייט . . . אָבער זי האָט תמימותדיק געזאָגט: „גאָט איז אומעטום. אויב דו ווילסט אין שטאָט אַריין, איז עס מסתמא אויך גאָטס ווילן".

זי האָט זיך געקווענקלט, און דאָס האָט אים גערייצט. זי האָט געהאַט אַלע קינדער אַרום זיך. זיי זענען געווען געזונט און אַלע, חוץ דער קלייניקער זלאַטקען, האָבן געלערנט גאָטס תורה; און דער בכור, משה, האָט שוין אויסגעשריבן יידישע גאַזעטן און לשון־קודשדיקע זשורנאַלן אַזש פון וואַרשע. עס האָט זיך באַוויזן דער רוסישער ערנסטער זשורנאַל „ניוואַ". און די אַלע שיינע און איידעלע זאַכן זענען פאַרנעמלעך אַדרעסירט געוואָרן: גאָספּאָדינו מאָיסיעיו כאַנאַנאָוויטשו זאַבאַרענקו".

אויסשרייבן די בלעטער און די זשורנאַלן האָט געקאָסט געלט, אָבער אין דעם איז קיין מניעה ניט געווען. רוזשקע האָט זיך שוין פאַרגונען אַ פּויערטע, זי זאָל העלפן אין דער הויז־אַרבעט. דער ווייבס טונקל מאַגער פּנים האָט זיך אויסגעפילט. די קנייטשן אַרום מויל זענען געוואָרן קלענער און אירע טריט האָט זי געשטעלט אַזוי אַנדערש, ניט צום דערקענען. זי איז אינגאַנצן געוואָרן ניט נאָר אַביסל ברייטער, נאָר, דאַכט זיך, העכער. אויף אירע בלייכע, עטוואָס־אויסגעפילטע באַקן האָט זיך באַוויזן אַ געזונטע ראָזעווקייט.

דער לערער גוטמאַן, וואָס האָט געגרייט משהן אויף זעקס קלאַסן גימנאַזיע, האָט אויף חננ׳ס פראַגע געענטפערט: „איך קלייב זיך באַזעצן אין דאָרף; איך האָב פיינט די שטאָט . . .״

דעריבער האָט חנן באַשלאָסן צוצופאָרן צום „אייגענעם״ רבין, צום מאָנאַסטריטשער צדיק, ר׳ יהושקעלע, זאָל לעבן און מאריך ימים זיין.

דער רבי האָט אים אויפגענומען, אים געמוסרט, וואָס ער קומט ניט שוין ווער ווייסט וויפל יאָר און זיך אויסגעפרעגט אויף דער גאַנצער משפחה.

— וויפל קינדער האָסטו, זאָלן זיין געזונט?

— זעקס, ברוך השם, דריי יינגלעך און דריי מיידלעך.

— דעם נאָמען פון בכור געדענק איך: משה. דיין טאַטע איז ביי מיר פאַראַיאָרן געווען. ער באַרימט זיך שטאַרק מיט דיין יינגל. ער לערנט, ער לערנט?

— יאָ, רבי, ער לערנט זיך זייער גוט.

— נו, און די אַנדערע קינדער?

— אַלע לערנען, חוץ דער מיזינקע.

— און פרנסה? — האָט דער רבי געפרעגט.

אלחנן איז רויט געוואָרן. דער רבי האָט אים מיט חשד באַטראַכט. דער שמיד האָט געקוקט אַרונטער. ער האָט געהערט, דער רבי האָט אַ זאָג געטאָן:

— געזונט און פרנסה און תורה פאַר קינדער — וואָס־זשע פעלט דיר.

— אַ גוטע עצה, רבי! — האָט חנן זיך געבעטן.

— אַן עצה?

— יאָ, רבי, אַן עצה טובה: איך וויל זיין צווישן יידן. איך וויל זיך אַרויסציען פונעם דאָרף קיין זלידניוווקע.

דער רבי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און באַלד אַ פרעג געטאָן:

— וואָס זאָגט דיין וויב?

— אויף דעם האָט זיך כונע ניט געריכט און דעם רבינס פראַגע האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי חוזק . . . יאָ, יאָ, דער רבי לאַכט פון אים. ער האָט אַ קוק געטאָן דעם רבין גלייך אין די אויגן. זיי זענען געווען גרינלעך בלוי, לויטער און דורכדרינגלעך.

דעם קאַוואַל האָט זיך אין יענעם מאָמענט אויסגעדאַכט, אַז דער רבי ווייסט אינגאַנצן וועגן זיינע עסקים מיט דער שיינער נאַטאַלקען און פון זיין זון, וואָס ער האָט מיט איר געהאַט. דער שמיד האָט לעצטנס דערפון ניט געקלערט און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער אַליין האָט די געשעעניש פאַרגעסן. איצט האָט ער זיך אין אַלץ דערמאָנט. פון דער פאַרגאַנגענער צייט האָט מיט איין מאָל אַ שווים אַרויס געטאָן די „פּאַליסטינע״ (די פעטסטע שטיק ערד אין דאָרף), די ווערבע ביים וואַסער, נאַטאַלקעס הייס קול און זיין ברומען צו איר, ווי ער וואָלט געווען אַ ווילדע חיה. ער האָט מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם רבינס בליק. האָט ער געקוקט אויפן רבינס לאַנגער באָרד. זי האָט שוין אָנגעהויבן גראָ ווערן, אָבער איבער די ליכטיקע האָר, האָבן זיך די גראָע שווער אָנגעזעצן. דער שמיד האָט געשוויגן און ער האָט

דערביי געפילט, ווי ער דערציילט דעם רבין פון זיין גרויסער זינד און דער הייליקער צדיק הערט און הערט . . .

— וואס שוויגסטו? — האט דער רבי געפרעגט.

— דער רבי וויל וויסן וואס מיין ווייב זאגט, האט חנן זיך געמיט ארויסצורעדן די ווערטער וואס קלארער. עס איז אים געווען שווער און ער האט מורא געהאט, אז דער רבי פארשטייט אים ניט. האט ער די עטלעכע ווערטער איבערגעזאגט.

— איך הער — האט ר׳ יהושע׳לע געזאגט, און א פרעג געטאן: נו, וואס זאגט דיין ווייב?

חנן האט א שמייכל געטאן, ווי מען וואלט גערעדט וועגן א קינד.

— מיין ווייב זאגט: „גאט איז אומעטום״.

— איז זי גערעכט! — האט דער רבי זיך ווי דערפרייט און ער האט צוגעגעבן: — אוודאי איז אין שטאט הימלעכער, אבער קיין באווארעניש איז ניט דאס שטעטל און אפילו א גאראד (גרויסע שטאט) אויך ניט.

— דער רבי מיינט קעשענעוו? — האט דער שמיד געפרעגט.

— וואס דארפסטו פרעגן, וואס איך מיין? — האט דער רבי אים געמוסרט און גע׳עצהט: — פאר בשלום אהיים און זיי מצליח.

אלחנן האט זיך אויפגעשטעלט צום ארויסגיין פונעם רבינס חדר מיוחד. ער האט נאך עפעס געוואלט זאגן, און זיך געקווענקלט.

— זאג, זאג — האט דער רבי אים דערמוטיקט.

אלחנן האט דערציילט וועגן דער הבטחה, וואס ער האט געגעבן דעם פעלדשער, (ווען יענער האט געראטעוועט זלאטקעס לעבן) אז ער, חנן, וועט פארן קיין ארץ־ישראל.

— האסטו געשוואוירן ביי וואס הייליק?

— ניין, רבי. נאר געזאגט „איך בין דיר מבטיח״.

— נו, — האט דער רבי געשמייכלט, און פון דעם איז זיין געקנייטשט פנים ליכטיק געווארן — ביסטו א בטוח . . .

אונטער דעם ליכט פונעם רבינס גוטע שטרענגע אויגן האט זיך כונע דערפילט ווי א יינגל. לויטן דארפישן שטייגער, האט ער געקוקט אויפן רבינס הענט און זיך געריסן זיי קושן. אבער ער האט אפילו קיין באוועגונג ניט געמאכט דאס צו טאן, מחמת דאס איז ניט ידישלעך. ער האט זיך אזוי אויך געשעמט מיט זיין דארפישקייט. וואס וואלט דער רבי געקלערט וועגן אים? . . . ער האט זיך דאך פארקוקט אויפן רבינס הענט און געטראכט: „ווי ווייס און איידל זיי זענען!״

ביים גבאי האט ער פארן רבין געלאזט א שיינעם פדיון און געפארן אהיים.

* * *

און פון דעם טאג אן האט עס אויסגעזען, ווי דער ידישער שמיד אינעם דארף פאריוקע האט זיך לחלוטין בארואיקט און אפגעמאכט, אז ער איז א „בטוח״ ביז עס וועט קומען די צייט.

רוזשקע האָט פון פרייד אַ וויין געטאָן פון דעם, וואָס דער הייליקער רבי רעכנט זיך מיט איר עצה און אויך פון דעם, וואָס מען וועט זיך ניט דאַרפן „צעברעכן" און „שלעפן זיך מיט די בעבעכעס אין שטאָט אַריין".

עס איז אַריבער דער זומער. דער ווינטער איז געקומען. דאָס דאָרף האָט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן די פאַרשטאָרבענע. עס האָבן זיך באַנייט די „וועטשערניציעס" (אָוונטיקע הוליאַנקעס) און „דאָסוויטקעס" (איבערשלאָפן מיט דער מיידל ביי אירע עלטערן ביז פאַרטאָג).

און די אמתע דו איז געקומען ווינטער, ווען שכנות און קומעס (קוואָטערס) זענען געגאַנגען אויף האָדאָנקעס (מיטנעמען פלאַקס און אינאיינעם שפּינען).

לידער האָבן זיך ווידער צעקלונגען אין די פאַרנאַכטן און אָנגעהאַלטן ביז שפּעט אין די אָוונטן. מען האָט געפּראַוועט כאַסליערעס (חתונות) און מעדיווקער כלי זמר, אַ פידלער, מיט אַ פּייקלער, זענען געקומען און צוגעשפּילט. עס האָבן געטאַנצט ניט נאָר די מחותנים און זייערע אייגענע און שכנים, נאָר אויך פּויערים און זייערע ווייבער און קינדער אין די הייזער האָבן צוגעזונגען און צוגעטופּעט מיט די פיס . . .

אין דאָרף זענען מיט דער צייט אַרונטערגעקומען גוישע בעטלער מיט לירעס און יידישע קבצנים אויף שליטנס און צופוס.

עס האָבן זיך באַוויזן קאַצאַפּעס, וואָס האָבן קונציק פּאַרריכט טשאַוואונענע טעפּ און באַניאַקעס. ציגיינער זענען אין הויכע בוידן אָנגעפאָרן מיט ווייבער און קינדער. זיי האָבן זיך איינגעמאָסטעט (ציטוויייליק איינגעאָרדנט) באַלד אויסערן דאָרף און דאָרט אין די נעכט צעלייגט גרויסע פייערן.

יידישע „אייעריקער" (אייער־אויפקויפער), שניידער, לאַטוטניקעס און קוזשושניקעס (פעלצן־נייער) האָבן זיך געוויזן אין די גרויסע פּראָסטיקע טעג און גענייט פעלצן פאַר די פּויערים.

דאָס דאָרפישע לעבן איז ווידער געפלאָסן מיט אַ פרידלעכן שטראָם.

ב

# דער פעטער מרדכי פאַרהערט משהלען

(אַ קאַפּיטל פון דער נאָוועלע „היימלאַנד")

פאַרן רייכן, אויסגעאײדלטן שוואָגער האָט זיך דבורהשקע געשעמט דערלאַנגען דעם קאַלטן שטשאַוו מיט סמעטענע און די הייסע קאַרטאָפליעס דערביי. האָט זי דעריבער געמאַכט אַ פּרעזשעניצע (געפּרעגלטע אייער) און נאָכדעם דערלאַנגט צום טיש שטאַרקע טיי מיט אײַנגעמאַכטס פון מאַלינעס, ווײַנשל און פלוימען־פּאָווידלע.

מרדכי האָט זיך געלאָזט באַדינען. ער האָט געגעסן און געטרונקען, פאַרביסן און פאַרטרונקען מיט קליינע ביסעלעך און קליינע טרינקעלעך. ער האָט זיך געהיט בשעתן עסן ניט צו עפענען דאָס מויל. ווען ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, האָט ער עס געטאָן ערשט ווען ער האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן. דאָס טישטעך לעבן אים איז פאַרבליבן ריין. דער ברודער, דער שמיד חנן, האָט געגעסן רוישיק. ער האָט הויך געזופּט די קאַלטע פליסיקייט און מע האָט אַפילו געקענט הערן ווי ער שלינגט אַראָפּ דעם שטשאַוו. געוויינטלעך, האָט ער נאָך אַ מאַלצייט פאַרטרונקען אַ קוואָרט וואַסער, אָדער עפּלקוואַס. איצט האָט ער שמייכלענדיק באַטראַכט דעם ברודער און אַ זאָג געטאָן אויף אוקראַייניש: „דיי, באָזשע, האָסטי, אי מי פּאָזשיוועמסיא". (גיב, גאָט אַ גאַסט וועלן מיר אויך הנאה האָבן).

מרדכי האָט אַ לאַך געטאָן פונעם ברודערס זאָג, און רוזשקע האָט זיך פאַרשעמט. ביי איר איז אויסגעקומען אַזוי. מילאַ, אַז מע איז צווישן גוים, מוז מען רעדן גויש. אָבער אַז סע קומט אַ גאַסט, מעג זיין אַפילו בלויז אַ ברודער, קען מען זיך באַגיין אָן אַ גויש חכמהלע. האָט זי אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בייזן בליק און אַ שטומען בורטשע געטאָן. מדרכי'ס צירלעך־מאַנירלעכקייט האָט חננען געררייצט צום לאַכן און צום חוזק מאַכן . . . האָט ער זיך געווענדט צום ווייב:

— פּאַרוואָס, פּאַני כאַדזיאַיקע (פּריצה־באַלעבאָסטע) זאָלסטו זיך ניט זעצן מיט אונדז צום טיש און זיך אויך אוגאָשטשייען? (מכבד זיין).

רושקעס בלייכע, מאָגערע באַקן זענען פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ רויטקייט. זי האָט אַפילו ניט געענטפערט דעם מאַן און זי האָט זיך גענומען ראַמען פונעם טיש. מרדכי האָט געבעטן אַריינרופן משהן. דאָס יינגל איז אַריינגעקומען. זיין פּנים איז געווען אויסגעבלייכט און די אויגן רויט. דער פאָטער האָט אויפן זון געקוקט מיט שטאָלץ און מיט רחמנות. חנן האָט געזאָגט:

— ווען איך קוק אויף משהן, דערמאָן איך זיך, מרדכי, אין דיר. פונקט אַזוי האָסטו אויסגעזען אין די אָוונטן ביי דער זובראָווקע.

ערשט האָט רושקע געוואָגט זאָגן אַ וואָרט. איז דאָך משהלע געווען איר האָפענונג. לויט ווי ער האָט געלערנט און לויט ווי דער לערער האָט אים געלויבט, האָט ער געזאָלט אויסוואַקסן אַ מרדכי. דערפאַר האָט זי געזאָגט:

— ער זאָל נאָר האָבן דעם פעטערס מזל!

— אָמן! — האָט חנן אונטערגעכאַפּט. מרדכי האָט דערוויל אָנגעהויבן

פאַרהערן דאָס ייִנגל. משהלע האָט אַלע פראַגן פאַרענטפערט און אויף אַ צוביס האָט ער אויף אויסווייניק איבערגעזאָגט אַ קאַפּיטל משלי. שיין זענען געווען זיינע ענטפערס וועגן דער סדרה פון דער וואָך און אויך וועגן רוסישע פּאַבלען און געדיכטן. משה האָט גוט געדענקט די רוסישע גראַמאַטיק און פלינק באַרעכנט יעזוטושעווסקיס אַ מאַטעמאַטישע פּראָבלעם. נאָר ווען עס איז געקומען צו משלי און דעם ייִנגלס קול האָט הילכיק אָפּגעקלונגען „מענה רך משיב חמה, ודבר עצב יעלה אף“, זענען טאַטע־מאַמע און דער פעטער געבליבן זיצן אין זייערע פּאָזעס, ניט אַ ריר צו טאָן מיט אַן אבר. משה האָט זיך אַ וואַקל געטאָן נאָכן ערשטן פּסוק. מרדכי האָט אים געוואָלט אונטערזאָגן, אָבער דאָס ייִנגל איז גלייך „אַוועק אַ גאַנג“: „לשון חכמים תיטב דעת, ופי כסילים יביע אולת“.

מרדכי, אַזוי ווי ער האָט זיך עטוואָס אַ בויג געטאָן פאָרויס, איז געבליבן אַזוי זיצן ווייטער, מיט דער רעכטער האַנט אויפן שלייף און מיט דער לינקער אויפן טיש. רושקע — מיט דער לינקער האַנט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי דער זייט, ווי עס וואָלט זי דאָרט ווי געטאָן, דאָס מויל אירס איז געווען פאַרמאַכט און שטאַרק פאַרקרימט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט זי זיך צעוויינען. און חנן האָט אַריינגענומען זיין גרויס בערדיק פּנים אין די שוואַרצלעכע הענט. זיינע אויגן זענען געוואָרן גרעסער און פינצטערער. שטיל האָבן זיך פון די ווינקלען דורכגעשלאָגן צוויי גרויסע טרערן. זיי זענען אַ ווײַלע ווי געשטאַנען אין אַ מין ציטערדיקער דערוואַרטונג, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן אַרונטערפאַלן. אָבער זיי זענען זיך צעגאַנגען איבער די אויגן און דורך זיי, ווי דורך אַ נעפּל, האָט זיך דורכגעלויכטן אַ שמייכל, וואָס האָט גאָרניט האַרמאָנירט מיטן אָפענעם, פאַרגאַפטן מויל.

און משהלע איז דערווייל איבערגעגאַנגען פון רעציטאַציע צו ניגון און אויסגעזונגען דאָס גאַנצע קאַפּיטל.

דאָס ייִנגל האָט געענדיקט. ער האָט געוואָרט. די דריי אָקעגן אים זענען געזעסן ווי דערשלאָגענע. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט אַוודאי געמאַכט אַ טעות. ער האָט געזען דעם טאַטנס פאַרטרערטע אויגן. דער מאַמעס אויגן האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צו ווערן פייכט. נאָר דער פעטער מרדכי האָט שטרענג אַ רוף געטאָן דאָס ייִנגל צו זיך. משה האָט אַ קוק געטאָן צום פעטער. חנן האָט אים קיין צייכן ניט געגעבן.

— אַ־נו קום נאָר אַהער, בחורעץ! — האָט מרדכי געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט משהלען געוואָלט אָפּשמייסן אויף דער קני. משה האָט געוואָלט בעטן הילף ביי דער מוטער, אָבער דאָס וואָלט געווען גאָרניט שיין פאַר אַ ייִנגל וואָס לערנט שוין תנ"ך . . . ער האָט אַ שפּאַן געטאָן, איינס און צוויי . . . און אָט שטייט ער שוין פאַרן פעטער. און דער פעטער וויל עפּעס זאָגן, און ער קען ניט. שטרעקט ער אויס די האַנט צום ייִנגל און זאָגט שטיל, ווי אַ סוד:
— אַ יישר כוח!

משהלע ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. זיינע פיס ווערן אים שווער און

ער וויל זיך אַראָפּזעצן. אָבער ער שטייט גלייך ווי אַ זעלנער און וואַרט. דער פעטער זאָל אים הייסן גיין. דער פעטער נעמט משהס האַנט. ער האַלט זי לאַנג און וואַרט. אויף וואָס וואַרט ער? . . . דאָס האַרץ ביים ייִנגל קלאַפּט מיט אַ נאַגעניש. ענדלעך לאָזט אים דער פעטער אָפּ. משהלע וויל אַ לויף טאָן . . .

— וואַרט — זאָגט מרדכי. ער נעמט אַרויס פון זיין קעשענע אַ שיין בייטעלע, געמאַכט פון ליכטיק־געלן לעדער. דאָס „מויל" ביי דעם האָט אַ זילבערן שלעסל. עפנט דאָס דער פעטער מיט אַ פּיקעדיקן קלאַנג. ער נעמט אַרויס אַ גאַנצן זילבערנעם רובל און גיט משהלען.

דאָס ייִנגל טוט זיך אַ נויג און זאָגט אויף פראַנצויזיש: „מערסי".

באַלשיע ניע פּראָסי (מער בעט ניט) זאָגט אים אין טאָן חנן, אַ באַפרייטער. ער ווישט די פאַרטרערטע אויגן און שנייצט די נאָז, אַזוי אַז עס הילכט אָפּ אין אַלע צימערן.

משהלע וויל שוין גיין. די קאַלירן בייטן זיך אים אין פּנים. אין קעשענע ליגט זיין האַנט אויפן זילבערנעם רובל. דער פעטער לאָזט ניט . . .

— גיב אים, רושקע, וואַרעניע און אַ שטאַרקע גלאָז טיי. ער האָט דאָס די ווערט.

רושקע פאָלגט דעם שוואָגער. משה זעצט זיך ביים טיש, און טאַטע־מאַמע און דער פעטער פילן, אַז דאָרט, וואו דאָס קינד זיצט, איז איצט דער אויבנאָן. מרדכי וואַרט. ווי ער וואָלט זיך געקליבן צו מאַכן אַן איבעראַשונג. און משה טרינקט אויס די טיי און עסט אויף די געפּרעגלטע ווינשל פונעם שעלעכל. זאָגט דער פעטער מרדכי און דאָס קול זיינס קלינגט שמחת תורהדיק: — איצט איז צייט צו בענטשן.

חנן האָט ערשט באַנומען דעם ברודערס כוונה. ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר דער ברודער לאָזט ניט. ער זאָגט פריילעך, ווי ער וואָלט אויפגערופן דעם געראָטענעם פּלימעניק צו דער תורה: „און בענשן וועלן מיר מזומן . . . און משה וועט בענטשן . . . ."

— איך בין נאָך ניט בר מצוה — כאַפּט זיך דאָס ייִנגל.

— איך פּאַזוואָליע (דערלויב) דיר. — מאַכט דער רייכער פעטער פריילעך.

משה האָט נאָך קיינמאָל ניט געבענטשט מזומן. ער שטאַמלט, פאַרהיקעט זיך. מע מוז אים אַרויסהעלפן, אָבער קיינער לאַכט ניט פון אים. מע לאַכט יאָ, אָבער ניט פון אים. אפילו די פאַרקרימטע מאַמע טוט אויך אַ לאַך. נאָכן בענטשן לאָזט דער גאַסט דאָס ייִנגל פריי, און יענער טוט אַ ווילדן שפּרונג. חנן קוקט נאָך בייז דעם זון, נאָר מרדכי ווינקט צום ברודער און זאָגט שטיל: „נאָך אַזאַ זאָגן מעג ער שוין שפּרינגען און טאַנצן."

— וואָס וועט פון אים דאַ אויסוואַקסן — פרעגט חנן און רושקע

האַלט אים אונטער: „אַז קיין לייטיש וואָרט הערט ער דאָ פון קיינעם ניט!"

— קען איך אים פאַרשפּאַרן? — פרעגט דער באַזאָרגטער טאַטע.
— ער נעמט זיך אַזוי אויך אַרויס די אויגן איבער די ביכער. און אַז סע קומט צום שפּילן זיך, גייט ער צו די שקצימלעך און שיקסלעך.

— ס'עט אים גאָרניט שאַטן — איז מרדכי מבטיח. ער שטעלט זיך אויף און לאָזט זיך גיין פאָרן. חנן גייט מיט. רושקע גייט בלויז ביז צו דער טיר. זי ווינטשעוועט מרדכין אַ גוטע נאַכט און פאָרן געזונטערהייט.

די ברידער קומען אַרויס אין דרויסן. חנן העלפט מרדכין שפּאַנען דאָס פערד.

דער הימל איז לויטער און די שטערן אין אים זעען אויס גרעסער ווי געוויינלעך. אין דער פינצטער האָבן אַלע געוויקסן צעעפנט זייערע מיילעכלעך און אָטעמען, און זייער אָטעם איז שמעקעדיק און שלעפעריק.

— זיי געזונט — זאָגט מרדכי. דער ברודער ענטפערט אים: „פאָר געזונט" ער שווייגט אַ ווײַלע און גיט צו: „גאָט וועט אונדז ניט פאַרלאָזן."

— אַוודאי ניט — זאָגט מרדכי.

# אַ בלאַט צווישן בלעטער

דאָס איז געווען מיין בלאַט וואָס איז געוואַקסן אויף מיין בוים, אין מיין גאַס, פונקט אַנטקעגן דעם פענצטער פון מיין וווינונג.

איך האָב זיך אויף יענעם בלאַט קיינמאָל ניט אומגעקוקט, ביז עס איז געשען דאָס, וואָס איך גיי איך דאָ דערציילן.

איך האָב זיך אריינגעצויגן אין אַ נייער געגנט, וואָס איז קיינמאָל פריער ניט געווען פאַרבויט. איך האָב אויסגעפונען, אַז די הייזער אויף מיין גאַס זיינען אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציק, און די ביימער וואָס מען האָט דאָ געפלאַנצט אויף ביידע זייטן גאַס זיינען געווען פון דעם זעלבן עלטער. די הייזער האָבן שוין אויסגעזען היפשלעך אָפּגענוצט, אָבער די נעזביימער האָבן זיך ערשט גע־קליבן צו וואַקסן. זייערע שטאַמען זיינען נאָך געווען דין, די צווייגן האָבן זיך געבויגן פונעם קלענסטן ווינט. נאָר די בלעטער האָבן זומערצייט, אין זייער פולער רייפקייט געפלאַטערט מיט אַ שטילן פליסטער און מיך גערופן צו זיך.

אַ מידער פון אַרבעט, פון זאָרג און פון דער ווילדער אומאָרדענונג אויף דער וועלט, האָב איך אָנגענומען די פאַרבעטונג פונעם בוים און אַרונטער־געקומען זיך זעצן אין זיין פאַרנאַכטיקן לאַנגן שאָטן וואָס האָט זיך אויסגעצויגן ביזן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר. אַ שטילע, אומגעשטערטע רו האָט פון די שאַרכנדיקע בלעטער געטריפט אויף מיר. איך האָב געבענטשט דעם בוים, אַלע ביימער אויף דער גאַס און אַלץ וואָס וואַקסט דאָ און דאָרט, און אומעטום. דער לאַנגער, שוואַרצער שאָטן איבער דער גאַס איז געווען אַ קאַריקאַטור אויף דעם יונגן, שיינעם, צעוואַקסענעם בוים. די זון וועט פאַרגיין, דער שאָטן וועט זיך אויסבלייכן און זיך צונויפגיסן מיטן גראָען קאָליר פונעם אַספאַלט; דער בוים וועט ווערן טונקעלער, אָבער זיין פרישע גרינקייט וועט זיך ניט ענדערן. מאָרגן, גייענדיק צו דער אַרבעט, וועל איך דעם יונגן בוים דערזען אין אַ באַנייטער פרישקייט.

איך האָב געוואוסט — און דאָס איז דאָך געווען אַזוי געוויינלעך — אַז דער זומער וועט פאַרגיין און דער האַרבסט וועט זיך אָנרוקן צו אַטאַקירן אַלץ וואָס וואַקסט . . . מיט בייזע ווינטן און מיט קאַלטע רעגנס. ער וועט אפילו דעם מענטשן אין זיין ציוויליזירטער היים מיט אַלע מיטלען קעגן פאַר־קילונג, אים אומוואַרפן און אויסשטרעקן אויף זיין געלעגער. דער מענטש וועט זיך ראַנגלען, זוכן מיטלען צו באַקעמפן דעם שונא. וואָס וועט מיין בוים טאָן? איך וועל אים גערן זיין צו העלפן, אָבער — מיט וואָס און ווי אַזוי?

אריינגעקליבן זיך אין מיין נייער וווינונג האָב איך באַלד נאָך פּסח. דער פרילינג איז געווען אַ קאַלטער און אַ נאַסער. די ביימער אויף דער גאַס זיינען געשטאַנען שוואַרצע פון די שטאַמען ביז זייערע העכסטע שפּיצן, אָן אַ סימן פון אַ בלאַט. איך האָב זיי גיך פאַרבייגעשפּאַנט, ניט צוצוזען דעם חורבן וואָס דער ווינטער האָט אויף זיי געמאַכט.

איך האָב אוודאי געוואוסט אַז דיביימער וועלן זיך אויסצירן אין זייערע גרינע קרוינען . . . געוואוסט, געהאָפט, און דאָך איז שווער געווען צו גלייבן, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צו גוטן. אָט די שטאַמען וואָס האָבן אויסגעזען נאַקעט, אַשקאַלירק; אָט די צווייגן און צווייגלעך ווי צוגעבונדענע צום שטאַם בייטשן . . . ניין, ניין . . . ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין מיט די ביימער און מיט אַלע געוויקסן . . .

איך האָב געוואַרט. איך האָב געהאַט אַ סך געדולד. איך האָב געריסן די בלעטלעך פון מיין לוח און געציילט די טעג, די וואָכן . . .

דאָס אויף וואָס איך האָב געהאָפט, האָב איך גאָר אין גיכן דערלעבט. צום אַלעם ערשטן האָב איך דערזען דאָס גראָז ביים טראָטואַר הויבט אָן גרינען. איך האָב אַרויפגעקוקט צו די צווייגן. זיי האָבן זייער ווינטערדיקן קאָליר ניט געביטן, אָבער אויף די שפּיצן פון די דינע צווייגן האָב איך באַמערקט קליינע טונקעלע, פאַרמאַכטע בעכערלעך, איטלעכס די גרויס פון אַ קערנדל.

עס האָט געדויערט אַ צוויי וואָכן. די פאַרמאַכטע בעכערלעך האָבן צע־עפנט ברויזן מיילעכלעך און אַרויסגעשטעלט דער וועלט גרינע צונגעלעך, וואָס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט אין בלעטער. די גרין־געוואָרענע ביימער האָבן ניט נאָר געענדערט זייער אויסזען, אַלץ וואָס אַרום זיי זיך געביטן צום בעסערן. שכנים האָבן זיך מיט מיר געגריסט און זייערע שטימען האָבן מיר געקלונגען ניי און פריש.

איך האָב געזוכט טרייסט ביי מיין בוים און אים נאָכגעקוקט אין זיין וווקס, אין זיין אַנטוויקלונג, אין זיין אויפבלי און אין זיין אונטערגאַנג.

ווען דער האַרבסט איז געקומען, האָב איך דערוואַרט צו דערזען קופּער־קאָליר אין די וועלקנדיקע בלעטער. קיין סימן דערפון ניט געווען. זייער גרינ־קייט האָט זיך געבליבט וואָס ווייטער, אַלץ מער, ביז זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גרוי, אין געל. זיי זיינען געפאַלן צו דער ערד און מענטשן האָבן אויף זיי געטראָטן.

ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען די ביימער, זיינען זייערע בלעטער גע־פאַלן אויף מיר. איך האָב זייער באַריר קוים געפילט. זיי זיינען געפאַלן אויף מיין הוט, אויף מיינע אַקסלען, זיך אַראָפּגעגליטשט צום טראָטואַר און זיך „אָנגעשלאָסן" אין זייערע געפאַלענע ברידער. איך האָב ניט געוואָלט טרעטן אויף זיי, אָבער איך האָב זיי ניט געקענט אויסמיידן.

ווען איך בין, אויף מיין וועג צו דער באַן, אַרויף אויף דער גאַס מיט קראָמען, אַ ברייטע, רוישיקע גאַס אָן ביימער, האָב איך זיכערער געשטעלט מיינע טריט.

קומענדיק פאַרנאַכט אַהיים פון דער אַרבעט, האָב איך געכאַפּט אַ בליק צו מיין בלאַט און געזען, אַז ער איז דאָ אויף זיין אָרט. אויף מאָרגן און איבער־מאָרגן האָט זיך, ווי אויך ווייטער, האָב איך פאַרבייגייענדיק דעם בוים גע־

וואויר געוואָרן צו מיין העלדישן בלאַט, וואָס האָט שוין איבערגעלעבט אַלע אַנדערע בלעטער.

וואו נעמט זיך ביים בלאַט אַזאַ אויסדויער, אַזאַ גבורה?

איין פאַרנאַכט, קומענדיק אַהיים פון דער אַרבעט, האָב איך גענומען מיין קליינעם לייטער און דערלאַנגט דעם עקשנותדיקן געוויקס. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיין בלאַסלעכער גרין. ער איז ניט געהאנגען פון אַ צוויג אין דער הויך, נאָר ווי צוגעוואקסן צו דער דיקלעך צווייגל, איינס מיטן שטאָם.

„ער וועט דאָך מוזן פאַלן און געטראָטן ווערן פון מענטשן און אויטאָס . . . „ניין, טייערער — האָב איך געזאָגט — קום מיט מיר און שטאַרק מיך צו באַזיגן אַלע שוועריקייטן פון לעבן".

איך האָב אים אָפגעריסן און אַריינגעלייגט צווישן די בלעטער פון מיין העפט.

און דאָרט ליגט ער, ווי אַ בלאַט צווישן בלעטער.

# מיינונגען, אין געציילטע שורות פון באַרימטע שרייבער וועגן
# נ. סיגאַלאָווסקי



חיים נחמן ביאַליק: „פּראָזע זאָלט איר שרייבן".

זלמן ראָזענטאַל: „ . . . ניט נאָר זענט איר איינער פון די ווינציקע אָנפאַנגער, וואָס שיקן אונדז אַריין זייערע כתב־ידן, נאָר איר זענט ממש דער איינציקערווירקלעכער טאַלאַנט".

ראובן אייזלאנד: „נ. סיגאַלאָווסקיס היפּש ווערק „אין קריג" אַ נייער, וויכטיקער בייטראַג צו אונדזער ליטעראַטור. זיינע שילדערונגען וועגן דעם לעבן פון דערוואַקסענע און קינדער, זענען וואונדערלעך. די ערשטע 2 ביכלעך פון סיגאַלאָווסקיס ווערק האָב איך געלייענט צוויי מאָל אין כתב־יד און דאָס דריטע מאָל אין דרוק. אַלע דריי מאָל האָב איך זיי געלייענט מיטן זעלבן פרישן אינטערעס. מיר קומט אויס צולייענען גענוג מאַנוסקריפּטן, אָבער קיינער פון זיי קען זיך ניט פאַרגלייכן צו נ. סיגאַלאָווסקין.

אַלע דריי מאָל האָב איך געהאַלטן אין איין זאָגן צו זיך אליין: „וואונדערלעך!".

מאני לייב: „ . . . מיין ליבער סיגאַלאָווסקי. איך שיק אייך מיין האַרציקן דאַנק פאַר דעם פאַרגעניגן מיט אייערע ערשטע צוויי ביכער „אין קריג". דעם בעסטן פאַרגעניגן האָב איך געהאַט פון די לאַנדשאַפטן פון אונדזער אוקראַינע, וואָס איר צייכנט אַזוי אידל און אין דער זעלבער צייט, מיט אמתן ליריזם".

י. י. שווארץ: „ . . . איך האָב געלייענט אייערע ביכער, וואָס איר האָט מיר געשיקט אַ מתנה. בין איך דאָך ניט קיין קריטיקער, נאָר אין די דער־ציילונגען, וואָס איך האָב באַוויזן צו לייענען, איז דאָ גענוג ליכט, וואַרעמקייט און געמיטליכקייט".

יוסף ראלניק: „ . . . ווען איך לייען אייערע שילדערונגען פון דער נאַטור אין אוקראַינע, האָב איך דאָס געפיל, ווי איך וואָלט געווען אין דער געזעלשאַפט פון רוסישע קלאַסיקער".

משה שטאַרקמאַן: „אין די ווערק פון נ. סיגאַלאָווסקין ווערן מיר דורכ־גענומען פון דער קיינמאָל ניט געזעטעקטער שטרעבונג צו געבן אויסדרוק, דורך בענקשאַפט. און קיינמאָל ניט־געזעטיקטע שטרעבונג צו געבן אויסדרוק, דורך ברייט־קאַנוועדיקער שילדערונג.

חלומות און וויזיעס, וואָס אינספּירירן אים און רייפן צו געשטאַלטיקונג".

שמשון דונסקי: „... נ. סיגאַלאָווסקי איז אַ קרעפטיקער פּראָזאַאיקער. ס'איז געגוג אַריינצובליקן אין אַ צאָל פון זיינע ביז־איצטיקע ווערק, אַשטייגער טריאָלאָגיע „אין קריג", אין וועלכער ער שילדערט אַזוי מייסטערהאַפט רעאַליסטיש די דריי סאָציאַלע קאָמפּאָנענטן פונעם אוקריינישן דאָרף".

נ. שמן: „... סיגאַלאָווסקי שטורעמט ניט, ער שאַפט אין דער שטיל. אויף זיין אייגנאַרטיקן סטיל מאָלט ער פאַר אונדז בילדער, געשטאַלטן און געשעענישן פון אוקריינישן דאָרפס־מענטש. זיין לשון איז פריש און זאַפטיק".

יאַנקל יאַקיר: „... ער שטורעמט ניט. אין דער שטיל, אויף אייגנאַרטיקן סטיל, מאָלט ער פאַר אונדז בילדער פון געשטאַלטן און געשעענישן פון אוקריינישן דאָרפסמענטש".

נחמן לעווענטאַל: „... איך קען שוין נ. סיגאַלאָווסקין איבער צען יאָר, דעם פליסיקן מיטאַרבעטער פון גרויסן יידישן ווערטערבוך. ער איז אַ פרייוויליקער מיטאַרבעטער צווישן די וואָס זאַמלען האַלב און גאַנץ פאַרגעסענע יידישע ווערטער און ווערטלעך. די פּויערים וואָס סיגאַלאָווסקי שילדערט אַזוי רייך, דערמאָנט מיר דעם פּוילישן שרייבער רעימאָנד, געווינער פון נאָבעל־פּרייז".

וואָלף שניידער: „... נ. סיגאַלאָווסקי האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייט פון דער נאַטור און אַרויסגעבראַכט די פּרעכטיקע שיינקייט".

דוד ראַפּאָפּאָרט: „... נ. סיגאַלאָווסקיס דיכטערישע פּראָזע שילדערט די דאָרף־פּאַנאָראַמע אויף זיין אייגענעם שטייגער".

אָ. לוצקי: „... מער ווי איין יידישער מחבר האָט געשריבן וועגן דעם דאָרף. אָבער איר, סיגאַלאָווסקי, האָט אונדז געגעבן דאָס דאָרף, מיט אַלע קליפּערלעך".

יוסף מלאָטעק: „... איך בין זייער שטאַרק באַגייסטערט פון אייער בעלעטריסטישן טאַלאַנט. באַזונדערס, לייען איך מיט חשק אייער סעריע „מערווין".

הלל ראגאף: „... דאָס ווערק „אין קריג" פון נ. סיגאַלאָווסקי איז וויכטיג ניט נאָר דערמיט וואָס ער שילדערט אַ ביי ווינקל פון יידישן לעבן, נאָר אויך מיט קינסטלערישע דערגרייכונג".

דר, א. מוקדוני: „... סיגאַלאָווסקיס „אין קריג" לייענט זיך זייער גוט, גלאַט. טיילווייז פאַרכאַפּנדיק.

דער לעבעדיקער: „. . . סיגאַלאָווסקיס דערציילונג „זעקס ליכט" איז די בעסטע זאַך אין יום טובדיקן זאַמלונג פון „אידישן קעמפער".

א. טאבאטשניק: „. . . דיין דערציילונג „זון מיינער" אין „צוקונפט", דערמאָנט מיר אין אַ מיינונג פון אַ רוסישן מיניסטער, וועגן גריבאיעדאָווס באַרימטער דראַמע „צרות פון שכל": . . . שטאַרב, אָדער הער אויף צו שאַפן, וועסט שוין קיין בעסערס ניט אָנשרייבן".

# אינהאַלט: